# YIDDISH DICTIONARY

CONTAINING

ALL THE HEBREW AND CHALDAIC ELEMENTS OF THE YIDDISH LANGUAGE
ILLUSTRATED WITH PROVERBS AND
IDIOMATIC EXPRESSIONS

COMPILED BY
DR. C. D. SPIVAK AND SOL. BLOOMGARDEN (YEHOASH)



Spivak

Idish verterbukh

29

# אידיש ווערטערבוך

ענטהאַלט

אַלע העברעאישע (און כאַלדעאישע) ווערטער, אויסדרוקען און
אייגענגעמען, וועלכע ווערען געברויכט אין דער אידישער
שפּראַך, מיט זייער אויסשפּראַך און אַקצענט, און מיט
ביישפּיעלען פון ווערטלעך און שפּריכווערטער
אין וועלכע זיי קומען פאָר

מיט אַ'ן

## איינלייטונג

פון נעטהיגע כללים און בעמערקונגען, און אַ

## ביילאַגע

פון העברעאישע פּערזאָנען־נעמען, פאַמיליען־נעמען און נעמען
פון פעראיינען, חברות, שולען, בית־עולם'ס א. א. וו.

---

צוזאַמענגעשטעלט און ערקלעהרט

פון

דר. חיים ספּיוואַק און יהואש (ש. בלומגאַרטען).

ארויסגעגעבען פון

פערלאַג „י ה ו א ש"

ניו יאָרק.



# אינהאלט:

# פאָרוואָרט

אַלע אידען רעדען לשון קודש, מעהר אָדער וועניגער.

אלס גרונדשטיין פון אונזער אידיש־העברעאישען ווערטער־בוך שמײַלען מיר די פאָלגענדע אַלגעמיינע בעהויפטונג: אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט, פון גלות בבל ביז היינטיגען טאָג, וואס פאַר אַ שפּראַך זיי האבען ניט בענוצט, האבען אימער געברויכט אין זייער טעגליכען פערקעהר צווישען זיך, מעהר אָדער וועניגער העברעאישע ווערטער. אין דער רייכער אידישער ליטעראַטור פון די פערשיעדענע פּעריאָדען, ווען די אידען האבען געוואוינט אין גרויסע צאָהלען אין כאַלדעאַ, פּערזיען, גריעכענלאַנד, איטאַליען און שפּאַניען, און האבען געשריעבען זייערע ווערק אויף דער שפּראַך פון יענע לענדער, געפינען מיר, אַז די פערפאַסער האבען זיך בענוצט פריי און אונבעשרענקט מיט פיעלע העברעאישע ווערטער. אפילו איצט, אין די לענדער, וואו די אידען רעדען אויף דער שפּראַך פון דער לאַנד, אַזוי ווי למשל אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד אָדער ענגלאַנד, ווען איין איד רעדט מיט דעם צווייטען, געברויכט ער די ווערטער: גנב, מצוה, צדקה, יום־טוב, משוגע, חופה, חכם, חזן, תורה, א. ז. וו. אַזוי גוט ווי דער רוסישער, גאַליציאַנישער אָדער רומעננישער איד. אום צו ערקלערען אַזאַ ערשיינונג, ווערלען מיר געבען אַ קורצען איבערבליק איבער די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון דעם געברויך פון העראיש אלס די פונדאַמענטאַלע שפּראַך פון אידען.

די עוואָלוציאָן פון העבּ־ רעאיש.

די אורשפּרינגליכע שפּראַך פון אידען איז געווען העברעאיש, די שפּראַך, אויף וועלכער די ביבעל איז געשריעבען, און וועלכע ווערט גערופען, ניט פון אידען אליין, נור פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער לשון הקודש, די הייליגע שפּראַך.

פרעמד־ווערטער.

אלע שפראכען, וועלכע זיינען מעהר אדער ווייני־
גער ענטוויקעלט, האבען א צד השוה שבהם, אז ווי
רייך זיי זאָלען ניט זיין אין ווערטער, קענען זיי ניט אויסקומען
אָהן דעם, אז זיי זאָלען ניט לייהען ווערטער איינע פון דער צוויי־
טער. שוין אין די ערשטע יאָהרען פון דער עקזיסטענץ פון אידישען
פאָלק, אין די צייטען ווען די אידען האבען געוואוינט אין מצרים,
האָט העברעאיש זיך ניט באגנוגענט מיט איהר אייגענעם אוצר
פון ווערטער און האָט געליהען ווערטער פון די עגיפּטער. ווען די אי־
דען האָבען באדארפט געבען א נאָמען צו א נייעם געגענשטאנד
אָדער אויסדריקען א בעגריף, פאר וועלכען זיי האָבען ניט געהאט א
פאסינג וואָרט, האבען זיי אָנגענומען די ווערטער, וועלכע זיינען
געוועזען אין געברויך ביי די פעלקער, צווישען וועלכע זיי האבען
געלעבט. מיר געפינען אין חומש פיעלע עגיפּטישע ווערטער, און
אין די אַנדערע ביכער פון די ביבעל פיעלע פערזישע, אראמישע
און אַנדערע ווערטער געליהען פון אנדערע פעלקער, מיט וועלכע
די אידען זיינען געקומען אין מיליטערישע אדער קאָמערציעלע בא־
ריהרונגען. שפּעטער אין די גלות־צייטען, ווען די אידען זיינען
פארטריבען געוואָרען אין בבל, האבען זיי אלץ מעהר און מעהר
ווערטער אריינגענומען פון זייערע שכנים די כאלדעער. דאס בוך
דניאל איז כמעט אין גאנצען געשריבען אין דער אראמישער
שפראך. ביסלעכווייז איז זייער לשון געוואָרען א געמיש פון העב־
רעאיש און כאלדעאיש, מיט מעהר כאלדעאיש ווי העברעאיש, צו
וועלכען עס זיינען שפּעטער צוגעקומען א מאסע גריכישע, לא־
טיינישע און אנדערע פרעמדע ווערטער.

בבל־שפראך

פון דער
צווייטער עפּאָכע איז אונז איבערגעבליעבען א מאָ־
נומענטאלעס ווערק געשריעבען אין דער בבל־שפראך — דער
תלמוד און די מדרשים. נאָך שפּעטער, ווען די אידען זיינען צו־
זייהט און צושפּרייט געוואָרען איבער דער גאנצער וועלט, האט
די תלמודישע שפראך, וועלכע איז געוועזען אי אין אינהאלט פון
ווערטער און טהיילווייז אויך אין דער פאָרם, העברעאיש, ביסלעכ־
ווייז אויפגעהערט צו זיין דער אלטעגליכער לשון פון דעם אידישען
פאָלק. דער פארקעהר מיט די וואוינער פון דעם לאנד, אין וועלכען
דער שיקזאל האט זיי פערוואָרפען, האט זיי געצוואונגען אָנצו־
נעהמען די שפראך פון זייער אומגעגענד. און דאך איז העברעאיש

פארבליבען דער יסוד און הויפט־קוואל פון זייער שפראך, און ווי ווייט איין גרופע אידען איז געווען פון דער צווייטער אין א געאָגראַפישען זינן, און ווי פרעמד די שפראך פון איין גרופע איז געווען צו דער צווייטער אין א פילאָלאָגישען זינן, אבער אזוי ווי אלע אידען האבען זיך בענוצט מיט העברעאיש פיר אלע רעליגיעזע, און אינטעלעקטועלע צוועקען, האָט זיך ענטוויקעלט ביי אלע אידען פון אלע לענדער אן אלגעמיינע זאָנדערבארע שפראך־אייגענשאַפט, נעמליך, אז אין אונטערהאַנדלונגען צווישען איין אידען און דעם צווייטען, אין רעדען און אין שרייבען, האָבען זיי זיך בענוצט מיט מעהר אדער וויניגער העברעאישע ווערטער, פראַזען, אויסדריקע, ווערטלעך, א. ז. וו., גענומען פון תנ"ך, תלמוד, מדרשים, תפלות, סליחות, קינות, א. ז. וו.

ספאַניאָליש און אידיש.

אלס א רעזולטאַט פון עקאָנאָמישע, סאָציאַלאָגישע און פאָליטישע אומשטענדען, פון וועלכע עס איז ניט דאָ דער אָרט צו רעדען, האבען די שפאַנישע און דייטשע שפראכען זיך ארויסגעוויזען צו זיין מסוגל זיך צו בעהעפטען מיט דער העברעאישער מעהר פון אלע אנדערע שפראכען. ניט נאָר האבען די צוויי אויבענדערמאָנטע שפראכען זיך ערלויבט צו פערקערפערן מיט העברעאישע ווערטער, נאָר זיי, די צוויי שפראכען גופא, זיינען אויף די ליפען פון אידען דורך די ווירקונג פון דעם שמעלץ־טיגעל פון העברעאיש אליין אונטערגעוואָרפען געוואָרען אזעלכע ראַדיקאלע פעראַנדערונגען, אז מיט דער צייט האבען זיך אויסגעארבייט צוויי שפראכען, וועלכע זיינען גאַנץ פערשיעדען פון זייערע אורשפרונג־שפראכען. פון דעם זיווג פון שפאַניש מיט העברעאיש איז בעשאַפען געוואָרען דאס צארטע בעשעפעניס, די שפאַניאָלישע אדער לאדינא שפראך, אויף וועלכער עס רעדען נאָך עד היום מעהרערע הונדערט־טויזענדע אידען אין פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט פון דעם זיווג פון דייטש מיט העברעאיש איז ארויסגעוואקסען דער ריעז, אויף וועלכען עס רעדען אַ'ן ערך פון ניין מיליאָן אידען צושפרייט אין פערשיעדענע לענדער.

די עדות.

אז די העברעאישע ווערטער אין דער אידישער שפראך, וועלכע בעשטעהט איצט פון אכציג פראָצענט דייטשע און סלאַווישע ווערטער, זיינען פערבליעבען פון דער ביבלישער און תלמודישער עפאָכען, זאָגען עדות די ווערטער:

אבות, אבל, אלמן, בטל, בכור, ברירה, גאוה, גאון, גולם, גט, גלות, גנב, גר, הסכמה, הלואה, זכות, זכרון, חבר, חדר, חופה, חוצפה, חורבן, חלול השם, חלול, חן, חרטה, חרם, חתן, יחוס, יורש, יצר הרע, יצר טוב, ים, ירושה, יתום, כהן, לבנה, לויה, מגפה, מדבר, מוהל, מילה, מזבח, מחותן, ממזר, מנהג, מפלה, מקוה, מצבה, מצוה, נביא, נדבה, נדן, נדר, נואף, נוסח, נס, נקודה, נסיון, עבור, עדות, פותר, צדקה, צנועה, נבלה, קבר, קנאה, ראשי תובת, שבת, שדוך, שררה, תורה, תכריכים, און נאָך מעהרערע ווערטער, פאַר וועלכע עס איז ניט געוועזן אין אידיש ביז מיט עטליכע יאָהר צו־ריק קיין אַנדער וואָרט אויסער דאס העברעאישע. מעהרערע פון די דערמאָנטע ווערטער געברויכט אי זאידיש, זיינען אזוי אַלט, ווי דאס אידישע פאָלק, און די איבריגע זיינען אזוי אַלט, ווי דער אידישער גלות.

דער וואוקס אין צאָהל פון העברע־אישע ווער־טער.

פון וואס מיר האבען אויבען געזאָגט קען מען שליסען וואס פאַר א וויכטיגע ראָלע די העברעאישע שפּראַך האט געשפּיעלט און וועט שפּיעלען אין דער ענטוויקלונג פון דער אידישער שפּראַך. דער יעניגער, וועלכער נעהמט זיך די טרחה צו פארגלייכען דאס געשריעבענע און געשפּראָכענע אידיש פון פינף און צוואַנ־ציג יאָהר צוריק מיט דעם היינטיגען וועט געפינען, אַז מיט דעם שטורמישען גאַנג פון דער אידישער געשיכטע פאר דער צייט, און מיט דער הויבונג פון דער נאַציאָנאַלער שטימונג צווישען אי־דען, האט דער געברויך פון העברעאישע ווערטער, פראַזען, אויס־דריקע, א. ז. וו., זיך אונגעהייער פארמעהרט. אויב די עוואָלוציאָן פון דעם אידען׳ס זעלבסט־בעוואוסטזיין און זעלבסט־רעספּעקט וועט ווייטער אזוי געהן, ווי אין דעם לעצטען פירטעל־יאָהרהונ־דערט, וועט וואהרשיינליך די צאָהל פון העברעאישע ווערטער גע־ברויכט ביי אידען זיך נאָך פערגרעסערען. די אויפלעבונג פון נאַ־ציאָנאַלע געפיהלען און שטרעמונגען וועלען ממילא פערורזאכען, אַז דאָס פאָלק זאָל זוכען אויסדרוקען פאר נייע באַגריפען אין דעם אונגעהויער גרויסער אוצר פון ווערטער, וועלכע געפינען זיך אין ביבעל, תלמוד, תפלות, מדרשים א. ז. וו. אגב מוזען מיר באמער־קען, דאָס דער פאקט וואָס פיעלע אידישע שרייבער זיינען צוגלייך

העברעאישע שריפטשטעלער, טראָגט אויך בײַ, דאָס די צאָהל פון העברעאישע ווערטער זאָל זיך פאַרגרעסערען.

א רשימה פון אלע ווערטער פון דער אידישער שפּראַך

די פּראָפעסער פון דעם ווערטער־בוך זײַנען גע־געקומען צום באַשלוס, אַז די צייט איז געקומען מע זאָל מאַכען אַן אויספיהרליכע רשימה פון אַלע ווער־טער, וועלכע ווערען געברויכט, אין דער אידישער שפּראַך, הן אין רעדען הן אין שרייבען, און האָבען אויף זיך גענומען צוערשט די אויפגאַבע צו זאַמלען, יענע עלעמענטען, וועלכע האָבען צוליעב זייער היסטאָרישער באַדײַ־טונג און זייער נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, די בכורה איבער אַלע אַנדערע עלעמענטען, נעמליך, די העברעאישע ווערטער און אויס־דרוקען.

דער צוועק פון דעם ווערטער־בוך.

דער צוועק פון דעם אידישען ווערטער־בוך איז געוועזען אַ דאָפּעלטער. ערשטענס, איז געוועזען די כונה פון די פּראָפעסער צו געבען אַ פולע און גענויע זאַמ־לונג פון אַלע העברעאישע ווערטער, אויסדרוקען, פראַ־זען ווערטלעך און שפּריכווערטער כדי צו געבען מאַטעריאַל פאַר געלעהרטע און פילאָלאָגען צו דער פאָרשונג פון דעם וויכטיגען

מאַטעריאַל פיר שפּראַך־פאָרשער.

געגענשטאַנד. דאָס שטודיום פון דער פאַרענדערטער געשטאַלט, הן אין אויסלייגונג, הן אין אויסשפּראַכע, הן אין באַדייטונג, וועלכע די העברעאישע ווערטער האָבען אָנגענומען אין זייער פאַרשמעלצונג מיט די אַנדערע עלע־מענטען פון אידיש אין דעם טעגליכען געברויך, און פאַרקעהרט, די פאַרענדערונג פון די אויסלייגונג, אויסשפּראַכע און באַדייטונג פון די ווערטער פון די אַנדערע שפּראַכען אונטער דער ווירקונג פון די העברעאישע ווערטער, אַ שטודיום וועלכע איז כמעט ניט אָנגעפאַנגען, וועט איצט מעגליך זיין דורך דעם ווערטער־בוך. צווייי־

אַ הילפס בוך.

טענס, האָבען די פּראָפעסער געהאַלטען אין אויג יענע גרויסע צאָהל פון אידישע לעזער און שרייבער, וועלכע האָבען ניט געהאַט אין זייערע אינגערע יאָה־רען קיין אונטערריכטונג אין העברעאיש. פאַר זיי וועט דאָס ווער־טער־בוך ערפילען אַ לאַנג־געפיהלטע באַדערפעניס.

די צאָהל פון די העברעאישע ווערטער און ווערטלאַך, וועלכע

װערען געברױכט אין רעדען און אין שרײבען, איז פארשיעדען בײ די פארשיעדענע קלאסען פון פאלק. די תלמודיש געלערנטע װעלען נאטירליך געברױכען א סך װערט־לאך און פראזען, װעלכע דער געװעהנליכער המון געברױכט ניט, און װעלכע מע קען דאריבער ניט באַ־טראכטען אלס אַן אָרגאַנישען טהײל פון דער אידישער שפּראך. אזעלכע אױסדרוקען, שפּריכװערטער און זאצען, האָבען מיר דארי־בער געדרוקט אין א בעזונדערען צװײטען טהײל װעהרענד אין דעם ערשטען טהײל האָבען מיר ארײנגעשטעלט די מעהר אָדער װעניגער אלגעמײן־געברױכטע העברעאישע עלעמענטען.

*װאס מעהר לומדות אַלץ מעהר העב־רעאיש.*

בײם פאנאנדערשײדען די דאָזיגע צװײ יסודות, האָבען מיר ניט תמיד געפונען שארפע גרענעץ־ליניען. בײ דעם שטינדיגען פּראָצעסס פון ענטװיקלונג דורך װעלכען א װאָרט װערט ביסלעכװײז פארװאנדעלט פון בלױז א ספּעציעל לומדישען אױסדרוק אין דאָס אײגענטהום פון דעם גאנצען פאָלק, האָבען די פּארפאסערס זיך אָפט געפונען אין פארלעגענהײט, בנוגע צו דער קלאסיפיקאציאָן. די לומדים װעלען אזױ גוט זײן און דאָס האלטען אין זינען װען זײ װעלען פיעלײכט געפינען א װאָרט אָדער אַן אױסדרוק אין דעם ערשטען טהײל, װעלכער האָט נאָך זײער אנזיכט געזאָלט ארײנקומען אין דעם צװײטען, אָדער פאר־קעהרט.

*די קלאַסי־פיקאַציאָן.*

מעהר פון אַלע אנדערע פיהלען די פערפאסער די אונפאָלקאָ־מענהײט פון זײער ארבײט, אָבער זײ האָפען דאָך, אז זײ האָבען בײגעטראָגען עטװאָס ניצליכעס צום שטודיום פון די העבערעאישע עלעמענטען אין אידיש, און אז זײער התחלה װעט פיהרען צו װײטערע און גרינד־ליכערע ארבײטען אױף דעמזעלביגען פעלד.

*די האָפנונג פון די מחברים.*



# איינלייטונג.

## אייניגע נויטהיגע כללים און באמערקונגען איבּער די העבּרעאישע ווערטער וועלכע ווערען געבּרויכט אין אידיש *).

די העבּרעאישע ווערטער געבּרויכט אין אידיש פאָלגען אין אַלגעמיינעם די גראַמאַטיקאַלישע כללים פון דער אידישער שפּראַך. מיר גיעבּען דאָ אונטען נאָר אזעלכע רעגעלען וועלכע אונטערשיידען זיך פון די דאָזיגע אַלגעמיינע געזעצען.

### בּוּכשטאַבּען (אותיות).

אין העבּרעאישע ווערטער קומען פאָר די פאָלגענדע פיער בּוכשטאַבּען וועלכע געפינען זיך ניט אין אַנדערע אידישע ווערטער: כּ (אויסגעשפּראָכען ווי ק), שׂ (אויסגעשפּראָכען ווי ס), ת (אויסגעשפּראָכען ווי ס) און תּ (אויסגעשפּראָכען ווי ט).

*) עס איז ניט אין אונזער פּלאַן צו געבען אַ פאָלשטענדיגע גראַמאַטיק פון די העברעאישע ווערטער און די געזעצען לויט וועלכע זיי געשטאַלטען זיך. אַזוי ווי מיר גיעבען אויפ'ן אָרט די אויסשפּראַך, אַקצענט, מעהרצאָהל און אַלע אַנדערע בויגונגען און ענדונגען פון יעדען וואָרט, האָבען מיר זיך דאָ באַגנוגענט מיט בלויז אַזעלכע כללים און באַמערקונגען וועלכע מיר האָבען געהאַלטען אַלס נויטהיגע וועגווייזער אין דעם געברויך פון אונזער ווערטער-בוך.

## וואָקאַלען (נקודות).

1) וואָקאַלען אין העברעאיש ווערען באַצייכענט דורך די פאָלגענדע וואָקאַל־צייכענס:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אַ | ווערט באַצייכענט דורך | ַ | (פּתח) | אונטער דעם בוכשטאַב. |
| אָ | " " " | ָ | (קמץ) | |
| ע | " " " | ֶ | (סגול) | |
| אִי | " " " | ִ | (חיריק) | |
| עֵי | " " " | ֵ | (צירה) | |
| אֻ | " " " | ֻ | (קבוץ) | |
| | | וּ | (מלאפום) | |
| אוֹי | (ווי אין "אויגען") " | ֹ | (חולם) | איבער דעם בוכשטאַב |
| | | וֹ | (חולם) | |

2) בוכשטאַבען וועלכע האָבען ניט אונטער זיך אָדער איבער זיך אַ וואָקאַל (נקודה), ווערען באַצייכענט מיט אַ ְ (שְׁוָא), אויסער ווען דער בוכשטאַב אָהן אַ וואָקאַל קומט צום סוף וואָרט.

3) דאָרט וואו די שפּראַך־געוואוינהייטען פון דער אידי־שער שפּראַך מאַכען די אויסשפּראַכע פון אַ וואָקאַל־לאָזען בוכ־שטאַב אונמעגליך, ווערט דער "שוא" אויסגעשפּראָכען ווי אַ קורצער וואָקאַל — אונגעפעהר ווי דער "ע" אין "גערוס". צ. ב. ש.: יְתוֹמָה, ווערט אויסגעשפּראָכען אונגעפעהר ווי יֶתוֹמָה; לְבָנָה — ווי לֶבָנָה; נְקוּדָה — ווי נֶקוּדָה, א. א. וו.

4) די פאָלגענדע צייכענס קומען אָפט אונטער די בוכ־

שטאַבען א, ה, ח, ע, אין ווערען גערופען: ֲ (חֲטַף־פַּתַח), ֳ (חֲטַף־קָמַץ), ֱ (חֲטַף־סֶגוֹל).

5) דער "חטף־", ווען ער טראָגט אויף זיך דעם אַקצענט, ווערט אויסגעשפּראָכען אַזוי ווי דער וואָקאַל מיט וועלכען ער איז פאַרבונדען. צ. ב. ש.: חֲ'זִיר — ווי חַזִיר, אֱ'מֶת — ווי אֶמֶת, א. א. וו.

6) ווען ניט אַקצענטירט, ווערט דער "חטף־" אויסגע־שפּראָכען ווי אַ שוא (זעה אויבען). צ. ב. ש.: חֲלִי'צָה — ווי חְלִיצָה, אַחֲרֵי־מוֹת' — ווי אַחְרֵי־מוֹת. ווען די אידישע שפּראַך־געוואוהנהייטען ערלויבען ניט קיין וואָקאַל־לאָזען בוכ־שטאַב, ווערט דער "חטף־" אויסגעשפּראָכען ווי דער וואָקאַל. צ. ב. ש.: חֲדָ'רָה — ווי חַדָרָה, הֲלִי'כָה — ווי הַלִיכָה, אֱלֹהִים' — ווי אֶלֹהִים.

7) ווען אַ "חטף־פּתח" שטעהט אונטער די בוכשטאַבען "א" און "ע", און קומט נאָך אַ זילבע מיט אַ "פּתח", ווערט ער אויסגעשפּראָכען ווי "יי". צ. ב. ש.: מַאֲכָל — ווי מַייכָל, מַעֲמָד — ווי מַיימָד, מַאֲמִין — ווי מַיימִין, א. א. וו.

8) ווען אַ קאָנזאָנאַנט (סאָגלאַסני) האָט אונטער אָדער איבער זיך אַ נקודה, מוז דער קאָנזאָנאַנט געלעזען ווערען פריהער און דערנאָך דער וואָקאַל, אויסער אין דעם פאַל פון דעם בוכ־שטאַב "ח" (חית) אין סוף וואָרט, אונטער וועלכען עס געפינט זיך די נקודה ַ (פּתח), וואו דער וואָקאַל מוז געלעזען ווערען צוערשט און דערנאָך דער קאָנזאָנאַנט. צ. ב. ש.: מוֹחַ, מוז גע־לעזען ווערען מוֹאַח (ניט מוֹחַא), רֵיחַ — רֵיאַח (ניט רֵיחַא).

## אויסשפּראַך און אַקצענט.

דאָרט וואו די אויסשפּראַכע איז אַנדערס ווי די אור־שפּרינגליך־העבּרעאישע, ווערט זי אָנגעוויזען אין קלאַמערען, אַזוי ווי: סוֹד [סָד], סוֹחֲרִים [סָחְרִים].

דער אַקצענט, וועלכען מיר האָבּען געשטעלט אויף די ווערטער, איז דער אידישער אָנגענומענער אַקצענט און ניט דער אורשפּרינגליך העבּרעאישער. אַזוי צ. בּ. ש. גיעבּען מיר אין דעם וואָרט מוֹכֵר דעם אַקצענט אויף דער ערשטער זילבּע (מוֹ'כֵר), הגם דער אורשפּרינגליך העבּרעאישער אַקצענט איז אויף דער צווייטער זילבּע (מוֹכֵ'ר).

## הויפּטוואָרט (שֵׁם־עֶצֶם).

1) די מעהרסטע העבּרעאישע ווערטער בּאַהאַלטען אין דער אידישער שפּראַך זייער אורשפּרינגליכע מעהרצאָהל־ענ־דונגען, וועלכע זיינען: "־ים" און "־ות" (אויסנאַהמען זיינען ווער־טער ווי "אִשָּׁה" וועלכעס ווערט אין מעהרצאָהל "נָשִׁים"). אַזוי ווערט פון "אוֹרֵחַ" — "אוֹרְחִים", פון "חֶשְׁבּוֹן" — "חֶשְׁבּוֹנוֹת", א. א. וו.; ווערטער וועלכע ענדיגען זיך מיט אַ "ה", ווארפען דעם דאָזיגען בּוכשטאַבּ אין דער מעהרצאָהל אַרונטער. אַזוי ווערט פון "לֹוֶה" — "לֹוִים", פון "נְדָבָה" — "נְדָבוֹת", א. א. וו.

2) ווערטער וואָס ענדיגען זיך מיט אַ "ה" נאָך אַ בּוכ־שטאַבּ מיט אַ "קמץ", ווען זיי פאַרבּינדען זיך מיט אַנדערע ווערטער, פאַרוואַנדלען דעם "ה" אין אַ "ת". אַזוי ווערט פון "אַהֲבָה" — "אַהֲבַת"־(אַחִים), פון "טוֹבָה" — "טוֹבַת"־(הַכְּלָל), א. א. וו.

3) ווערטער וועלכע ענדיגען זיך אין מעהרצאָהל אויף

"־ים", ווען זיי פאַרבינדען זיך מיט אַנדערע ווערטער, וואַרפען אַרונטער דעם "ם". אַזוי ווערט פון "אֲנָשִׁים" — "אַנְשֵׁי"־(אֱמֶת), פון "בָּנִים" — "בְּנֵי"־(יִשְׂרָאֵל), א. א. וו.

4) פיעל ווערטער נעהמען צו אַ "י" אין איינצאָהל ווען זיי קומען אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע ווערטער. אַזוי ווערט פון "אָב" (פאָטער) — "אֲבִי"־הַיֶּלֶד (פאטער פון קינד).

## פאַרקלענערונג פון הויפּטווערטער.

1) די פאַרקלענערונג־פאָרם פון העברעאישע ווערטער וועלכע ענדיגען זיך מיט "א", "ה" און "ע", בילדעט זיך אין מעהרצאָהל ווי אין איינצאָהל דורך דער צושטעלונג פון די פאַר־קלענערונג־ענדונג צו דעם וואָרצעל־וואָרט, אַזוי ווי:

מעשה: מעשה'לע, מעשה'לעך.

רגע: רגע'לע, רגע'לעך.

תורה: תורה'לע, תורה'לעך.

2) די פאַרקלענערונג־פאָרם פון אַלע אַנדערע ווערטער ווערט אין מעהרצאָהל געבילדעט דורך דער צושטעלונג פון דער פאַרקלענערונג־ענדונג נאָך דער מעהרצאָהל־ענדונג, אַזוי ווי:

| איינצאָהל | מעהרצאָהל |
|---|---|
| בגד — בגד'על | בגדים — בגדים'לעך |
| ספר — ספר'על | ספרים — ספרים'לעך |
| חזן — חזנ'דעל | חזנים — חזנים'לעך |
| חשבון — חשבונ'דעל | חשבונות — חשבונית'לעך |

אַנמערקונג: דאָס וואָרט חסיד'על האָט צוויי מעהר־צאָהל־ענדונגען: 1) חסיד'על (אַ קלײנער חסיד) — חסידים'לעך; 2) חסיד'על (אַ חסידיש טענ־צעל) — חסיד'לעך.

3) דאָרט װאו דאָס װאָרצעל־װאָרט האָט ניט קײן העבּ־רעאישע מעהרצאָהל־ענדונג, בּילדעט זיך די פאַרקלענערונג אין מעהרצאָהל דורך דער צישטעלונג פון די פאַרקלענערונג־ענדונג צו דער אײנצאָהל־פאָרמע, אַזױ װי:

חן: חנ׳דעל — חנ׳דלעך.

די אויסנאַהמען פון די אויבּענדערמאָהנטע כּלל׳ים װעלען געבּראַכט װערען אין דעם װערטער־בּוך.

## אײגענשאַפט־װאָרט.

1) העבּרעאישע אײגענשאַפט־װערטער פאָלגען די זעלבּיגע כּלל׳ים װי אַלע אַנדערע אידישע אײגענשאַפט־װערטער, אַזױ זאָגט מען:

ער איז חשוב.
זי איז חשוב.
זײ זײנען חשוב.
אַ חשוב׳ער מאַן.
אַ חשוב׳ע פרױ.
חשוב׳ע לײט.
חשוב׳ער פון איהם.
דער חשוב׳סטער פון אַלע.

דערבּײ איז צו בּאַמערקען, אַז געװיסע אײגענשאַפט־װער־טער האָבּען אױסער זײערע אידישע ענדונגען אויך די העבּרע־אישע ענדונגען װעלכע װערען געװעהנליך געבּרױכט װען דאָס װאָרט קומט אין פאַרבּינדונג מיט אַ העבּרעאישען הױפּטװאָרט. אַזױ זאָגט מען אויך:

איש חשוב.
אשה חשובה.

אנשים חשובים.

נשים חשובות.

2) פיעלע העברעאישע אייגענשאַפט־ווערטער ווערען בלויז געברויכט אַלס פּרעדיקאַט (באַהױפּטונגס־וואָרט) און נעהמען ניט אָן קיין אידישע ענדונגען. אַזוי זאָגט מען:

ער איז פּטור. ער איז חשוד.

זי איז פּטור. זי איז חשוד.

זיי זיינען פּטור. זיי זיינען חשוד.

אָבער מע קען ניט זאָגען: אַ פּטור'ער מענש, אָדער: אַ חשוד'ע פרוי, אָדער: חשוד'ער פון איהם.

צו דער קלאַסע געהערען פאָלגענדע אייגענשאַפט־ווערטער:

אסור, בטל, גדיל, חולה, טמא, חיב, חלק (בלאַנק), טהיר, טוב, יוצא, כולל, מבוכם, מגושם, מיחוק, מיחרם, מוטל, מיככם, מיקצה, מיקשה, מיתר, מחיב, מהילק, מליבש, מסוגל, מסיפק, מרוצה, משונה, משיגע, משופע, נגזר, נגמר, נוטה, נזהר, ניכר, נכלל, נכשל, נתפעל, עליל, קידש, ראוי, שייך, תלוי.

דערביי איז צו באַמערקען, אַז פיעל פון אַזעלכע אייגענשאַפט־ווערטער האָבען דאָך העברעאישע געשלעכט־ און מעהרצאָהל־ענדונגען, ווען זיי קומען אַלס אַדיעקטיווען פון העברעאישע הויפּטווערטער. אַזוי זאָגט מען:

דברים בטלים.

בשורה טובה.

בשורות טובות.

אנמערקונג: אייגענשאַפט־ווערטער וועלכע ווערען געבילדעט פון אַ העברעאישען וואָרט מיט אַ אידישע ענדונג, אַזוי ווי: משונה'דיג, שכל'דיג, נעהמען נאַטירליך אָן אַלע פאָרמען פון געוועהנליכע אידישע אייגענשאַפט־ווערטער.

## געשלעכט און צאָהל.

פיעלע העבּרעאישע װערטער האָבּען אין דער אידישער שפּראַך אומגעענדערט זײער געשלעכט אָדער צאָהל, אַזױ װי: (אַ גרױסער) זכות, (אַ ביטערער) רחמנות, װעלכע זײנען װײבּליך אין העבּרעאיש און מענליך אין אידיש; (אַ פינסטערע) מורא, װעלכעס איז מענליך אין העבּרעאיש און װײבּליך אין אידיש; (דער) פּנים, װעלכעס איז מעהרצאָהל אין העבּרעאיש און אײנצאָהל אין אידיש.

## צײטװאָרט.

צײטװערטער װערען געבּילדעט אויף די פאָלגענדע צװײ אַרטען:

א) פון אַ העבּרעאישען װאָרצעל-װאָרט מיט דער צו-שטעלונג (אין אינפיניטיװ) פון "-ן", "-ען", "-טשען" אָדער "-עװען", צ. ב. ש.: פון גָנֹב װערט גַנְבֶ'ען, פון טַעֲנָה — טַעֲנֶה'ן, פון לֵץ — לֶצֶ'עװען, פון צָבוּעַ — צְבוּעַ'טשען.

ב) פון אַ העבּרעאישען װאָרט אין פאַרבּינדונג מיט די הילפס-צײטװערטער "זײן" אָדער "װערען", צ. ב. ש.: מְנַצֵחַ-זײן, נִשְׁתּוֹמֵם-װערען.

אַנמערקונג 1. די אינפיניטיװ-ענדונג "-ען" פון פיעלע העבּרעאישע צײטװערטער װערט אין דעם מויל פון פאָלק אָפט פאַרדאָפּעלט אויף "-ענען", אַזױ זאָגען פיעלע: גנב'ענען (אנשטאַט גנב'ען). די פאַרדאָפּלונג אָבער מוז באַטראַכט װערען אַלס אַ פאַרגרײזונג פון דער אײנפאַכער ריכטיגער ענדונג און דאַרף אויסגעמיעדען װערען אין שרײבּען אַזױ װי אין רײדען.

I.

## צײטװערטער װעלכע װערען געבילדעט דורך דער צושטעלונג פון "־ן", "־ען", "־עװען", "־טשען" צו דעם העבראײשען װאָרצעל־װאָרט.

צײטװערטער װעלכע װערען געבילדעט דורך די ענדונגען "־ן", "־ען", "־עװען", "־טשען" צוגעשטעלט צו דעם העבראײ־שען װאָרצעל־װאָרט, װערען אין אַלגעמײנעם געבױגען און גע־ענדערט אַזױ װי די אידישע צײטװערטער פון דײטשען אָדער סלאַװישען אורשפּרונג, צו װעלכע זײ טראָגען א׳ן עהנליכקײט אין זײער זילבען־בױ, צ. ב. ש.:

| | | | |
|---|---|---|---|
| בדק׳ען, סוד׳ען, מקיא׳ן | װי | צאַצקען, נודיען, בריקען. |
| אכל׳ען, גזל׳ען, טובל׳ען | „ | צאַפּלען, טרײסלען, שאָקלען. |
| כשר׳ען, סרסר׳ען, דוכנ׳ען | „ | אַקערן, פּאָדערען, רעכענען. |
| סמ׳ען, מל׳ען, גט׳ען | „ | שטאַמען, שאַלען, גלעטען. |
| לצ׳עװען, תכלי׳עװען, גע־נד׳עװען, צבוע׳טשען | „ | האָרעװען, שאַנעװען, פּאָל־דרעװען, קאַטשען. |

אַנמערקונג 2. אַלע צײטװערטער װאָס זײער העבראײ־שער װאָרצעל־װאָרט ענדיגט זיך אויף "א", "ה" אָדער "ע", װאַרפען אַראָפּ דעם "ע" פון אַלע ענדונגען; דערבײ נעהמט דער לעצטער װאָקאַל פון װאָרצעל איבער די אויס־שפּראַכע פון דעם "ע", צ. ב. ש.: מקיא׳ן [מײקען], טענה׳נדיג [טענענדיג], געצעה׳ט [געצעצעט].

## מוסטער'ען פון צייטווערטער וועלכע

| אקטיוו | | | |
|---|---|---|---|
| אינפיניטיוו (מקור) | | בַּדְק'ען | כַּשֶׁר'ען |
| פאַרגאַנגענהייט (עבר) | איך האָב<br>דו האָבסט<br>ער האָט<br>מיר האָבען<br>איהר האָט<br>זיי האָבען | געבַּדְק'עט | געכַּשֶׁר'ט |
| געגענוואַרט (הווה) | איך<br>דו<br>ער<br>מיר<br>איהר<br>זיי | בַּדְק'ע<br>בַּדְק'עסט<br>בַּדְק'עט<br>בַּדְק'ען<br>בַּדְק'עט<br>בַּדְק'ען | כַּשֶׁר<br>כַּשֶׁר'סט<br>כַּשֶׁר'ט<br>כַּשֶׁר'ען<br>כַּשֶׁר'ט<br>כַּשֶׁר'ען |
| צוקונפט (עתיד) | איך וועל<br>דו וועסט<br>ער וועט<br>מיר וועלען<br>איהר וועט<br>זיי וועלען | בַּדְק'ען | כַּשֶׁר'ען |
| מיטעלוואָרט | | בַּדְק'ענדיג<br>האָבענדיג געבַּדְק'עט | כַּשֶׁר'ענדיג<br>— געכַּשֶׁר'ט |
| באַפעהל (צווי) | | בַּדְק'ע<br>בַּדְק'עט | כַּשֶׁר<br>כַּשֶׁר'ט |

ענדיגען זיך אויף "ען" אדער "ן".

| (פעל) | | |
|---|---|---|
| אַכְל׳ען | סַמ׳ען | טַעֲנה׳ן |
| גע׳אַכֶל׳ט | גע׳סַמ׳ט | גע׳טַעֲנֶה׳ט |
| אַכֶל<br>אַכֶל׳סט<br>אַכֶל׳ט<br>אַכְל׳ען<br>אַכֶל׳ט<br>אַכְל׳ען | סַם<br>סַמ׳סט<br>סַמ׳ט<br>סַמ׳ען<br>סַמ׳ט<br>סַמ׳ען | טַעֲנֶה<br>טַעֲנֶה׳סט<br>טַעֲנֶה׳ט<br>טַעֲנֶה׳ן<br>טַעֲנֶה׳ט<br>טַעֲנֶה׳ן |
| אַכְל׳ען | סַמ׳ען | טַעֲנֶה׳ן |
| אַכְל׳ענדיג<br>— גע׳אַכֶל׳ט | סַמ׳ענדיג<br>— גע׳סַמ׳ט | טַעֲנֶה׳נדיג<br>— גע׳טַעֲנֶה׳ט |
| אַכֶל<br>אַכֶל׳ט | סַם<br>סַמ׳ט | טַעֲנֶה<br>טַעֲנֶה׳ט |

דער פּאַסיוו (נפעל) ווערט געבילדעט מיט דער הילף פון די צײטווערטער "זײן" און "ווערען".

| פּאַסיוו (נפעל) | | |
|---|---|---|
| אינפיניטיוו (מקור) | גע׳בּדק׳עט־ווערען, גע׳כּשר׳ט־ווערען, גע׳אַבֶל׳ט־ווערען, גע׳סמ׳ט־ווערען, גע׳טעֶה׳ט־ווע ען. | |
| פאַרגאַנגענ־הײט (עבר) | איך בין<br>דו ביסט<br>ער איז<br>מיר זײנען<br>איהר זײט<br>זײ זײנען | גע׳בּדק׳עט געוואָרען |
| געגענוואַרט (הוה) | איך ווער<br>דו ווערסט<br>ער ווערט<br>מיר ווערען<br>איהר ווערט<br>זײ ווערען | גע׳בּדק׳עט |
| צוקונפט (עתיד) | איך וועל<br>דו וועסט<br>ער וועט<br>מיר וועלען<br>איהר וועט<br>זײ וועלען | גע׳בּדק׳עט ווערען |
| מיטעלוואָרט | ווערענדיג גע׳בּדק׳עט | |
| באַפעהל (צווי) | ווער<br>ווערט | גע׳בּדק׳עט |

ווי בַּדְק׳ען ווערען געבויגען:

ברח׳ען, גנב׳ען, דער׳רגז׳ען, דרש׳ען, הלכ׳ען, הרג׳ען, זרק׳ען, חכמ׳ען (זיך), חלי׳ען [חאָליען], חנפ׳ען, חתמ׳ען, ירש׳ען, ישב׳ען, כתב׳ען, לקח׳ען, סרח׳ען, פסק׳ען, קנס׳ען [קאַנסען], שרפ׳ען, שתק׳ען.

ווי כַּשֶׁר׳ען ווערען געבויגען:

אַויר׳ען, דבּר׳ען, הולכ׳ען, הורג׳ען, חבר׳ען (זיך), חדוש׳ען (זיך), חוזק׳ען, חושכ׳ען, חלומ׳ען, חזיר׳ען, חזר׳ען, חיות׳ען (זיך), חלש׳ען, יחוס׳ען (זיך), ישיב׳ען (זיך), כשופ׳ען, לאמר׳ען, מיאוס׳ען (זיך), מוסר׳ען, מסר׳ען, מזיק׳ען, ממית׳ען, מעשר׳ען, משלמ׳ען, משפט׳ען, נהרג׳ען, נואפ׳ען, ניזוק׳ען, סדר׳ען, סלוק׳ען, ספק׳ען (זיך), סרסר׳ען, עסק׳ען (זיך), פטר׳ען, צלמ׳ען, רודפ׳ען, שאַבערן (סחר׳ען), שמועסן, שנדר׳ען.

אַזוי אויך:

בּרחנ׳ען, דוכנ׳ען, חקרנ׳ען (זיך), חשבונ׳ען, יחסנ׳ען (זיך), כעסנ׳ען (זיך), נתנ׳ען, עקשנ׳ען (זיך), פאַר׳משכונ׳ען, שרכנ׳ען (זיך).

אַנמערקונג 3. אַזוי ווי דער "ן" אין די לעצט=דערמאָנטע ווערטער געהערט צו דעם וואָרצעל, מוז ער נאַטירליך פאָרקומען אין אַלע ענדונגען. די ענדונג פון אַזעלכע ווערטער ווי "חשבונ׳ען" מוז נישט פאַרמישט ווערען מיט דער פאַרגרייזטער ענדונג פון "גנב׳ענען". זעה אויבען "אַנמערקונג 1.".

ווי אַכְל׳ען ווערען געבויגען:

באַ׳נוול׳ען, בטל׳ען, גדל׳ען (זיך), טובל׳ען, יכול׳ען [יאָכלען], כפל׳ען, מפל׳ען, משל׳ען, פסל׳ען.

ווי סַמ׳ען ווערען געבויגען:

גט׳ען, כעס׳ען, לצ׳ען, מל׳ען, מת׳ען, פאַר׳קנס׳ען [פאַרקנאַסען], שמד׳ען, שחט׳ען.

אַנמערקונג 4. דאָס צייטוואָרט שחט׳ען צוליעב זיין אנקלאַנג אָן "פלעכטען" ווערט אין פאַר=גאנגענהייט געשחט׳ען (און נִיט "געשֶחט").

ווי טַעֲנָה׳ן ווערען געבויגען:

בריה׳ן, ראגה׳ען, מקיא׳ן, מלאכה׳ן, מעלה־גרה׳ן, נגע׳ן, עצה׳ן.

II.

## צייטווערטער וועלכע ווערען געבילדעט דורך דער צוזאמענשטעלונג פון "זיין" און "ווערען" צו דעם העברעאישען ווארט.

אין צייטווערטער וועלכע ווערען געבילדעט פון א העב־רעאישען ווארט מיט דער צוזאמענשטעלונג פון די אידישע הילפס־צייטווערטער "זיין" אָדער "ווערען" (ווי: מנצח־זיין, נשתומם־ווערען), ווערען די פארשיעדענע צייטען אין פאָרמען געבילדעט דורך די בויגונגען און ענדערונגען פון דעם הילפס־וואָרט. דאָס העברעאישע וואָרט בלייבט אין אַלע פאָרמען גלייך.

דערביי איז צו באַמערקען, אַז אין די צייטווערטער וועלכע ווערען געבילדעט מיט דער צוזאמענשטעלונג פון "זיין", ווערט אין פארגאַנגענהייט געברויכט דאָס הילפס־צייטוואָרט "האָבען" אנ־שטאט "זיין". אַזוי זאָגט מען: "איך האָב מנצח־געווען" (אנ־שטאט: "איך בין מנצח־געווען"), "האָבענדיג מנצח־געווען" (אנשטאט: "זייענדיג מנצח־געווען"), א. א. וו.

די צייטווערטער וועלכע ווערען געבילדעט דורך די הילפס־ווערטער "זיין" און "ווערען", דאַרפען אייגענטליך באַ־טראַכט ווערען אַלס ניט־פאָלשטענדיגע צייטווערטער. די צייט־ווערטער געבילדעט דורך "זיין" האָבען ניט קיין פאַסיווע פאָרמע (נפעל). און די צייטווערטער וועלכע ענדיגען זיך אויף "ווערען", האָבען ניט קיין אַקטיווע פאָרמע (פעל).

# מוסטערן פון צײטווערטער געבילדעט דורך דער צושטעלונג פון "זײן" און "ווערען".

| אינפיניטיו (מקור) | מְנַצֵחַ־זײן | | נִשְׁתוֹמֵם־ווערען | |
|---|---|---|---|---|
| פאַרגאַנגענהייט (עבר) | איך האָב<br>דו האָסט<br>ער האָט<br>מיר האָבען<br>איהר האָט<br>זײ האָבען | מְנַצֵחַ־געווען | איך בין<br>דו ביסט<br>ער איז<br>מיר זײנען<br>איהר זײט<br>זײ זײנען | נִשְׁתוֹמֵם־געוואָרען |
| געגענוואַרט (הוה) | איך בין<br>דו ביסט<br>ער איז<br>מיר זײנען<br>איהר זײט<br>זײ זײנען | מְנַצֵחַ | איך ווער<br>דו ווערסט<br>ער ווערט<br>מיר ווערען<br>איהר ווערט<br>זײ ווערען | נִשְׁתוֹמֵם |
| צוקונפט (עתיד) | איך וועל<br>דו וועסט<br>ער וועט<br>מיר וועלען<br>איהר וועט<br>זײ וועלען | מְנַצֵחַ־זײן | איך וועל<br>דו וועסט<br>ער וועט<br>מיר וועלען<br>איהר וועט<br>זײ וועלען | נִשְׁתוֹמֵם־ווערען |
| מיטעלוואָרט | מְנַצֵחַ־זײענדיג | | נִשְׁתוֹמֵם־ווערענדיג | |
| באַפעהל (צווי) | זײ<br>זײט | מְנַצֵחַ | ווער<br>ווערט | נִשְׁתוֹמֵם |

# פאָרבוכשטאַבען.

## "ה" אַלס אַרטיקעל (אָנווייז־וואָרט).

דער אַרטיקעל ("דער", "די") ווערט אין העברעאיש באַצייכענט מיט דער צושטעלונג פון אַ "ה" אין אָנהויב וואָרט אַזוי ווי: הַמֶּלֶךְ (דער קעניג), הַגָּדוֹל (דער גרויסער), הָאִשָּׁה (די פרוי).

## פאָרבוכשטאַבען אַלס בינדווערטער.

1) דאָס בינדוואָרט "און" ווערט אין העברעאיש באַצייכענט דורך אַ "ו" צוגעשטעלט אין אָנהויב וואָרט. צ. ב. ש.: צַדִּיק וְטָהוֹר (אַ פרומער און אַ ריינער), תֵּכֶף וּמִיָּד (גיך און באַלד).

2) דאָס בינדוואָרט "ווי" און "אַזוי ווי" ווערט אין העברעאיש באַצייכענט דורך אַ "כ" צוגעשטעלט אין אָנהויב וואָרט. צ. ב. ש.: כִּשְׁמוֹ (אַזוי ווי זיין נאָמען), כְּסוּמָא (אַזוי ווי אַ בלינדער).

## פאָרבוכשטאַבען אַלס פאָרווערטער.

די פאָרווערטער (מלות־היחס) ווערען אין העברעאיש און כאַלדעאיש באַצייכענט מיט די פאָלגענדע בוכשטאַבען צוגעשטעלט אין אָנהויב וואָרט: "ב" — "אין", בְּשָׁלוֹם (אין פרידען); "ד" (כאַלדעאיש) — "פון", דְּלִיטָא (פון ליטא); "ל" — "צו", "אין", לְחַיִּים (צום לעבען), לְשָׁלוֹם (אין פרידען); "מ" — "פון", מִקּוֹדֶם (פון פריהער); "שב" — "פון", "צווישען", כֶּלֶב־שֶׁבִּכְלָבִים (אַ הונד פון הינט [אַ גרויסער הונד]), עָנִי־שֶׁבָּעֲנִיִּים (דער אָרעמסטער פון די אָרעמע).

# ענד־בוכשטאַבען.

**בוכשטאַבען וועלכע ווערען צוגעשטעלט צום סוף פון וואָרט און דיענען אַלס באַזיץ־אָנווייזענדע פירווערטער (כנויים).**

אין העברעאישע ווערטער ווערען באזיץ־אָנווייזענדע פיר־ווערטער געבילדעט דורך דער צוזעצונג צום סוף וואָרט פון די פאָלגענדע בוכשטאַבען:

**איינצאָהל:**

־ִי (מיין), ־ְךָ (־ֶיךָ) (דיין, מענליך), ־ֵךְ (־ַיִךְ) (דיין, ווייבליך), ־וֹ (־ָיו) (זיין), ־ָהּ (־ֶיהָ) (איהר), ־ֵנוּ (־ֵינוּ) (אונזער), ־ְכֶם (־ֵיכֶם) (אייער, מענל.), ־ְכֶן (־ֵיכֶן) (אייער, ווייבל.), ־ָם (־ֵיהֶם) (זייער, מענל.), ־ָן (־ֵיהֶן) (זייער, ווייבל.).

**מעהרצאָהל:**

־ַי (מיינע), ־ֶיךָ (דיינע, מענל.), ־ַיִךְ (דיינע, ווייבל.), ־ָיו (זיינע), ־ֶיהָ (איהרע), ־ֵינוּ (אונזערע), ־ֵיכֶם (אַייערע, מענל.), ־ֵיכֶן (אַייערע, ווייבל.), ־ֵיהֶם (זייעַרע, מענל.), ־ֵיהֶן (זייערע, ווייבל.).

אזוי ווי:

**איינצאָהל:**

| | |
|---|---|
| **בֵּן אַ זוהן** | **אָח אַ ברודער** |
| בְּנִי מיין זוהן | אָחִי מיין ברודער |
| בִּנְךָ דיין (מענל.) זוהן | אָחִיךָ דיין (מענל.) ברודער |
| בְּנֵךְ דיין (ווייבל.) זוהן | אָחִיךְ דיין (ווייבל.) ברודער |
| בְּנוֹ זיין זוהן | אָחִיו זיין ברודער |

| | |
|---|---|
| בְּנָ־הּ איהר זוהן | אָחִ־יהָ איהר ברודער |
| בְּנֵ־נוּ אונזער זוהן | אָחִ־ינוּ אונזער ברודער |
| בִּנְ־כֶם אייער (מענל.) זוהן | אֲחִ־יכֶם אייער (מענל.) ברודער |
| בִּנְ־כֶן אייער (ווייבל.) זוהן | אֲחִ־יכֶן אייער (ווייבל.) ברודער |
| בְּנָ־ם זייער (מענל.) זוהן | אֲחִ־יהֶם זייער (מענל.) ברודער |
| בְּנָ־ן זייער (ווייבל.) זוהן | אֲחִ־יהֶן זייער (ווייבל.) ברודער |

מעהרצאָהל:

| בָּנִים זיהן | אַחִים ברידער |
|---|---|
| בָּנַ־י מיינע זיהן | אַחַ־י מיינע ברידער |
| בָּנֶ־יךָ דיינע (מענל.) זיהן | אַחֶ־יךָ דיינע (מענל.) ברידער |
| בָּנַ־יִךְ דיינע (ווייבל.) זיהן | אַחַ־יִךְ דיינע (ווייבל.) ברידער |
| בָּנָ־יו זיינע זיהן | אֶחָ־יו זיינע ברידער |
| בָּנֶ־יהָ איהרע זיהן | אַחֶ־יהָ איהרע ברידער |
| בָּנֵ־ינוּ אונזערע זיהן | אַחֵ־ינוּ אונזערע ברידער |
| בְּנֵ־יכֶם אייערע (מענל.) זיהן | אֲחֵ־יכֶם אייערע (מענל.) ברידער |
| בְּנֵ־יכֶן אייערע (ווייבל.) זיהן | אֲחֵ־יכֶן אייערע (ווייבל.) ברידער |
| בְּנֵ־יהֶם זייערע (מענל.) זיהן | אֲחֵ־יהֶם זייערע (מענל.) ברידער |
| בְּנֵ־יהֶן זייערע (ווייבל.) זיהן | אֲחֵ־יהֶן זייערע (ווייבל.) ברידער |

## אָפּשטאַמונג.

ביי יעדער צוזאַמענשטעלונג פון צוויי אָדער מעהר העבּרעאישע ווערטער (און אויך ביי געוויסע כאַראַקטעריסטישע איינצעלנע ווערטער) האָבּען מיר אָנגעוויזען דעם מקור פון וועלכען די וואָרט־פאַרבינדונג (אָדער דאָס וואָרט) שטאַמט. צ. ב. ש.: ביבליש (גענומען פון דעם תנ"ך), תלמודיש

(גענומען פון תלמוד אָדער די מדרשים), ליטורגיש (גענומען פון די תפלות, יוצרות, קינות, הגדה, סליחות, מחזור, א. א. וו.), קאַבאַליסטיש (גענומען פון זהר אָדער אַנדערע קבלה־ספרים), א. א. וו.

## העבּרעאיזירטע אָדער פּסעװדאָ־העבּרעאישע ווערטער און פאָרמען.

ווערטער וועלכע זיינען אייגענטליך ניט־העבּרעאיש (הגם זיי טראָגען אַ העבּרעאישע פאָרמע) אָדער זיינען פון צווייפעל־האַפטען אורשפּרונג, ווערען באַצייכענט מיט אַ שטערנדעל (*), אַזוי ווי: פָלוֹש, קוּנְדֵס. מיט דעם זעלביגען שטערנדעל ווערען אויך באַצייכענט ווערטער וועלכע טראָגען אַ העבּרעאישע אָבער גראַמאַטיש ניט־ריכטיגע פאָרמע, אַזוי ווי: טָעוּתִים (אַנשטאַט טְעֻיּוֹת), תַּכְלִיתִים (אַנשטאַט תַּכְלִיּוֹת).

אַנמערקונג: אין דער אידישער שפּראַך זיינען דאָ פיעל ניט־העבּרעאישע ווערטער וועלכע נעהמען אָן אין מעהרצאָהל אַ העבּרעאישע פאָרמע, אַזוי ווי: דאָקטאָר — דאָקטוירים, פּויער — פּויערים, פּאַקטאָר — פּאַקטוירים. אין געוויסע ווערטער, וועלכע האָבען אַ גע־וועהנליכע מעהרצאָהל־פאָרמע, ווערט אָפט די העבּרעאישע מעהר־צאָהל־פאָרמע געברויכט אום אויסצודריקען שפּאַס אָדער פאַראַכטונג, אַזוי ווי: שוסטער — שוסטוירים (פאַראַכטליך).



# פאַרקירצונגען און צייכענס.

| | |
|---|---|
| א. | אייגענשאַפט־וואָרט (תואר). |
| א. א. וו. | און אזוי ווייטער. |
| אב. | אָנפאַנג־בוכשטאַבען (ראשי־תבות). |
| א. ד. ג. | און דאָס גלייכען (וכדומה). |
| או. | אומשטאַנד־וואָרט (תואר־הפעל). |
| אוו. | אייגענשאַפט־וואָרט ווייבליך (תואר, נקבה). |
| אמ. | אייגענשאַפט־וואָרט מענליך (תואר, זכר). |
| אנ. | אייגעננאָמען (שם־עצם־פרטי). |
| אנוו. | אייגעננאָמען ווייבליך (שם־עצם־פרטי, נקבה). |
| אנמ. | אייגעננאָמען מענליך (שם־עצם־פרטי, זכר). |
| אנמ. מ. | אייגעננאָמען מענליך מעהרצאָהל (שם־עצם־פרטי, זכר, רבים). |
| אר. | אויסרוף־וואָרט (מלת־הקריאה). |
| ב. | בינד־וואָרט (מלת־החבור). |
| ד. ה. | דאָס הייסט. |
| הוו. | הויפּטוואָרט ווייבליך (שם־עצם, נקבה). |
| הז. | הויפּטוואָרט זאַכליך (שם־עצם, סתמי). |
| הם. | הויפּטוואָרט מענליך (שם־עצם, זכר). |
| וו. | ווייבליך (נקבה). |
| ווז. | וועלכעס זעה. |
| ווער. | ווערטעל. |
| זעה ווב. | זעה (ערשטען טהייל) ווערטער־בוך } די אָפּקירצונגען קומען |
| זעה פערז. | זעה נעמען פון פערזאָנען } פאָר אין די ביילאַגען. |

מ. מעהרצאָהל (רבים).
מנ. מעננער=נאָמען.
פ. פאָרוואָרט (מלת־היחס).
פי. פירוואָרט (מלת־הגוף).
פנ. פרויען=נאָמען.
צ. צאָהלוואָרט (מלת־המספר).
צא. צייטוואָרט איבערגעהענד (פעל־יוצא).
צ. ב. ש. צום ביישפיעל.
צוו. צייטוואָרט ווידערקעהרענד (פעל־חוזר).
צל. צייטוואָרט ליידענד (נפעל).
צש. צייטוואָרט שטעהענד (פעל־עומד).
ק. קליין (פאַרקלענערונג אָדער פאַרצערטעלונג).
שפוו. שפריכוואָרט.

* ווייזט אַז דאָס וואָרט איז ניט קיין אַלט=העברעאישעס נאָר גע=שאַפען געוואָרען אין שפעטערע צייטען, אָדער די פאָרמע (הגם זי קוקט אויס ווי העברעאיש) איז ניט קיין העברעאישע.

' דער אַפּאָסטראָף=צייכען ווערט געברויכט אום אָפּצוזונדערען דעם העברעאישען וואָרצעל פון די איבריגע טהיילען פון דעם וואָרט, אַזוי ווי אין פאַר'משכונ'ען, ציינען די אַפּאָסטראָף=צייכען אַז דער העברעאישער וואָרצעל איז משכון.

׳ ציינט דעם אַקצענט (לויט דער געברויכטער אידישער אויס=שפראַך). דער צייכען קומט שטענדיג נאָך דער זילבע וועלכע דאַרף אַקצענטירט ווערען.

[ ] אין אַזעלכע קלאַמערען קומט די אויסשפראַכע פון ווערטער דאָרט וואו זי איז אַנדערס ווי די עכט=העברעאישע.



# אידיש ווערטערבוך

I

אפט געברויכטע העברעאישע (און כאלדעאישע) ווערטער,
אויסדרוקען און אייגעננעמען.

# א.

**א**, הם. דער ערשטער בוכשטאב פון דעם אידישען אלף־בית; מיט א וואָקאַל־צייכען אויסגעשפראָכען ווי דער וואָקאַל אַליין (אַזוי ווי אין "אָבֵל"), אָהן א וואָקאַל־צייכען שטום (ווי אין "לֹא"); אין צעהלען גערעכענט אלס 1. זעה אַלֶף.

**א"ב**, אב. אַלֶף־בֵּית (ווז.).

**אָב**, הם. דער עלפטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאלט געוועהנליך אין יולי־אויגוסט, און האָט דרייסיג טעג.

**אֲבֵדָה**, הוו. (מ. אֲבֵדוֹת). פארלוסט, שאָדען; פארלאָרענער געגענשטאנד.

**אִבּוּד־מָמוֹן**, הם. (תלמודיש). געלט־שאָדען; געלט-פארשווענדערונג.

**אָבוֹת**, מ. פאָטערס, עלטערען, די אורפאָטערס פון דעם אידישען פאָלק (אברהם, יצחק און יעקב).

**אֲבוֹת [אָבוֹת]־אֲבוֹתֵינוּ**, מ. אונזערע עלטערען׳ס עלטערען. פון אבות־אבותינו, פון אוראַלטע צייטען.

**אָבִי**, הם. מיין פאָטער.

**אֲבִי־**, הם. דער פאָטער פון —.

**אֲבִי־אֲבוֹת־הַטוּמְאָה**, הם. (תלמודיש). "דער אורפאָטער פון אונרייניגקייט", דער העכסטער גראַד פון אונרייניגקייט, די קווינטעסענץ פון פארדאָרבענהייט.

**אֲבִי־הַיֶלֶד**, הם. (ליטורגיש). דער פאָטער פון דעם (באשניטענעם) קינד.

**אֲבִי־יְתוֹמִים**, הם. (ביבליש). דער פאָטער פון די וועלכע האָבען ניט קיין עלטערען. "גאָט איז אַ׳ן אבי־יתומים" (שפוו.).

**אֲבֵידָה**, הוו. (מ. אֲבֵידוֹת). זעה אֲבֵדָה.

**אֶבְיוֹן**, הם. (מ. אֶבְיוֹנִים). אָרעמאַן. "ביי אַ׳ן אביון א צווי־

לינג איז ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגען״ (שפּוו.). ״ער איז ניט קיין גרויסער עושר און ניט קיין קליינער אביון״ (ווער.).

אֶבְ'יוֹן־שֶׁבָּאֶבְיוֹ'נִים, הם. דער אָרעמסטער פון די אָרעמע, אַ גרויסער אָרעמאַן.

אֶבְ'יוֹנ'טע, הוו. (מ. אֶבְ'יוֹנ'טעס). אָרעמע פרוי.

אֲבֵי'לוּת, הוו. זעה אֲבֵ'לוּת.

אָבִי'נוּ־מֶלֶךְ [מֶ'לֶךְ], הם. אונזער פאָטער דער קעניג (גאָט). ״אבינו־מלך דאָס הארץ איז מיר פרעהליך״ (פאָלקס־ליעד).

אָבִי'נוּ־מַלְ'כֵּנוּ, הם. (ליטורגיש). ״אונזער פאָטער און קעניג״, די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ אידישען געבעט.

אַבִּיר־לֵב [לֶב], הם. (ביבליש). הארטהערציגער מענש.

אָ'בֵל, הם. (מ. אֲבֵ'לִים). איינער וועלכער איז אין טרויער; דער פערוואַנדטער פון אַ פאַרשטאָרבענעם (אין דעם יאָהר פון טרויער).

אֲבֵ'לָה, הוו. (מ. אֲבֵ'לוֹת). זעה אָ'בֵל.

אֲבֵ'לוּת, הוו. טרויער; די צייט פון טרויער נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם (ביי אידען, צוועלף מאָנאַט).

אָ'בֵלִיטע, הוו. (מ. אָ'בֵלִיטעס). זעה אָ'בֵל.

אֶ'בֶן־טוֹב [טָב], (תלמודיש: אֶ'בֶן־טוֹ'בָה), הם. (מ. אֲבָ'נִים־טוֹ'בוֹת). ערעלשטיין, דימענט; טהייערע זאַך, זעלטענהייט. ״אַ שם־טוב איז בעסער ווי אַ'ן אבן־טוב״ (שפּוו.).

אֶ'בֶן־נֶ'גֶף, הם. (מ. אַבְ'נֵי־נֶ'גֶף), (ביבליש). שטרויכעל־שטיין, הינדערנים.

אַבְ'נֵט, הם. גאַרטעל, דער גאַרטעל וועלכען מע טהוט אָן אַ טויטען.

אֵ'בֶר, הם. (מ. אֵבָרִים [אֵבְ'רִים]). גליעד; מענשליכער געשלעכטס־אָרגאַן.

אֵ'בֶר־מִן־הַחַי', הם. (תלמודיש). אַ שטיק פלייש אָפּגעשניטען פון אַ בהמה ווען זי לעבט נאָך (פאַרבאָטען צו עסען לויט דעם אידישען דין).

אַבְרָ'הָם, אנם. דער נאָמען פון דעם ערשטען אידישען אורפאָטער.

אַבְרָ'הָם־אָבִי'נוּ הם. (תלמודיש). אונזער פאָטער אברהם. אברהם־אבינו'ס טהירען, זעהר פיעל טהירען (לויט דער לעגענדע האָט אברהם, וועלכער איז געוועזען זעהר גאַסטפריינדליך, געלאָזט מאַכען זעהר פיעל טהירען אין זיין הויז דאַמיט די פרעמדע זאָלען קענען לייכט אריינקומען).

אַ'גַב, או. פאַרבייגעהענדיג, אויך, צוגלייך.

אַ'גַב־אוּרְ'חָא, או. (תלמודיש). זעה אַ'גַב.

אַגָ'דָה, הוו. (מ. אַגָ'דוֹת). זאגע, לעגענדע; דעריעניגער טהייל פון תלמוד (ווז.) וועלכער באַשטעהט פון לעגענדען, שפּריכווערטער, מאָראַל־לעהרען א. ד. ג., אין געגענזאַץ צו דעם טהייל וועלכער רופט זיך "הֲלָ'כָה" (ווז.). זעה תַּלְ'מוּד.

אַגַדְ'תָּא, הוו. (מ. אַגַדְ'תּוֹת). זעה אַגָ'דָה.

אֲגוּ'דָה, הוו. (מ. אֲגוּ'דוֹת). פּאַר־איין, פּאַרבאַנד.

אֲגוּ'דָל, הם. דער גראָבער פינגער פון דער האַנד. זעה גוּי.

אָ'גִיל־וְאֶשְׂ'מַח, או. (ליטורגיש). "איך וועל זיך פרעהען און וועל לוסטיג זיין", די צוויי ערשטע ווערטער פון אַ געוויסען אידישען געבעט־געזאַנג, געברויכט אין דעם ווערטעל: "א ג י ל ־ ו א ש מ ח קיילעכדיג און שפּיציג", ד. ה. זעהר גלאַט (דאָס וואָרט "אגיל", איך וועל זיך פרעהען, ווערט דאָ שפּאַסהאַפט פאַרביטען מיט דעם וואָרט "עגול", רונד).

אֱ'דוֹם, אנם. דער נאָמען פון אַ פאָלק וואָס איז געווען פיינדליך צו אידען און וואָס ווערט דער־מאָנט זעהר אָפט אין דער ביבעל.

אָ'דוֹן, הם. (מ. אֲדוֹ'נִים). אַ העיר; אַ רייכער פאָרנעהמער אָדער אריסטאָקראַטישער מאַן; אַ הויכער בעאַמטער (געוועהנליך געברויכט אויף אַ ניט־אידען).

אָ'דוֹן־הַגָ'דוֹל, הם. דער גרויסער העער, דער פאָרשטעהענדער בע־אַמטער.

אֲדוֹן'־עוֹ'לָם, הם. (ליטורגיש). "דער האַרר פון דער וועלט", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ אידישען געבעט וואָס מע זאָגט אין אָנהויב פון דעם מאָרגענדיגען דאַוונען. פון א ד ו ן ־ ע ו ל ם ביז עלינו, פון אָנהויב ביז'ן ענד.

אֲדוֹ'נִי, הם. מיין האַרר.

אֲדוֹנָ'י, הם. "מיין האַרר", גאָט. זעה יְהוָֹה.

אָ'דוּק, הם. (מ. אֲדוּ'קִים). אַ זעהר פרומער, אַ פאַנאַטישער מענש.

אֲדוֹשֶׁם', הם. זעה יְהוָֹה.

אַ'דִיר, הם. (מ. אַדִי'רִים). "אַ מעכ־טיגער", אַ זעהר רייכער מאַן.

אָ'דָם, הם. אַ מענש; אנמ. דער נאָמען פון דעם ערשטען מענשען. "א ד ם אַ מענש קאַטשקע רוק זיך" (ווערטעל געזאָגט אויף אַ קליין מענשעל וואָס שטעלט זיך גרויס, אָדער אויף אַ טויגעניכטס וואָס מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ'ן אויפטהוער). "א ד ם נאַקעט חוה באָרוועס" (ווער.).

אָ'דָם־גָ'דוֹל, הם. גרויסער מאַן.

אָ׳דָם־הָרִא׳שוֹן, הס. (תלמודיש). דער ערשטער מענש.

אָ׳דָם יְסוֹ׳דוֹ מֵעָ׳פָר וְסוֹ׳פוֹ לְעָ׳פָר, (ליטורגיש). דער פונדאמענט פון מענשען איז שטויב און זיין ענד איז שטויב. „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר און בינו־לבינו איז גוט א טרונק בראנפען“ (ווער.).

אָ׳דָם קָ׳רוֹב לְעַצְ׳מוֹ, (תלמודיש). א מענש איז נאָהענט (אם נאָ־הענטסטען) צו זיך אליין.

אֲדָ׳מָה, הוו. ערד. אריינלייגען אין דער אדמה, אומגליקליך מאַ־כען, רואינירען; מאַכען צו נישט.

אַדְמוּ״ר׳, הס. אב. אֲדוֹנֵ׳נוּ מוֹרֵ׳נוּ וְרַבֵּ׳נוּ, אונזער הארר, לעהרער און מייסטער (א טיטול מיט וועל־כען מע אדרעסירט אין שרייבען א גרויסען פרומען געלעהרטען).

אֲדָר [אָ׳דֶר], הס. דער זעקסטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאלט געוועהנליך אין פעברואר־מערץ און האָט 29 טעג.

אֲדָר־וַאֲדָר [אָ׳דֶר־וְ׳אָדֶר], ס. דער זעקסטער און דער זיבענטער מאָ־נאט פון א׳ן עבור־יאָהר.

אֲדָר [אָ׳דֶר]־שֵׁ׳נִי, הס. (תלמודיש). דער צווייטער אדר, דער זיבענ־טער מאָנאט פון א׳ן עבור־יאָהר; פאלט געוועהנליך אין מערץ־אפריל און האָט 29 טעג.

אַדְ׳רַבָּה, או. (תלמודיש). פאַר־קעהרט, אים געגענטהייל; נאָך בעסער, דעסטאָ בעסער.

אַדְ׳רַבָּה־וְאַדְ׳רַבָּה, או. נאָך בע־סער, דעסטאָ בעסער; זעהר גוט פאַרטראָגען. „איך בין מיט איהם אדרבה־ואדרבה און ער איז מיט מיר קידער־ווידער“ (ווער.).

אַ׳הֲבָה, אַהֲ׳בַת־, הוו. (מ. אַהֲ׳בוֹת), ליעבע, פריינדשאַפט.

אַהֲ׳בָה־רַ׳בָּה, הוו. (ליטורגיש). גרויסע ליעבשאַפט; די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען געבעט וואָס מע זאָגט פאַר שמע־ישראל. אהבה־רבה = פרישטשיקלעך, אַ ווואולגארע באַצייכנונג פון גע־וויסע פרישטשיקלעך אויף דעם געזיכט פון יונגע לייט. „פאַר־לויטער אהבה־רבה קומט ער ניט צו שמע־ישראל“ (ווער.).

אַהֲ׳בָה שֶׁאֵ׳נָה תְּלוּ׳יָה בְּדָ׳בָר, הוו. (תלמודיש). אַ ליעבע וועלכע איז ניט אָפהענגיג אָן אַ געוויסען אינ־טערעס, אונאייגענניציגע ליעבע.

אַהֲ׳בָה שֶׁהִיא׳ תְּלוּ׳יָה בְּדָ׳בָר, הוו. (תלמודיש). אַ ליעבע וועלכע איז

ספּהענגיג אָן אַ געוויסען אינטע=
רעס, אייגעננוציגע ליעבע.

אַהֲ'בַת־הַבְּרִ'יוֹת, הוו. (תלמודיש). מענשענליעבע.

אַהֲ'רֹן, אנמ. דער נאָמען פון דעם עלטערען ברודער פון משה; דער פאָטער פון דעם אידישען פּריס= טער-שטאַם.

אַהֲ'רֹן־הַכֹּ'הֵן, אנמ. דער פּריסטער אהרן.

אוֹ'הֵב, המ. (מ. אוֹ'הֲבִים). ליעב= האבער, פריינד.

אוֹ'הֵב־בֶּ'צַע, המ. (מ. אוֹ'הֲבֵי־בֶצַע [בֶּ'צַע]), (ביבליש). ליעבהאבער פון געלט, געלט=גייץ, קאַרגער.

אוֹ'הֵב־יִשְׂרָ'אֵל, המ. (מ. אוֹ'הֲבֵי־יִשְׂרָ'אֵל). אַ פריינד פון דעם אי= דישען פאָלק.

אוֹ'הֵב־נֶאֱמָן, המ. (מ. אוֹ'הֲבִים־נֶאֱמָ'נִים). אַ געטרייער פריינד.

אוֹ'הֶל, המ. אַ געמויערט שטיבעל אויף אַ קבר; דאָס שטיבעל וואו סע רייניגט דעם טויטען פאַר דער בעערדיגונג.

אַוַּ'דַאי, את. (תלמודיש). געוויס, אָהן צווייפעל. זעה וַדַּ'אי.

אַוועג־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "אַוועג" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָר= צעל-וואָרט, צ. ב. ש.: "אַוועג= גנב'ען" זעה "גנב'ען".

אויבער־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "אויבער" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָר= צעל-וואָרט, צ. ב. ש.: "אויבער= שמש" זעה "שמש".

אויס־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מי דעם אידישען פאָרוואָרט "אויס" (וועל= כע געפינען זיך ניט דאָ) מוז גע= זוכט ווערען אונטער דעם וואָר= צעל-וואָרט, צ. ב. ש.: "אויס= כשר'ען" זעה "כשר'ען".

אויס'שֵׁייגִעצ'ען, צא. אויסווידלען, אָפּזידלען. זעה שֵׁייגֶעץ.

אויפ־, די באַדייטונג פון אַלע העב= רעאישע ווערטער מיט דעם פאָר= וואָרט "אויפ" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל=וואָרט, צ. ב. ש.: "אויפ'רעש'ען" זעה "רעש'ען".

אַ'וִיר, המ. לופט; שלעכטער גע= רוך, געשטאַנק; קלימאַט.

אַ'וִיר'ען, צש. האָבען אַ שלעכטען גערוך, שטינקען. פּאַר= אויר'ען, אָנפילען מיט אַ

שלעכטען גערוך. זעה אַ'וִיר.

אוּלַי, או. פיליכט.

או'לַי־וָאוּ'לַי, או. פיליכט, פיליכט דאָך.

או'לַי־יְרַ'חֵם, פיליכט וועט ער (גאָט) זיך דערבאַרעמען (אַ'ן אויס־דרוק פון טרייסט אָדער האָפענונג).

אוּם־בְּרַחֲמָ'נוּת'דיג, א. אָהן דער־באַרמונג, גרויזאַם, האַרטהערציג. זעה רַחֲמָ'נוּת.

או'מָה, הוו. (מ. או'מוֹת). נאַציאָן, פאָלק. די אומות, די (ניט־אידישע) פעלקער.

או'מָה־הַיִשְׂרְאֵ'לִית, הוו. דאָס אי־דישע פאָלק.

או'מָה־וְלָ'שׁוֹן, הוו. (תלמודיש). "אַ פאָלק און אַ שפראַך", נאַציאָן, פאָלק.

או'מוֹת־הָעוֹ'לָם, מ. (תלמודיש). די (ניט־אידישע) פעלקער פון דער וועלט.

אוּם־'חֵן, המ. ניט־שענקייט; אונצו־פרידענהייט. וואַרפען אַ'ן אום'־חן אויף אימיצען, פיינט קריגען אימיצען. "חן קאָסט ניט מעהר ווי אום'חן" (שפוו.). זעה חֵן.

אוּם־'כָּבוֹד, המ. באַליידיגונג, ער־ניעדעריגונג. "פאַר אום'כבוד אַנטלויף אָבער דעם כבוד לויף ניט נאָך" (שפוו.).

או'מָן, המ. האַנדוועערקער, קינסט־לער.

או'מָן־יָד [יַ'ד], המ. זעה או'מָן.

אוּמָנוּת [אוּנְ'נוּת], הוו. האַנד־ווערק; קונציגע אַרבייט.

או'מֵר־וְעוֹ'שֶׂה, או. (ליטורגיש). געזאָגט און געטהאָן, גיך, גלייך.

אוּם־תַּרְ'בּוּת, המ. שלעכטע מאַני־רען. זעה תַּרְ'בּוּת.

אונטער־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פּאָרוואָרט "אונטער־" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט, צ. ב. ש.: "אונ־טער'מסר'ען" זעה "מסר'ען".

או'נֶס, המ. צוואַנג, געצוואונגענהייט.

או'פָן, המ. (מ. אוֹפַ'נִים). אַרט, שטייגער; באַדינגונג; פאַל.

או'צָר, המ. (מ. אוֹצָרוֹת [אוֹצְ'רוֹת]), שאַץ, רייכטהום, גרויס פאַרמע־גען; פאַרבאָרגענער שאַץ; טייערע זאַך. "אויף אַ שטוב בויען און אַ קינד אויסגעבען איז דאָ ביי גאָט אַ באַזונדער אוצר" (שפוו.).

אוקְיָי'נוס, הם. אָקעאַן, מעער.

אור־הַגָ'נוז, הם. (תלמודיש). "דאָס באהאלטענע ליכט", דאָס לע־גענדאַרישע וואונדער־ליכט וואָס גאָט האלט אָנגעברייט פאר די צדיקים אויף יענער וועלט.

אוֹרֵחַ [אוי'רַח], הם. (מ. אוֹרְחִים [אָרְ'חִים]). גאַסט; פרעמדער. "אז דער אורח הוסט פעהלט איהם א לעפעל" (שפוו.). "מיט מיטגע־בראַכטען ברויט איז מען אומעטום א גוטער אורח" (שפוו.).

אוֹרֵחַ [אוי'רַח]־הָ'גוּן, הם. (תלמו־דיש). א פאָרנעהמער, אָנגעלעג־טער גאַסט.

אוי'רַח'יטע, הוו. זעה אוֹרֵחַ.

או'רִים־וְתֻמִּים [וְתֻ'מִים], הם. (ביבליש). געוויסע עדעלשטיינער וואָס דער כהן־גדול (אמאָל ביי אידען) האָט געטראָגען אויף דער ברוסט און ביי וועלבע ער פלעגט זיך ערקונדיגען וועגען צוקינפטיגע פאַסירונגען אָדער פרעגען א ראַטה אין וויכטיגע אַנ־געלעגענהייטען; אָראַקעל.

אושְׁפִּי'זִין, הם. (ליטורגיש). געוויסע רעליגיעזע שפרוכען וועלבע א איד זאָגט ווען ער קומט אריין צוערשט אין דער סוכּה.

או'שֶׁר, הם. גליק.

אוֹת [אָת], הם. (מ. או'תִיוֹת). בוכ־שטאַב.

אוֹת, הם. (מ. או'תוֹת). צייכען, באווייז, וואונדער.

אות־בְּאוֹת [אָת־בְּאָת], או. בוכ־שטאַב פאַר בוכשטאַב, בוכ־שטעבליך, גענוי, אַקוראַט.

או'תוֹ־הָאִישׁ', הם. (תלמודיש). דער דאָזיגער מאַן; קריסטוס.

או'תוֹת־וּמוֹפְ'תִים, מ. (ביבליש). באווייזען און וואונדער־טהאַטען; שטאַרקע באווייזען.

או'תִיוֹת־מְרוּבָּ'עוֹת, הם. פיער־עקיגע (העברעאישע) בוכשטאַבען, העברעאישע דרוק־שריפט.

אָז־יָ'שִׁיר, הם. (ביבליש). "דאַן האָט ער געזונגען", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון דעם לויב־ליעד וואָס משה האָט גע־זונגען צו גאָט נאָכדעם ווען די אידען זיינען אריבער דעם ים־סוף (ווז.).

אַזְהָ'רָה, הוו. (מ. אַזְהָ'רוֹת). וואַר־נונג.

אַזְכָּ'רָה, הוו. (מ. אַזְכָּ'רוֹת). זעה הַזְכָּ'רַת־נְשָׁ'מוֹת.

אָזְנַיִם, מ. אויערען.

אָזְנַיִם־לַכּוֹתֶל, (תלמודיש). די ווענט האָבען אויערען. „אזנים לכותל די שטיוועל האָבען אויך אויערען" (שפוו.).

א״ח, אב. אִסְרוּ־חַג (ווז.).

אחב״י, אב. אַחֵינוּ־בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל (ווז.).

אֶחָד, צ. איינער; דאָס לעצטע וואָרט פון „שמע־ישראל" (ווז.) וואָס די פרומע אידען ציהען אויס מיט גרויסער כונה.

אֶחָד־מֵאֶלֶף, המ. (ביבליש). איינער פון טויזענד, אַ זעלטענהייט.

אַחְדוּת, הוו. איינינקייט.

אַחְדוּת־הַבּוֹרֵא, הוו. די איינאיינציגקייט פון גאָט.

אַחוּץ, או. אויסער. זעה חוּץ.

אָחוֹר, המ. דער הינטער־טהייל, דער הינטען.

אֲחוֹרַיִם, המ. זעה אָחוֹר.

אֲחוֹתִי, הוו. מיין שוועסטער.

אָחִי, המ. מיין ברודער.

אָחִינוּ־אַתָּה, דו ביזט אונזער ברודער, דו ביזט איינער פון אונזערע.

אֲחִיתֹפֶל [אֲחִיתוֹפֶל], אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען מאַן וועלכער איז געוועזען דער ראַטה־געבער פון קעניג דוד, ווי די ביבעל דערצעהלט.

אַחַר־הַמַּעֲשֶׂה, נאָך דער פאַסירונג, נאָך דעם. „אחר־המעשה העלפט ניט קיין חרטה" (שפוו.).

אַחַר־מֵאָה־שָׁנִים, נאָך הונדערט יאָהר, נאָכ'ן טויט.

אַחֲרוֹן, א. (מ. אַחֲרוֹנִים; וו. אַחֲרוֹנָה, מ. אַחֲרוֹנוֹת). דער לעצטער; דער וואָס ווערט אויפגערופען דער לעצטער צום לייענען אין שוהל; איינער פון די שפעטערע רבנישע געלעהרטע.

אַחֲרוֹן־שֶׁבָּאַחֲרוֹנִים, א. דער לעצטער פון די לעצטע, דער נידעריגסטער.

אַחֲרוֹן־שֶׁל־פֶּסַח, המ. דער לעצטער (טאָג) פון פסח.

אַחֲרֵי־כְּבְלוֹת־הַכֹּל, (ליטורגיש). נאָכדעם ווי אַלץ איז געענדיגט, נאָך אַלעמען.

אַחֲרֵי־מוֹת, הוו. דער נאָמען פון דער ניין און צוואַנציגסטער סדרה (ווז.).

אַחֲרִית־דָּבָר, המ. (ביבליש). דאָס ענד פון דער זאַך.

אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, אנמ. דער נאָמען פון דעם קעניג פון וועמען עס ווערט דערצעהלט אין דעם בוך אסתר (ווז.).

אַחַת־וְאַחַת, צ. (ליטורגיש). „איינע און איינע", צוויי. אַריינצעהלען אחת־ואחת, געבען מעהרערע שמיץ אָדער קלעפּ.

אַחַת־לְאַחַת, צ. (ביבליש). „איינע צו איינער", צוזאַמען גענומען.

אִי׳בּוּר־, זעה אִ׳בּוּר־.

איבער־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "איבער" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל-וואָרט.

אֵי׳בָר, זעה אֵ׳בָר.

אי״ה, איה״ש, אב. אִם־יִרְ׳צֶה־הַשֵּׁם׳ (ווז.).

אִ׳יוֹב, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען מאַן וועלבען גאָט האָט געפלאָגט אום צו פּרובירען זיין פרומקייט; דאָס ביבלישע בוך וואָס ענטהאַלט די געשיכטע פון איוב.

איינ־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "איינ" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל-וואָרט.

אֵיךְ־שֶׁיִּהְ׳יֶה, ווי די זאַך זאָל (ניט) זיין, יעדענפאַלס.

אֵי׳כָה, הוו. דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון איינעם פון די ביכער פון דער ביבעל וואו עס ווערט באַקלאָגט די צערשטערונג פון ירושלים; אַ קלאָגליעד.

אֵי׳כוּת, הוו. אייגענשאַפט, קוואַליטעט.

אַיְ׳לוֹנִית, הוו. קינדערלאָזע פרוי, בעזדיעטניצע. אַ קול פון אַ׳ן אילונית, אַ האַרטע רויהע שטים.

אֵי׳מָה, הוו. (מ. אֵי׳מוֹת). שרעק, גרוויל; פורכט, אַנגסט, שרעקעניס

אֵי׳מָה וָפַ׳חַד, הוו. (ביבליש). שרעק און גרוויל, גרויס שרעק.

אֵי׳מָה׳דיג, א. שרעקליך, פירכטערליך; אונגעהייער.

אֵימָ׳הוֹת, זעה אִמָ׳הוֹת.

אֵי׳מַת־מָ׳וֶת, הוו. (ביבליש). טויטשרעק.

אֵימְ׳תָא־דְצִבּוּ׳רָא, הוו. (תלמודיש). דאָס שרעקען זיך (ביים אויפטרעטען) פאַר אַ פובליקום.

אֵין־אוֹ׳נֶס, (ביבליש). "קיינער נויטיגט ניט", ניט געצוואונגען.

אֵין־בְּרֵי׳רָה, עס איז ניטאָ קיין אויסוואהל, מע קען זיך ניט העלפען. "אין־ברירה איז אַ גרויסע גזרה" (שפוו.).

אֵין־גַם־אֶ׳חָד, (ביבליש). עס איז ניטאָ צומאָל איינער.

אֵין חָכְ׳מָה וְאֵין תְּבוּ׳נָה נֶ׳גֶד —, (ביבליש). עס איז ניטאָ (עס העלפט ניט) קיין קלוגהייט און קיין פאַרשטאַנד קעגען —. "אין חכמה ואין תבונה נגד שלעכטע קאָרטען" (שפוו.).

אֵין־לִ׳י, (תלמודיש). איך האָב ניט. "אין־לי איז די בעסטע טענה" (שפוו.). "אין־לי איז פטור" (שפוו.).

אֵין־לְשַׁ׳עֵר, ניט אָפּצושאַצען, אונגעהייער.

אין קול וְאֵין עוֹנֶה ; (ביבליש). ”עס איז ניטאָ קיין שטים און קיין ענטפער“, מע הערט גאָר ניט.

אֵין רֶגַע בְּלִי פֶּגַע [פֶּגע], (נאָכתלמודיש). ס'איז ניטאָ אַ מינוט אָהן אַ נייעם אָנשיקענים.

אין רַחוּם בַּדִין, (תלמודיש: אֵין מְרַחֲמִים בַּדִין). עס איז ניטאָ קיין באַרעמהערציגער (באַרעמהערציגקייט) אין געריכט. ”א י ן ר ח ו ם בקאָרטען“ (פאַראָדיש ווערטעל).

אין־תִּקְוָה, עס איז קיין האָפנונג מעהר ניטאָ.

אי־נָה־מְקוּדֶשֶׁת, (תלמודיש). זי איז (ווערט באַטראַכט אַלס) ניט פאַרלאָבט. ”אין א י נ ה ־ מ ק ו ד ש ת“ (ווער. — ד. ה. אַז ניט איז אויך רעכט).

אי־סוּר, זעה אִיסוּר.

איפְּכָא־מִסְתַּבְּרָא, (תלמודיש). עס מיינט גראַד דאָס געגענטהייל, גראַד פאַרקעהרט, אים געגענטהייל.

אִיָר [איר], הם. דער אַכטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט געוועהנליך אין אַפּרילמאַי און האָט ניין און צוואַנציג טעג.

אִישׁ, הם. (מ. אֲנָשִׁים, אַנְשֵׁי־). אַ מאַן; בירגער, לאַנדסמאַן פון, אָפּגעשטאַמט פון. א י ש סובלק, אַ געבירטיגער פון סובלק. א י ש הורוויץ, איינער וואָס שטאַמט פון דער פאַמיליע הורוויץ.

אִישׁ־אֱלֹהִים, הם. (ביבליש). געטליכער מאַן.

אִישׁ־אֱמֶת, הם. (מ. אַנְשֵׁי־אֱמֶת), (ביבליש). אַ מאַן פון וואַרהייט, אַ'ן עהרליכער מאַן.

אִישׁ־הַבֵּינַיִם, הם. (ביבליש). מיטעל־מאַן, פאַרמיטלער.

אִישׁ־חָשׁוּב, הם. (מ. אֲנָשִׁים־חֲשׁוּבִים), (תלמודיש). אָנגעזעהענער מאַן.

אִישׁ־מְהֵימָן, הם. (תלמודיש). אַ באַגלויבטער, פאַרטרויענסווערטער מאַן.

אִישׁ־מִפִּי־אִישׁ, הם. איינער פון צווייטען, טראַדיציאָנעל.

אִישָׁה, זעה אִשָּׁה.

אַךְ־בְּרֹאשׁ, זעה עַכְבְּרוֹשׁ.

אַכְזָר, הם. (מ. אַכְזָרִים). גרויזאַמער, האַרטהאַרציגער מענש.

אַכְזָרִטע, הוו. (מ. אַכְזָרִטעס). גרויזאַמע, האַרטהאַרציגע פרוי.

אַכְזָרִיוּת, הוו. גרויזאַמקייט, האַרטהאַרציגקייט.

אַכְזָרִיוּתדיג, א. גרויזאַם, האַרטהערציג.

אֲכִילָה, הם. (מ. אֲכִילוֹת). דאָס עסען; עסענוואַרג; אַ שפּייז, אַ געריכט. ”א כ י ל ה איז די בעסטע תפלה“ (שפּוו.). ”אַז קרופּניק איז אַ'ן א כ י ל ה איז איישעשאָק אַ קהילה“ (שפּוו.).

אַכְ'לָן, המ. עסער, פרעסער.

אַכ'ליען, אַכְ'ליענען, צא. עסען, פרעסען.

אַכ'ליער, המ. (מ. אַכְ'ליערס). עסער, פרעסער.

אַכְסַנְיָא, אַכְסַנְ'יָה, הוו. (מ. אַכְסַנְ'יוֹת). גאַסטהויז, איינפאָהר, האָטעל.

אֵל מָ'לֵא רַחֲ'מִים, המ. (ליטורגיש). „גאָט וועלכער איז פול מיט באַרעמהערציגקייט", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט ביי אידען פאַר די זעעלען פון די טויטע. „עס העלפט ווי אַ טויטען אַ'ן אל מלא רחמים" (ווער.).

אֵל נְקָ'מוֹת, המ. (ביבליש). דער גאָט פון ראַכע.

אַל תִּבְ'טְחוּ בִנְדִ'יבִים, (ביבליש). איהר זאָלט זיך ניט פאַרלאָזען אויף גרויסע לייט. „אל תבטחו בנדיבים פאַרלאָז זיך ניט אויף אַ פאַרך" (ווער.).

אַל תִּפְ'תַּח פֶּה לְשָׂ'טָן, (תלמודיש). זאָלסט ניט עפענען דעם בייזען גייסט דאָס מויל (אַ שפּרוך וועלכען מע זאָגט ווען מע רעדט פון אַ מעגליכען אומגליק).

אֶ'לָּא, ב. אָבער, אַלוּאָ, איי וואָס?. אלא וואָס? — וואָס דען? איי וואָס?. אלא=וואָ=דען? — איי וואָס דען?

אֵ'לֶּה תּוֹלְ'דוֹת נֹ'חַ, (ביבליש). דאָס איז די לעבענסגעשיכטע פון נח'ן. „אלה תולדות נח, דאָס איז די מעשה פון אַ פאַרך" (ווער.).

אֱלֹהִים' [געוועהנליך אויסגעשפּראָכען: אֱלֹקִים'], המ. גאָט.

אֱלוֹהִים', המ. זעה אֱלֹהִים'.

אַלְוֹאַי', אַלְוָואַי', אר. זעה הַלְוַאי'.

אֱלוֹקִים', המ. זעה אֱלוֹהִים'.

אֶ'לוּל, המ. דער צוועלפטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט געוועהנליך אין אויגוסט־סעפּטעמבער און האָט ניין און צוואַנציג טעג. „ראש־חדש אלול געהט אוועק און דער בעל־הבית בלייבט אַ בעל־הבית" (שפּוו.). „ראש־חדש אלול ציטערט אפילו אַ פיש אין וואַסער" (שפּוו.).

אֵלִיָ'הוּ הַנָּ'בִיא, המ. (ביבליש). דער פּראָפעט אליהו פון וועלכען עס ווערען דערצעהלט אין דער ביבעל פיעלע וואונדער־טהאַטען און וועלכער ווערט געהאַלטען ביים אידישען פאָלק אַלס דער ברייננער פון גוטע נאַכריכטען און וואונדערליכע הילף. „אַז אליהו הנביא איז דער בעל־עגלה פאָהרט מען גיך" (שפּוו.). „אַז גאָט וויל איז אליהו הנביא מסכים" (שפּוו.).

אֵלִיָ'הוּ הַנָּ'בִיאִ'ס כּוֹס [כָּס], המ. אַ בעכער אָנגעפילט מיט וויין אָדער אַנ'אַנדער געטראַנק, וועלכען מע שטעלט צום סדר פאַר אליהו הנביא.

אֶלְכְּ'סִ'ן, המ. קרומע ליניע.

אַלֶכְּסַנְ'דֶר מוֹקְ'דוֹן, אנמ. (תלמודיש). אלעקסאַנדער דער קיניג פון מאַ=

צעדאָניען, באריהמט אין דער געשיכטע מיט זיין קלוגהייט און חעלדישקייט.

אַלְ'מָן, הם. (מ. אַלְמָ'נִים). א מאן ביי וועלכען זיין ווייב איז געשטאָרבען, א וויטווער. אויסזעהען ווי א'ן אלמן נאָך שלשים, אויסזעהן פארפוצט, אויסזעהן פראנטיש.

אַלְמָ'נָה, הוו. (מ. אַלְמָ'נוֹת). א פרוי ביי וועלכער דער מאן איז געשטאָרבען, א וויטווע. "או א בחור נעהמט א'ן אלמנה פאר איהר ברויט, האָט ער פון איהר דעם טויט" (שפוו.). "בעסער א יונגע אלמנה ווי א'ן אלטע מויד" (שפוו.). "א'ן אלמנה איז א סכנה, א גרושה איז א בושה און א בתולה איז א גדולה" (שפוו.). א לעבעדיגע אלמנה, א פרוי וועלכע דער מאן האָט פארלאָזען.

אַלְמָ'נָה חַ'יָה (ביבליש: אַלְמְנוּת חַיּוּת), הוו. א לעבעדיגע וויטווע, א פרוי וועלכע דער מאן האָט פארלאָזען.

אַ'מעמאָר (אייגענטליך: אַל מֵי'מָר) הם. (מ. אַלמעמאָ'רם). דער שטענדער פאר וועלכען דער פאָרבעטער שטעהט אין דער סינאגאָגע.

אַלעמַאי' (אֶלָאמַאי'), ב. זעה אַמַאי'.

אַ'לֶף, הם. (מ. אַ'לֶפ'ע'). דער נאָמען פון דעם ערשטען בוכשטאב פון דעם אידישען אלף־בית. "דער וואס זאָגט אלף דער מוז זאָגען בית" (שפוו.). "ער קען ניט קיין צלם פון קיין אלף" (ווער.).

אֶ'לֶף, צ. (מ. אֲלָ'פִים). א טויזענד.

אֶ'לֶף־אֲלָ'פִים, צ. (מ. אַלְ'פֵי־אֲלָ'פִים), (ביבליש). טויזענד מאָהל טויזענד.

אָ'לֶף־בֵּית [בֵּיז], הם. (מ. אַ'לֶף־בֵּ'יתִ'יען). אלע העברעאישע בוכשטאבען צוזאמענגענומען; ערשטער אונטעררינכט, אָנהויב.

אֶ'לֶף הַשִּׁ'שִּׁי, צ. דער זעקסטער (יאָהר־) טויזענד (לויט דער אידישער צייטרעכענונג). ביז'ן אלף הששי, זעהר לאנג.

אִם יִרְ'צֶה הַשֵּׁם', אויב גאָט וועט וועלען, מיט גאָטעס הילף.

אִם כֵּן, (ביבליש). אויב אזוי, אויב יא אזוי. "אם כן אויב דער צער פון טראָגען איז יא אזוי גרוים" (ווערטעל. באציהט זיך אויף די ווערטער וועלכע רבקה האָט געזאָגט אין דער צייט פון איהר שוואנגערשאפט, ווי די ביבעל דערצעהלט).

אַמַאי', ב. ווארום? ווארום דען?

אָ'מָה, הם. דער מיטעלסטער פינגער פון דער האנד.

אִמָ'הוֹת, הוו. מ. די מוטערס, די אורמוטערס פון דעם אידישען פאָלק (שרה, רבקה, רחל, לאה).

אֱמוּ'נָה, הוו. (מ. אֱמוּ'נוֹת). גלויבען, רעליגיאָן; א רעליגיאָן; צוטרוי.

אֱ'מוֹר, הזו. די איינ און דרייסיגסטע סדרת (ווז.).

**אֲמוֹרָא**, הס. (מ. אֲמוֹרָאִים). אײנער פון די שפּעטערע תלמודישע געלעהרטע. זעה תַּלְמוּד.

**אָמֵן**, אר. ריכטיג, וואַהר, אַזוי זאָל עס זיין (אַ וואָרט מיט וועלכען פיעלע געבעטען און קאַפּיטלען פון תהלים ענדיגען זיך, און וואָס די צוהערער ענטפערען אויף די געבעטען פון דעם פאָרבעטער). זאָגען אמן, צובאַמקען. "פאַר אמן קומט קיין פּאַטש ניט" (שפּוו.).

**אָמֵן סֶלָה**, אר. (ליטורגיש). עס איז וואַהר, אַזוי זאָל עס זיין. זעה אָמֵן.

**אָמַר**, צא. האָט געזאָגט, אַזוי האָט געזאָגט.

**אָמַר אַבַּיֵי**, (תלמודיש). (אַזוי האָט געזאָגט אביי (אַ געוויסער געלעהרטער וועלכער קומט זעהר אָפט פאָר אין תלמוד). "פון אמר אביי איז נאָך ניט קיין ראיה" (שפּוו.).

**אִמְרוּ לֵאלֹהִים**, (ליטורגיש). זאָגט צו גאָט (די ערשטע ווערטער פון אַ געוויסען געבעט). "אמרו לאלהים רעד צו דער וואַנד" (ווער.).

**אֱמֶת**, הס. וואַרהייט, ריכטיגקייט, ווירקליכקייט. "אַ האַלבער אמת איז אַ גאַנצער ליגען" (שפּוו.). "אַ ליגען טאָר מען ניט זאָגען אַ'ן אמת דאַרף מען ניט זאָגען" (שפּוו.). "אמת מיט ליגען צוריבען איז גאָר ניט געבליבען" (שפּוו.). "אַ'ן אמת מעג מען זאָגען אויף אַ'ן אייגענעם טאַטען" (שפּוו.). "דעם ליגנער גלויבט מען אפילו דעם אמת אויך ניט" (שפּוו.). "דער שפּיגעל זאָגט אוים דעם אמת" (שפּוו.). "דער אמת איז דער גרעסטער שווינדעל" (שפּוו.). "דער בעסטער ליגען איז דער אמת" (שפּוו.). "זאַלץ און ברויט זאָלסטו עסען און דעם אמת ניט פאַרגעסען" (שפּוו.). "קינדער און נאַראָנים זאָגען דעם אמת" (שפּוו.).

**אֱמֶת**, א. ריכטיג, וואהר, ווירקליך; אויפריכטיג, אָפענהערציג; עכט. אין דער אמת, אין דער אמת'ן — אין דער טהאַט, ווירקליך. "אמת ווי תורת משה" (ווער.).

**אנגעבּרוֹגֶזט**, א. פאַרערגערט, פאַרבייזערט, בייז. זעה בְּרוֹגֶז.

**אַנְדְּרוֹגִינוֹס**, הס. (מ. אַנְדְּרוֹגִינוֹס'ען) אײנער וועלכער האָט די געשלעכט־צייכענס אי פון אַ מאַנספערשוין אי פון אַ פרויענצימער.

**אָנוּס**, הס. (מ. אֲנוּסִים). אַ געצוואונגענער. די אנוסים, די אידען אין שפּאַניען אין צייט פון דער אינקוויזיציאָן וועלכע זענען געצוואונגען געוואָרען זיך צו טויפען און האָבען פערבאָרגענערהייט אָפּגעהיט די אידישע רעליגיאָן, די מאַראַנען.

**אֲנוּסָה**, הוו. (מ. אֲנוּסוֹת). אַ פאַרגוואַלטיגטע (יונגפרוי).

**אֲנִי מַאֲמִין**, הס. (ליטורגיש), (מ. אֲנִי מַאֲמִינִ'ס). "איך גלויב", אײנער פון די דרייצעהן גלויבענס־ארטיקלען פון דער אידישער רע־

ליגיאָן וועלכע מע זאָגט ביי אידען אין דעם מאָרגעדיגען דאווגען; די דרייצעהן גלויבענספּאַרטיקלען.

אֲנִי' שְׁלֹ'מֹה, (ביבליש). איך בין (דער קעניג) שלמה. „חאָטש שרייו אני שלמה קיינער גלויבט ניט״ (ווער.).

אַנִידער־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט „אַנידער״ מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָר־צעל־וואָרט.

אֱנָ'קַת מְסַלְ'דֶיךָ, (ליטורגיש). „דאָס קרעכצען פון די וועלכע ריהמען דיך (גאָט)״, די ערשטע ווערטער פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט צו נעילה מיט אַ געוויסער מעלאָדיע, געברויכט אין ריידען ווען מען רייצט זיך מיט אימעצען וועלכען מע האָט אָפּגענאַרט (דער אויסדרוק פון טריאומף ליגט הויפּטזעכלין אין דעם זינגענדען טאָן מיט וועל־כען מע רעדט די ווערטער אַרויס).

אַנְ'שֵׁי־, המ. מ. זעה אִישׁ.

אֲנָ'שִׁים, המ. מ. זעה אִישׁ.

אֲנָ'שִׁים וְנָ'שִׁים וְטַף, המ. מ. (ביב-ליש). מענער און פרויען און קינ־דער, קינד און קייט.

אִ'סוּ־, המ. (מ. אִסוּ'רִים). פאַרבאָט, פאַרוועהר.

אָ'סוּר, א. (מ. אֲסוּ'רִים). פאַרבאָ־טען, פאַרוועהרט; אַ'ן אויסדרוק פון שווערען אַליין אָדער באַשווע־רען אַ'ן אַנדערען ניט צו טהאָן עפּעס, אַזוי ווי: אסור אויב איך וועל דאָס טהאָן, אסור זאָל דיר זיין אויב דו וועסט דאָס טהאָן.

אָ'סוּר הֲ'זִיר, א. פאַרבאָטען אַזוי ווי (דאָס פלייש פון) אַ שוויין; אַ'ן אויסדרוק פון שווערען אויף ניט. זעה אָ'סוּר.

אָ'סוּר לְדַ'בֵּר, מע טהאָר ניט רע־דען! ניט גערעדט! רעדען אויף אימיצען אסור לדבר, רעדען זעהר שלעכטע זאַכען אויף אימי־צען.

אָ'סוּר לְבַ'הֵם, (תלמודיש). מע טאָר ניט קיין מיטלייד האָבען (אויף איהם, איהר א. ד. ג.).

אֲסוּ'תָא, אר. (תלמודיש). (צו) היי־לונג! צו געזונד! אַ וואונש צו איינעם וועלכער ניסט אָדער קומט אַרויס פון אַ באָד.

אִ'סְיִים, המ. מ. די אנהענגער פון אַ געוויסער אידישער קאָמוניסטי־שער סעקטע אין דער צייט פון דעם צווייטען טעמפּעל וועלכע האָבען געלעבט אָבגעזונדערט פון פון דער וועלט און זיך גענעהרט מיט די איינפאַכסטע שפּייזען.

אֲסִי'פָּה, הוו. (מ. אֲסִי'פוֹת). פאַר־זאַמלונג, מיטינג.

אִסְ'רוּ־חַג, המ. (ביבליש). דער טאָג נאָך פסח, שבועות אָדער סוכות.

אַסְ'רִ'ען, צא. פאַרביטען, פאַרוועה־רען, אַרויפלייגען אַ פאַרבאָט אויף, ערקלערען אַלס ניט גילטיג אָדער ניט געזעצליך (לויט דער אידישער רעליגיאָן).

אֶסְ'תֵּר, אנ.ז. דער נאָמען פון דער אידישער פרוי פון קיניג אחשורוש

וועלכע האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דאָס אידישע פאָלק; דאָס בוך פון דער ביבעל וואו די געשיכטע ווערט דערציהלט.

**אֶסְ'תֵּר הַמַּלְ'כָּה**, הוו. (ביבליש). די קעניגין אסתר. "שעהן ווי אסתר המלכה" (ווער.).

**אֶסְ'תֵּר תַּ'עֲנִית** [תַּ'עֲנֶת], (אייגענט־ליך: תַּעֲנִית אֶסְתֵּר). דער טאָג פאַר פורים אין וועלכען אידען פאַסטען צום אַנדענק אן דער וואונדערליכער רעטונג פון דעם אידישען פאָלק דורך דער קעניגין אסתר. עס דויערט פון אסתר תענית ביז פורים, עס דויערט ניט לאַנג.

**אָפּ־**, די באַדייטונג פון אַלע העב־רעאישע ווערטער מיט דעם אי־דישען פאָרוואָרט "אָפּ" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

**אֵ'פוֹד**, הס. אַ ברוסט־קלייד וואָס דער אויבער־פריסטער (אַמאָל ביי אידען) פלעגט טראָגען.

**אַפּוֹטְרוֹ'פּוֹס** [אַפַּטְרָ'פּוֹס], הס. (מ. אַפּוֹטְרוֹפְּ'סִים [אַפַּטְרָפְּ'סִים]. אַ'ן אָפּעקון, איינער וועלכער פּאַסט אויף אַ ניט־דערוואַקסענעם און פאַרזאָרגט זיינע אינטערעסען; פאַרזאָרגער, אויפזעהער.

**אַפּוֹטְרוֹפְּ'סוּת** [אַפַּטְרָפְּ'סוּת], הוו. אָפּעקונסטוואָ, אויפזעהערשאַפט, אויפפּאַסונג.

**אַפּוֹ'תִיקִי**, הוו. געלד, פיעל געלד, רייכטהום.

**אַפּ־ב'ייען**, צא. אויפלעבען, אָפּ־מינטערען. זעה חַי.

**אֲפִי'לוּ**, כ. אויך זאָגאַר.

**אֲפִיקוֹ'מָן**, הס. איינע פון די דריי מצות וועלכע מע לעגט אויף'ן טיש צום סדר און וועלכע ווערט באַהאַלטען ביז צום ענד פון מאָהל־צייט.

**אַפִּיקוֹ'רֵס**, הס. (מ. אַפִּיקוֹרְ'סִים [אַפִּיקֻרְ'סִים]). איינער וועלכער לייקענט אן גאָט, אַ פריידענקער. "אַ איד אַ למדן קען קיין חסיד ניט זיין און אַ'ן עם־הארץ קען קיין אפיקורס ניט זיין" (שפוו.).

**אַפִּיקוֹרְ'סוּת** [אַפִּיקֻרְ'סוּת], הוו. דאָס לייקענען אן גאָט, פריידענקעריי; אַ פרייער געדאַנק, אַ פרייע גע־זינונג.

**אַפִּיקוֹ'רֵסִיטע**, הוו. (מ. אַפִּיקוֹ'רֵסִי־טעס). איינע וועלכע לייקענט אן גאָט, אַ פריידענקערין.

**אַפִּיקוֹרְ'סִ'יש** [אַפִּיקֻרְ'סִ[illegible]], א. גאָטלאָז, פריי, פרייגעזאָנען.

**אַפִּ'נִים**, או. זעה הַפָּ'נִים.

**אָ'פֶס כֶּ'סֶף**, (ביבליש). עס איז אויסגעגאַנגען דאָס געלד. "אפס כסף מאַכט דער תרגום שלים" (שפוו.; דאָס וואָרט "שלים" באַ־דייטעט אין אַראַמעאיש "אויסגע־גאַנגען" און אין אידיש באַדייטעט עס "שלעכט").

**אֶפְרַ'יִם**, אנמ. דער נאָמען פון דעם איננסטען זוהן פון יוסף; דער נאָ־מען פון דעם אידישען שטאַם וועלכער קומט פון איהם אַרויס.

**אֶפְ'שָׁר**, או. פיעלייכט, מעגליך.

„אפשר און טאָמער ברייננגט קלאָג און יאָמער" (שפוו.).

**אָין לְהַ'עֲשִׁיר**, הוו. (ביבליש). איי־נער וואָס יאָגט זיך רייך צו ווערן.

**אָין קו'צִין**, (ליטורגיש). די ערשטע צוויי ווערטער פון אַ געוויסען אי־דישען רעליגיעזען לויב־געזאַנג וואָס ענטהאַלט אַ וואָרט־שפּיעל פון פיעל "צ"'ען (אין קוצין, קצוצי לקצין, בדבור מפוצין, רצוצי לרצין). אין קוצין שפּראַך, אַ פאַרדרעהטער אונפאַרשטענד־ליכער סטיל.

**אֶצְ'בַּע**, הם. דער טייטעל־פינגער.

**אֶצְ'בַּע אֱלֹהִים'**, הם. (ביבליש). אַ פינגער פון גאָט, אַ באַווייז פון הימעל, אַ וואונדער.

**אַקְדָ'מוּת**, הוו. מ. (ליטורגיש). גע־וויסע לויב־געזאַנגען אין אַראַמע־אישע שפּראַך וועלכע מע זאָגט ביי אידען אום שבועות. "ער פאַר־שטעהט זיך דאַרויף ווי אַ קאַץ אויף אקדמות" (ווער.).

**אַראָפּ־**, די באַדייטונג פון אַלע העב־רעאישע ווערטער מיט דעם אידי־שען פאָרוואָרט "אַראָפּ" מוז גע־זוכט ווערען אונטער דעם וואָר־צעל־וואָרט.

**אַרְ'בֶּה**, הם. היישעריק, איינע פון די צעהן פלאָגען וועלכע גאָט האָט אָנגעשיקט אויף די עגיפּטער אום ווי זאָלען אַרויסלאָזען דאָס אידישע פאָלק פון זייער לאַנד.

**אַרְ'בַּע, אַרְבָּ'עָה**, צ. פיער.

**אַרְ'בַּע כּו'סוֹת**, הם. מ. (תלמודיש). די פיער בעכערס (וויין) וועלכע מע טרינקט ביי אידען צום סדר. „מע מיינט ניט די חרוסת נאָר די ארבע כוסות" (שפוו.).

**אַרְ'בַּע כַּנְ'פוֹת**, הם. (מ. אַרְ'בַּע כַּנְ'פוֹת'ען), (ביבליש). "פיער עקען", אַ פיערעקיג קליידונג־שטיק מיט וואָלענע אָדער זיידענע פע־דים אייגעמאַכט אין די פיער עקען, וואָס יעדער איד מוז טראָגען נאָכ'ן אידישען געזעץ. "עס פּאַסט איהם ווי דעם הונט אַ'ן ארבע כנפות" (ווער.).

**אַרְ'בַּע פְּ'נוֹת (הָעוֹ'לָם)**, הם. מ. (תלמודיש). די פיער ווינקלען (פון דער וועלט). פון אַלע ארבע פנות, פון אומעטום.

**אַרְבָּ'עָה**, צ. פיער.

**אַרְבָּ'עָה בָּ'נִים**, הם. מ. (תלמודיש). די פיער פאַרשיעדענע קינדער וועלכע ווערען אויסגערעכענט אין דער הגדה: חכם — דער קלו־גער, רשע — דער שלעכטער, תם — דער נאַרישער, שאינו יודע לשאול — דער וואָס פאַרשטעהט ניט צומאָל צו פרעגען.

**אַרְבָּ'עִים**, צ. פיערציג.

**אַרוֹיס־**, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "אַרויס" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָר־צעל-וואָרט.

**אַרוֹיף־**, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "אַרויף" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָר־צעל־וואָרט.

אַרומ־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פּראָוואָרט "אַרום" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

אָ'רון, הם. (מ. אֲרו'נות) דער קאַסטען אין וועלכען מע טראָגט (ביי אידען) דעם טויטען צו דער בערדיגונג; דער קאַסטען אין וועלכען די לוחות פלעגען גע־האַלטען ווערען; ארון קודש (ז ז.).

אָ'רון הַקוֹ'דֶשׁ, הם. זעה אָ'רוֹן קוֹ'דֶשׁ.

אָ'רוֹן קוֹ'דֶשׁ, הם. (מ. אָ'רוֹן קוֹ'דֶשׁ'ען). "דער הייליגער קאַס־טען", די שאַפע וואו עס ווערען געהאַלטען די ספרי־תורות אין דער סינאַגאָגע.

אַרונטער־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פּראָוואָרט "אַרונטער" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָר־צעל־וואָרט.

אֲרוּ'רָה, הוו. (מ. אֲרוּ'רות). בייזע, שלעכטע פרוי.

אַרְ'יֵה, הם. דער לייב, דער אַסטראָ־נאָמישער צייכען אין דעם שטערען־קרייז פאַר דעם מאָנאַט אָב. זעה מַזָל.

אַריינ־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פּראָוואָרט "אַריינ" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָר־צעל־וואָרט.

אֲרִי'כַת יָ'מִים (וְשָׁ'נִים), הוו. (תלמודיש). לאַנגע טעג (און יאָהרען), לאַנגעס לעבען.

אֶ'רֶךְ אַפַּ'יִם, אמ. (ביבליש). אַ גע־דולדיגער. "גאָט איז אַ'ן א ר ך א פ י ם".

אֶ'רֶץ־יִשְׂרָ'אֵל, הוו. (ביבליש). דאָס אידישע לאַנד, פּאַלעסטינא.

אֶ'רֶץ־יִשְׂרָ'אֵל־געלט, הז. דאָס געלט וואָס מע שיקט אַוועק פאַר די אָרעמע אין פאַלעסטינא.

אֶ'רֶץ־יִשְׂרָ'אֵל־ערד, הוו. ערד גע־בראַכט פון פאַלעסטינא וועלכע מע לעגט צו קאָפּענס דעם טויטען אין גרוב אַלס באַשיצונג קעגען גלגול מחילות.

אַרְ'צָה, או. אויף דער ערד, זעהר נידעריג, זעהר געפאַלען.

אֵשׁ לֶהָ'בָה, או. (ביבליש). פלאַמ־פייער, צאָרענדיג.

אִ'שָּׁה (אֵ'שֶׁת־), הוו. (מ. נָ'שִׁים). אַ פרויענצימער; אַ ווייב.

אִ'שָּׁה רָ'עָה, הוו. אַ שלעכטע, בייזע פרוי.

אַשְׁ'כְּנַז, אנוו. דייטשלאַנד.

אַשְׁ'כְּנַז, א. לויט נוסח אשכנז. זעה נוּ'סַח.

אַשְׁכְּנַ'זִי, הם. (מ. אַשְׁכְּנַ'זִים). "אַ דייטשער איד", מיט דעם נאָמען ווערט געוועהנליך באַצייכענט יע־דער איד וועלכער איז ניט קיין ספרדי (ווז.).

אַשְׁ'מְדַאי, הם. דער קעניג פון די טייוואָלים.

אַשְׁ'מָה, הוו. (מ. אֲשָׁמות [אַשׁ'מות]) שולד, פאַרברעכען.

**אַשְׁמוֹ'רָה**, הוו. (מ. אַ ַ מוֹ'רוֹת). איינער פון די טהיילען אין וועלכע די נאַכט אין געווען איינגעטהיילט אין דעם הייליגען טעמפעל (פאַרצייטען ביי אידען. יעדען טהייל פון דער נאַכט פלעגט אַ באַזונדערע וואַכע פון פריסטער באַוואַכען דעם טעמפעל).

**אָשַׁמְ'נוּ**, הם. (ליטורגיש). "מיר האָבען זיך פאַרשולדיגט", ערשטער וואָרט און דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען געבעט אין וועלכען מע באַריהט אויף די זינד זיך שלאָגענדיג דערביי מיט דער האַנד אויף דער ברוסט. זיך שלאָגען אשמנו, באַדויערען, באַריהען, זיך ערקלערען אַלס שולדיג.

**אַשְׁ'פָּה**, הוו. (מ. אַשְׁ'פּוֹת). מיסט, שמוץ, בלאָטע; שלעכטע, געמיינע וואַרע.

**אֲ'שֶׁר יָ'צַר**, הם. (ליטורגיש). אַ קורצעס געבעט וואָס מע זאָגט ווען מען געהט אַרויס פון אָפּטריט.

**אֲ'שֶׁר־יָ'צַר־פּאַפּיר**, הז. אָפּטריטפּאַפּיר; אַ ווערטהלאָזער פּאַפּיר.

**אֲ'שֶׁר־יָ'צֵרי'על**, הז. (מ. אֲ'שֶׁר־יָ'צֵרי'לעך). אָפּטריט=פּאַפּיר. "זיין וועכסעל איז גוט אויף אשר־יצר'לעך" (ווער.).

**אַשְׁ'רֵי**, הם. (ליטורגיש). דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון אַ קאַפּיטעל תהלים וואָס ווערט זעהר זעהר אָפּט געזאָגט (ביים דאַווענען). קענען ווי אשרי, קענען קלאָר, אויסווענינ.

**אֵ'שֶׁת אִישׁ**, הוו. (תלמודיש). אַ פאַרהייראַטהעטע פרוי. "אַ שנײדערס אַ ווייב איז ניט קיין אשת איש" (שפּוו.).

**אֵ'שֶׁת אִישׁ'ניצע**, הוו. (מ. אֵ'שֶׁת אִישׁ'ניצעס). אַ פאַרהייראַטהעטע פרוי וועלכע לעבט מיט אַ פרעמדען מאַן.

**אֵ'שֶׁת אִישׁ'ניק**, הם. (מ. אֵ'שֶׁת אִישׁ'ניקעס). אַ מאַן וועלכער לעבט מיט אַ פרעמדער פאַרהייראַטהעטער פרוי.

**אֵ'שֶׁת חַ'יִל**, הוו. (ביבליש). אַ העלדישע פרוי, אַ'ן אויפגעהוערקע, אַ פעהיגע ווירטהין. "אַ'ן אשת חיל גיט דעם מאַן אַ האַלבע פרנסה" (שפּוו.).

**אֵ'שֶׁת חַ'יִל מִי יִמְ'צָא**, (ביבליש). אַ פעהיגע פרוי ווער קען געפינען? (די ערשטע ווערטער פון אַ ביבלישען קאַפּיטעל וועלכען אַ איד זאָגט פרייטאָג צו נאַכט ווען ער קומט אַהיים פון שול. אין דעם דאָזיגען קאַפּיטעל ווערען געלויבט די גוטע אייגענשאַפטען פון אַ פעהיגער הויז=פרוי). "אשת חיל מי ימצא אָבער אַ שלימזל איז בנמצא" (שפּוו.).

**אֶ'ת חֲטָ'אַי אֲ'נִי מַזְ'כִּיר**, (ביבליש). איך דערמאָן מיין זינד, איך מוז געשטעהן.

**אַ'תָּה בְחַרְתָּ'נוּ**, הם. (ליטורגיש). "דו האָסט אונז אויסערוועהלט", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט ביי אידען אין די פייערטעג.

אַ׳תָּה בְּחַרְתָּ׳ניק, המ. (מ. אַ׳תָּה בְּחַרְתָּ׳ניקעס). אַ׳ן אויסערוועהל־טער (אַ נאָמען מיט וועלכען אידען באַצייכענען זיך אַליין, אָפט אין ערנסט און אָפט אין שפּאַס). זעה אַ׳תָּה בְּחַרְתָּ׳נוּ.

אַ׳תָּה הָרְאֵי׳תָ, המ. (ליטורגיש). "עס איז דיר באַוויזען געוואָרען", די ערשטע ווערטער און דער נאָ־מען פון אַ ביבלישען קאַפּיטעל וואָס מע זאָגט שמחת תורה. געבען אתה הראיתה, באַעהרען אימיצען מיט פאַרזינגען אתה הראיתה פאַר׳ן עמוד. וואָס האָט אתה הראיתה צו דער ערענדע, וואָס האָט איינס צוטהאָן

מיט דעם אַנדערען.

אֶתְ׳רוֹג, המ. (מ. אֶתְרוֹ׳גִים). פּאַ־ראדיז־עפּעל, אַ זאָרט לימאָנען־פרוכט וועלכע אידען געברויכען צוזאַמען מיט לולב און הדסים צו רעליגיעזע צוועקען אום סוכות. בענשען אתרוג, זאָגען אַ גע־וויסען זעגען־שפּרוך האַלטענדיג דעם אתרוג אין האַנד. שעהן ווי אַ קארפירער (פון גריכישען אינזעל קארפו) אתרוג, זעהר שעהן. "דער אתרוג קאָסט דאָס גאַנצע געלט און אויף דעם לולב מאַכט מען די ברכה" (שפּוו.). "אז מען האָט ניט קיין אתרוג דאַרף מען קיין פּושקע ניט האָבען" (שפּוו.).

# ב.

ב, המ. דער צווייטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אלף־בית; אָהן אַ פּינטעלע אינעווייניג ("ב") אויס־געשפּראָכען (ווי "וו") אַזוי ווי אין "חָ׳בֵר", מיט אַ פּינטעלע אינע־ווייניג ("בּ") אויסגעשפּראָכען ווי אין דעם וואָרט "בּרענען"; אין צעהלען גערעכענט אַלס 2.

בּ־, (צוגעשטעלט אין אָנהויב פון אַ העברעאישען וואָרט), אין, מיט, אויף, פאַר.

בּא, הוו. דער נאָמען פון דער פינפ־צעהנטער סדרה (ווז.).

בּאַ־, די באַדייטונג פון אַלע העב־רעאישע ווערטער מיט דעם אידי־שען פאָרוואָרט "באַ" (וועלכע גע־פינען זיך ניט דאָ) מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

בּא׳דַ׳מִיעָן, צא. פאַרבלוטיגען. זעה דָם.

בְּאַהֲ׳בָה, או. מיט ליעבע, מיט צו־פרידענהייט, מיט רעזיגנאַציאָן.

בְּאוֹ׳נֶס, או. געצוואונגענערהייט.

בְּאוֹ׳פֶן, או. אויף דער ארט, מיט דעם באַדינג.

בֵּאוּר [בֵּ׳אוּר], המ. (מ. בֵּאוּרִים [בֵּאוּ׳רִים]). ערקלערונג, קאָמענ־טאַר. דער באור, אַ געוויסער קאָמענטאַר אויף דער ביבעל פאַר־פאַסט אונטער דער רעדאַקציאָן פון מאָזעס מענדעלסאָהן.

בְּאוֹ'תוֹ הַיוֹם', או. אין דעם דאָזיגען טאָג.

בְּאָזְ'נַי שָׁמַעְ'תִּי, (תלמודיש). מיט מיינע (אייגענע) אויערען האָב איך געהערט.

באַ'חֵנ'ט, א. אַנציהענד, רייצענד, ליעבליך. זעה חֵן.

באַ'טַ'עַמ'ט, א. געשמאַק, אַפּעטיטליך. זעה טַ'עַם.

בְּאֵין אוֹפָן, או. אויף קיין פאַל ניט.

בַּאֲלַכְ'סוֹן, או. פאַר קווער, קרום.

באַלמעמאָר, המ. (מ. באַלמעמאָרס). זעה אַלמעמאָר.

בְּאֶ'לֶף מְחִ'לוֹת, המ. "מיט טויזענד פערצייהונגען", דער הינטען, דאָס געזעס.

בְּאִם, ב. אויב.

בְּאִם לֹא, ב. אויב ניט.

בְּאִם לַאו, ב. אויב ניט.

בֶּאֱמוּ'נָה, או. עהרליך, געטריי; אויף עהרליכקייט! אויף עהרענוואָרט!

בֶּאֱמוּ'נָה שֶׁלִ'י', או. אויף מיין עהרליכקייט, אויף מיין עהרענוואָרט.

בֶּאֱמוּ'נָה שְׁלֵ'מָה, או. (ליטורגיש). מיט פולען גלויבען, מיט פאָלקאָמענעם צוטרוי.

בֶּאֱ'מֶת, או. אין דער ווירקליכקייט, אין דער טהאַט; ערנסט.

באַ'נַוְ'ליען, צא. באַשמוצען, באַלוידיגען, באַריידען.

בַּאֲרִ'יכוּת, או. לאַנג, לאַנג אויסגעצויגען, מיט אַלע געגוויאיגקייטען.

בַּאֲ'שֶׁר, ב. ווייל; אָבוואָהל, חאָטש, מאַלע־וואָס.

בַּאֲ'שֶׁר בְּכֵן, ב. מאַלע־וואָס, איי־וואָס, אָבוואָהל.

בַּאֲ'שֶׁר הוּא שָׁם, (ביבליש). וואו ער איז דאָרט, וואו ער מעג זיין.

בָּ'בָא, הוו. (מ. בָּ'בוֹת). אַ'ן אָפּטהיילונג, אַ טראַקטאַט פון תלמוד (מיט דעם נאָמען רופט מען געוועהנליך יעדע איינע פון דריי געוויסע אָפּטהיילונגען פון דעם סדר נזיקין (ווז.). זעה אונטען.

בָּ'בָא בַּתְ'רָא, הוו. (תלמודיש). די לעצטע אָפּטהיילונג. זעה בָּ'בָא.

בָּ'בָא מְצִי'עָא, הוו. (תלמודיש). די מיטעלסטע אָפּטהיילונג. זעה בָּ'בָא.

בָּ'בָא קַ'מָא, הוו. (תלמודיש). די ערשטע אָפּטהיילונג. זעה בָּ'בָא.

בִּבְחִי'נַת, או. (קאַבאַליסטיש). אין דער (סימבאָלישער) געשטאַלט פון, אין דער ראָלע פון, אין דער קלאַסע פון, אַלס.

בָּ'בֶל, אנוו. דאָס לאַנד וואו דאָס אידישע פאָלק איז פאַרטריבען געוואָרען אין דער צייט פון דער צערשטערונג פון דעם ערשטען טעמפעל; די הויפט־שטאָדט פון דעם לאַנד בבל; המ. שלעכטע, געמיינע וואַארע. "קיין סחורה איז דער ערגסטער ב ב ל" (שפוו.).

בָּ'בֶל־טהורעם, המ. דער טהורעם וועלכען געוויסע מענשען האָבען אויפגעבויט אין בבל מיט דער

אבזיכט אַרויפצוקלעטערען אויפ'ן הימעל, ווי די ביבעל דערצעהלט (אַלס שטראָף האָט גאָט צומישט זייער שפּראַך און דעָם זאָל גע־ווען זיין דער אורשפּרונג פון דער שפּראַכען־פאַרשידענהייט אויף דער וועלט).

בָּ'בֶל־סְחוֹ'רָה, הוו. (מ. בָּ'בֶל־סְחוֹ'רוֹת). שלעכטע וואַרע. "אַ מיידעל איז אַ בבל־סחורה" (שפּוו.).

בָּ'בֶל־קוֹ'נֶה, המ. (מ. בָּ'בֶל־קוֹ'נִים). שלעכטער קויפער, שלעכטער קונד. "אויף אַ בבל־סחורה קומט אַ בבל־קונה" (שפּוו.).

בָּ'בֶל־שפּראַך, הוו. צומישטע שפּראַך. זעה בָּבֶל.

בֶּ'גֶד, המ. (מ. בְּגָ'דִים). אַ קלייד.

בִּגְ'דֵי כְהוּנָה [כְּהוּ'נָה], המ. מ. (תלמודיש). פּריסטער־קליידער.

בִּגְ'דֵי מַלְ'כוּת, המ. מ. קעניגליכע, פּרעכטיגע קליידער.

בִּגְ'דֵי שַׁ'בָּת, המ. מ. פעסטליכע, שענע קליידער.

בִּגְזֵ'לָה, או. דורך רויב, ניט עהרליך.

בִּגְזֵ'רַת־, או. מיט דעם באַפעהל פון —, מיט דעם סטראַשונאָק פון —.

בְּגִי'לָה בְּרִ'נָה בְּשִׂמְ'חָה רַ'בָּה, (ליטורגיש). מיט לוסטיגקייט מיט געזאַנג און מיט גרויס פרייד. "בגעלע בגרינע בשמחה רבה" (אַ'ן אָפּטע פּאַראָדיע).

בְּגָ'לוּי ראֹש [רָאשׁ], או. (תלמודיש). מיט אַ'ן אָפּגעדעקטען קאָפּ, אָהן אַ היטעל.

בְּגִלְגּוּ'פִין, (קאַבאַליסטיש). "מיט שניצערייען", אויפגעראַמט, באַ־טרונקען, באַרוישט.

בִּגְנֵ'בָה, או. (גנעהמענדיג) אָהן דעם אייגענטהימער'ס וויסען, פאַרבאָר־גענערהייד, אין געהיים.

בַּגְ'רֶת*, הוו. זעה בּוֹגֶ'רֶת.

בְּדוֹ'חַק, או. אין נויט, אין אָרעמ־קייט; קוים־קוים.

בָּ'דוּק וּמְנוּ'סֶה, א. אונטערזוכט און אויספּרובירט, פעסטגעזעצט, אָהן אַ צווייפעל.

בְּדוֹ'רוֹ, או. אין זיין צייט.

בַּדְ'חָן, המ. (מ. בַּדְחָ'נִים). מאַר־שאַלעק שפּאַס־מאַכער, וויצענ־זאָגער, גראַמענ־מאַכער. "אַ בדחן מאַכט אַלעמען פרעהליך און אַליין ליגט ער אין דער ערד" (שפּוו.).

בַּדְחָ'נוּת, הוו. די פּראָפעסיאָן פון אַ מאַרשאַלעק; שפּאַס־מאַכעריי; אַ שפּאַס, אַ וויץ, אַ שפּאַסהאַפטער גראַם.

בַּדְ'חָנ'ען, צש. זאָגען וויצען, מאַ־כען שפּאַסהאַפטע גראַמען.

בְּדִ'יוּק, או. מיט גענויאיגקייט, גע־נוי, אַקוראַט, פּינקטליך.

בְּדִיל דַל*, בְּדִיל הַדַל'*, (תלמודיש: בְּדַלֵּי דַלּוּת), או. זעהר אָרעם.

בְּדִיעֲבַד [בְּדִיעֶ'בַד], או. (תלמודיש). אַזוי ווי עס איז שוין געשעהן,

נאָך דעם ווי עס איז שוין אָפּגעטהאָן געוואָרען.

בְּדְלֵית [בְּדְלֶת'] בְּרֵי'רָה, או. (תלמודיש). ווען עס איז קיין אויסוואַהל ניטאָ, ווען מען קען אַנדערש ניט טהאָן.

בְּדִי'קָה, הוו. (מ. בְּדִי'קוֹת). אונטערזוכונג, נאָכזוכונג; די אונטערזוכונג פון דעם איינגעווייד פון אַ פיה אום אויסצוגעפינען אויב עס איז געווען געזונד און מע מעג דאָס פלייש עסען, לויט דעם אידישען געזעץ.

בְּדִי'קַת הָרֵי'אָה, הוו. די אונטערזוכונג פון די לונגען פון אַ געקוילטען פיה. זעה אויבען.

בְּדִי'קַת חָ'מֵץ, הוו. (תלמודיש). דאָס נאָכזוכען און אויפראַמען אַלע געזייערטע זאַכען דעם טאָג פאַר פסח.

בְּדַ'לוּת, או. אָרעם. בדלות שטעלען, פאַראָרעמען, רואינירען. בין איך בדלות!, מיך קימערט עס ניט.

בְּדְלֵי'כָּא [בְּדְלֶ כָּא], או. (תלמודיש). ווען עס איז ניטאָ.

בְּדֵ'עָה, או. אין זינען, אין אַבזיכט. האָבען בדעה, בעאַבזיכטיגען.

בְּדַ'עַת, או. וויסענדיג.

בֶ'דֶק הַבַּ'יִת, הם. (ביבליש). דאָס פאַרריכטען (רעמאָנטירען) אַ שוהל.

בּדְ'קְ'ען, בַּדְ'קְ'ענען, צא. זוכען, נאָכזוכען; אונטערזוכען דאָס איינגעווייד פון אַ געקוילעטען פיה אום אויסצוגעפינען אויב עס איז געווען געזונד און מע מעג דאָס פלייש עסען, לויט דעם אידישען געזעץ. אַרומ'בדק'ען, אַרומזוכען. "אַז מע וויל גוט בדק'ען איז אַלץ טרף" (שפוו.).

בְּדֶ'רֶךְ־, או. אויף דעם שטייגער פון —, אַלס.

בְּדֶ'רֶךְ אַ'גַב, או. פאַרבייגעהענדיג, פאַר איין וועג.

בְּדֶ'רֶךְ הֲלָ'צָה, או. אַלס שפּאַס, אין שפּאַס.

בְּדֶ'רֶךְ כְּלַל, או. איבערהויפּט, אין אַלגעמיינעם.

בְּדֶ'רֶךְ מָ'שָׁל, או. אַלס אַ ביישפּיעל, אַלס אַ צוגלייך, אַלס אַ פאַבעל.

ב"ה, אב. בָּרוּךְ הַשֵּׁם' (ווז.).

בָּ'הוֹל, הם. אַ צוטומעלטער, אַ צודרעהטער, אַ פאַרהאַוועטער.

בְּהֶחְ'לֵט (גָ'מוּר), או. מיט (אַבסאָלוטען) ענטשלוס, ענטשיעדען, באַשטימט.

בִּהְיוֹת', או. אין אנבעטראַכט אַז, אַזוי ווי.

בֶּהָ'לָה, הוו. (מ. בֶּהָ'לוֹת). שרעק, טומעל, סומאַטאָכע. די צייט פון דער בהלה, די צייט אין רוסלאַנד אונטער דער רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם ערשטען ווען קליינע אידישע קינדער זיינען צוגענומען געוואָרען פאַר סאָלדאַטען.

בְּהֵ'מָה, הוו. (מ. בְּהֵ'מוֹת). פיה, הויז־פיה; אַ קוה; אַ נאַר, אַ שטומפּזיניגער מענש. "אין דער יוגענד אַ בהמה אויף דער עלטער אַ פערד" (שפוו.). "אין אַ מגפה איז אַ ציעג אויך אַ בהמה"

(שפוו.). "ביזטו א ב ה מ ה קיי שטרוי" (ווער.). "כּעס וחמה מאכט א מענשען פאר א ב ה מ ה" (שפוו.).

בְּהֵ'מָה בְּצוּ'רַת אָ'דָם, הוו. א פּיה אין געשטאַלט פון א מענשען. "בהמה בצורת פערד" (אָפט גע-ברויכטע פּאַראָדיע).

בְּהֵ'מָה גַ'סָּה, הוו. (מ. בְּהֵ'מוֹת גַ'סּוֹת), (תלמודיש). גרויס-פּיה (א'ן אָקס אָדער א קוה).

בְּהֵ'מָה דַ'קָּה, הוו. (מ. בְּהֵ'מוֹת דַ'קּוֹת), (תלמודיש). קליין-פּיה (א שעפּס אָדער א ציעג).

בְּהֶן שֶׁלִּי', או. אויף מיין יא-וואָרט, אויף מיין עהרעניוואָרט.

בהמ"ק, אב. בֵּית הַמִּקְ'דָּשׁ (ווז.).

בְּהֶסְ'כֵּם־, או. מיט דער צושטימונג פון —.

בְּהַעֲלוֹתְ'ךָ, הוו. דער נאָמען פון דער זעקס און דרייסיגסטער סדרה (ווז.). "זיך דרעהען ווי רש"י אין ב ה ע ל ו ת ך" (ווער.).

בְּהַקָּ'פָה, או. אויף באָרג, אויף קרעדיט.

בְּהַ'ר, הוו. דער נאָמען פון דער צוויי און דרייסיגסטער סדרה (ווז.).

בְּהַרְחָ'בָה, או. מיט ברייטקייט, באַקוועם; אין גוטע, באַקוועמע אומשטענדען.

בּוֹ'אִי בְּשָׁ'לוֹם, (ליטורגיש). "קום אין פרידען". די ערשטע ווערטער פון א געבעט-געזאַנג וואָס אידען זאָגען פרייטאָג צו נאַכט אין שול שטעהענדיג מיט דעם געזיכט צו דער טהיר. "ביי ב ו א י ב ש ל ו ם שטעהט דער אָרעמאַן אויבען אָן" (שפוו.).

בּוֹגֶ'רֶת [בּוֹגְ'רֶת], הוו. (מ. בּוֹגְ'רוֹת). אַ דערוואַקסען מיידעל, אַ מיידעל אין הייראַטה-יאָהרען.

בּוֹ'גֵד, המ. (מ. בּוֹגְ'דִים). פאַר-רעטהער.

בּוֹ'דֵק־זיין, צא. זעה בַּדְקְ'יען.

בְּוַדַּ'אי, או. זעה אַוַדַּ'אי.

בּוֹ'לֵט, א. סטאַרטשענדיג, קלאָר, דייטליך.

בּוּלְ'מוּס, בּוּלְ'מוּס אֲכִי'לָה, המ. (תלמודיש). גרויסער הונגער, גרויסער אַפּעטיט.

בּוֹ'עָה, הוו. (מ. בּוֹ'עוֹת). אַ בלאָז, א בלאָטער, א געשוויר (אויף די לונגען פון א געקוילעטען פיה).

בּוֹ'עֵל־זיין, צא. געשלעכטליך צו-זאַמענזיין מיט —.

בּוּ'ר, המ. (מ. בּוּ'רִים). א'ן אונ-וויסענדער מענש.

בּ־ר מִדְאוֹרַיְי'תָא, המ. א'ן אונוויי-סענדער אפילו לויט דעם געזעץ פון דער תורה (ווז.), א זעהר אונוויסענדער מענש.

בּוֹ'רֵא, המ. דער באַשעפער, גאָט.

בּוֹ'רֵא בְּ'רוּךְ הוּא, המ. דער באַ-שעפער געבענשט זאָל ער זיין, גאָט.

בּוֹ'רֵא מְאוֹ'רֵי הָאֵשׁ', (ליטורגיש). "דער באַשעפער פון פייער-ליכט", די לעצטע ווערטער פון א זע-

גענשפרוך וועלכען מע זאָגט ביי אידען שבת=צו=נאַכט ווען מען צינדט אָן צום ערשטען מאָל פייער. מאַכען בורא מאורי האש, אונטערצינדען.

בּוֹ'רֵא מִי'נֵי מְזוֹ'נוֹת, (ליטורגיש). "דער באַשעפער פון (אלע) זאָרטען שפייזען", א זעגענשפרוך וועלכען מע זאָגט ביי אידען איידער מע עסט א לייכטע שפייז.

בּוֹ'רֵא נְפָ'שׁוֹת, (ליטורגיש). "דער באַשעפער פון די זעעלען", ווערטער פון א זעגענשפרוך וועלכען מע זאָגט ביי אידען נאָך א לייכטען איבערבייסען.

בּוֹ'רֵא־נְפָ'שׁוֹת־קְליינזעל, הז. א הויז פון אויסגעלאַסענהייט, א בראָדעל.

בּוֹ'רֵא פְּרִי הַגָ'פֶן, (ליטורגיש). "דער באַשעפער פון דער פרוכט פון דעם וויינשטאָק", די לעצטע ווער=טער פון א זעגענשפרוך וועלכען מע זאָגט ביי אידען איידער מע טרינקט וויין.

בּוֹרֵ'חַ, המ. אַ'ן אַנטלאָפענער, א שולדנער וועלכער איז אַנטלאָפען פון זיינע קרעדיטאָרען.

בּוֹ'רֵר, המ. (מ. בּוֹרְרִים [בָּרְ'רִים]). א וועהלער, א שטימגעבער; איי=נער פון די אויסגעקליבענע שיי=דענס=ריכטער ביי אַ'ן אָפּמאַך.

בּוֹרְרוּת [בָּרְ'רוּת], הוו. אָפּמאַך, קאָמפּראָמיס.

בּוּ'שָׁה, הוו. (מ. בּוּ'שׁוֹת). שאַנד; שעמעוודיגקייט. "אָגווערען נדן און ירושה איז ניט קיין בושה" (שפּוו.). "בושה טהוט וועה" (שפּוו.). "ער נעהמט זיין חרפה און דעקט זיין בושה דערמיט צו" (ווער.).

בּוּ'שֶׁת־פָּ'נִים, המ. (מ. בּוּ'שֶׁת־פָּ'נִים'ער), (תלמודיש). א שע=מעוודיגע פערזאָן. "בעסער א בושת־פנים איידער אַ'ן עזות־פנים" (שפּוו.).

בּוּ'שֶׁת־פָּ'נִים'דיג, א. שעמעוודיג.

בְּזֶה הַלָ'שׁוֹן, או. מיט דער שפּראַך, אזוי, נעמליך.

בְּזֶה הָאוֹ'פֶן, או. אויף דער אַרט, מיט דעם באַדינג.

בִּ'זּוּי, המ. (מ. בִּזּוּ'יִים). פאַראַכט=ליכער, נידעריגער מענש.

בִּ'זּוּי וּמְבוּ'זֶה, א. זעהר פאַראַכטעט, זעהר ערנידעריגט.

בִּ'זּוּי וְנִבְ'זֶה, א. זעהר פאַראַכטעט, זעהר ערנידעריגט.

בְּזוֹל [בְּזָ'ל], או. ביליג, וואָלוועל.

בִּ'זְיוֹ־בִּזְיוֹ'נוֹת*, המ. מ. א גרויסע שאַנד; גרויסע באַליידיגונגען.

בִּזָ'יוֹן, המ. (מ. בִּזְיוֹ'נוֹת). שאַנד; באַליידיגונג. "א מאַמע איז א פאָקרישקע זי דעקט צו די קינ=דער'ס חסרונות און דעם מאַנ'ס בזיונות" (שפּוו.).

בִּזְיוֹ'נוֹת, מ. (אַמעריקאַניש). (שפּאַסהאַפטע איבערמאַכונג פון דעם ענגלישען וואָרט „ביזנעס") געשעפטען.

בְּזִיל הַזּוֹל [הַזָ'ל], בְּזִיל זוֹל [זָל]*, או. זעהר ביליג, שפּאָט=ביליג.

בִּזְכוּת', או. צוליעב, וועגען.

**בִּזְכוּת' זֶה**, אָו. (ליטורגיש). צוליעב דעם, דערפאַר.

**בְּחִ'בּוּק יָדַ'יִם**, אָו. (ביבליש). מיט פאַרלייגטע הענד, ליידיג. "דער וואָס זיצט בחבוק ידים דער בלייבט אָהן מכנסים" (שפוו.).

**בְּחַדְרַ"ג**, אַב. בְּחֵ'רֶם דְרַבֵּ'נוּ גֵרְ'שׁוֹם, ווערטער וועלכע מע שרייבט ביי אידען אויף דעם קאָנווערט פון אַ בריעף אַלס אַ ווארנונג אַז קיינער אויסער די אַדרעסירטע פערזאָן זאָל איהם ניט לעזען. זעה חֵ'רֶם דְרַבֵּ'נוּ גֵרְ'שׁוֹם.

**בְּחַדְ'רֵי חֲדָ'רִים**, אָו. (תלמודיש). "אין די אינעווייניגסטע צימערען", באַהאַלטען, פאַרבאָרגען, סעק-רעטנע.

**בָּ'חוּר**, המ. (מ. בְּחוּרִים [בָּ'חוּרִים]). אַ יונגער מאַן; אַ'ן אונפאַרהייראַטעטער; אַ יונג, אַ קערל. "אַ בחור טאָר קיין שדכן ניט זיין" (שפוו.). "אַ בחור מאַכט קדוש איבער שפּענער און הבדלה איבער אַ קאַלטען פייער-טאָפּ" (שפוו.). "אַז אַ'ן אַלטער בחור שטאַרבט האָבען מיידלעך נקמה" (שפוו.). "ער איז אַזוי אַ בחור ווי די אַם איז אַ מויד" (ווער.).

**בָּ'חוּרִ'טע**, הוו. (מ. בָּ'חוּרִ'טעס). אַ מוטהיגע, היטרע, אָדער פאַר-שייטע פרוי.

**בָּחוּרִ'יעץ'**, המ. אַ קערל, אַ יונג.

**בְּחוּשׁ**, אָו. דייטליך, קלאָר. זעהן בחוש, זעהן מיט די אייגענע אויגען.

**בְּחֶזְקַת־**, אָו. האָבענדיג די רעפּו-טאַציאָן פון —, אָנגענומען אַלס —.

**בְּחִיל וּבִרְעָ'דָה**, אָו. (ביבליש). מיט טרייסלען און מיט ציטערניס, מיט גרויס פאַרעהרונג.

**בְּחִי'נָה**, הוו. (מ. בְּחִי'נוֹת), (קאַ-באַליסטיש). שטופע, קלאַס, גראַד.

**בָּחִיר**, המ. דער אויסערוועהלטער, דער בעסטער, דער פער; אַ'ן אַנ-טיקעל, אַ שענע זאַך.

**בְּחִיר הַיְצוּ'רִים**, המ. דער אויסער-וועהלטער פון אַלע באַשעפעניסען, דער מענש.

**בְּחִי'רָה**, הוו. וואַהל, אויסוואַהל, פרייער ווילען.

**בְּחִ'נָּם**, אָו. אומזיסט; זעהר ביליג. "בחנם קריגט מען בנים" (שפוו.).

**בְּחִפָּ'זוֹן**, אָו. אין איילעניש, אין האַסט.

**בַּחֲצוֹצְ'רוֹת וְקוֹל שׁוֹ'פָר**, אָו. (ביב-ליש). מיט טראָמפּייטען און מיט האָרן-קלאַנג.

**בַּחֲצִי [בְּחָ'צִי] חִ'נָּם**, אָו. האַלב אומזיסט, זעהר ביליג.

**בְּחֻקֹּ'תַי**, הוו. דער נאָמען פון דער דריי און דרייסיגסטער סדרה (ווז).

**בְּחֵ'רֶם**, אָו. אונטער דער שטראָף פון אויסגעשלאָסען ווערען פון דער געמיינדע. פרעג מיך בחרם, וואָס ווייס איך?. זעה חֵ'רֶם.

**בְּחֶרְפָּ'תוֹ, בְּחֶרְפָּ'תִי, בְּחֶרְפָּתֵ'נוּ**, אָו. צו זיין, מיין, אונזער שאַנדע.

**בָּטוּ'חַ**, המ. (ז. בְּטוּ'חִים). אַ באַ-גלויבטער, ראַיעלער מענש. "דער בעסטער בטוח איז די אייגענע

קעשענע" (שפוו.). "גאָט איז אַ בטוח" (שפוו.).

בָּטוּ'חַ, א. זיכער, איבערצייגט.

בְּטוּ'חוֹת, הוו. מ. זיכערהייטען, גאַראַנטיע, זאַלאָג.

בִּ'טוּל, המ. פאַראַכטונג, געָרינגשעצונג.

בִּ'טוּל הַיֵ'שׁ [הַיֶ'שׁ], המ. די פאַרניינונג פון אַלץ וואָס איז מאַטעריעל, דאָס אויסטהאָן זיך פון אַלע אירדישע אינטערעסען.

בִּטָּ'חוֹן, המ. (מ. בִּטְחֹ'נוֹת). צוטרוי, גלויבען, האָפענונג. "אַז מע האָט בטחון האָט מען אויף שבת" (שפוו.). "דער בטחון איז צוקראָכען" (וועր.).

בָּ'טֵל, א. (מ. בְּטֵ'לִים). פאַרניכטעט, אָפּגעשאַפט, צונישט. בטל ווערען, אויפהערען צו עקזיסטירען, אָפּגעשאַפט ווערען.

בָּ'טֵל בְּשִׁ'שִּׁים, (תלמודיש). פאַרלאָרען אין זעכציג מאָל אַזוי פיעל, פאַרלאָרען אין אַ מאַסע.

בָּ'טֵל וּמְבוּ'טָל, א. (תלמודיש). אויסקאַסירט און ווערטהלאָז.

בַּטְ'לָן, המ. (מ. בַּטְלָ'נִים). ליידיגגעהער, פוסטעפּאַסניק; קלויזניק. "צוויי התונות אין איין טאָג איז דעם בטלן'ס יאָמער און קלאָג" (שפוו.).

בַּטְלָ'נוּת, הוו. ניט וועלטליכקייט, ניט פראַקטישקייט.

בַּטְ'ליען, צש. אַרומגעהן ליידיג, פוסטעפּאַסעווען.

בִּי'אָה, הוו. (מ. בִּי'אוֹת). גע־שלעכטליכעס צוזאַמענזיין. "מאָל אויס אַ סרים דעם טעם פון ביאה" (ווער.).

בֵּי'אוּר, המ. (מ. בֵּיאוּ'רִים). זעה בֵ'אוּר.

בִּי'אַת הַגּוֹ'אֵל, המ. דאָס קומען פון דעם (אידישען) דערלייזער.

בְּיָד [בְּיַד] חֲזָ'קָה, או. (ביבליש). מיט שטאַרקער האַנד, מיט געוואַלט.

בְּיָד רָ'מָה, או. (ביבליש). מיט הויכער האַנד, מיט שטאָלץ, מיט פרעכהייט.

בְּיָדַ'יִם, או. מיט די הענד.

בְּיוֹדְ'עִים, או. מיט אַלעמענס וויסען, עפענטליך, אָפען.

בִּ'יוּשׁ, המ. שאַנד, באַליידיגונג.

בִּזָּ'יוֹן, המ. (מ. בִּזְיוֹ'נוֹת). זעה בִּזָּ'יוֹן.

בִּיחִי'דוּת [בִּיְחִי'דוּת], או. אין איינזאַמקייט, איינער אַליין. דאַוונען ביחידות, דאַוונען אָהן אַ מנין (ווז.).

בִּי'טוּל, המ. זעה בִּ'טוּל.

בִּיטָּ'חוֹן, המ. (מ. בִּיטְחוֹ'נוֹת). זעה בִּטָּ'חוֹן.

ביי־, די באַדייטונג פון אַלע העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "ביי" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

בַּיי'שָׁן, המ. (מ. בַּיישָׁ'נִים). זעה בַּיְ'שָׁן.

בִּי'לבּוּל, המ. (מ. בִּילבּוּ'לים). זעה בְּלִ'בּוּל.

בִּי'מָה, הוו. (מ. בִּי'מוֹת). אַ פּלאַטפאָרמע אַרומגערינגעלט מיט אַ געלענדער אין מיטען פון דער סינאַגאָגע.

בֵּין, פ. צווישען.

בֵּין אָ'דָם לַחֲבֵ'רוֹ, (תלמודיש). צווישען איין מענשען און דעם צווייטען.

בֵּין אָ'דָם לַמָּ'קוֹם, (תלמודיש). צווישען דעם מענשען און גאָט.

בֵּין אָ'רוּר הָ'מָן לְבָ'רוּךְ מָרְדְּ'כַי, (תלמודיש). צווישען „פאַרפלוכט איז המן" ביז „געבענשט איז מרדכי". ניט וויסען בין ארור המן לברוך מרדכי, ניט קענען אונטערשיידען פון איין זאַך ביז דער צווייטער (פון באַטרונקענהייט).

בֵּין הַזְּמַ'נִים, המ. די פרייע וואָכען צווישען די צוויי לעהרטערמינען (ביי אידען).

בֵּין הַשְּׁמָ'שׁוֹת, המ. (תלמודיש). פאַרנאַכט, פאַר זונענאונטערגאַנג.

בֵּין כֶּ'סֶא לֶעָ'שׂוֹר, המ. (די טעג) צווישען ראש השנה און יום־כפור.

בֵּין מִנְ'חָה לְמַעֲ'רִיב, המ. די צייט צווישען דעם מנחה־ און דעם מעריב־געבעט, פאַרנאַכט.

בֵּין רֶ'גֶל לְרֶ'גֶל, המ. צווישען איין פייערטאָג און דעם צווייטען, חול המועד (ווז.).

בֵּי'נֵי לְבֵי'נֵי [לְבֵּי'נֵי], או. (תלמודיש: בֵּינֵי וּבֵינֵי). אין דער צווישענצייט, אונטערדעסען.

בֵּינֵי'הֶם, או. „צווישען זיי", ביי ניט־אידען. ביי זיי בּיניהם, ביי ניט אידען.

בִּינְ'יָן, המ. (מ. בִּינְיָ'נִים). זעה בִּנְ'יָן.

בֵּינְתַּ'יִם, או. אונטערדעסען.

בֵּי'צָה, הוו. (מ. בֵּי'צִים). אַ'ן איי.

בֵּי'צִימער, המ. (מ. בֵּי'צִימער), (אַמעריקאַניש). אַ'ן אירלענדער (שטאַמט וואַהרשיינליך פון דעם וואָס "אירלאַנד" ווערט אין ענגליש אויסגעשפראָכען "אייערלאַנד").

בִּי'קוּר חוֹ'לִים, המ. זעה בִּ'קוּר חוֹ'לִים.

בִּירוּ'שָׁה [בִּירוּשָׁה], א. געערבט, איבערגעלאָזט, טראַדיציאָנעל.

בֵּית [בִּיז], המ. (מ. בֵּית'ען [בֵּי'זען]) דער נאָמען פון דעם צווייטען בוכשטאַב פון דעם אידישען אלף־בית ווען געשריבען מיט אַ פינטעלע אינעווייניג (בּ).

בֵּית [בֵּיז], המ. (מ. בֵית'ען [בֵי'זען]), דער נאָמען פון דעם צווייטען בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית ווען געשריבען אָהן אַ פינטעלע (ב).

בַּיִ'ת, המ. (מ. בָּתִּים [בַּ'תִים]). הויז; קעסטעל, שיידעל, דאָס פּאַרטעט־שיידעל פון די תפילין וואו עס ליגען איינגעשלאָסען די פרשות (ווז.).

בֵּית־דִּין [בֵּעזן], המ. (מ. בֵּית־דִּינִים

[בעזנס]), (תלמודיש). געריכטס־הויז; געריכט; די ראַבינער אָדער געלעהרטע פאַר וועלכע עס ווערען פאָרגעבראַכט אַלע געלטליכע דיספּוטען און רעליגיעזע פראַגען וואָס קומען פאָר אין דער געמיינדע.

בֵּית־דִין [בעזן]־שטיבעל, הז. (מ. בֵּית־דִין [בעזן]־טיבלעך). דאָס צימער וואו בית־דין זיצט.

בֵּית־דִין [בעזן] שֶׁל מַעְלָה, הם. (תלמודיש). דאָס הימלישע געריכט.

בֵּית־דִין [בעזן] שַׁמָשׁ [שַׁ׳מָשׁ], הם. (מ. בֵּית־דִין [בעזן] שַׁמָשִׁים [שַׁמָ׳שִׁים]). דער באַדינטער פון בית־דין. איך בין ניט דיין בית־דין־שמש, איך בין ניט דיין באַדינטער.

בֵּית־הַבְּלִי׳עָה, הוו. (תלמודיש). שלונד, שפּייזרעהר.

בֵּית־הַכָּ׳בוֹד, הם. (מ. בֵּית־הַכָּ׳בוֹד׳עֶן), (תלמודיש). אָפּטריט, קלאָזעט.

בֵּית־הַכְּנֶ׳סֶת, הם. (מ. בָּ׳תֵּי־כְּנֵסִ׳יוֹת), (תלמודיש). אַ סינאַגאָגע.

בֵּית־הַכִּ׳סֵא, הם. (מ. בֵּית־הַכִּ׳סְאִים), (תלמודיש). אָפּטריט, קלאָזעט.

בֵּית־הַמִדְ׳רָשׁ, הם. (מ. בָּ׳תֵּי־מִדְרָ׳שִׁים). זעה בֵּית־מִדְ׳רָשׁ.

בֵּית־הַמִקְ׳דָשׁ, הם. (מ. בֵּית־הַמִקְ׳דָשׁ׳עֶן), (תלמודיש). "דאָס הויז פון הייליגקייט", דער הייליגער טעמפּעל (ביי אידען) פאַר־צייטען אין ירושלים. "ניט אין איין טאָג איז דער בית־המקדש געבויט געוואָרען" (שפּוו.).

בֵּית־הַמְשׁוּגָ׳עִים, הם. אירענהויז.

בֵּית־הַקְבָ׳רוֹת, הם. (מ. בֵּית־הַקְבָ׳רוֹת׳ן), (תלמודיש). דאָס טויטען־פעלד. "צרות טרייבען אויפ׳ן בית־הקברות" (שפּוו.).

בֵּית־וַ׳עַד לַחֲכָ׳מִים, הם. (תלמודיש). אַ הויז וואו געלעהרטע קומען זיך צוזאַמען.

בֵּית־זוֹ׳נוֹת, הם. (מ. בָּ׳תֵּי־זוֹ׳נוֹת), (ביבליש). הור־הויז.

בֵּית־זְקֵ׳נִים, הם. אַלטען־הויז, באָגאַדיעלניע.

בֵּית־חַ׳יִים, הם. (מ. בֵּית־חַ׳יִים׳ס). "דאָס פּלאַץ פון לעבען", טויטען־פעלד.

בֵּית־מִדְ׳רָשׁ [מֶדְ׳רָשׁ], הם. (מ. בָּ׳תֵּי־מִדְרָ׳שִׁים), (תלמודיש). אַ אידישע סינאַגאָגע וועלכע ווערט אויך געבּרויכט אַלס פּלאַץ צום לערנען. "אַ גוטען מענשען וועט די שענק ניט קאַליע מאַכען און אַ שלעכטען וועט דער בית־מדרש ניט פאַרריכטען" (שפּוו).

בֵּית מוֹ׳שַׁב זְקֵ׳נִים, הם. זעה מוֹ׳שַׁב זְקֵ׳נִים.

בֵּית מַחֲ׳סֶה לִיתוֹ׳מִים, הם. וואַיזענהויז.

בֵּית־מִקְ׳דָשׁ, הם. (מ. בֵּית־מִקְ׳דָשׁ׳עֶן). זעה בֵּית־הַמִקְ׳דָשׁ.

**בֵּית־מֶר'חָץ**, המ. (תלמודיש). זעה מֶר'חָץ.

**בֵּית־עוֹ'לָם**, המ. (מ. בֵּית־עוֹ'לָמ'ים), (תלמודיש). „דער אויביגער פלאַץ", דאָס טויטען־פעלד. „ווי קומט דער חזיר אויפ'ן בּית־עולם" (ווער.).

**בית־עַלְ'מִין**, המ. (מ. בֵּית־עַלְ'מִינִים), (תלמודיש). זעה בֵּית־עוֹ'לָם.

**בֵּית־קְ'בוּל**, המ. (תלמודיש). אַ פלאַץ אַדיינצונעמען, אַ מאגען. ער האָט אַ גוטען בּית־קבּול, ער קען פיעל עסען.

**בַּ'יִת רִא'שׁוֹן**, המ. (תלמודיש). „דאָס ערשטע הויז", דער ערשטער בית־המקדש (ווז.).

**בַּ'יִת שֵׁ'נִי**, המ. (תלמודיש). „דאָס צווייטע הויז", דער צווייטער בית־המקדש (ווז.).

**בִּכָבוֹד** [בְּכָ'בוֹד], א. „מיט עהרע", אַנשטענדיג. עהרווירדיג, געאַכטעט. זעה כָּ'בוֹד.

**בִּכָבוֹד** [בְּכָ'בוֹד] גָ'דוֹל, או. מיט גרויס עהרע, מיט פּאַראַד; מיט פאַרגעניגען.

**בִּכְבוֹ'דוֹ וּבְעַצְ'מוֹ**, או. (תלמודיש). „מיט זיין ווירדע און מיט זיין אייגענער פערזאָן", ער אַליין.

**בִּכְדֵי'**, ב. דאַמיט, אום.

**בְּכַוָּון** [בְּכַ'וָּון], או. מיט אַבזיכט. זעה כַּ'וָּון.

**בְּכַוָּנָה** [בְּכַוָּ'נָה], או. מיט וואָרעמ=קייט, מיט געפיהל, מיט'ן גאַנצען הארצען: זעה כַּוָּ'נָה.

**בְּכוֹר** [בְּכֹר], המ. (מ. בְּכוֹ'רִים). אַ'ן ערשט=געבוירענער זוהן; אַ'ן ערשט=געבוירענער אָקס, באָק א. ד. ג. וועלכער איז הייליג ביי אידען און וועלכען מען טאָר ניט קאַליעטשען אָדער שלאָגען. אַרומ=געהן ווי אַ בּכור אויף דעם גוטען אָרט, אַרומגעהן לוידיג.

**בְּכוֹ'רָה**, הוו. (מ. בְּכוֹ'רוֹת). אַ'ן ערשט=געבאָרענע טאָכטער; די רעכט און פּריווילעגיען פון ערשט=געבאָרענע.

**בְּכוֹר'יטע** [בְּכֹר'יטע], הוו. (מ. בְּכוֹר'יטעס [בְּכֹר'יטעס]). אַ'ן ערשט=געבאָרענע טאָכטער.

**בְּכֹחַ** [בְּכֹ'חַ], או. אימשטאַנד, פעהיג. האָבען בּכח, זיין אימ=שטאַנד. זעה כֹּ'חַ.

**בְּכִיָּה**, הוו. (מ. בְּכִ'יּוֹת). געוויין, יאָמער.

**בְּכִיָּה לְדוֹ'רוֹת**, המ. (תלמודיש). אַ יאָמער אויף לאַנגע צייטען, אַ'ן אויביגער טרויער.

**בְּכִי'וּן**, או. זעה בְּכִ'וּון.

**בְּכִיסוֹ** [בְּכִי'סוֹ] **בְּכוֹסוֹ** [בְּכוֹ'סוֹ] **בְּכַעֲסוֹ** [בְּכַ'עֲסוֹ], (תלמודיש). דורך זיין בייטעל דורך זיין בעכער און דורך זיין צאָרן. „מע דער=קענט אַ מענשען בּכיסו בּכוסו בּכעסו" (שפוו.).

**בַּ'כֹּל מִ'כֹּל כֹּ'ל**, (תלמודיש). אַלס=דינג, פון אַלע סאָרטען.

**בְּכָל תְּפוּ'צוֹת יִשְׂרָ'אֵל**, אין אַלע

ערטער וואו אידען זענען צו=
שפרייט.

בִּכְלָל [בִּכְּלַל'], או. אין אַלגעמיי=
נעם, איבערהויפט; אין דער
קלאַסע פון, אלס.

בְּכֵן, או. דעריבער, דערפאַר, צו=
ליעב דעם.

בִּכְתָב [בִּכְּתַב'], או. שריפטליך,
אין מאַנוסקריפט.

בַּל־תַּשְׁ'חִית, (ביבליש). זאָלסט ניט
(אומזיסט) צושטערען. עובר זיין
אויף בל־תשחית, פאַר=
שווענדען אומזיסט.

בְּלֹא, או. ניט, ניט=געזעהן, בלא־
ראיה (ווז.).

בְּלֹא־יוֹדְ'עִים, או. (ליטורגיש). ניט=
וויסענדיג.

בְּלֹא־רְאִ'יָה, או. אומגעזעהען, ניט=
געזעהענערהייד (אין קאָרטען=
שפיעל).

בִּלְ'בּוּל, המ. (מ. בִּלְבּוּ'לִים). פאַל=
שע באַשולדיגונג.

בִּלְ'בּוּל דָם [דַם], המ. בלוט=באַ=
שולדיגונג, די פאלשע באַשולדי=
גונג געמאַכט אויף אידען אַז זיי
געברויכען בלוט פון קריסטען אויף
פסח.

בַּלַ'חַש, או. שושקענדיג, שטילער=
הייד.

בְּלִי־, פּ. אָהן.

בְּלִי־גוּזְ'מָא, או. אָהן איבערטריי=
בונג.

בְּלִי־מַסְקָ'נָא, או. אָהן אַ'ן אַבסאָ=
לוטען באַשלוס (אַ'ן אויסדרוק
וועלכע די פרומע אידען געברויכען
ווען זיי ריידען פון טהאָן אַ זאַך
אין דער צוקונפט, אום ניט צו
נעהמען אויף זיך קיין פאַרפפליכ=
טונג).

בְּלִי־נֶדֶר [נֶ'דֶר], או. אָהן אַ באַ=
שטימטען פאַרשפּרעכען. זעה
בְּלִי־מַסְקָ'נָא.

בְּלִי־סָ'פֵק, או. אָהן צווייפעל.

בַּלַ"מ, אב. בְּלִי־מַסְקָ'נָא (ווז.).

בל"נ, אב. בְּלִי־נֶ'דֶר (ווז.).

בְּלַעַ"ז, אב. בְּלְשׁוֹן' עַם זָר, או.
"אין דער שפּראַך פון אַ פרעמדען
פאָלק", ניט=העברעאיש; פאַר=
טייטשט, דאָס הייסט.

בִּלְ'עָם, אנמ. דער נאָמען פון דעם
צויבערער וועלכען בלק האָט גע=
רופען צו שילטען די אידען אין
דער וויסטע; אַ גרויס מויל. די
ביבעל דערצעהלט אַז ווען בלעם
איז געווען אויפ'ן וועג צו שילטען
דאָס אידישע פאָלק האָט זיך
פלוצלונג פאַר דער עזעלין אויף
וועלכע ער איז געריטען באַוויזען
אַ'ן ענגעל מיט אַ שווערד אין
האַנד און האָט איהר פאַרשטעלט
דעם וועג, און די עזעלין האָט
מיט אַמאָל אָנגעהויבען צו רעדען.
דערפון איז דער אויסדרוק:
בִּלְ'עָם'ס עזעל.

בָּ'לָק, אנמ. דער נאָמען פון דעם
קעניג פון דעם לאַנד מואב (ווז.),
וועלכער האָט געוואָלט פאַרטילי=
גען די אידען אין דער וויסטע ווי
די ביבעל דערצעהלט; הוו. דער
נאָמען פון דער פיערציגסטער סדרה

(ווז.) וואו די געשיכטע פון בלק ווערט דערצעהלט. לערנען מיט אימיצען ב ל ק, איינעם גוט אָנלערנען.

בְּלִ'תִּי סָ'פֵק, או. אָהן אַ צווייפעל.

בַּמִּדְ'בָּר, המ. דער נאָמען פון דעם פינפטען בוך פון חומש (ווז.); הוו. דער נאָמען פון דער פיער און דרייסיגטער סדרה (ווז.).

בַּ'מֶה מָצִיּ'נוּ, המ. זעה מַה מָּצִיּ'נוּ.

בִּמְהֵ'רָה, או. שנעל, באַלד, אין קורצען.

בִּמְהֵ'רָה בְּיָמֵי'נוּ, או. (תלמודיש). אין גיכען (און) נאָך פאַר אונזער לעבען, אין קורצען.

בִּמְזוּ'מָן, בִּמְזוּמָּ'נִים, או. מיט באַארען געלט, אין קאַסע.

בְּמֵ'זִיד, או. מוטהוויליג, מיט אַבזיכט.

בִּמְחִי'לָה, או. מיט פאַרצייהונג, בעטענדיג פאַרצייהונג.

בְּמִצְוו'תָיו, או. באַרוישט, באַטרונקען (שטאַמט וואַהרשיינליך פון דעם וואָרט "במצוותיו" וואָס קומט פאָר אין קידוש, וועלכען מע זאָגט געוועהנליך אויף וויין).

בִּמְ'קוֹם, פּ. אנשטאָט, וויצע; המ. אַ שטעלפאַרטרעטער, אַ געהילפע.

בִּמְ'קוֹם שֶׁאֵין' אִישׁ (הִשְׁתַּ'דֵּל לִהְ'יוֹת אִישׁ), (תלמודיש). דאָרט וואו עס איז ניטאָ קיין מאַן צו טהאָן די אַרבייט (באַמיה זיך דו צו זיין דער מאַן). "ב מ ק ו ם ש א י ן א י ש איז אַ הערינג אויך אַ פיש" (שפוו.).

בְּמֶ'קַח הַשָּׁוֶ'ה, או. אין גלייכען פרייז, אין גלייכען געלט, ביליג.

בְּמֶ'שֶׁךְ, או. אין פאַרלויף.

בְּמַתָּ'נָה, או. אַלס געשאַנק, געשאָנקען.

בֵּן, המ. (מ. בָּ'נִים, בְּנֵי־). אַ זוהן; אַ יונג, אַ קערל. דאָס וואָרט ווערט אויך זעהר אָפט געברויכט אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע ווערטער אין די פיעלפאַכע באַדייטונגען פון: געהערענדיג צו, באַגאַבט מיט, פעהיג אויף, באַזיצער פון, מיטגליעד פון, אין אַלטער פון (זעה אונטען).

בֶּן־אָדָם, המ. (מ. בְּנֵי־אָ'דָם), (ביבליש). אַ מענש, מענשענקינד.

בֶּן־בַּ'יִת, המ. (מ. בְּנֵי־בַ'יִת [־בַּ'יִת]), (ביבליש). "הויזקנעכט", הויז־מענש, אָפטער איינגעהער.

בֶּן־בְּרִית, המ. (מ. בְּנֵי־בְרִית [בְּרִית]) (תלמודיש). איינער וועלכער געהערט צו דעם בונד (וועלכען גאָט האָט געשלאָסען מיט די אידען), אַ איד.

בֶּן־גְדוֹ'לִים, המ. איינער וועלכער שטאַמט פון גרויסע (מענער), אַ'ן אַריסטאָקראַט.

בֶּן־הַנִּ'דָּה, המ. (מ. בְּנֵי־הַנִּ'דָּה׳ים). דער זוהן געבאָרען פון אַ צוזאַמענזיין אין דער צייט פון דער מוטער'ס אונריינקייט.

בֶּן־הָרַב', המ. (מ. בְּנֵי־הָרַב'). דער זוהן פון אַ ראַבינער.

בֶּן־זוּג, המ. (תלמודיש). די באַשערטע פּאָאר, דער באַשערטער.

בֶּן־זְקוּ'נִים, הם. (ביבליש). אַ זוהן געבאָרען אויף דער עלטער, מיזיניק. "אַ בן־זקונים איז אַ פּאַרטיגער יתום" (שפּוו.).

בֶּן־חוֹ'רִין, הם. (מ. בְּנֵי־חוֹ'רִין), (תלמודיש). אַ פרייער מאַן.

בֶּן־טוֹ'בִים, הם. (תלמודיש). אַ זוהן פון פיינע עלטערן.

בֶּן־יָ'חִיד, הם. (מ. בְּנֵי־יְחִי'דִים), (ביבליש). אַ'ן איינאיינציגער זוהן. "אַ בן־יחיד איז אַ האַלבער משומד" (שפּוו.). "אַ בן־יחיד זאָל מען מיידען אַ בת־יחידה זאָל מען זוכען" (שפּוו.). "איינגעשפּאַרט ווי אַ בן־יחיד" (ווער.).

בֶּן־יַ'קִּיר, הם. (ביבליש). אַ טהייערער זוהן, אַ טהייערער קינד (געוועהנליך געברויכט אין אַ'ן איראָנישען זין).

בֶּן־יִשְׂרָ'אֵל, הם. (מ. בְּנֵי־יִשְׂרָ'אֵל) (ביבליש). אַ'ן איזראַעליט, אַ'ן אידיש קינד.

בֶּן־מָ'וֶת, הם. (ביבליש). "פאַראורטהיילטער צום טויט", שטערבענדער, געפעהרליכער קראַנקער.

בֶּן־מֶ'לֶךְ, הם. (מ. בְּנֵי־מְלָ'כִים), (תלמודיש). דער זוהן פון אַ קעניג, אַ פרינץ.

בֶּן־נֹ'חַ, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער שטאַמט פון נח, אַ ניטאיד; אַ קאַרגער גראָבער מענש.

בֵּן [בֶּן] סוֹ'רֵר וּמוֹ'רֶה, הם. (ביבליש). אַ ווידערשפּענסטיגער זוהן, אַ פאַרדאָרבען קינד.

בֶּן־סִירָ'א, אנס. דער זוהן פון סירא, פאַרפאַסער פון אַ בוך וואָס ענטהאַלט מאָראַל־שפּרוכען און רופט זיך מיט דעם זעלביגען נאָמען (דאָס בוך איז אַ טהייל פון די כתובים אחרונים, ווז.).

בֶּן־עִיר, הם. (תלמודיש). שטאָדטמענש; איינער וועלכער קומט פון דער זעלביגער שטאָדט.

בֶּן־פְּקוּ'עָה, הם. (מ. בֶּן־פְּקוּ'עָה'ס), (תלמודיש). אַ לעבעדיג קעלבעל אַרויסגענומען פון אַ געקוילעטער קוה.

בֶּן־שִׁבְ'עִים, הם. (תלמודיש). אַ זיבעציגער, איינער וועלכער איז אַלט זיעבציג יאָהר אָדער מעהר.

בֶּן־תּוֹ'רָה, הם. (תלמודיש). אַ געלערנטער, אַ לערנער, אַ תלמודיסט.

בְּנֶאֱמָ'נוּת, או. אויף עהרליכקייט, אויף עהרענוואָרט.

בֶּנְיָ'אק', הם. (מ. בֶּנְיָ'אקעס). אַ זוהנדעל (געברויכט אין אַ פאַראַכטענדען זין).

בִּנְבוּ'אָה, או. פּראָפעטיש, פאָראויס.

בְּנוֹגֵ'עַ, או. וואָס אנבעלאַנגט, וואָס געהערט.

בָּ'נוֹת, הוו. מ. זעה בַּת.

בְּנֵי־אָ'דָם, הם. (ביבליש). די ערשטע ווערטער פון די פסוקים וועלכע מע זאָגט צו כפרות-שלאָגען. קוקען ווי דער האָהן אין בני־אדם, קוקען (אויף עפּעס געשריבענעם אָדער געדרוקטעס) און ניט קענען איבערלעזען אָדער ניט פאַרשטעהן דעם אינהאַלט.

בְּנֵי־מֹ'שֶׁה, הם. מ. משה'ס קינדער, די רויטע אידעלעך, אַ געוויסער

טהייל פון דעם אידישען פאָלק וואָס געפינט זיך, ווי די לעגענדע דערצעהלט, פון יענער זייט טייך סמבטיון (ווז.).

בְּנֵי־עֲלִיָּה, המ. מ. (תלמודיש). מענער פון הויכען שטאַנד, גע־הויבענע לייט.

בְּנִימוּס, בְּנִימוּסְדִיג, או. אָנ־שטענדיג.

בִּנְיָמִין, אנמ. דער נאָמען פון דעם אינגסטען פון יעקב׳ס צעהן זיהן; דער שטאַם וועלכער קומט אַרויס פון בנימין.

בִּנְיָן, המ. (מ. בִּנְיָנִים). געביי, געביידע.

בְּנִמְצָא, או. אָפט באַגעגענט, לייכט צו געפינען.

בִּנְעִימוּת, או. מיט זאַנפטקייט, זאַנפט, מילד.

בִּנְשִׁיקָה, או. (תלמודיש). מיט אַ קוש (פון גאָט). „משה רבנו איז געשטאָרבען בּנשיקה״.

בס״ה, אב. בְּסַךְ־הַכֹּל (ווז.).

בְּסוֹד [בְּסָתֶר], או. אין געהיים.

בְּסוֹדֵי סוֹדוֹת, או. זעהר געהיים.

בְּסַךְ־הַכֹּל, או. אין גאַנצען, אַלץ צוזאַמענגענומען.

בַּעֲגָלָא וּבִזְמַן קָרִיב, או. (לי־טורגיש). אין גיכען און אין אַ קורצע צייט. „אַז בעגלא איז אַ וואָגען איז בזמן קריב אַ שליטען״ (ווער.—דער שפּאַס ליעגט אין דער עהנליכקייט פון דעם אַראַמעאישען וואָרט „עגלא״, באַלד, צו דעם העברעאישען וואָרט „עגלה״, וואָגען).

בע״ה, אב. בְּעֶזְרַת־הַשֵּׁם (ווז.).

בעה״ב, אב. בַּעַל־הַבַּיִת (ווז.).

בעוה״ר, אב. בַּעֲווֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים (ווז.).

בַּעֲווֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים, או. „פאַר אונזערע פיעלע זינד״, אַן אויס־דרוק געברויכט אויסצודריקען די נישטווירדיגקייט אָדער דעם קליי־נעם באַטרעף פון אַ זאַך, אַזוי ווי: בעוונותינו הרבים וואָס ער האָט אין זיין גאַנצען פאַרמעגען.

בעזיבושׂניצע, הוו. (מ. בעזיבושׂ־ניצעס). אונפאַרשעמטע פרוי.

בעזיבושׂניק, המ. (מ. בעזיבושׂ־ניקעס). אונפאַרשעמטער מאַן.

בעזחַרְפָּהטניצע, הוו. (מ. בעז־חַרְפָּהטניצעס). אונפאַרשעמטע פרוי.

בעזחַרְפָּהטניק, המ. (מ. בעז־חַרְפָּהטניקעס). אונפאַרשעמטער מאַן.

בעז״ה, אב. בְּעֶזְרַת הַשֵּׁם (ווז.).

בְּעֶזְרַת הַבּוֹרֵא, או. מיט דער הילף פון דעם באַשעפער, מיט גאָט׳ס הילף.

בְּעֶזְרַת הַשֵּׁם [הַשֵּׁם] (יִתְבָּרֵךְ), מיט דער הילף פון גאָט (געבענשט זאָל ער זיין).

בְּעֵינַי רָאִיתִי, מיט מיינע (איי־גענע) אויגען האָב איך געזעהען.

בְּעֵירוֹם וּבְחֹסֶר כֹּל, או. (ביבליש).

"אין נאַקעטקייט און אין מאַנגעל פון אַלצדינג", אין גרויס נויטה.

בַּ'עַל־, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־). ווערט געברויכט אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע ווערטער און האָט די פיעלפאַכע באַדייטונגען: באַזיצער פון, באַגאַבט מיט, פעהיג אויף, אָנגעשטעלט אַלס א. ד. גל. זעה אונטען.

בַּעַל־אוּמְ'נוּת, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־אוּמְ'נוּת), (תלמודיש). איינער וועלכער האָט אַ פּראָפעסיאָן, אַ האַנדווערקער.

בַּ'עַל־אַחֲרָיוּת [אַחֲרַ'יוּת], הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־אַחֲרָיוּת [אַחֲרַ'יוּת]). דער וועלכער איז פאַראַנטוואָרטליך.

בַּ'עַל־אַכְסַנְ'יָה, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־אַכְסַנְ'יוֹת), (תלמודיש). דער אייגענטהימער פון אַ גאַסטהויז.

בַּ'עַל־בָּטוּ'חַ, הם. (תלמודיש: בַּעַל בִּטְחָה). זעה בָּטוּ'חַ.

בַּ'עַל־בִּטָּ'חֹן, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־בִטָּחוֹן [בִּטָּ'חוֹן]). איינער וועלכער האָט צוטרוי (אין גאָט).

בַּ'עַל־בֶּ'כִ', הם. איינער וועלכער ווערט לייכט געריהרט צום וויינען, אַ וויינער.

בַּ'עַל־בְּרִית, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־בְרִית [בְּרִית]), (ביבליש). דער פאָטער פון דעם באַשניטענעם קינד.

בַּ'עַל־גַּ'אֲוָה, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־גַ'אֲווֹת). שטאָלצער מאַן, גרויס=האַלטער. "אַ בעל־גאוה איז ערגער פון אַ בעל־תאוה" (שפוו.).

בַּ'עַל־גַּ'אֲוָה'טֶע, הוו. (מ. בַּ'עַל־גַּ'אֲוָה'טעם). שטאָלצע פרוי, גרויס=האָלטערקע.

בַּ'עַל־גַּ'אֲוָה'ניצע, הוו. (מ. בַּ'עַל־גַ'אֲוָה'ניצעס). שטאָלצע פרוי, גרויס=האַלטערקע.

בַּ'עַל־גַּ'אֲוָה'ניק, הם. (מ. בַּ'עַל־גַ'אֲוָה'ניקעס). שטאָלצער מענש, גרויס=האַלטער.

בַּ'עַל־גּוּזְ'מָא, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־גוּזְ'מָא). איינער וועלכער האָט ליעב צו איבערטרייבען.

בַּ'עַל־גּוּף, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־גוּ'פִים). שטאַרקער דיקער מענש; אַ קליינער ערד=באַזיצער (געוועהנליך געברויכט אויף אַ ניט=אידען).

בַּ'עַל־דָּ'בָר, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־דָ'בָר), (ביבליש). "דער מאַן פון דער קלאַגע", די באַטרעפענדע פערזאָן; דער ניט=גוטער, דער שטן (ווז.).

בַּ'עַל־דַּבְּ'רָן, הם. אַ רעדנער.

בַּ'עַל־דִּין, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־דִי'נִים), (תלמודיש). איינער פון די פאַראינטערעסירטע פערזאָנען אין אַ פּראָצעס. "אַז ביידע בעלי־דינים זיינען גערעכט איז שלעכט" (שפוו.).

בַּ'עַל־דֵ'עָה, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־דֵ'עוֹת). איינער וואָס זיין מיינונג אָדער זיין באַפעהל ווערט געוועהנליך אָנגענומען, איינער וועלכער האָט (איבער עפּעס) צו זאָגען, אַיינפלוסרייכע פערזאָן, אויטאָריטעט.

בַּ'עַל־דִּקְ'דוּק, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־דִקְ'דוּק). איינער וועלכער קען גוט די העברעאישע שפּראַך=רעגעלן; אַ גראַמאַטיקער.

בּ'עַל־דֶ'רֶךְ־אֶ'רֶץ, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־דֶ'רֶךְ־אֶ'רֶץ). איינער וועלכער האָט גוטע מאַניערען.

בַּ'עַל־דַרְ'שָׁן, הם. זעה דַרְ'שָׁן.

בַּ'עַל־דַרְ'שֶׁ'ער, הם. (מ. בַּ'עַל־דַרְ'שְׁ'ערס). פּרעדיגער, זאָגער. "איטליכער ב ע ל ־ ד ר ש ' ע ר דרש'עט פאַר זיך אַליין" (שפּוו.).

בַּ'עַל־הַבַּיִת [הַבָּ'ת'], הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־בָתִּים [בַּ'תִּים]), (תלמודיש). הויז־באַזיצער; באַזיצער, אייגענטהימער; וואָלהאַבענדער מענש; אַרבייט־געבער; גוטער ווירטהשאַפטער. "איטליכער ב ע ל ־ ה ב י ת האָט פליי אין נאָז" (שפּוו.). "אַ ב ע ל ־ ה ב י ת אויף אַ הויפטעל קרויט" (ווער.). "בעסער אַ רייכער שכן איידער אַ'ן אָרעמער ב ע ל ־ ה ב י ת" (שפּוו.). "הונגער איז אַ בייזער ב ע ל ־ ה ב י ת" (שפּוו.). "יעדער הונד איז אַ ב ע ל ־ ה ב י ת אויף זיין מיסט" (שפּוו.). "עס איז גוט צו זיין אַ ב ע ל ־ ה ב י ת אַז עס איז דאָ מיט וואָס" (שפּוו.). "פיעל ב ע ל י ־ ב ת י ם ווייניג מזל־ברכה" (שפּוו.).

בַּ'עַל־הַבַּיִת'טע [הַבָּ'ת''טע], הוו. (מ. בַּ'עַל־הַבַּיִת'טעס [הַבָּ'ת''טעס]). הויז־באַזיצערין; באַזיצערין, אייגענטהימערין; וואָהלהאַבענדע פרוי; אַרבייט־געבערין; גוטע ווירטהין. "אַז די ב ע ל ־ ה ב י ת ' ט ע איז אַ שטינקערין איז די קאַץ אַ נאַשערין" (שפּוו.). "אַז די ב ע ל ־ ה ב י ת ' ט ע איז אַ קאַץ איז די קאַץ אַ ב ע ל ־ ה ב י ת ' ט ע" (שפּוו.). "אַ שטוב דאַרף האָבען אַ ב ע ל ־ ה ב י ת ' ט ע און אַ שטאַל דאַרף האָבען אַ בעל־הבית" (שפּוו.).

בַּ'עַל־הַבַּיִת'יעל [הַבָּ'ת'יעל], הם. (מ. בַּ'עַל־הַבַּיִת'לעך [הַבָּ'ת'לעך]). אַ יונגער מאַן גלייך נאָך דער חתונה.

בַּ'עַל־הַבַּ'ת'ישקייט, הוו. ווירטהשאַפט־זאַכען, הויז־זאַכען, מעבעל און געשיער א. ד. ג.

בַּ'עַל־הַבַּ'ת'יעווען, צש. באַפעהלען, הערשען.

בַּ'עַל־הַגּוּף', הם. זעה בַּ'עַל־גוּף.

בַּ'עַל־הֶעָזָה [הָ'זֶה], הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־הֶעָזָה [הָ'זֶה]). אַ פרעכער מאַן.

בַּ'עַל־הֶעָזָה'ניצע [הָ'זֶהניצע], הוו. (מ. בַּ'עֲלֵי־הֶעָזָה'ניצעס [הָ'זֶהניצעס]). אַ פרעכע פרוי.

בַּ'עַל־הֶעָזָה'ניק [הָ'זֶהניק], הם. (מ. בַּ'עַל־הֶעָזָה'ניקעס [הָ'זֶהניקעס]). אַ פרעכער מאַן.

בַּ'עַל־חוֹב, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־חוֹ'בוֹת), (תלמודיש). שולדנער; אַ קרעדיטאָר. "אַ ב ע ל ־ ח ו ב איז אַ בעל־יסורים" (שפּוו.).

בַּ'עַל־חַי, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־חַ'יִים), (תלמודיש). אַ לעבעדיג באַשעפעניס.

בַּ'עַל־חַ'יָיב, הם. דער שולדיגער, דער פאַרברעכער.

בַּ'עַל־חֲלוֹ'מוֹת, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־חֲלוֹ'מוֹת), (ביבליש). טרוימער, פאַנטאַזיאָר.

בַּ'עַל־חֶשְׁ'בּוֹן, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־

חֶשְׁ'בּוֹן). אַ מאַטהעמאַטיקער, אַ רעכענמייסטער.

בַּ'עַל־חַ'תוּנָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־חַ'תוּנָה). איינער וועלכער גיט אַ האָכצייט=פעסט פאַר זיין זוהן אָדער זיין טאָכטער.

בַּ'עַל־טאַקסע, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־טאַקסע). איינער וועלכער האַלט אין אַרענדע די טאַקסע. "זיער ערגסטער שוחט איז דער בעל־טאַקסע" (שפוו.).

בַּ'עַל־טוֹ'בָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־טוֹ'בוֹת). וואהלטהוער, איינער וואָס טהוט געפעלינגקייטען.

בַּ'עַל־יִסוּ'רִים, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־יִסוּ'רִים), (תלמודיש). איינער וועלכער ליידט שמערצען.

בַּ'עַל־כֹּ'חַ, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־כֹּחַ [כֹּ'חַ]). אַ שטאַרקער מאַן.

בַּ'עַל־כִּיס, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־כִיס [כִּיס]), (תלמודיש). איינער וואָס האָט געלט, אַ רייכער מאַן.

בַּ'עַל־כַּ'עַס, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־כַעַס [כַּ'עַס]). איינער וועלכער קומט לייכט אַריין אין צאָרן, אַ בייזער מענש.

בַּ'עַל־כַּ'עֲסָן, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־כַּעֲסָנִים [כַּעֲסָ'נִים]). זעה בַּ'עַל־כַּ'עַס.

בְּעַל־כָּרְ'חוֹ (כָּרְ'חָךְ), או. (תלמודיש). קעגען זיין (דיין) ווילען, מיט געוואַלט.

בַּ'עַל־לָ'שוֹן, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־לָ'שוֹן), (ביבליש). שפראַך=קענער; אַ רעדנער; אַ שרייבער.

בַּ'עַל־לְ'שוֹן־קוֹ'דֶש, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־לְ'שוֹן־קוֹ'דֶש). איינער וועלכער קען די העברעאישע שפראַך.

בַּ'עַל־מַגִי'הַ, המ. (מ. בַּ'עַל־מַגִי'הִים). איינער וועלכער קוקט איבער ספרי־תורות תפילין און מזוזות אום אויסצוגעפינען אויב עס איז אין זיי קיין טעות ניט פאַראַן אָדער די בוכשטאַבען זיינען ניט אָפגעשפרונגען אָדער פאַרמעקט געוואָרען; אַ קאָרעקטאָר אין אַ דרוק.

בַּ'עַל־מֹ'חַ, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מֹ'חַ). אַ קאָפּ=מענש.

בַּ'עַל־מוּם, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מוּ'מִים), (תלמודיש). איינער וועלכער האָט אַ פעהלער, אַ קריפּעל, אַ קאַליקע.

בַּ'עַל־מוּ'סָף, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מוּ'סָף). דער פאַרבעטער פון דעם מוסף (ווז.) געבעט.

בַּ'עַל־מוֹ'פֵת, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מוֹ'פֵת). איינער וואָס באַווייזט וואונדער, אַ גוטער איד.

בַּ'עַל־מַ'זָל, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מַזָ'לוֹת). איינער וועלכער האָט גליק.

בַּ'עַל־מְחַ'בֵּר, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מְחַבְּ'רִים). פאַרפאַסער.

בַּ'עַל־מִחְ'יָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מִחְ'יוֹת). אַ שענקער.

בַּ'עַל־מַחֲלוֹ'קֶת, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מַחֲלוֹ'קֶת), (תלמודיש). איינער וועלכער האָט ליעב שטרייטיגקייטען, אַ קריגער.

בַּ'עַל־מַחֲשָׁ'בוֹת, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מַחֲשָׁ'בוֹת), (תלמודיש). אַ מאַן מיט געדאַנקען, אַ דענקער

בַּ'עַל־מְטוּ'פָּל, א. "אַ באַלאָדענער",
אַ באַשאָנקענער (מיט); המ. איי=
נער וועלכער האָט פיעל קינדער
אָדער אַ גרויסע פאַמיליע.

בַּ'עַל־מְכַ'שֵּׁף, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
מְכַשְּׁ'פִים). צויבערער.

בַּ'עַל־מְלָאכָ'ה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
מְלָא'כוֹת), (תלמודיש). אַרבייטער,
האַנדווערקער; אַ מייסטער, אַ
קינסטלער. "דעם ארבייטער אַ
גילדען דעם בעל־מלאכה אַ
רובל" (שפוו.).

בַּ'עַל־מְנַ'גֵּן, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־מְנַגְּ'נִים)
אַ קענער אויף זינגען, אַ זינגער.

בַּ'עַל־מְפוּ'נִיצע, הוו. (מ. בַּ'עַל־
מְפוּ'ניצעס). זעה בַּ'עַל־מְפוּ'נָק.

בַּ'עַל־מְפוּ'נָק, המ. אַ דעליקאַטנער
פאַרצערטעלטער מענש, אַ'ן אויס=
טראַכטער, אַ'ן אויסקלייבער.

בַּ'עַל־מַפְ'טִיר, המ. דער וועלכער
ווערט אויפגערופען אין שוהל
צום לייענען פון דער הפטורה
(ווז.).

בַּ'עַל־מִצְ'וָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
מִצְ'ווֹת), (תלמודיש). 1) איינער
וועלכער טהוט מצוות; 2) בר־
מצוה (ווז.).

בַּ'עַל־מִצְוָה'ט'ניצע, הוו. (מ. בַּ'עַל־
מִצְוָה'ט'ניצעס). זעה בַּ'עַל־
מִצְ'וָה 1).

בַּ'עַל־מִצְוָה'ט'ניק, המ. (מ. בַּ'עַל־
מִצְוָה'ט'ניקעס). זעה בַּ'עַל־
מִצְ'וָה 1).

בַּ'עַל־מְצִי'אוֹת, המ. איינער וועל=
כער קויפט זאַכען זעהר ביליג.

בַּ'עַל־מַצְלִי'חַ, המ. איינער וועלכער
האָט אימער גליק.

בַּ'עַל־מְקוּ'בָּל, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
מְקוּבָּ'לִים). איינער וועלכער איז
געלערנט אין קבלה, אַ קאַבאַליסט.

בַּ'עַל־מְקַ'נֵא, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
מְקַנְ'אִים). אַ באַניידער, אַ ניט=
פאַרגינער.

בַּ'עַל־מָ'רָה־שְׁחוֹ'רָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
מָ'רָה־שְׁחוֹ'רָה). אַ מעלאַנכאָלי=
קער.

בַּ'עַל־מְשָׁ'לִים, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
מְשָׁ'לִים). איינער וועלכער וויים
אָדער געברויכט אין זיין ריידען
זעהר פיעל פאַבעלען אָדער אַנעק=
דאָטען.

בַּ'עַל־נֶאֱמָ'נוּת, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
נֶאֱמָ'נוּת). אַ באַגלויבטער, פאַר=
טרויענסווערטער מענש.

בַּ'עַל־נְגִי'נָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
נְגִי'נָה). זעה בַּ'עַל־מְנַ'גֵּן.

בַּ'עַל־נֵ'ס [נֶס], המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
נִ'סִים). איינער וועלכער באַוויזט
וואונדער אָדער עס פאַסירען מיט
איהם וואונדער.

בַּ'עַל־נְעִי'לָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
נְעִי'לָה). דער פאָרבעטער פון
דעם נעילה (ווז.) געבעט.

בַּ'עַל־סוֹ'ד [סָד], המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־
סוֹ'דוֹת). איינער וועלכער קען
האַלטען אַ געהיימניס. "דער מאָ=
גען איז אַ גרויסער בעל־סוד"
(שפוו.).

בַּ'עַל־עֲבֵ'רָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־עֲבֵ'רוֹת). אַ מאַן פון זינד, אַ'ן אויסגעלאַסענער מענש.

בַּ'על־עֲבֵ'רָה'ניק, המ. (מ. בַּ'עַל־עֲבֵ'רָה'ניקעס). זעה בַּ'עַל־עֲבֵ'רָה.

בַּ'עַל־עֲגָ'לָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־עֲגָ'לוֹת). פוהרמאַן; אָנטרייבער, קוטשער. "אַז מע וויל אָפּטהאָן דעם בעל־עגלה אַ שפּיטצעל געהט מען ביי'ן וואָגען צו פוס" (שפּוו.). "ווי דער בעל־עגלה וויל אַזוי דרעהט ער מיט'ן דיי־שעל" (שפּוו.).

בַּ'עַל־עַוְ'לָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־עַוְ'לוֹת). איינער וועלכער טהוט אַ'ן אונרעכט, איינער וועלכער קריוודעט (אימעצען).

בַּ'עַל־עֵ'סֶק, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־עֲסָ'קִים) געשעפטס־מאַן.

בַּ'עַל־עֵ'צָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־עֵ'צוֹת), (תלמודיש). ראַטהגעבער; אַ קלו־גער מאַן.

בְּעַל־פֶּ'ה, או. (תלמודיש). "מיט'ן מויל", אויסוועניג.

בַּ'עַל־פּוֹ'עֵל, המ. אַ ווירקזאַמער אונטעררריכטער, איינער וועלכער לערנט גוט מיט זיינע שילער.

בַּ'עַל־צְדָ'קָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־צְדָ'קוֹת), (תלמודיש). אַ וואָהל־טהוער, אַ פרייגיביגער מענש. "אַ'ן אָרעמאַן טאָר קיין בעל־צדקה ניט זיין" (שפּוו.). "ער איז אַ בעל־צדקה אויף אַ פרעמדען בייטעל" (ווער.).

בַּ'עַל־צְדָ'קָה'טע, הוו. (מ. בַּ'עַל־צְדָ'קָה'טעס). זעה בַּ'עַל־צְדָ'קָה.

בַּ'עַל־קַבָּ'לָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־קַבָּ'לָה). זעה בַּ'עַל־מְקוּ'בָּל.

בַּ'עַל־רַחֲ'מִים, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־רַחֲ'מִים), (תלמודיש). אַ באַרמ־הערציגער מענש.

בַּ'עַל־רַחֲ'מָן, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־רַחֲמָ'נִים). אַ באַרמהערציגער מענש.

בַּ'עַל־שַׁחֲ'רִית, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־שַׁחֲ'רִית, בַּ'עֲלֵי־שַׁחֲרִי'תִים *). דער פאָרבעטער פון דעם שחרית (ווו.) געבעט.

בַּ'עַל־שֵׁ'ם [שֶׁם], המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־שֵׁ'מוֹת). איינער וועלכער קען באַווייזען וואונדער מיט די היי־ליגע נעמען פון גאָט, אַ גוטער איד. "אַז דער טאַטע איז אַ בעל־שם איז דער זוהן אַ גולם" (שפּוו.).

בַּ'עַל־שֵׁם־טוֹב [שֶׁם־טָב], אמ. דער צו־נאָמען פון דעם קאַבאַליסט ישראל פון מעזיבוז, גרינדער פון דער חסידישער סעקטע (געבאָרען 1700; געשטאָרבען 1760).

בַּ'עַל־שִׂמְ'חָה, המ. (מ. בַּ'עֲלֵי־שִׂמְ'חוֹת). איינער וועלכער מאַכט אַ מאָהלצייט, אַ האָכצייט־פעסט א. ד. ג. "אַז דער בעל־שמחה איז אַ פרעסער קומט די געסט גאָרניט אָן" (שפּוו.).

בַּ'עַל־שִׂמְ'חָה'טע, הוו. (מ. בַּ'עַל־שִׂמְ'חָה'טעס). זעה בַּ'עַל־שִׂמְ'חָה.

בַּ׳עַל־שֶׁ׳פַע, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־שֶׁ׳פַע). איינער וועלכער האָט אַ גוט-גע־ הענדעס געשעפט.

בַּ׳עַל־תַּאֲוָ׳ה, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־תַאֲווֹת [תַּאֲ׳וֹת]). איינער וועל־ כער איז איבערגעגעבען צו קער־ פערליכע פאַרגעניגענס; אַ ליידענ־ שאַפטליכער מענש.

בַּ׳עַל־תַּאֲוָ׳הניצע, הוו. (מ. בַּ׳עַל־תַּאֲוָ׳הניצעס). זעה בַּ׳עַל־תַּאֲוָ׳ה.

בַּ׳עַל־תַּאֲוָ׳הניק, המ. (מ. בַּ׳עַל־תַּאֲוָ׳הניקעס). זעה בַּ׳עַל־תַּאֲוָ׳ה.

בַּ׳עַל־תּוֹקֵ׳עַ, המ. (מ. בַּ׳עַל־תּוֹקְ׳עִים) דער וועלכער בלאָזט דעם שופר אין שוהל.

בַּ׳עַל־תַּחְבּוּ׳לָה, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־תַחְבּוּלוֹת [תַּחְבּוּ׳לוֹת]). אַ מאַן מיט איינפאַלען, אַ קלוגער מענש.

בַּ׳עַל־תַּכְ׳לִית, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־תַכְלִית [תַּכְ׳לִית], בַּ׳עֲלֵי־תַּכְלֵי׳תִים *). איינער וועלכער קוקט אוים אויף אַ צוועק, אַ שפּאָ־ רעוודיגער עקאָנאָמישער מענש.

בַּ׳עַל־תַּנַ״ךְ׳, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־תַּנַ״ךְ׳). איינער וועלכער קען זעהר גוט די ביבעל.

בַּ׳עַל־תְּפִ׳לָּה, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־תְפִלּוֹת [תְּפִ׳לוֹת]). פאָרבעטער אין דער סינאַגאָגע.

בַּ׳עַל־תְּקִי׳עָה, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־תְקִיעוֹת [תְּקִי׳עוֹת]). דער וועל־ כער בלאָזט דעם שופר (אין שוהל). ״אַז דער בעל־תקיעה קען ניט בלאָזען לעגט זיך דער שטן אין שופר אַריין״ (שפוו.).

בַּ׳עַל־תְּשׁוּ׳בָה, המ. (מ. בַּ׳עֲלֵי־תְשׁוּבוֹת [תְּשׁוּ׳בוֹת]), (תלמודיש). איינער וועלכער באַרייעט אויף זיינע זינד.

בַּ׳עַל־תְּשׁוּ׳בָה׳ניצע, הוו. (מ. בַּ׳עַל־תְּשׁוּ׳בָה׳ניצעס). זעה בַּ׳עַל־תְּשׁוּ׳בָה.

בַּ׳עַל־תְּשׁוּ׳בָה׳ניק, המ. (מ. בַּ׳עַל־תְּשׁוּ׳בָה׳ניקעס). זעה בַּ׳עַל־תְּשׁוּ׳בָה.

בַּ׳עֲלֵי־הַתַּלְ׳מוּד, המ. מ. (תלמודיש). די געלעהרטע וועלכע האָבען פאַר־ פאַסט די פאַרשידענע טהיילען פון דעם תלמוד.

בַּ׳עֲלֵי־מַ׳יִם, המ. מ. די אורין-אָרגאַ־ נען, די געשלעכטס-גלידער.

בַּ׳עֲלָן, המ. (מ. בַּעֲלָ׳נִים). איינער וועלכער וויל וויסען אָדער האָבען (עפּעס), אַ קונד. ״אויף גוטס איז איטליכער אַ בעלן״ (שפוו.).

בַּעֲלָ׳נוּת, הוו. די לוסט צו האָבען אָדער צו וויסען (עפּעס), פאַר־ וועלענים, קאַפּריז.

בַּ׳עֲלָניטע, הוו. (מ. בַּ׳עֲלָניטעס). זעה בַּ׳עֲלָן.

בַּעֲמִי׳דָה, או. שטעהענדיג.

בְּעֶ׳צֶם, או. אין דער ווירקליכקייט, אייגענטליך.

בְּעֶ׳רֶךְ, או. אונגעפעהר; אין פאַר־ גלייך.

בעש״ט, אנמ. אב. בַּ׳עַל־שֵׁם־טוֹב (ווז.).

בְּעֵת, אַו. אין דער צייט, וועהרענד.

בְּעֵת־מַעֲשֶׂה, אַו. אין דער צייט פון דער פּאַסירונג, וועהרענד.

בְּפֶה [בְּפֶּה] אֶחָד, אַו. מיט איין מויל, איינשטימיג.

בְּפֶה [בְּפֶּה] מָלֵא, אַו. מיט'ן פולען מויל, אָפען אַרויסגעזאָגט.

בְּפוֹעַל [בְּפּוֹעַל] מַמָּשׁ, אַו. אין דער ווירקליכקייט, פאַקטיש.

בִּפְנֵי כָּל עָם [כָּל עַם] וְעֵדָה, אַו. "פאַר דעם גאַנצען פאָלק און פערזאַמלונג", עפענטליך.

בִּפְרוֹטְרוֹט, אַו. (תלמודיש). מיט אַלע איינצעלהייטען; איטליך באַזונדער.

בְּפֵירוּשׁ, אַו. אויסגעטייטשט, דייטליך, אויסדריקליך.

בִּפְרָט [בִּפְרַט], אַו. בעזונדערס, ספּעציעל.

בִּפְרָטִיּוּת, אַו. מיט אַלע איינצעלהייטען, גענוי.

בִּפְרִישׁוּת, אַו. אין אָפּגעזונדערטקייט (פון דער וועלט).

בְּצִבּוּר, אַו. מיט אַ פאַרזאַמלונג, מיט צעהן מענשען. דאַוונען בצבור, דאַוונען זאַלבע־צעהנט.

בְּצֶדֶק, המ. איינער וועלכער איז פרום בלויז ביז צו דער קעשענע (די אָנפאַנג בוכשטאַבען פון די פיער ווערטער בילדען צוזאַמען דאָס וואָרט "בצדק").

בְּצַוָּאָה, אַו. דורך אַ טעסטאַמענט; איבערגענומען, איבערגעגעבען, טראַדיציאָנעל.

בְּצוּרַת־, אַו. אין געשטאַלט פון —.

בְּצִמְצוּם, אַו. מיט גענויאיגקייט, גענוי, קאַרג, קוים־קוים.

בִּצְנִיעוּת, אַו. באַשיידען, זיטליך.

בְּקַבָּלָה, אַו. איבערגעגעבען, איבערגענומען, טראַדיציאָנעל.

בְּקַו־הַבְּרִיאוּת, אַו. אין אַ געזונדען צושטאַנד, געזונד.

בְּקוֹמָה־זְקוּפָה, אַו. (תלמודיש). שטעהענדיג גלייך, מיט שטאָלצער האַלטונג.

בִּקּוּר־חוֹלִים, המ. (תלמודיש). באַזוכונג פון קראַנקע; פאַראיין אָדער אַנשטאַלט פאַר אָרעמע קראַנקע.

בָּקִי, המ. (מ. בְּקִיאִים). איינער וועלכער איז באַהאַווענט, אַ געניטער.

בְּקִיאוּת, הוו. באַהאַווענטקייט, געניטקייט.

בְּקַלּוּת־רֹאשׁ, אַו. (תלמודיש). לייכטזיניג, פאַרשייט; מיט אַ הוילען קאָפּ.

בְּקִצּוּר, אַו. קורץ, פאַרקירצט.

בְּקִצּוּר־הַדָּבָר, אַו. אין קורצע ווערטער, קורץ גערעדט.

בַּקָּשָׁה, הוו. (מ. בַּקָּשׁוֹת). ביטע, געבעט; ביטשריפט.

בַּר־, המ. זוהן, געברויכט אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע ווערטער אין פיעלפאַכע באַדייטונגען אַזוי ווי "בן־" (זוז.).

בַּר־אוֹרְיָן [אוֹרְיָן], המ. (תלמודיש).

אַ געלערנטער (אין תלמודישע גע=גענשטאַנדען).

**בַּר־דַּ'עַת**, המ. (תלמודיש). אַ מענש מיט פאַרשטאַנד.

**בַּר־כּוֹכְבָא** [כָּכְ'בָא], אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען העלד און אנפיהרער פון אַ רעוואָ=לוציאָנערער אַרמיי וועלכער האָט געקעמפפט קעגען דער הערשאַפט פון די רעמער אין די צייטען פון דעם קייזער אַדריאַן.

**בַּר־עוֹנְ'שִׁין**, המ. (תלמודיש). איי=נער וועלכער קען געזעצליך באַ=שטראָפט ווערען, אַ דערוואַקסענער, אַ מינדיגער. זעה בַּר־מִצְ'וָה.

**בַּר־מַ'זָל**, המ. (תלמודיש). זעה בַּ'עַל־מַ'זָל.

**בַּר'־מִינָן**, המ. (מ. בַּר'־מִינָ'ים), (תלמודיש). אַ געשטאָרבענער.

**בַּר־מֵיצַר** [מֶ'צַר], המ. (תלמודיש). נאַכבאַר, דער וועלכער האָט דאָס רעכט פון נאַכבאַרשאַפט (לויט אַ תלמודישען געזעץ האָט אַ נאַכבאַר דאָס ערשטע רעכט אָפצוקויפען דאָס לאַנד וועלכע גרענעצט זיך מיט זיין אייגענעם).

**בַּר־מִצְוָה**, המ. (מ. בַּר־מִצְ'וָה'ס), (תלמודיש). אַ אידיש אינגעל ווען עס ווערט דרייצעהן יאָהר, צו וועלכער צייט ער הויבט אָן לייגען תפלין (ווז.) און טרעט אַריין אין אַלע פליכטען פון אַ דערוואַקסענעם און זיין פאָטער הערט אויף צו זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיינע זינד; די מאָהלצייט וועלכע מע מאַכט ווען אַ אינגעל ווערט דרייצעהן יאָהר אַלט. זעה בָּ'רוּךְ שֶׁפְּטָרַנִי.

**בַּר־נַשׁ**, המ. (תלמודיש): אַ מענש.

**בַּר־סַמְ'כָא**, המ. (תלמודיש). איי=נער אויף וועלכען מע קען זיך פאַרלאָזען, אַ'ן אויטאָריטעט.

**בַּר־שֵׂ'כֶל**, המ. אַ פאַרנונפטיגער קלוגער מענש.

**בְּרֹאשׁ** [בְּרָ'אשׁ], או. אויבען=אָן, אַן דער שפּיצע.

**בְּרֵא'שִׁית**, המ. "אין אָנהויב", דאָס ערשטע וואָרט פון דער תורה; דער נאָמען פון דעם ערשטען בוך פון חומש (ווז.); הוו. דער נאָמען פון דער ערשטער סדרה (ווז.).

**בְּרוּ'אִים**, המ. מ. באַשעפעניסען.

**בְּרוֹ'גֶז, בְּרוֹ'גֶז'דיג**, א. בייז, אָנ=געבלאָזען, צוקריגט. "אַ ברוגז'ער שלאָפט אַליין" (שפוו.). "ווער עס ווערט אומ=זיסט ברוגז ווערט ווידער אומזיסט גוט" (שפוו.). "פאַר אַ קראַנקען לאָזט מען איבער אָבער ניט פאַר אַ ברוגז'ען" (שפוו.).

**בְּרוֹ'גֶז־טאַנץ**, המ. (מ. בְּרוֹ'גֶז־טענ־ץ). אַ געוויסער אַלט-מאָדי=שער אידישער טאַנץ וועלכען מע טאַנצט אויף חתונות.

**בָּ'רוּךְ־אַ'תָּה**, (ליטורגיש). "גע=בענטשט זאָלסטו זיין", די גע=וועהנליכע אָנהויב=ווערטער פון אידישע געבעטען און זעגענ=שפרוכען.

**בָּ'רוּךְ דַּ'יַּן הָאֶ'מֶת**, (ליטורגיש). געבענטשט זאָל זיין דער גערעכטער ריכטער, אַ זעגענשפרוך וועלכען

מע זאָגט ביי אידען ווען מע הערט אַז אימיצער איז געשטאָרבען.

בָּ'רוּך־הַבָּא', אר. (מ. בְּרוּ'כִים־הַבָּ'אִים), (ביבליש). געבענשט זאָל זיין דער וואָס קומט אַריין, ווערטער מיט וועלכע מע באַגריסט ביי אידען אַ גאַסט. ברוך הבא ס'קאָציל קומט, ווערטער מיט וועלכע מע באַגריסט אַ וויכטיגען אָדער באַליבטען גאַסט, געוועהנליך אַ פּרוויענצימער.

בָּ'רוּך־הַ'בָּא, הם. (מ. בָּ'רוּך־הַ'בָּא'ס). אויפנאַהמע, באַגריסונג. אַ טרוקענער ברוך־הבא, אַ'ן אויפנאַהמע אָהן טראַקטאַמענט, אַ קאַלטע אויפנאַהמע.

בָּ'רוּך־הוּא, (ליטורגיש). געבענשט זאָל ער זיין. "גאָט ברוך־הוא".

בָּ'רוּך־הַיוֹ'שֵׁב, אר. (מ. בְּרוּ'כִים־הַיוֹשְׁ'בִים). געבענשט זאָל זיין דער וואָס זיצט (און עסט), אַ גוטען אַפּעטיט.

בָּ'רוּך־הַשֵּׁם', "געבענשט זאָל זיין דער נאָמען (פון גאָט)", דאַנקען גאָט. ער איז אַ גאַנצער ברוך־השם, ער איז אַ גאַנצער מאַכער.

בָּ'רוּך מְחַיֵּ'ה הַמֵ'תִים, (ליטורגיש). געבענשט זאָל זיין דער וועלכער באַלעבט די טויטע, ווערטער וועלכע מע זאָגט ביי אידען ווען מע טרעפט זיך מיט אַ פּערזאָן וועלכע מע האָט ניט ערוואַרטעט צו זעהן מעהר אָדער לאַנג שוין ניט באַגעגענט.

בָּ'רוּך שֶׁפְּטָרַנִי [שֶׁפְּטָרַ'נִי], (ליטורגיש). געבענשט זאָל זיין דער וועלכער האָט מיך באַפרייט (פון אַ פאָטער'ס פאַראַנטוואָרטליכקייט. ווערטער וועלכע דער פאָטער זאָגט ביי אידען ווען זיין זוהן ווערט דרייצעהן יאָהר אַלט). זעה בַּר־מִצְוָה; אַ דאַנקען גאָט לויז געוואָרען. "ביי אַ אינגעל מאַכט מען ברוך שפטרני צו בעל מצוה ביי אַ מיידעל צו דער חתונה" (שפּוו.).

בָּ'רוּר וְיָדוּ'עַ, א. (תלמודיש). קלאָר און באַוואוסט, אַלגעמיין באַקאַנט, פעסט־געשטעלט.

בְּרַחֲ'בוּת'דיג, א. ברייטליך, באַקוועם.

בְּרָ'חֵל בִּתְּ'ךָ הַקְּטַ'נָּה, (ביבליש). פאַר רחל דיין טאָכטער די אינגערע (די ווערטער וועלכע יעקב האָט געזאָגט צו לבן ווען ער האָט זיך פאַרפּליכטעט צו אַרבייטען זיבען יאָהר אום צו קריגען זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב, ווי די ביבעל דערצעהלט). אויסריידען ברחל בתך הקטנה, גענוי אויסריידען, זיך גענוי באַדינגען. "ברחל בתך הקטנה לאה די גרויבע" (פּאַראָדיש ווערטעל).

בַּרְ'ח'ען, בַּרְ'ח'ענען, צש. אַנטלויפען.

בָּ'רִי, או. (תלמודיש). געוויס.

בָּ'רִי־לִ'י, (תלמודיש). עס איז ביי מיר געוויס. "ברי־לי איז געלט", שפּוו.).

בְּרִי'אָה, הוו. (מ. בְּרִי'אוֹת). באַ־

שעפעניס; ענערגישע פרווי, אויפ=
טהוערקע.

בְּרִי'אות־הַגּוּף', הוו. די געזונדהייט
פון קערפער, געזונדהייט.

בְּרִי'אַת־הָעוֹ'לָם, הוו. די באשאַפונג
פון דער וועלט.

בְּרְיָה [בֶּרְ'יָה], המ. און הוו. (מ.
בְּרִיוֹת [בֶּרְ'יוֹת]). ענערגישע,
געשיקטע, גערעַטענע פערזאָן.

בֶּרְ'יָהְ'ן־, בֶּרְ'יָה'נען־זיךְ, צוו. זיך
פלייסען (פאַר אומיצען).

בֶּרְ'יָה'ש, א. פעהיג, גערעַטען,
ענערגיש, פלייסיג.

בֶּרְ'יָה'שאַפט, הוו. ענערגישע טהע=
טיגקייט, געשיקטקייט, גערעַטענ=
קייט.

בַּרְיוֹ'נָא, המ. (מ. בַּרְיוֹ'נֵי), (תלמו=
דיש). "אַ רויבער", אַ יונגאַטש.

בְּרַיְ'תָא, הוו. (מ. בְּרַיְי'תוֹת),
(תלמודיש). איינע פון יענע
לעהר=זאַצען און געזעץ=ענטשיי=
דונגען פון די תנאים (ווז.) וועלכע
זיינען ניט אַריינגענומען געוואָרען
אין דער משנה (ווז.) אָבער ווערען
געבראַכט אַלס אויטאָריטעטען אין
דער גמרא (ווז.).

בְּרֵי'רָה, הוו. (מ. בְּרֵי'רוֹת). זעה
בְּרֵ'רָה.

בְּרֵיש־גְּלֵי, אז. (תלמודיש). עפענט=
ליך.

בְּרִית, המ. (מ. בְּרִית'ען). "דער
בונד" (צווישען גאָט און אידען),
די צערעמאָניע פון באַשניידונג.
"די נקבה האָט די יסורים און דער
מאַן מאַכט דעם ב ר י ת" (שפוו.).

בְּרִית־חֲדָ'שָׁה, המ. דער נייע
טעסטאַמענט, דער עוואַנגעליום.

בְּרִית־מִי'לָה, המ. (מ. בְּרִית־
מִי'לָה'ס), (תלמודיש). זעה בְּרִית.

בְּרִית'י'צע, הוו. (וואולגאַר). די
געבורט פון אַ מיידעל.

בְּרָ'כָה, הוו. (מ. בְּרָ'כוֹת). זעגען,
גליק, גערעטעניס; אַ ווינשעוואַניע,
אַ גליקוואונש; זעגענשפרוך, דאַנק=
געבעט, לויב=געבעט, איינס פון
די פיעלע קורצע געבעטען וועלכע
ווערען געזאָגט ביי אידען פאַר
און נאָכ'ן געניסען עפעס און ביי
פיעלע אַנדערע נעלעגענהייטען.
זאָגען ב ר כ ה, זאָגען דאָס מאָר=
גענגעבעט (גלייך נאָכ'ן אויפ=
שטעהן). מאַכען אַ ב ר כ ה, זאָגען
אַ זעגענשפרוך. מאַכען ב ר כ ה,
געניסען. עס איז דאַר'בער אַ
ב ר כ ה צו מאַכען, עס איז זעהר
שעהן אָדער גערעַטען. "אַז אַ
טויבער הערט אַ גראַגער מאַכט ער
אַ ב ר כ ה איבער אַ דונער"
(ווער.). "אַ סך מלאכות און
ווייניג ב ר כ ו ת" (שפוו.). "וואָס
נוצט מזל אָהן ב ר כ ה" (שפוו.).
"אין אַ ליידיגען פאַס קען די
ב ר כ ה ניט אַריין" (שפוו.).

בְּרָ'כָה־אַחֲרוֹ'נָה, הוו. (תלמודיש).
דער זעגענשפרוך וועלכען מע
זאָגט ביי אידען נאָך דעם ווי מע
עסט פרוכטען אָדער אַ לייכטען
צוביים.

בְּרָ'כָה־לְבַטָּ'לָה, הוו. (תלמודיש).
אַ זעגענשפרוך אויסגעשפראָכען
אומזיסט (אַזוי ווי ווען מע זאָגט
דעם זעגענשפרוך אויף וויין און

עס ווייזט זיך ארויס אז עס איז געווען אַ'ן אַנדער געטראַנק; ארויסגעוואָרפענע, אומזיסטע אַר=בייט.

בָּרְ'כוּ, הט. (ליטורגיש). "בענשט", דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָ=מען פון אַ געוויסען געבעט אין דעם מאָרגענדיגען און אָבענדיגען דאַוונען. האַפּען אַ ב ר כ ו, קריגען צו זאָגען ברכו מיט אַ מנין (ווז.). "אַ אידען'ס גליק איז ווען ער קומט צו ב ר כ ו" (שפּוו.).

בָּרְ'כִי־נַפְ'שִׁי, הט. (ליטורגיש). "בענש, מיין זעעלע", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון דעם הונדערט און פיערטען קאַפּיטעל פון תהלים וועלכען מע זאָגט ביי אידען אין די ווינטער=מאָנאַטען יעדען שבת נאָך מיטאָג.

בִּרְ'כַּת־הַמָ'זוֹן, הוו. (תלמודיש). דאָס געבעט וואָס מע זאָגט נאָכ'ן עסען.

בִּרְ'כַּת־כֹּ'הֲנִים, הוו. (תלמודיש). די בענשונג וועלכע די כהנים גיבען אין דער שוהל ביי'ם דוכנ'ען.

בִּרְמִי'זָה, או. אויפ'ן וואונק.

בְּרֵ'רָה, הוו. (מ. בְּרֵ'רוֹת). וואהל, אויסוואַהל; אַ זיצונג פון בוררים אויף אַ'ן אָפּמאַך. "אַז מע האָט ניט קיין ב ר ר ה מוז מען אפילו טהאָן אַ'ן עברה" (שפּוו.). "דער מענש האָט צוויי ב ר ר ו ת קריעה רייסען אָדער פאַרשוואַרצט ווערען" (שפּוו.).

בִּרְשׁוּת־, או. (ליטורגיש). מיט דער ערלויבניס פון —.

בְּשׁוֹ'גֵג, או. (תלמודיש). אומגערן, אָהן אַבזיכט.

בְּשׁוּם (עִנְ'יָן וְ)אוֹ'פֶן, או. אויף קיין פאַל, אונטער קיינע אומשטענדען.

בְּשׁוּ'פִי, או. (תלמודיש). אין רייכ=טהום, מיט פולער מאָס.

בְּשׂוֹרָה [בְּשׂוּ'רָה], הוו. (מ. בְּשׂוֹרוֹת [בְּשׂוּ'רוֹת]). נאַכריכט, נייעס. "גוטע ב ש ו ר ו ת הערט מען פון דער ווייטען" (שפּוו.).

בְּשׂוֹרָה [בְּשׂוּ'רָה] טוֹ'בָה, הוו. (מ. בְּשׂוֹרוֹת [בְּשׂוּ'רוֹת] טוֹ'בוֹת). אַ גוטע נאַכריכט.

בְּשׂוֹרָה [בְּשׂוּ'רָה] רָ'עָה, הוו. (מ. בְּשׂוֹרוֹת [בְּשׂוּ'רוֹת] רָ'עוֹת). אַ שלעכטע נאַכריכט.

בִּשְׂכַר־'זֶה, או. (ליטורגיש). אַלס לויהן פאַר דאָס, דערפאַר.

בְּשַׁלְ'וָה, או. אין פרידען, רוהיג, אָהן זאָרג.

בְּשָׁ'לוֹם, או. אין פרידען, אין זי=כערהייט; פרידליך, גוט פאַר=טראָגען.

בִּשְׁ'לָמָא, או. (תלמודיש). צוגע=בענדיג אַז, אויב עס איז יא ריכ=טיג אַז, זאָל שוין זיין אַז.

בִּשְׁלֵ'מוּת, או. אין פאָלקאָמענהייט, פאָלשטענדיג, אין גאַנצען.

בְּשֵׁם־, או. אין דעם נאָמען פון—.

בְּשֵׁם אֱלֹהֵי [אֱלוֹקֵי] יִשְׂרָ'אֵל, (ביבליש). אין דעם נאָמען פון פון דעם אידישען גאָט, אין גאָט'ס נאָמען.

בְּשִׂמְ'חָה (רַ'בָּה), או. (ליטורגיש).

מיט (גרויס) פרייד, מיט (גרויס) פאַרגעניגען.

בְּשָׂ'מִים, המ. מ. געווירצען, שמע-קעדיגע געווירצען.

בְּשָׂ'מִים־קראָם, הוו. (מ. בְּשָׂ'מִים־קראָמען). געווירץ-געשעפט, שפּייז-קראָם.

בְּשָׂ'מִים'דיג, א. געווירציג, שמע-קעדיג, דופטיג.

בְּשֵׁן־וָעַ'יִן, או. (תלמודיש). מיט אַ (אויסגעהאַקטען) צאָהן אָדער אויג (גענומען פון דער שטעלע אין תלמוד וועלכע זאָגט אַז אַ שקלאַף מוז אַרויסגעלאָזען ווערען פריי ווען זיין אייגענטהימער האָט איהם אויסגעהאַקט אַ צאָהן אָדער אַ'ן אויג). אַרויסגעהן ב ש ן ־ ו ע י ן, שלעכט אָפּשניידען.

בִּשְׁעַת', או. אין דער צייט, וועה-רענד.

בִּשְׁעַת־מַעֲ'שֶׂה, או. אין דער צייט פון דער פּאַסירונג, אין דער צייט.

בְּשַׁעְ'תּוֹ, או. אין זיין צייט.

בָּ'שָׂר, המ. פלייש.

בָּ'שָׂר־בְּחָ'לָב, המ. מ. (תלמודיש). "פלייש מיט מילך", פליישיגס מיט מילכיגס צוזאַמען (פאַרבאָטען לויט דעם אידישען געזעץ).

בָּ'שָׂר־וְדָ'גִים, המ. מ. (ליטורגיש). פלייש און פיש. "ב ש ר ־ ו ד ג י ם איז אַ'ן עונג־שבת אין דער וואָכען איז עס אויך ניט שלעכט" (שפּוו.).

בָּ'שָׂר־וָדָם [וָדַם'], המ. (תלמודיש). "פלייש און בלוט", אַ מענש. "אומשטיינס געזאָגט ב ש ר ־ ו ד ם בלוט און זויערמילך" (ווער.).

בְּ'שַׂר־מִן־הַחוּץ', המ. פלייש אַריינ-געבראַכט פון דרויסען (פון אַ פרעמדער שטאָדט).

בִּשְׁתִיקָה [בִּשְׁתִי'קָה], או. שווייגענדיג, שטילערהייד, פאַרבאָר-גענערהייד.

בַּת, הוו. (מ. בָּנוֹת, בְּנוֹת־). טאָכ-טער, די טאָכטער פון —; איינע וועלכע איז אין עלטער פון —. "דער ר ב האָט דאָס ר ו ב ב נ ו ת" (ווער. — וואָרטשפּיעל אויף "ר ב נ ו ת").

בַּת־הָרַב', הוו. די טאָכטער פון אַ רב.

בַּת־יְחִי'דָה, הוו. (מ. בַּת־יְחִי'דָה'ס). אַ'ן איינאיינציגע טאָכטער. "די ב ת ־ י ח י ד ה זאָל מען פרייען (הייראַטהען) דעם בן־יחיד זאָל מען שייען" (שפּוו.).

בַּת־יְחִיד'־קע, הוו. (מ. בַּת־יְחִיד'-קעס). פאַרקלענערונג אָדער פאַר-צערטעלונג פון "בת־יחידה".

בַּת־יִשְׂרָ'אֵל, הוו. (תלמודיש). אַ אידישע טאָכטער, די טאָכטער פון איינעם וועלכער איז ניט קיין כהן (ווז.) אָדער לוי (ווז.).

בַּת־כֹּ'הֵן, הוו. (תלמודיש). די טאָכטער פון אַ כהן (ווז.).

בַּת־לֵ'וִי, הוו. די טאָכטער פון אַ לוי (ווז.).

בַּת־'מַלְכָּה, הוו. (תלמודיש: בַּת־מֶ'לֶךְ), (מ. בַּת־'מַלְכָּה'ס). אַ קעניג'ס טאָכטער, אַ פּרינצעסין.

בַּת־קוֹל' [קָל], המ. (תלמודיש). אַ

געטליכע שטים, אַ שטים פון הימעל.

בַּת־שְׁבְ'עִים, הוו. אַ זיבציגערין, אַ פרוי וועלכע איז אַלט זיבעציג יאָהר אָדער מעהר.

בְּתוֹךְ [בְּתוֹךְ] הַבָּ'אִים, או. צווישען די אָנגעקומענע, צווישען די געסט.

בְּתוֹכָם [בְּתוֹ'כָם], או. צווישען זיי, אונטער זיי, דאַרונטער.

בְּתוּ'לָה, הוו. (מ. בְּתוּ'לוֹת). יונג=פרוי, מיידעל; דער אַסטראָנאָמי=שער צייכען אין דעם שטערע=קרייז פאַר דעם מאָנאַט אלול. „ווען אַ'ן אַלטער מאַן נעהמט אַ בתולה האָבען ביידע ניט קיין גדולה" (שפוו.).

בְּתוּ'לִים, המ. מ. די צייכענס פון יונגפערשאַפט.

בְּתוֹרַת־ [בְּתוֹ'רַת־], או. אַלס. בתורת הלוואה, אַלס אַ'ן אָנ=לייה, געבאָרגט.

בְּ'תִי, הוו. מיין טאָכטער. זעה בַּת.

בָּתִים [בַּ'תִים], המ. מ. זעה בַּ'יִת.

בְּתַכְלִית [בְּתַכְ'לִית] הַשְׁלֵ'מוּת, או. אויף דער שפיץ פון פאָלקאָמענ=הייט, העכסט פאָלקאָמען.

בִּתְמִיָּה [בִּתְ'מִיָּה], או. (תלמודיש). מיט פאַרוואונדערונג, מיט אַ פראַגענדען טאָן.

בִּתְמִימוּת [בִּתְמִי'מוּת], בִּתְמִי'מוּתי=דיג, א. נאַאיוו, אָהן קונצען, ערנסט, מיט'ן גאַנצען האַרצען.

בִּתְנַאי [בִּתְנַאי'], או. מיט דעם באַדינג.

בְּתָקְפּוֹ [בְּתָקְ'פּוֹ], או. אין (דער צייט פון) זיין מאַכט.

---

# ג.

ג, דער דריטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אלף־בית; אין צעהלען גערעכענט אַלס 3. זעה גִּי'מֶל.

גַּאֲוָה, גַּאֲ'וָה, הוו. (מ. גַּאֲ'ווֹת). שטאָלץ; פוסטער שטאָלץ, גרויס=האַלטעריי. „גאָט זאָל אָפּהיטען פון גויאישער תאוה און פון אי=דישער גאוה" (שפוו.).

גַּאֲוָה'דיג, א. שטאָלץ, גרויס ביי זיך.

גְּאוּ'לָה, הוו. (מ. גְּאוּ'לוֹת). אויס=לייזונג, דערלייזונג; די אויסליי=זונג אויף וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָפט. וועט די גאולה קומען אַ ביסעל שפעטער, עס וועט ניט פאַרזאַמען.

גָּ'אוֹן, המ. (מ. גְּאוֹ'נִים). אַ גרויסער תלמודישער געלעהרטער אויסגע=צייכענט מיט אונגעוועהנליכע פעהיגקייטען און קענטעניסען; איי=נער פון די גרויסע ראַבינישע גע=לעהרטע וועלכע האָבען געלעבט נאָך די תלמודישע צייטען; אַ זשעני. דער גאון, דער באַ=

ריהמטער אידישער געלעהרטער אליהו פון ווילנא וועלכער האָט געלעבט אין ענדע פון אַכצעהנטען יאָהר־הונדערט.

גְאוֹ'נוּת, הוו. אונגעוועהנליכע פע־היגקייט, זשעניאַליטעט.

גְאוֹ'נִיש, א. זעהר באַגאַבט, זעהר פעהיג, גייסטרייך.

גַבָ'אוּת, הוו. זיאָס אַמט פון אַ גבאי (ווז.).

גַ'בַּאי, המ. (מ. גַבָ'אִים). פאָר־שטעהער פון אַ געמיינדע אָדער אַ וואָהלטהעטיגען פאַראיין. "אַז דער ג ב א י געהט ניט אין שול איז אַ סימן אַז די שול געהט אין ג ב א י אַריין" (שפוו.). "אַ ג ב א י לעגט קיינמאָל ניט צו צו דער גבאות" (שפוו.).

גַ'בַּאי'טע, הוו. (מ. גַ'בַּאי'טעס). פאָרשטעהערין פון אַ וואָהלטהע־טיגען פאַראיין; די פרוי פון אַ גבאי.

גְבוּל, המ. גרענעץ, ענד.

גְ'בּוֹר, המ. (מ. גִבּוֹ'רִים). אַ שטאַר־קער מענש; אַ העלד.

גבוּ'רָה, גְבוּ'רָה־שׁאַפט, הוו. (מ. גְבוּ'רוֹת, גְבוּ'רָה־שׁאַפטען). שטאַרקייט; העלדישקייט; אַ שטאַרקע אָדער העלדישע טהאַט. "דער אָקס ווייס ניט פון זיין ג ב ו ר ה" (שפוו.).

גְבוּ'רוֹת־הַבּוֹ'רֵא, הוו. מ. שטאַרקע טהאַטען פון דעם באַשעפער, גאָט'ס וואונדער.

גְבִיר, המ. (מ. גְבִי'רִים). אַ רייכער מאַן. "אַ משכון צו פאַרזעצען אַבּי אַ ג ב י ר צו זיין" (שפוו.). "בע־סער אַ'ן אויפגעקומענער ג ב י ר איידער אַ'ן אָפּגעקומענער עושר" (שפוו.). "דער ג ב י ר בלאָזט זיך און דער אָרעמאַן ווערט גע־שוואָלען" (שפוו.).

גְבִיר־אַ'דִיר, המ. (מ. גְבִי'רִים־אַדִי'רִים). אַ זעהר רייכער מאַן.

גְבִיר־עָ'צוּם, המ. אַ זעהר רייכער מאַן.

גְבִי'רָה, הוו. (מ. גְבִי'רוֹת). זעה גְבִיר.

גְבִיר'טע, הוו. (מ. גְבִיר'טעס). זעה גְבִיר.

גְבִי'ר'יש, א. האָבּענדיג די אייגענ־שאַפטען פון אָדער באַלאַנגענדיג צו אַ גביר.

גְבִי'ר'יענטע, הוו. (מ. גְבִי'ר'יענ־טעס). זעה גְבִיר.

גֶבֶר, המ. אַ זעהר שטאַרקער מאַן.

גַבְרִיאֵ'ל, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען ענגעל. "האַלט מיך פאַר מלאך ג ב ר י א ל און טרוי מיך ניט פיעל" (ווער.).

גַבְ'רָן, המ. זעה גֶבֶר.

גָד, אנמ. דער נאָמען פון איינעם פון יעקב'ס צוועלף זיהן; דער שטאַם וועלכער קומט אַרויס פון גד.

גָ'דוֹל, המ. (מ. גְדוֹ'לִים). אַ גרוי־סער; אַ גרויסער מאַן; אַ געוויסעס געלט־שטיק.

גָ'דוֹל, אמ. (מ. גְדוֹ'לִים; אוו. גְדוֹ'לָה, מ. גְדוֹ'לוֹת). גרויס.

ג'דול, המ. אַ געוויקס; וואוקס, געשטאַלט, זאָרט.

ג'דול־בְּיִשְׂרָ'אֵל, המ. אַ גרויסער מאַן צווישען אידען, אַ גרויסער מאַן.

ג'דול־בָּ'נִים, המ. (תלמודיש). די האָדעוואַניע פון קינדער, קינדער־ערציהונג.

גְדוֹל [גְ'דוֹל] הַדּוֹר [הַדָ'ר'], המ. (מ. גְדוֹ'לֵי־הַדּוֹר [הַדָ'ר']), (תלמודיש). איינער פון די גרויסע מענער פון דער צייט.

גְ'דוֹל'דיג, א. גרויס ביי זיך, שטאָלץ.

גְדוּ'לָה, הוו. (מ. גְדוּ'לוֹת). גרויסקייט, גרויסע עהרע, רוהם; פרייד. "אַ ג ד ו ל ה אויף דיין באָבען" (איראָנישער אויסדרוק).

גְדוֹ'לִים, המ. מ. זעה נְקָ'בִים־גְדוֹ'לִים.

גְדִי, המ. אַ "ציקעלע", דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערען־קרייז פאַר דעם מאָנאַט טבת. זעה מַ'זָל.

גַדְ'לוּת, הוו. גרויסקייט, שטאָלצקייט.

גַדְ'לוּת'דיג, א. שטאָלץ, גרויס ביי זיך, באַריהמעריש.

גַדְ'לָן, המ. (מ. גַדְלָ'נִים). אַ גרויס־האַלטער.

גַדְ'ליענ־, גַדְ'ליענען־זיך, צוו. זיך גרייסען, שטאָלצירען.

גֶ'דֶר, המ. (מ. גְדָ'רִים), (תלמודיש). אַ'ן אָפּצאַהמונג, אַ באַשרענקונג, אַ רעגעל אָדער פאָרשריפט געמאַכט אום צו באַוואָרענען אַז מע זאָל ניט איבערטרעטען אַ רעליגיעזעם געזעץ.

גוֹ'אֵל, המ. (מ. גוֹ'אֲלִים). אויסלייזער, דערלייזער, באַפרייער; משיח (ווז.); פריינד, פאַרוואַנדטער. "ער האָט ניט קיין קרוב און קיין ג ו א ל" (ווער.).

גוֹ'אֵל־הַדָּם [הַדַ'ם'], המ. (מ. גוֹ'אֲלֵי־הַדָּם [הַדַ'ם']), (ביבליש). דער פאַרוואַנדטער פון דעם ערמאָרדעטען אויף וועלכען עס איז געפאַלען די פליכט ראַכע צו נעהמען פון דעם מערדער (ביי די פאַרצייטיגע אידען).

גוֹ'אֵל־צֶ'דֶק, המ. דער גערעכטער דערלייזער, דער אידישער משיח (ווז.).

גוֹ'בֵר־זיין, צא. באַזיגען, בייקומען.

גוֹג־וּמָ'גוֹג [גָג'־מָגָג], אנמ. (ביבליש). גוג דער קיניג פון דעם פאָלק מגוג. גרויסווי ג ו ג־מ ג ו ג, זעהר גרויס, ריזענהאַפט.

ג ו ז' מ א, הוו. (מ. גוּזְ'מוֹת, גוּזמָ'אוֹת). איבערטרייבונג; אַ מאַסע, זעהר פיעל.

גוּזְ'מָא־רַ'בָּה, הוו. אַ גרויסע מאַסע, זעהר פיעל.

גוּזְ'מָאי'דיג, א. איבערטריבען; אונגעהייער.

גוֹ'זֵר־זיין, צש. באַפעהלען, פאַראורטהיילען.

גוֹ'זֵר־דִין־זיין, צש. (תלמודיש). באַשטימען אַ'ן אורטהייל, באַפעהלען.

**גוֹ׳זֵר־תַּעֲ׳נִית־זיין**, צש. (תלמודיש). באַשטימען אַ פאַסט=טאָג.

**גוֹי** [גָי], המ. (מ. גוֹיִים [גָ׳יִים]). אַ ניט=איד; איינער וועלכער איז אונוויסענד אין אידישע רעליגיאָן=געזעצען; אַ ניט=פרומער, אַ׳ן אויסגעלאַסענער; דער גראָבער פינגער פון דער האַנד (זעה יוד). האָבען אַ מזל פון אַ גוֹי, האָבען גליק. שטאַרק ווי אַ גוֹי, זעהר שטאַרק. "לעבען זאָל מען צווישען גוֹיִים שטאַרבען צווישען אידען" (שפוו.). "מעהר גוֹי מעהר מזל" (שפוו.).

**גוֹי** [גָי] **גָ׳מוּר**, המ. (מ. גוֹיִים [גָ׳יִים] גְמוּ׳רִים). איינער וואָס ווייס גאָרניט אָדער האַלט גאָרניט פון אידישע רעליגיאָן=געזעצען.

**גוֹי׳איש** [גָ׳י׳איש], א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון אַ ניט=אידען; אונוויסענד; ניט פרום, אויסגעלאַסען. "אַ גוֹי׳איש גלייכווערטעל איז להבדיל אַ תורה" (שפוו.). "בעסער אין גוֹי׳אישע הענד אייידער אין אידישע מיילער" (שפוו.).

**גוֹי׳ע** [גָ׳י׳ע], **גוֹי׳׳עטע**, הוו. (מ. גוֹי׳׳עס, גוֹי׳׳עטעס). זעה גוֹי.

**גוֹ׳לֵי־**, המ. מ. די פאַרטריבענע פון —. גוֹלֵי־שפּאַניען, די פאַרטריבענע (אידען) פון שפּאַניען.

**גוֹ׳לֶם**, המ. (מ. גוֹלָ׳מִים, גוֹ׳לָם׳ס), (קאַבאַליסטיש). אַ מענש באַשאַפען דורך אַ הייליגען שפּרוך; אַ נאַרר, אַ׳ן אונגעשיקטער מענש, אַ׳ן אידיאָט. אַ ליימענער גוֹלֶם, אַ׳ן אונגעשיקטער מענש, אַ טווּ=געניכטס. "אַ׳ן עולם איז ניט קיין גוֹלֶם" (שפוו.).

**גוֹ׳מֶל**, המ. (ליטורגיש). דער נאָמען פון אַ זעגענשפּרוך וועלכען מע זאָגט ביי אידען ווען מע מיידט אויס אַ געפאַהר אָדער מע ווערט געראַטעוועט פון אַ׳ן אומגליק. גוֹמֶל בענשען, זאָגען דעם זעגענשפּרוך פון גומל; דאַנקען גאָט.

**גוֹ׳מֵל־חֶ׳סֶד־זיין**, צש. (תלמודיש). טהאָן גוטס (מיט אימעצען).

**גוֹ׳מֵר־זיין**, צא. ענדיגען, אָפּשליסען (אַ געשעפט, אַ הייראַטה-קאָנטראַקט אָדער אַ׳ן אָפּמאַך).

**גוֹ׳סֵס**, המ. (מ. גוֹ׳סְסִים). איינער וועלכער האַלט ביי׳ן שטאַרבען, אַ שטערבענדער.

**גוֹ׳סֵס**, א. האַלטענדיג ביי׳ן שטאַרבען, נאָהענט צום טויט.

**גוֹ׳ס׳ען**, **גוֹ׳ס׳ענען**, צש. האַלטען ביי׳ן שטאַרבען, שטאַרבען, אויסגעהן.

**גוּף**, המ. (מ. גוּ׳פִים). קערפּער.

**גוּ׳פָא**, או. (תלמודיש). סאַמע, אַליין, זעלבסט.

**גוּפְ׳נִיוּת**, הוו. קערפּערליכקייט, קערפּערליכע זאַכען.

**גוֹ׳רָל**, המ. (מ. גוֹרָ׳לוֹת). אַ לאָאָז, אַ לאָטערי=צעטעל; אַ לאָטערי; שיקזאַל. וואַרפען גוֹרָל, ציהען לאָאָזען.

**גוֹ׳רֵם־זיין**, צא. פאַראורזאַכען.

**גוֹ׳רֵס־זיין**, צא. לעזען (אַ טעקסט אויף באַשטימטע אַרט); דולדען, צולאָזען, ערלויבען.

גו'שֶן, אנוו. דער נאָמען פון דער געגענד אָדער שטאָדט וואו די אידען האָבען געוואָהנט ווען זיי זיינען געוועזען אין עגיפטען. פאַר=קריכען אַזש אין ג ו ש ן, פאַר=געהן זעהר ווייט, רעדען ניט צו דער זאַך.

גְזֵי'לָה, הוו. (מ. גְזֵי'לוֹת). זעה גְזֵ'לָה.

גְזֵי'רָה, הוו. (מ. גְזֵי'רוֹת). זעה גְזֵ'רָה.

גְזֵ'לָה, הוו. (מ. גְזֵ'לוֹת). אַ רויב; רויבעריי.

גְזֵ'לָה־בּוֹיךְ, הם. (מ. גְזֵ'לָה־בּייכער). איינער וועלכער איז רייך געוואָרען באַראַבעווענדיג אַנדערע.

גַזְלִיוואָי'סטווע, הוו. (מ. גַזְלִיוואָי'=סטוועס). רויבעריי, אונרעכט.

גַזְ'לָן, הם. (מ. גַזְלָ'נִים). אַ רויבער; אַ מערדער; אַ גרויזאַמער שלעכטער מענש. "אַ קינד איז ערגער ווי אַ ג ז ל ן און מען מוז נאָך טאַנצען אויף זיין חתונה" (שפוו.).

גַזְלָ'נוּת, הוו. רויבעריי.

גַזְ'לָנ'טע, הוו. (מ. גַזְ'לָנ'טעס). זעה גַזְ'לָן.

גַזְלָנ'יש, א. מערדעריש, גרויזאַם.

גַזְ'ליען, גַזְ'ליענען, צא. רויבען.

גֶ'זַע, הם. שטאַם, אָפּשטאַמונג, פאַמיליע.

גְזָר [גְזַר], הם. (מ. גְזַר'יען). באַשלוס, אורטהייל, פאַראורטהיילונג, שטראָף. "אַ נאַרר איז אַ ג ז ר" (שפוו.).

גְזַר־דִ'ין', הם. (תלמודיש). אַ'ן אור=טהייל (פון דעם הימלישען גע=ריכט). צורייסען דעם ג ז ר ־ ד י ן, שענקען די שטראָף, פאַרצייהען די זינד.

גְזָר [גְזַר] מִן־הַשָׁמַ'יִם, הם. אַ'ן אורטהייל, אַ שטראָף פון הימעל.

גְזֵ'רָה, גְזֵ'רַת־, הוו. (מ. גְזֵ'רוֹת). געזעץ, באַשלוס, אַ שטראָף-גע=זעץ; פאַרפאָלגונג, אומגליק. "אין ברירה איז אַ גרויסע ג ז ר ה" (שפוו.).

גְזֵ'רָה־שָׁ'וָה, הוו. (מ. גְזֵ'רוֹת־שָׁ'ווֹת), (תלמודיש). דאָס דרינגען פון איין זאַך אויף די צווייטע דורך אַ געוויסע עהנליכקייט וועלכע עקזיסטירט צווישען ביידען (איינע פון די דרייצעהן הויפט=מעטהאָדען פון דער תלמודישער לאָגיק).

גְזֵ'רַת־שְׁמָד [שְׁמַד], הוו. אַ באַ=פעהל אַרויסגעגעבען אויף אידען אַז זיי מוזען זיך ט יפען.

גְזֵ'רַת־תַּ"ח, הוו. די אויסשלאַכטונג פון אידען דורך די קאָזאַקען אין דעם העטמאַן חמעלניצקי'ס צייטען אין דעם יאָהר ת"ח (1648).

ג"ח, אב. גְמִי'לוּת־חֲסָ'דִים (ווז.).

גחש"א, אב. גְמִי'לוּת־חֶ'סֶד־שֶׁל־אֱ'מֶת (ווז.).

גֵט [גֶט], הם. (מ. גִי'טִין). שייד=בריעף, דער דאָקומענט דורך וועלכען דער מאַן שיידט זיין פרוי. "ביי=טאָג צום ג ט ביי=נאַכט צום בעט" (שפוו.).

גֶ'ט'ען, צא. שיידען (אַ פרוי); אויס=

פיהרען די שיידונגס=צערעמאָניע.
אָפּ'גט'ען, שיידען. גט'ען זיך, זיך שיידען.

**גִ'יבּוֹר**, המ. (מ. גִיבּוֹ'רִים). זעה גִ'בּוֹר.

**גִ'יד**, המ. אַ'ן אָדער, אַ'ן אָדער מיט וועלכען מע פאַרנייהט די פאַרמעט פון תפילין און ספרי-תורות (מ. גִ'ידִ'ין); דער מענליכער געשלעכט=אָרגאַן.

**גִ'יד-הַנָ'שֶׁה**, המ. (ביבליש). אַ געוויסער אָדער וועלכען מע מוז לויט דעם אידישען געזעץ צוערשט אויסשניידען איידער מע מעג עסען דאָס הינטערפליש פון אַ געקוילעטען פיה.

**גִ'ידוֹל**, המ. זעה גִ'דוֹל.

**גֵ'יהִנוֹם** [גֶהֶ'נוֹם], המ. (מ. גֵיהִנוֹמ'ס [גֶהֶ'נוֹמִים]). די העללע. "בעסער מיט אַ קלוגען אין גיהנום איידער מיט אַ נאַרר אין גן-עדן" (שפוו.). "דער גיהנום איז ניט אַזוי שלעכט ווי דאָס קומען צו איהם" (שפוו.).

**גִ'ילְ'גוּל**, המ. (מ. גִילְגוּ'לִים). זעה גִלְ'גוּל.

**גִ'ילוּי-**, זעה גִ'לוּי-.

**גִילָ'יוֹן**, המ. (מ. גִילְיוֹ'נוֹת). זעה גִלָ'יוֹן.

**גִימַטְ'רִיָא**, הוו. (מ. גִימַטְרִיָ'אוֹת). אַ געוויסע אַרט פון אויסטייטשען דעם פאַרבאָרגענעם זינן פון אַ וואָרט, דורך דעם וואָס מע באַרעכענט די איינציגע בוכשטאַבען אַלס צאָהלען, אַזוי זאָגט מען אַז "יין" (ווײַן) וועלכעס באַטרעפט 70 (י—10, י—10, ן—50) איז אין גימטריא "סוד" (געהיימנים), ווייל דאָס לעצטערע באַטרעפט אויך די זעלביגע צאָהל (ס—60, ו—6, ד—4), און דאָס מיינט "אַז דאָרט וואו ווײַן געהט אַריין געהט דאָס געהיימניס אַרויס"; אַ'ן אויסטייטשונג פון אַ וואָרט לויט גימטריא.

**גִ'ימֶל**, המ. (מ. גִימ'ל'ען). דער נאָמען פון דעם דריטען בוכשטאַב (ג) פון דעם אידישען אַלף-בית.

**גֵ'ירוּשׁ**, המ. (מ. גֵירוּ'שִׁים). זעה גֵ'רוּשׁ.

**גִ'ירְ'סָא**, הוו. (מ. גִ'ירְ'סוֹת), (תלמודיש). אַ לעהרע, אַ לעקציאָן, אַ לעזע=אַרט (פון אַ טעקסט).

**גִירְ'סָא-דְיַנְ'קוּתָא**, הוו. (תלמודיש). דאָס וואָס מע האָט קינדווייז געלערנט.

**גִלְ'גוּל**, המ. (מ. גִלְגוּ'לִים), (קאַבאַליסטיש). פאַרוואַנדלונג, מעטאַמאָרפאָזע; די וואַנדערונג פון דער זעעלע פון איין קערפער אין אַ צווייטען; אַ בייזער גייסט; אַ פאַרוועלענים, אַ קאַפּריז.

**גִלְ'גוּל-מְחִי'לוֹת**, המ. (תלמודיש). "די וואַנדערונג דורך הייהלען", די אונטעראירדישע וואַנדערונג פון די טויטע נאָך דעם הייליגען לאַנד אין דער צייט פון תחית-המתים (ווז.).

**גַלְ'גַל**, המ. (מ. גַלְגַ'לִים). אַ זיך=דרעהענדער קערפער, אַ פלאַנעט אָדער שטערן. "די גלגלים

דרעהען זיך און מיר דרעהען זיך מיט זיי" (שפּוו.).

**גַלְ'גַל־הַחוֹ'זֵר**, המ. (תלמודיש). אַ זיך=דרעהענדער פלאַנעט. "די וועלט איז אַ ג ל ג ל ־ ה ח ו ז ר" (שפּוו.).

**גָלוֹ'חַ**, המ. (מ. גְלוֹ'חִים). אַ גע=גענגאָלטער, איינער וועלכער ראַ=זירט זיין באָרד (קעגען דעם אי=דישען רעליגיאָן=געזעץ).

**גִ'לוּי־דַ'עַת**, המ. (תלמודיש). מיט=טהיילונג, נאַכריכט.

**גָ'לוּי־וְיָדוּ'עַ**, א. (תלמודיש). אַנט=פּלעקט און באַוואוסט, אַלגעמיין באַקאַנט.

**גִ'לוּי־עֲרָיוֹת [עֲרַ'יוֹת]**, המ. (תלמו=דיש). בלוטשאַנדע, דאָס צוזאַמענ=זיין מיט געוויסע בלוט־פאַר=וואַנדטע.

**גִ'לוּי־רֹאשׁ [רָ'אשׁ]**, המ. (תלמודיש). אָפּגעדעקטקייט פון קאָפּ.

**גִ'לוּי־שְכִי'נָה**, המ. (תלמודיש). די אַנטפּלעקונג פון דער־ גאָטהייט.

**גָ'לוּת**, המ. (מ. גָ'לוּת'יְען). פאַר=טרייבונג; פאַרטריבענקייט, פאַר=וואָגעלטקייט, פאַרשקלאַפּטקייט; די פאַרוואָגעלטקייט פון דעם אי=דישען פאָלק. לאַנג ווי דער אי=דישער ג ל ו ת, זעהר לאַנג. אָפּריכטען ג ל ו ת, אַרומוואַנ=דערן פון שטאָדט צו שטאָדט אַלס אַ'ן אָפּקומענים פאַר די זינד: "געה רעד אַז די צונג איז אין ג ל ו ת" (ווער.).

**גָ'לוּת־בָ'בֶל**, המ. (תלמודיש). די פאַרוואָגעלטקייט פון דעם אידישען פאָלק אין לאַנד באַבילאָן.

**גָ'לוּת־הַשְכִי'נָה**, המ. (קאַבאַליס=טיש). די פאַרוואָגעלטקייט פון דעם געטליכען גלאַנץ וועלכער איז, לויט דער לעגענדע, פאַר=וואָגעלט געוואָרען צוגלייך מיט דעם אידישען פאָלק.

**גָ'לוּת־לַאַנד**, הז. (מ. גָ'לוּת־לענ=דער). איינע פון די לענדער וואו די אידען זיינען פאַרטריבען.

**גָ'לוּת־מִצְרַ'יִם**, המ. די פאַרשקלאַ=פונג פון דעם אידישען פאָלק אין עגיפּטען.

**גָ'לוּת־סְפָ'רַד**, המ. די אַרויסטרייבונג (פון אידען) פון שפּאַניען.

**גַ'לָח**, המ. (מ. גַלָ'חִים). אַ קריסט=ליכער גייסטליכער, אַ פּריעסטער. "אַז מען דערמאָנט דעם מלאך קומט דער ג ל ח" (ווערטעל וואָס מע זאָגט ווען אומיצער קומט אַריין גראַד ווען מע האַלט אין ריידען פון איהם). "ביזט אַ חון זינג=זשע ביזט אַ ג ל ח קלינג=זשע" (ווער.).

**גַלְ'חִיש**, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון אַ גלח. ג ל ח'י ש ע ציפערען, לאַטיינישע ציפערען.

**גִלָּיוֹן [גִלְ'יוֹן]**, המ. (מ. גִלְיוֹ'נוֹת). דער ניט באַדרוקטער (אָדער ניט באַשריבענער) ראַנד פון אַ בוך (אָדער אַ מאַנוסקריפּט).

**גָ'לִיל**, אנמ. דער נאָמען פון אַ גע=וויסער פּראָווינץ אין פּאַלעסטינא, גאַלילעא.

**גְלִי'לָה**, הוו. (מ. גְלִי'לוֹת). דאָס צונויפראָלען פון דער ספר־תורה נאָכ'ן לייענען אין שוהל. געבען גלילה, באַעהרען אימיצען מיט גלילה.

**גָלְיַ'ת**, אנמ. דער נאָמען פון אַ גע־וויסען ריעז וועלכען דער קליינער דוד (ווז.) האָט געטייטעט, ווי די ביבעל דערצעהלט.

**גַם**, ב. אויך.

**גַם־זוּ־לְטוֹ'בָה**, (תלמודיש). דאָס איז אויך צום גוטען.

**גַם לִי גַם לָךְ לֹא יִהְ'יֶה**, (ביבליש). ניט צו מיר ניט צו דיר זאָל עס געהערען.

**גָ'מוּר**, אמ. (מ. גְמוּ'רִים; אוו. גְמוּ'רָה, מ. גְמוּ'רוֹת). פאָלקאָ־מען, פאָלשטענדיג.

**גְמִי'לוּת־חֶ'סֶד**, המ. (מ. גְמִי'לוּת־חֲסָ'דִים), (תלמודיש). וואָהל־טהעטיגקייט; אַ וואָהלטהאַט, אַ געפעליגקייט; געלט געבאָרגט אַלס געפעליגקייט.

**גְמִי'לוּת־חֶ'סֶד־שֶׁל־אֱ'מֶת**, הוו. די וואַהרע (אונאייגענניציגע) וואָהל־טהאַט, מיט דעם נאָמען ווערט אָנגערופען די באַערדיגונג פון א טויטען פון וועלכען מע קען קיין געגענזייטיגע געפעליגקייט ניט מעהר ערוואַרטען; בעערדיגונגס־פאַראיין.

**גְמִי'לוּת־חֲסָ'דִים**, המ. (תלמודיש). פאַראיין אָדער אַנשטאַלט צו לייהען אָרעמע געלט אָהן פראָצענט.

**גְמַר**, המ. שלוס, אָפשלוס; די לעצטע ענטשיידונג.

**גְמַר־חֲתִי'מָה־טוֹ'בָה**, המ. אַ לעצ־טע פאַרזיגעלונג צום גוטען, אַזוי ווינשט מען זיך ביי אידען אין די טעג צווישען ראש־השנה און הושענא־רבה.

**גְמָ'רָא**, הוו. (מ. גְמָ'רוֹת). דער־יעניגער טהייל פון תלמוד וועל־כער איז אַ קאָמענטאַר אָדער צו־לאָג צו דער משנה. זעה תַּלְ'מוּד; אַ'ן אָפטהיילונג, אַ טראַקטאַט אָדער אַ באַנד ענטהאַלטענדיג מעהרערע טראַקטאַטען, פון תלמוד.

**גְמָ'רָא־נִ'גוּן**, המ. אַ געוויסער האַלב־זינגענדער האַלב־דעקלאַמירענדער טאָן מיט וועלכען מע לערנט גע־וועהנליך דעם תלמוד.

**גְמָ'רָא־קאָפּ**, המ. (מ. גְמָ'רָא־קעפּ). שאַרפער קאָפּ.

**גַן־עֵ'דֶן**, המ. (מ. גַן־עֵ'דֶן'ס), (ביב־ליש). פאַראַדיעז, יענע וועלט. "אַליין איז אפילו אין גן־עדן אויך ניט גוט צו זיין" (שפוו.). "זיבען זיהן בריינגען א שטוהל אין גן־עדן זיבען טעכטער אין גיהנום" (שפוו.).

**גַן־עֵ'דֶן־הַתַּחְ'תּוֹן**, המ. דער אונ־טערשטער פאַראַדיעז, אַ געוויסער פאַראַדיעז וועלכער געפינט זיך, לויט דער לעגענדע, ערגעץ וואו אויף דער ערד.

**גְנַאי**, המ. באַליידיגונג, לעסטערונג, שאַנד. עס זאָל איהם צו גנאי ניט זיין, מיט רעספעקט צו איהם.

**גַ'נָב**, המ. (מ. גַנָ'בִים). דיעב, קעשעניק; שווינדלער. "אויף אַ

ג נ ב ברענט דאָס היטעל" (שפּוו.). "אַז מע דאַרף דעם ג נ ב שניידט מען איהם אָפּ פון דער תליה" (שפּוו.). "אַ ג נ ב מוז זיין אַ חכם" (שפּוו.). "אַ היימישען ג נ ב קען מען ניט אַיינהיטען" (שפּוו.). "אַז מע גיט דעם ג נ ב דעם שליסעל צו דער האַנד איז מען זיכער" (שפּוו.). "ניט יעדער אויף וועמען הינט בילען איז אַ ג נ ב" (שפּוו.). "מעהר ג נ ב י ם מעהר שטריק" (שפּוו.).

גְנֵ'בָה, הוו. (מ. גְנֵ'בוֹת). אַ גע־שטאָהלענע זאַך, אַ זאַך גענומען אָהן דעם אייגענטהימער'ס וויסען; דאָס נעהמען עפּעס אָהן דעם איי־גענטהימער'ס וויסען.

גַ'נָבִיטע, הוו. (מ. גַ'נָבִיטעס). זעה גַ'נָב.

גְנֵ'בִייש, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון אַ גנב; היטרע, מיט הינטער־שפּיצלעך.

גַנְ'ב'ען, גַנְ'ב'ענען, צא. צונעהמען פרעמדעס אייגענטהום אָהן דעם אייגענטהימער'ס וויסען. אַריינ־ג נ ב'ע ן־זיך, אַריינקומען אונ־באַמערקטערהייד. פאַר־ג נ ב'ע ן־זיך, זיך באַהאַלטען, זיך פאַר־בערגען. "אַז מע ג נ ב'ע ט אַ'ן איי האָט מען זיבען יאָהר דלות" (שפּוו.). "ג נ ב'ע ן און ראַ־בעווען זאָל מען און אַ'ן עהרלי־כער מאַן זאָל מען זיין" (שפּוו.).

גְנֵי'בָה, הוו. (מ. גְנֵי'בוֹת). זעה גְנֵ'בָה.

גַ'סָה, הוו. (מ. גַ'סוֹת). זעה בְּהֵ'מָה־גַ'סָה.

גְסִי'סָה, הוו. די לעצטע ליידען פאַר'ן טויט, טויט־מאַטערניס.

געִימַמְ'זֶר'ט, א. פאַרשפּיצט, היטרע, קונציג. זעה מַמְ'זֵר.

געִ'סְרָ'חָה, הו. געשטאַנק. "איט־ליכע משפּחה האָט איהר ג ע'־ס ר ח ה" (שפּוו.). זעה סְרָ'חָה.

גֵר [גֶר], המ. (מ. גֵ'רִים). איינער וועלכער האָט זיך באַקעהרט צו דער אידישער רעליגיאָן; אַ פרעמ־דער; אַ'ן עלענדער. "פאַר אַ ג ר טאָר מען קיין גוי ניט שילטען" (שפּוו.).

גֵר [גֶר]־צֶ'דֶק, המ. (תלמודיש). "אַ וואַהרער באַקעהרטער", איינער וועלכער האָט זיך באַקעהרט צו דער אידישער רעליגיאָן.

גַרְגֶ'רֶת, הוו. קעהל, גאָרגעל. אַריינקריכען אין די ג ר ג ר ת, דערעסען, דאַקוטשען.

גְרוֹגֶרֶת [גְרוֹגְ'רֶת]־דְרַ'בִּי־צָ'דוֹק, הוו. (תלמודיש). די פייג פון רבי־צדוק, פון וועלכען עס ווערט דערצעהלט אין דעם תלמוד אַז אין דער צייט פון דער באַלאַגע־רונג פון ירושלים האָט ער געלעבט בלויז מיט דעם וואָס ער פלעגט אויסשטאָקצען די זאַפט פון אַ פייג, אַ'ן אויסגעשטאָקצעטע פייג. אויסזעהן ווי אַ ג ר ו ג ר ת־ד ר ב י־צ ד ו ק, אויסזעהן דאַר און אָפּ־געצעהרט.

גָ'רוּש, המ. (מ. גְרוּ'שִים). אַ מאַן וועלכער האָט זיך געשיידט מיט

זיין פרוי. „אַ גרוש איז ניט קיין פרוש" (שפוו.).

גֵ'רוּש, הט. (מ. גֵרוּ'שִים). אַרויס⸗טרייבונג, פאַרטרייבונג. גרוש שפאַניען, די אַרויסטרייבונג (פון אידען) פון שפאַניען.

גְרוּ'שָׁה, הוו. (מ. גְרוּ'שוֹת). אַ פרוי וועלכע איז געשיידט פון איהר מאַן.

גֶר'טע, הוו. (מ. גֶר'טעס). איינע וועלכע האָט זיך באַקעהרט צו דער אידישער רעליגיאָן.

גֶ'שֶׁם, הט. (ליטורגיש). „רעגען", דאָס געבעט פאַר רעגען וואָס מע זאָגט ביי אידען אום סוכות.

גַשְ'מִיוּת, הוו. מאַטעריעלע זאַכען; מאַטעריאַליזמוס.

# ד.

ד, דער פיערטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף⸗בית; אין צעהלען גערעכענט אלס 4. זעה דַלֶת.

ד־ (צוגעשטעלט אין אָנהויב פון אַ העברעאישען וואָרט), פון. טוב דטוב, דאָס בעסטע פון די בעסטע. גרוגרת דרבי־צדוק, די פייג פון רבי־צדוק.

ד', אַ פאַרשטעלטע אַרט פון שרייבען "יהוה" (גאָט) און אויסגעשפראָ⸗כען הַשֵׁם (ווז.).

ד־אַ'מוֹת, הוו. מ. (תלמודיש). פיער איילען; קליינער, איינגער פלאַץ; נאָהענטע אומגעבונג. ניט געהן אין זיינע ד'־אמות, ניט האָבען מיט איהם קיין באַריה⸗רונג.

דַאֲ'גָה, הוו. (מ. דַאֲ'גוֹת). זאָרג, באַזאָרגטקייט. מיין באָבעס דאגה זאָל עס זיין, מיך קימערט עס ניט. „פרעמדע דאגות נעהמען ניט אוועק דעם שלאָף" (שפוו.).

דַאֲ'גָהין, דַאֲ'גָה'נען, צש. זאָרגען, זיין באַזאָרגט. — צא. פאַר'⸗דאגה'ן, פאַרזאָרגען. — פאַר'⸗דאגהט, פאַרזאָרגט, באַזאָרגט.

דְאַ'גַת־הַכְּלָל [הַכְּלַל'], הוו. (מ. דַאֲ'גוֹת־הַכְּלָל [הַכְּלַל']). דאָס זאָרגען פאַר די אינטערעסען פון דער געמיינדע, דעם פאָלק א.ד.ג.

דַאֲ'גַת־יָ'חִיד, הוו. (מ. דַאֲ'גוֹת־יָ'חִיד). די זאָרג פון אַ'ן איינצעל⸗נעם, פריוואַט־אינטערעס.

דַאֲ'גַת־פַּרְנָ'סָה, הוו. די זאָרג פון ערנעהרען זיך, די זאָרג פאַר לעבענס⸗מיטעל.

דַאֲ'גַת־צִ'בּוּר, הוו. (מ. דַאֲ'גוֹת־צִ'בּוּר). די זאָרג פון דער גע⸗מיינדע, אַ געמיינדע⸗זאַך.

דַאֲ'גַת־רַ'בִּים, הוו. (מ. דַאֲ'גוֹת־רַ'בִּים). זעה דַאֲ'גַת־הַכְּלָל.

דְ'בּוּק, הט. (מ. דְבּוּ'קִ'ם), (קאַבאַ⸗ליסטיש). אַ בייזער גייסט וועל⸗

כער געהט אַריין אין אַ מענשען.

דִ'בּוּר, המ. (מ. דִבּוּ'רִים). שפּראַך, אויסשפּראַך; געשפּרעך, רייד.

דְבוֹ'רָה, אנוו. דער נאָמען פון אַ געוויסער אידישער פראָפעטין דערמאָנט אין דער ביבעל.

דְבֵי'קוּת, הוו. זעה דְבֵ'קוּת.

דְבֵ'קוּת, הוו. באַהעפטונג (פון דעם מענשען צו גאָט), רעליגיעזע ענטציקונג, עקסטאַז.

דְבֵ'קִ'ען־, דְבֵ'קִ'ענען־זיך, צוו. אַריינקומען אין רעליגיעזען עקסטאַז, מאַכען מינעם און באַוועגונגען פון אַ רעליגיעזען עקסטאַז.

דֶ'בֶר, המ. פעסט, איינע פון די עשר מכות (ווז.).

דָ'בָר, המ. (מ. דְבָ'רִים). אַ וואָרט; אַ זאַך.

דָ'בָר־אַ'חֵר, המ. (מ. דְבָ'רִים־אֲחֵ'רִים), (תלמודיש). 1) "אַן־אַנדער זאַך" (אַ געגענשטאַנד וועמעס נאָמען מע דאַרף ניט דערמאָנען), אַ שוויין; 2) אַ גראָבע עקעלהאַפטע פערזאָן.

דָ'בָר־אַ'חֵר בְּיַד־חֲזָ'קָה, (ליטוויש). אַ שוויין נעהמט מיט שטאַרקער האַנד, ד. ה. מיט געוואַלט (דבר־אחר ווערט דאָ שפּאַסהאַפט געברויכט אין דעם זין פון "שוויין" וועהרענד אין דעם טעקסט האָט עס די באַדייטונג פון "אַנ'אַנדער זאַך", אַנ'אַנדער מיינונג).

דָ'בָר־אַ'חֵ'רִיטע, הוו. (מ. דָ'בָר־אַ'חֵ'רִיטעס). זעה דָ'בָר־אַ'חֵר 2).

דַ'בֵּר אֶל הָעֵ'צִים וְאֶל הָאֲבָ'נִים, (ביבליש: וַיְדַבֵּר עַל הָעֵצִים). רעד צו די פלעקער און צו די שטיינער, ד. ה. קיינער וויל ניט הערען אָדער פאַרשטעהן.

דָ'בָר־אָ'סוּר, המ. (מ. דְבָ'רִים־אֲסוּ'רִים). אַ פאַרבאָטענע זאַך.

דָ'בָר־בְּעִ'תּוֹ, המ. (ביבליש). אַ זאַך אין דער צייט.

דָ'בָר־הַיָדוּ'עַ, המ. אַ באַוואוסטע זאַך.

דָ'בָר־חָ'דָשׁ, המ. אַ נייע זאַך, אַ נייער אויפטהו.

דְבַר־חָכְ'מָה, המ. (מ. דִבְ'רֵי־חָכְ'מָה). אַ קלוג וואָרט, אַ'ן איינפאַל.

דָ'בָר־נִפְ'לָא, המ. (מ. דְבָ'רִים־נִפְלָ'אִים). אַ וואונדערליכע זאַך.

דְבַר־פֶּ'לֶא, המ. אַ וואונדערליכע זאַך.

דְבַר־שׁוֹ'רֶשׁ, המ. (ביבליש: שׁוֹרֶשׁ־דָבָר). דער וואָרצעל, דער גרונד פון דער זאַך. "אַז דער אדון וויים שוין פון כל דברי־שורש העלפט שוין ניט מעהר קיין חורש" (שפּוו.).

דְבַר־תּוֹ'רָה, המ. (מ. דִבְ'רֵי־תּוֹ'רָה (תוֹ'רוֹת)), (תלמודיש). אַ'ן אויסטייטשונג פון אַ ביבלישען אָדער תלמודישען טעקסט, אַ שטיקעל דרוש (ווז.).

דִבְ'רֵי־הַיָ'מִים, המ. מ. "די פאַסירונגען פון די צייטען", דער נאָ־

מען פון אַ געוויסען ביבלישען בוך (אײנגעטהײלט אין צװײ טהײלען, פון װעלכע דער ערשטער הײסט "דברי־הימים א.", און דער צװײטער — "דברי־הימים ב.").

דְבָ'רִים, הס. דער נאָמען פון דעם פינפטען בוך פון חומש (װז.); הװ. דער נאָמען פון דער פיער און פיערציגטער סדרה (װז.).

דְבָ'רִים־בְּטֵ'לִים, הס. מ. (תלמודיש). פוסטע זאַכען, פוסטע רייד.

דַבְּ'רָן, הס. (מ. דַבְּרָ'נִים). רעדנער.

דַ'בְּר'ען, צש. רעדען.

דָ'גוּשׁ, הס. (מ. דְגוּ'שִׁים). אַ פינטעלע אין אַ בוכשטאַב, אַ געװיסער העברעאישער אױסשפראַך־צייכען.

דָ'גִים, הס. מ. פיש; דער אַסטראָנאָמישער צייכען פון דעם שטערען־קרײז פאַר דעם מאָנאַט אדר. זעה מַזָּ'ל.

דֶ'גֶל, הס. (מ. דְגָ'לִים). פאָהן.

דַ'דִּים, מ. ברוסט.

דְהַיי'נוּ, או. (תלמודיש). צום בײשפיעל, נעמליך, דאָס הײסט.

דוּגְ'מָא, הװ. (מ. דוּגְמָ'אוֹת). אַ בײשפיעל.

דָ'וִד, אנמ. דער נאָמען פון דעם אידישען קיניג צו װעלכען דער תהלים װערט צוגעשריבען.

דָ'וִד־הַמֶּ'לֶךְ (הַמ'לֶךְ), אנמ. דער קיניג דוד (װז.).

דוֹ'דִי, הס. מײן אָנקעל.

דוֹ'דָ'תִי, הװ. מײן מוהמע.

דַוְ'קָא, או. זעה דַוְ'קָא.

דוֹ'חֶה־זײן, צא. אָפּשטױסען, קומען פריהער פאַר, זײן װיכטיגער פון. פקוח־נפש איז דוחה שבת, ראַטעװען אַ לעבען איז װיכטיגער װי אָפּהיטען שבת.

דוֹ'חַק, הס. נױטה, מאַנגעל.

דוֹ'כָן'נען, צש. שטעהן (פון די כהנים) בײ דעם ארון־קודש מיט דעם געזיכט צו דעם פאָלק און מיט די הענד אױפגעהױבען אין דער הויך און בענשען דאָס פאָלק (אין געװיסע אידישע פײערטעג); שטעהן פאַרטראַכט.

דוֹ'כָס, הס. (דוּכְ'סִים). הערצאָג.

דוֹ'פֶק, הס. פולס.

דַוְ'קָא, או. (תלמודיש). גראַד, גראַד פאַרקעהרט.

דוֹר (דָ'ר), הס. (מ. דוֹ'רוֹת). געשלעכט, צײטאַלטער, פעריאָדע.

דוֹר (דָ'ר)־דוֹ'רוֹת, הס. מ. אַ לאַנגע רײהע פון יאָהרען.

דוֹר־הַמַּ'בּוּל, הס. (תלמודיש). דאָס געשלעכט װאָס איז אונטערגעגאַנגען אין דער פאַרפלײצונג (זינדפלוטה), װי די ביבעל דערצעהלט.

דוֹר־הַמִּדְ'בָּר, הס. (תלמודיש). די אידען װעלכע משה האָט געפיהרט דורך דער װיסטע.

דוֹר־הַפְּלָ'גָה, הס. (תלמודיש). די מענשען װעלכע האָבען געבױט דעם טהורעם פון בבל.

דו'רֶם־זיין, צא. פאַרצוקען, צוריי־סען.

דו'רֶש־טוב, המ. (ביבליש). איינער וואָס זוכט צו טהון גוטס (פאַר אנדערע).

דְחָק [דְחַק], או. נויטה.

דַחְ'קוּת, הוו. נויטה, מאַנגעל, אָרעמקייט.

דַי־וְהו'תֵר, או. (ביבליש). גענוג אוּן צום איבערבלייבען, מעהר ווי גענוג.

די'בּוּק, המ. (מ. דִיבּוּ'קִים). זעה דִ'בּוּק.

די'בּוּר, המ. (מ. דִיבּוּ'רִים). זעה דִ'בּוּר.

דַ'יָין, המ. (מ. דַיָ'נִים). זעה דַ'יָן.

דִימְ'יוֹן, המ. (מ. דִימְיוֹ'נוֹת). זעה דִמְ'יוֹן.

דין, המ. (מ. דִי'נִים). געזעץ, פאָר־שריפט, רעגעל.

דַ'יָן, המ. (מ. דַיָ'נִים). אַ ריכטער, אַ ראַבינער אָדער געלעהרטער פאַר וועלכען עס ווערען פאָרגעבראַכט געלטליכע אָדער רעליגיעזע פראַ־גען. "אַ הונט טאָהר קיין דין ניט זיין" (שפוו.).

דִין־וְחֶשְׁ'בּוֹן, המ. (תלמודיש). באַ־ריכט, רעפּאָרט. פראָטאָקאָל, אויס־קונפט, רעכענונג.

דִין־תּוֹ'רָה, המ. (מ. דִין־תּוֹ'רָה'ס), (תלמודיש). אַ פּראָצעס פאַר אַ אידישען געריכט.

דַ'יָנוּת, הוו. דאָס אַמט, די שטעלע פון אַ דַיָן (ווז.).

די'גֵי־גוֹיִים [גֶ'יִים], המ. מ. ציוויל־און קרימינאַל־געזעצען פון ניט־אידען.

די'נֵי־מָ'מוֹנוֹת, המ. מ. (תלמודיש). געלט־זאַכען, ציוויל־געזעצען.

די'נֵי־נְפָ'שׁוֹת, המ. מ. (תלמודיש). קרימינאַל־זאַכען, קרימינאַל־גע־זעצען.

דֵי'עָה, הוו. (מ. דֵי'עוֹת). זעה דֵ'עָה.

דֵי'קָא, או. זעה דַוְ'קָא.

דִיקְ'דוּק, המ. זעה דִקְ'דוּק.

די'רָה, הוו. (מ. דִי'רוֹת). וואָהנונג. ד י ר ה ־געלט, וואָהנ־געלט. "אַ'ן אָרעמאַן האַט קעסט אין די הייזער און ד י ר ה אין הקדש" (שפוו.).

דַל, המ. (מ. דַ'לִים). אַ'ן אָרעמאַן.

דַל־גֵ'אֶה, המ. (תלמודיש). אַ שטאָל־צער אָרעמאַן.

דַ'לֶד, המ. (מ. דַ'לֶד'עֶן). זעה דַלֶת.

דַ'לוּת, המ. (מ. דַלֵ'יתִים *). אַ'ן אָרעמאַן.

דַ'לוּת, הוו. אָרעמקייט. "אַ ריינער אָרעמאַן איז אַ שענער ד ל ו ת" (שפוו.). "בעסער צעהן שלעסער איידער איין ד ל ו ת" (שפוו.). "ד ל ו ת מאַכט פּסלות" (שפוו.). "ד ל ו ת קאָך לאָקשען, ניטאָ קיין אייער" (שפוו.). "דער ד ל ו ת לעגט זיך צוערשט אויפ'ן

פנים" (שפוו.). "נויטת ברעכט אייזען, ד ל ו ת ברעכט שלעסער" (שפוו.).

דְלִי, הם. "א'ן עמער", דער אַסטראָ־נאָמישער צייכען פון דעם שטערען-קרייז פאַר דעם מאָנאַט שבט. זעה מַזָל.

דַלְ'פוֹן, אנם. דער נאָמען פון איי־נעם פון המנ'ס צעהן זיהן; הם. אָרעמאַן (מ. דַלְפוֹ'נים [דַלְפָ'נִים]). אַ ד ל פ ו ן ווי אין פסוק שטעהט, אַ גרויסער אָרעמאַן.

דַלֶת [דַ'לֶד], הם. (מ. דַלֶת'יען [דַ'לֶד'יען]). דער נאָמען פון דעם פיערטען בוכשטאַב (ד) פון דעם אידישען אַלף־בית.

דָם [דַם], הם. (מ. דָ'מִים). בלוט; די מאָנאַטליכע (ביי פרויען), מענסטרואַציאָן; איינע פון די עשר מכות (ווז.). די ד מ י ם זיינען איהם איינגעפאַלען, ער האָט זיך דערשראָקען.

דַם־שׂוֹ'נֵא, הם. (מ. דַם־שׂוֹנְאִים [שָׂנְ'אִים]). אַ בלוטיגער פיינד.

דִמְ'יוֹן, הם. (מ. דִמְיוֹ'נוֹת). פאַר־גלייך; איינבילדונג, פאָרשטעלונג, פאָרשטעלונגס־קראַפט.

דָ'מִים, הם. מ. געלט.

דָן, אנם. דער נאָמען פון איינעם פון יעקב'ס צוועלף זיהן; דער שטאַם וועלכער קומט אַרויס פון דן.

דָן לְכַף [דַן־לְכַף]־זְכוּת־זיין, צא. (תלמודיש). אורטהיילען צום גו־טען, פאַרטהיידיגען.

דָנִ'יֵאל, אנם. דער נאָמען פון אַ געוויסען פראָפעט פון וועלכען די ביבעל דערצעהלט אַז דער קעניג פון בבל האָט איהם געלאָזט אַריינ־וואַרפען אין אַ לייבען־גרוב און ער ער איז אויף אַ וואונדערבאַרע אַרט געבליבען לעבען; דער נאָמען פון דעם ביבלישען בוך וואָס ענט־האַלט די פראָפעצייהונגען פון דניאל.

דֵ'עָה, הוו. (מ. דֵ'עוֹת). פאַר־שטאַנד, מיינונג; שטים, אויטאָ־ריטעט, איינפלוס; געדאַנק, זין. זיך שלאָגען מיט דער ד ע ה, זיך ניט קענען באַשליסען. "ווי־פיעל קעפּ אַזוי פיעל ד ע ו ת" (שפוו.).

דער־, די באַדייטונג פון אַלע העב־רעאישע ווערטער מיט דעם אי־דישען פאָרוואָרט "דער" (וועלכע געפינען זיך ניט דאָ) מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

דער־בַגְ'ז'ען, דער־בַגְ'ז'ענען, צא. דערבייזערען, איינבייזערען, אַריינ־ברייננגען אין צאָרן.

דַ'עַת, הם. פאַרשטאַנד, פאַרנונפט.

דַעְ'תָן, הם. אַ מענש מיט געזעצטע מיינונגען, אַ מאַן מיט אַ שטאַרקען ווילען.

דַף, הם. (מ. דַ'פִּים). אַ בלאַט (פון אַ בוך).

דְפוּס, הם. דרוק, דרוקעריי.

דְצַ"ךְ־עַדַשׁ־בְּאַחַ"ב', אב. דָם, צְפַרְדֵ'עַ, כִּ'נִים, עָ'רוֹב,

דֶ'בֶר, שְׁחִין, בָּ'רָד, אַרְ'בֶּה, חֹ'שֶׁךְ, מַ'כַּת-בְּכוֹ'רוֹת (בלוט, פרעש, לייז, אַנשיקעניש פון טהיערען, פעסט, קרעץ, האָגעל, היישעריק, פינסטערניס און דאָס אויסשטאַרבען פון די ערשט-גע=באָרענע), די צעהן פּלאָגען וואָס גאָט האָט אָנגעשיקט אויף די עגיפּטער כדי זיי זאָלען אַרויס=לאָזען דאָס אידישע פּאָלק פון זייער לאַנד, ווי די ביבעל דער=צעהלט. זעה עֶ'שֶׂר־מַ'כּוֹת.

דִקְ'דוּק, הם. די רעגעלען און גע=זעצען פון אַ שפּראַך (געוועהנליך פון דער העבּרעאישער שפּראַך), גראַמאַטיק.

דִקְ'דוּק־סֵ'פֶר, הם. (מ. דִקְ'דוּק־סְפָ'רִים). אַ גראַמאַטיק.

דִקְדוּ'קֵי־עֲנִ'יוּת, הם. מ. (תלמודיש). קליינליכע גענויאיגקייטען.

דַרְ'גָא, הוו. (מ. דַרְ'גוֹת). אַ טרעפּ, אַ שטופע. דרגות־ווייז, שטופען=ווייז, ביסליך=ווייז.

דַרְ'דְקֵי־מְלַ'מֵד, הם. (מ. דַרְ'דְקֵי־מְלַמְ'דִים). אַ לעהרער פון קליינע קינדער.

דָ'רוֹם, הם. זיד.

דְרוּ'שׁ, הם. (מ. דְרוּ'שִׁים). אויס=טייטשונג פון אַ ביבלישען אָדער תלמודישען טעקסט ניט לויט דער ווערטליכער באַדייטונג. זעה פְּשָׁט; רעדע, פּרעדיגט, פּאָר=טראַג.

דְרִי'סַת־הָרֶ'גֶל, הם. (תלמודיש). אַ'ן איינטריט, דאָס רעכט אַריינ=צוטרעטען.

דְרִי'שָׁה־וַחֲקִירָ'ה [וּחֲקִי'רָה], הוו. (מ. דְרִי'שׁוֹת־וַחֲקִי'רוֹת [וּחֲקִי'רוֹת]). "נאָכזוכונג און נאָכפאָרשונג", אויספאָרשונג, פאַרהער.

דֶ'רֶךְ, הם. (מ. דְרָ'כִים). וועג; גאַנג, שטייגער, אַרט, מאַניער. נעהמען דעם דרך, אַוועקגעהן, זיך אָפּטראָגען. געבען דעם דרך, הייסען געהן. פאַרגעהן אין הויכע דרכים, זעהר ווייט פאַרגעהן.

דֶ'רֶךְ־אַ'גַב, או. זעה בְּדֶ'רֶךְ־אַ'גַב.

דֶ'רֶךְ־אֶ'רֶץ, הם. (תלמודיש). גוטע אויפפיהרונג, שענע מאַניערען, סטאַטעק.

דֶ'רֶךְ־הַיָ'שָׁר, הם. דער גלייכער (גאָט=פאָרכטיגער) וועג.

דֶ'רֶךְ־הֲלָ'צָה, או. זעה בְּדֶ'רֶךְ־הֲלָ'צָה.

דֶ'רֶךְ־מָ'שָׁל, או. זעה בְּדֶ'רֶךְ־מָ'שָׁל.

דַרְכֵי [דַרְ'כֵּי]־שָׁ'לוֹם, הם. מ. (תל=מודיש). די וועגען פון פריעדען. פון דרכי־שלום וועגען, אום אָנצוהאַלטען אָדער צו מאַכען פריעדען.

דְרַ'שׁ [דְרַשׁ], הם. אויסטייטשונג פון אַ ביבלישען אָדער תלמודישען טעקסט ניט נאָך דער ווערטליכער באַדייטונג. זעה פְּשָׁט.

דְרָ'שָׁה, הוו. (מ. דְרָ'שׁוֹת). רעדע, פּרעדיגט, פּאָרטראַג (געוועהנליך פון אַ רעליגיעזען אינהאַלט).

**דְרָ׳שָׁה־געשאַנק**, הם. אַ געשאַנק וועלכען מע גיט די ניי=פאַרהיי=ראַטהעטע צו זייער האָכצייט (דער אויסדרוק קומט פון דעם וואָס פאַרצייטען פלעגט זיין אַ מאָדע אַז דער חתן פלעגט האַלטען אַ דרשה נאָך דער חופה). "מע מיינט ניט די דרשה נאָר די בקשה" (ווער.).

**דַרְ׳שָׁן**, הם. (מ. דַרְ׳שָׁ׳נִים). רעד=נער, פרעדיגער, זאָגער.

**דַרְ׳שׁ׳ען**, **דַרְ׳שׁ׳ענען**, צש. רעדען, פרעדיגען, זאָגען.

# ה.

**ה**, הם. דער פינפטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית. אין אָנ=הויב אָדער אין מיטען פון אַ וואָרט אויסגעשפראָכען ווי אין "האָבען", אין ענד פון אַ וואָרט — שטום; אין צעהלען גערעכענט אַלס 5. זעה הֵא.

**ה־** (צוגעשטעלט אין אָנהויב פון אַ וואָרט), דער, די. המלך, דער קעניג. האשה, די פרוי. הנשמות, די זעלען.

**ה׳**, פאַרקירצטע אַרט פון שרייבען דאָס וואָרט יְהֹוָה (ווז.).

**הֵא**, הם. (מ. הֵא׳ען). דער נאָמען פון דעם פינפטען בוכשטאַב (ה) פון דעם אידישען אַלף־בית. "ער גיט זיין פערד צו עסען דעם הא פון סדור" (ווער.).

**הָא־לַחְ׳מָא־עַנְ׳יָא**, (ליטורגיש). "אָט איז דאָס אָרעמע ברויט", די ערשטע ווערטער פון דער הגדה.

**הָאו׳חֵז־בַּיַד**, הם. (ליטורגיש). "דער וועלכער האַלט אין דער האַנד", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געוויסען געבעט וואָס מע זאָגט אום ראש־השנה. "האוחז־ביד איז די בעסטע תפלה" (שפ״ו.). "האוחז־ביד שלום בקעשענע" (שפוו.). "האוחז־ביד שטעהט גרויס געשריבען" (שפוו.).

**הַאֲזִי׳נוּ**, הוו. די דריי און פופציג=סטע סדרה (ווז.).

**הֶבְ׳דֵל**, הם. אונטערשייד.

**הַבְדָ׳לָה**, הוו. (מ. הַבְדָ׳לוֹת). דער זעגענשפרוך וועלכען מע זאָגט ביי אידען שבת=צו=נאַכט; אַ געפלאָכ=טען וואַקס=ליכט וואָס מע צינדט אָן ווען מע זאָגט די הבדלה; אַ געפלאָכטען וואַקס=ליכט.

**הַבְטָ׳חָה**, הוו. (מ. הַבְטָ׳חוֹת). פאַרזיכערונג, פאַרשפרעך, צוזאָג.

**הֶ׳בֶל**, אנמ. דער נאָמען פון אָדם־הראשון׳ס צווייטען זוהן וועל=כען זיין עלטערער ברודער קין האָט ערמאָרדעט, ווי די ביי=בעל דערצעהלט.

הֶ'בֶל, הם. (מ. הֲבָ'לִים). פוסטע זאַך, נאַרישקייט, אַבערגלויבען.

הֲבֵל'־הֲבָ'לִים, הם. (ביבליש). גאָרנישט מיט גאָרנישט, אַ פוסטע זאַך.

הֲבָ'לִיוּת, הוו. נאַרישקייטען, פוסטע זאַכען.

הֲבָ'נָה, הוו. פאַרשטאַנד, פאַרשטענדניס.

הַבַּעַ"ל, אב. הַבָּא' (מ. הַבָּ'אִים; וו. הַבָּ'אָה, מ. הַבָּ'אוֹת) עָלֵי'נוּ לְטוֹ'בָה, אם. (ליטורגיש). דער וועלכער וועט קומען אויף אונז צום גוטען, דער צוקינפטיגער.

הֲבָ'רָה, הוו. (מ. הֲבָ'רוֹת). אויסשפראַכע.

הַגְבֵּהַ [הַגְ'בֵּהַ], הַגְבָּ'הָה, הוו. (מ. הַגְ'בֵּהִ'ים). דאָס אויפהויבען פון דער ספר־תורה נאָכ'ן לייענען איידער מע וויקעלט זי צונויף. געבען הגבה, באַעהרען (אומיציען) מיט הגבה.

הַגָ'דָה, הוו. (מ. הַגָ'דוֹת). די זאַמלונג פון געבעטען, ביבלישע זאַצען, תלמודישע ערקלעהרונגען ערצעהלונגען און לעגענדען וועלכע מע זאָגט ביי אידען אין די ערשטע צוויי נעכט פון פסח; דאָס בוך וואָס ענטהאַלט די גאַנצע־דיענסט פון סדר. "ער מיינט ניט די הגדה נאָר די קניידלעך" (ווער.).

הֲגָ'הָה, הוו. (מ. הֲגָ'הוֹת). דורכזעהונג, אויסבעסערונג (פון אַ טעקסט); אָנמערקונג.

הַגְזָ'מָה, הוו. (מ. הַגְזָ'מוֹת). איבערטרייבונג.

הֲגַם', ב. אָבוואָהל, ווען אויך, כאָטש.

הִ'דוּר, הם. פאַרשענערונג, פאַרפוצונג.

הִ'דוּר־הַכָּ'בוֹד, הם. אַכטונג, רעספעקט, פאַרעהרונג.

הֶדְ'יוֹט, הם. (מ. הֶדְיוֹ'טִים). אַ פראָסטער מענש, אַ פראָסטאַק.

הַדְלָ'קַת־הַנֵר', הוו. (תלמודיש). די צערעמאָניע פון אָנצינדען און בענטשען ליכט פרייטאָג פאַר נאַכט.

הָ'דָס, הם. (מ. הֲדַ'סִים). אַ מירט, דאָס מירטענצווייגעל וואָס מע בינדט־צו צו דעם לולב; אַ געפעס פון זילבער אָדער אַ'ן אַנדער מעטאַל אָנגעפילט מיט געווירצען פון וועלכע מע שמעקט זאָגענדיג הבדלה (ווז.).

הַדְפָּסָה [הַדְפָּ'סָה], הוו. דאָס דרוקען (פון אַ בוך).

הַדְרָ'גָה, הוו. דאָס שטייגען אָדער ענטוויקלען זיך פון שטופע צו שטופע.

הַדְרָ'כָה, הוו. ערציהונג.

הַדְ'רָן, הם. אַ שאַרפזיניגער תלמודישער פאָרטראַג וועלכער ווערט געהאַלטען ביים ענדיגען דאָס שטודיום פון אַ טראַקטאַט פון תלמוד און וועלכער בעשטעהט געוועהנליך אין דער צוזאַמענקניפּונג פון דעם לעצטען זאַץ פון דעם געענדיגטען טראַקטאַט מיט דעם ערשטען זאַץ פון דעם נעכסטען טראַקטאַט.

הַדְ'רַת־פָּ'נִים, הוו. אַ שענעם אויסזעהן, אַ שענע אסאָבע.

הו'דו, המ. (ליטורגיש). "דאַנקט", דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון אַ געוויסען געבעט וואָס מע זאָגט אין מאָרגענדיגען דאַווענען; אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען לאַנד דערמאָנט אין דער ביבעל. "זאָגט ער פלייש זאָגט זי פיש זאָגט ער הודו זאָגט זי כּוש" (ווער.).

הוֹדָ'עָה, הוו. (מ. הוֹדָ'עוֹת). באַקאַנטמאַכונג, רעקלאַמע, אַנאָנסע.

הַוָּ'יָה, המ. גאָט (דאָס וואָרט איז אַ'ן איבערשטעלונג פון די בוכשטאַבען יְהֹוָה, ווז.).

הוֹ'לֵךְ־רָ'כִיל, המ. (ביבליש). באַרוידער, פּאַרליימדער.

הוֹ'לֵכ'ען, צש. אַוועקגעהן, זיך אָפּטראָגען.

הוֹן, המ. אַ פאַרמעגען.

הוֹן־רַב, המ. אַ גרויס פאַרמעגען.

הוֹן־עָ'צוּם, המ. אַ גרויס פאַרמעגען.

הוֹסָ'פָה, הוו. (מ. הוֹסָ'פוֹת). אַ צולאָג, אַ ביילאַגע; אַ העכערונג (פון געהאַלט).

הוֹצָ'אָה, הוו. (מ. הוֹצָ'אוֹת). אויסגאַבע, אומקאָסטען; דאָס אַרויסנעהמען די ספר־תורה פון דעם אָרון־קודש פאַר'ן לייענען, אויסנעמענים. געבען הוצאה, באַעהרען (אימיצען) מיט אויסנעמענים.

הוֹצָ'אוֹת־הַדֶּ'רֶךְ, הוו. מ. רייזעקאָסטען.

הוֹצָ'אוֹת־קְטַ'נוֹת, הוו. מ. קליינע אויסגאַבען.

הוֹ'קַר־רַגְ'לְךָ, (ביבליש). מאַך זעלטען דיין פוס (אין דעם הויז פון דיין פריינד). "אלע הויקערס זיינען קרום אויסער הוקר־רגלך" (שפּוו.).

הוֹ'רֵג *, המ. זעה הָ'רוֹג.

הוֹ'רֵג־נֶ'פֶשׁ, המ. (ביבליש). מערדער.

הוֹ'רֵג'ען, צא. מערדערליך שלאָגען.

הוֹשֵׁ'עַ, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען ביבלישען פּראָפעט; דאָס ביבלישע בוך וואָס ענטהאַלט די פּראָפעצייהונגען פון הושע.

הוֹשַׁעְ'נָא, הוו. (מ. הוֹשַׁעְ'נוֹת). "אָ, העלף", דאָס אָנהויב= און ענד=וואָרט פין געוויסע געבעטען וועלכע מע זאָגט אום הושענא־רבה; אַ ווערבע=ריטעל וואָס מע שלאָגט אָן דער ערד אום הושענא=רבה זאָגענדיג דערביי די געבעטען פון הושענא. אָפּגעשלאָגענע הושענא, אַ זאַך וועלכע טויג ניט מעהר.

הוֹשַׁעְ'נָא־רַ'בָּה, המ. דער זיבּעטער טאָג פון סוכות.

הוש"ר, אב. הוֹשַׁעְ'נָא־רַ'בָּה (ווז.).

הִזָּ'הֵר־וְהִזָּ'הֵר, היט זיך און היט זיך, זיי זעהר פּאָרזיכטיג.

הַזְהָ'רָה, הוו. (מ. הַזְהָ'רוֹת). וואָרנונג.

הֶ'זֵּק, המ. (מ. הֶזֵּ'קוֹת). שאַדען, פּאַרלוסט.

הַזְכָּ֫רַת־נְשָׁ֫מוֹת, הוו. „די דער־מאָנונג פון די זעעלען", אַ געבעט וואָס מע זאָגט פאַר די זעעלען פון די טויטע.

הַזְמָ֫נָה, הוו. (מ. הַזְמָ֫נוֹת). רוף־צעטעל, פאָוועסטקע.

הַחְלָ֫טָה, הוו. (מ. הַחְלָ֫טוֹת). באַ־שלוס, רעזאָלוציאָן.

הִ֫ידוּר, המ. זעה הִ֫דוּר.

הַ֫יּוֹם, המ. (ליטורגיש). „היינט", דאָס ערשטע וואָרט מיט וועלכען עס הייבט זיך אָן יעדער פערז פון אַ געוויסען געבעט וואָס מע זאָגט אום ראש־השנה צום ענד פון דאַוונען. קומען נאָך אַלע היום׳ס, קומען זעהר שפּעט.

הֲ֫יוֹת׳, או. אין אנבעטראַכט אַז, אַזוי ווי.

הֵ֫יכָא־תִּמְ֫צָא, (תלמודיש). „וואו וועסטו עס געפינען?", ווי קען דאָס זיין? ווי איז עס מעגליך?

הֵ֫יכָל, המ. טעמפּעל, דער הייליגער טעמפּעל (פּאַרצייטען ביי אידען).

הַ֫יֶּלֶד־אֵ֫ינֶנּוּ, (ביבליש). „דאָס קינד איז ניטאָ", ער איז אַנטלאָ־פען.

הִ֫ילוּךְ, המ. זעה הִ֫לוּךְ.

הִילְ֫כְתָא, הוו. (מ. הִילְ֫כְתוֹת), (תלמודיש). זעה הִלְ֫כְתָא.

הִ֫יפּוּךְ, הֵ֫יפֶךְ, המ. זעה הֵ֫פֶךְ.

הִירְ֫הוּר, המ. (מ. הִירְהוּ֫רִים), (תלמודיש). זעה הִרְ֫הוּר.

הֲיִתָּ֫כֵן, קען עס דען זיין? איז עס מעגליך?

הַכְבָּ֫דָה, הוו. (מ. הַכְבָּ֫דוֹת). באַ־שווערונג, באַלעסטיגונג.

הַכְחָ֫שָׁה [הַכְּחָ֫שָׁה], הוו. (מ. הַכְחָ֫שׁוֹת [הַכְּחָ֫שׁוֹת]). אָפּלייק־ענונג, פאַרלייקענונג.

הַ֫כֹּל־בַּאֲ֫שֶׁר־לַ֫כֹּל, או. אַלץ מיט אַנאַנדער, אין גאַנצען.

הַ֫כֹּל־הֶ֫בֶל, (ביבליש). אַלצדינג איז פּוסטקייט (נאַרישקייט). „הכל־הבל און גע׳הבל׳ט מוז דאָך ווערען" (שפּוו.).

הַכְּלָ֫ל׳, או. די הויפּטזאַך איז, דער רעזולטאַט איז, אַלזאָ.

הֲכָ֫נָה, הוו. (מ. הֲכָ֫נוֹת). פאָר־באַרייטונג, צובאַרייטונג.

הַכְנָ֫סָה, הוו. (מ. הַכְנָ֫סוֹת). איינ־נאַהמע, איינקונפט, איינטראַג; דאָס אַריינשטעלען די ספר־תורה צוריק אין אָרון־קודש נאָכ׳ן ליי־ענען. געבען הכנסה, באַ־עהרען (אומיצען) מיט אַריינשטע־לען די ספר־תורה אין אָרון־קודש. „אָהן הוצאה איז קיין הכנסה ניטאָ" (שפּוו.).

הַכְנָ֫סַת־אוֹרְחִים [אָרְ֫חִים], הוו. (תלמודיש). דאָס אויפנעהמען פרעמדע, גאַסטפריינדליכקייט; אַ׳ן אַנשטאַלט וואו עס ווערען אויפ־גענומען אָרעמע פרעמדע.

הַכְנָ֫סַת־כַּ֫לָּה, הוו. (תלמודיש). דאָס אויסהעלפען אַ׳ן אָרעם מיי־דעל מיט געלט אָדער אויסשטייער אום זי צו פאַרהייראַטהען.

הַכְנָ֫עָה, הוו. אונטערטהעניגקייט, נידערגעשלאָגענקייט.

הַכְּצַעֲקָ'תָה, (ביבליש). צי איז טאַקי (די זאַך אַזוי) ווי דאָס געשריי איז.

הֶכְ'רֵח, המ. נויטהווענדיגקייט.

הֶכְרֵ'חִיוּת, הוו. אַ נויטהווענדיגקייט, אַ נויטהווענדיגע זאַך.

הַכְרָ'עָה, הוו. (מ. הַכְרָ'עוֹת). אַ צולאָג (צום געוויכט אָדער צו דער מאָס); אַ קאָמפּראָמיס, אַ'ן ענטשיידונג.

הֶכְ'שֵׁר, המ. (מ. הֶכְשֵׁ'רִים). אַ דאָקומענט, אַ צייגניס אויף כשרות (ווז.).

הַלְבָּ'שָׁה, הוו. באַקליידונג, אויס־קליידונג.

הַלְוָ'אָה, הוו. (מ. הַלְוָ'אוֹת). פאַר־לייהונג, פאַרבאָרגונג (פון געלט), באָרג.

הַלְוַאי', אר. (תלמודיש). ניעהאַי, איך ווינש אַז.

הַלְוָ'יָאָה, הוו. (מ. הַלְוָ'יאוֹת). זעה הַלְוָ'אָה.

הַלְוַואי', אר. זעה הַלְוַאי'.

הַלְוָ'יַית (הַלְוָ'יַת)־הַמֵּת', הוו. (תל־מודיש). דאָס באַגלייטען דעם טויטען צו דעם פּלאַטץ פון זיין בעערדיגונג.

הִ'לּוּךְ, המ. אַ גאַנג, מאַניער פון געהן; מאַניער פון געהן געקליי־דעט, קליידונג.

הֹ'לֵךְ־יֵ'לֵךְ, (ביבליש). ער וועט געהן. "דער הלך ילכ'ט ניט" (ווער. — ד. ה. די זאַך געהט ניט).

הָ'לַךְ־לְעוֹלָ'מוֹ, (ליטורגיש). ער איז אַוועק אויף זיין וועלט, ער איז געשטאָרבען. ער איז שוין אַ הלך־לעולמו, ער איז טויט.

הֲלָ'כָה, הוו. (מ. הֲלָ'כוֹת). אַ גע־זעץ, אַ פאָרשריפט; דעריעניגער טהייל פון תלמוד וואָס באַשטעהט פון געזעצען און רעליגיעזע פאָר־שריפטען און אונטערשיידעט זיך פון דער אגדה. זעה תַּלְ'מוּד.

הַלְ'כִיעֶן, הַלְ'כִיענען, צש. געהן.

הִלְ'כַת־, הוו. (מ. הִלְ'כוֹת־). זעה הֲלָ'כָה.

הִלְ'כְתָא, הוו. (מ. הִלְ'כְתוֹת). אַ פאַרוויקעלטער שווערער אינטע־רעס, אַ געשליעדער.

הַ'לֵל, המ. (ליטורגיש). אַ צוזאַ־מענשטעלונג פון געוויסע קאַפּיט־לען פון תהלים וועלכע מע זאָגט ראש־חדש און יום־טוב. האַלב הלל, הלל אין פאַרקירצטער פאָרם.

הַ'לֵל־הַגָּ'דוֹל, המ. (תלמודיש). דער גרויסער (אונפאַרקירצטער) הלל.

הַלְלוּ'יָה, (ביבליש). "ריהמט גאָט", דאָס אָנהויב־ און שלוס־וואָרט פון פיעל קאַפּיטלען תהלים.

הַלְמַאי', ב. זעה אַמַּאי.

הֲלָ'צָה, הוו. (מ. הֲלָ'צוֹת). אַ שפּאַס, אַ ווערטעל, אַ וויץ.

הַמַּבְ'דִיל, המ. (ליטורגיש). "דער וואָס מאַכט אַ'ן אָפּשייד", דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען

פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט ווען
דער שבת פאַרגעהט.

הַמוֹכַ"ז', אב. הַמוֹ'סֵר־כְּתָב־זֶה,
המ. דער איבערברייננגער פון דעם
דאָזיגען בריעף.

הֲמוֹן', המ. פעבעל, נידעריגע מאַ=
סע; אַ גרויסע מאַסע.

הֲמוֹן־עָם [עַם], המ. (ביבליש).
פעבעל, נידריגע מאַסע.

הַמוֹ'צִיא, המ. (ליטורגיש). "דער
וואָס ברייננגט אַרויס", דער נאָמען
פון דעם זעגענשפרוך וועלכען מע
זאָגט איידער מע עסט ברויט;
דאָס ערשטע שטיקעל ברויט וואָס
מע עסט נאָך דעם ווי מע זאָגט
המוציא. "די חלה קלעקט ניט
אויף אַ המוציא" (ווער.).
"איבער אַ'ן אָנגעהויבענע חלה איז
ניט גוט המוציא צו מאַכען"
(שפוו.). "נו, מאַך המוציא"
(ווער. וואָס מע זאָגט ווען איינער
פרעגט: "נו?").

הַמְכוּ'נֶה, אמ. דער גערופענער,
דער זאָגענאַנטער. "יוסף המכונה
יאָזעף".

הַמֶּ'לֶךְ, המ. (ליטורגיש). "דער
קעניג", דאָס ערשטע וואָרט און
דער נאָמען פון אַ געוויסען געבעט
וואָס מע זאָגט אום ראש־השנה
(דאָס וואָרט ווערט געוועהנליך
זעהר הויך אַרויסגעשריען).

הָ'מָן, אנמ. דער מיניסטער און
ראַטהגעבער פון דעם קיניג
אחשורוש וועלכער האָט געפּלאַנט
צו פאַרטיליגען אַלע אידען און
וועלכער איז נאָכדעם אַליין גע=
האַנגען געוואָרען, ווי עס ווערט
באַשריבען אין דעם ביבלישען בוך
"אסתר"; אַ פיינד פון אידען; אַ
שלעכטער מענש. קלאַפּען המ'ען,
קלאַפּען מיט די פיס אָדער מיט
גראַגערס אין דער צייט ווען מע
לייענט די געשיכטע פון המן'ען
אין שוהל אום פורים, ביי יעדען
מאָל ווען דאָס וואָרט "המן" ווערט
דערמאָנט. המן'ס מפלה,
אַ שלעכטער אָפּשניט, אַ דורכ=
פאַל.

הָ'מָן־טאַש, המ. (מ. הָ'מָן־טאַשען).
אַ געוויסער זאָרט דרייעקיגער קו=
כען אָנגעפילט מיט מאָהן וועלכען
מע באַקט אויף פורים.

הָ'מָן־קלאַפּער, המ. (מ. הָ'מָן־
קלאַפּערס). אַ גראַגער אָדער אַ'ן
אַנדער קלאַפּגעצייג מיט וועלכען
די קינדער קלאַפּען המן'ען (ווז.).

הַמְצָ'אָה, הוו. (מ. הַמְצָ'אוֹת).
שפּאַס, וויץ, שפּיצעל; איינפאַל.
אויבער=המצאה, אויבער=
שפּיצעל.

הַמְ'שֵׁךְ, המ. (מ. הֶמְשֵׁ'כִים).
פאַרטזעצונג; פאַרבינדונג.

הֵן [הֶן], המ. יא, יא=וואָרט; אי,
אויך.

הֵן [הֶן]־צֶ'דֶק, המ. עהרענוואָרט,
עהרליכעס יא=וואָרט.

הֵן [הֶן]־שֶׁלִּ'י, המ. מיין יא=וואָרט,
מיין עהרענוואָרט.

הֲנָ'אָה, הוו. (מ. הֲנָ'אוֹת). פאַר=
געניגען, געניס.

הִ'נֵה, ב. אַזוי ווי.

הַנְהָ'גָה. הוו. (מ. הַנְהָ'גוֹת). פיה=

רונג, פאַרוואַלטונג; אויפפיהרונג; אַיינפיהרונג.

הֲנָ'חָה, הוו. (מ. הֲנָ'חוֹת). גרונדזאַץ; פאַרלייכטערונג, פאַרלינדערונג; נאָכלאָזונג, אַרונטערלאָזונג, ראַבאַט.

הַנַ"ל, אב. הַנִזְ'כָּר (מ. הַנִזְכָּ'רִים; וו. הַנִזְכָּ'רָה, מ. הַנִזְכָּ'רוֹת) לְעֵיל, א. דער אויבענדערמאָנטער.

הֶנְ'נִי, המ. (ליטורגיש). דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט פאַר מוסף אום ראש־השנה.

הַנְעָ'לָה, הוו. באַשוכונג.

הַנֵ'רוֹת־הַלָ'לוּ, המ. (ליטורגיש). "די דאָזיגע ליכט", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געבעט־געזאַנג וואָס מע זינגט ווען מע צינדט אָן די חנוכה־ליכט.

הֶ'סֵב*־בעט, הז. דער שטוהל אַדער געזעס אויסגעבעט מיט קישענס אויף וועלכען דער פאַמיליען־פאָטער זיצט אָנגעלעהנט ביים אָפריכטען סדר.

הַסְבָּ'רָה, הוו. (מ. הַסְבָּ'רוֹת). ערקלערונג, אויסטייטשונג.

הֶסְ'כֵּם, המ. צושטימונג.

הַסְכָּ'מָה, הוו. (מ. הַסְכָּ'מוֹת). צושטימונג, רעקאָמענדאַציאָן, באַשטעטיגונג; רעקאָמענדירענדער בריעף.

הֶסְ'פֵּד, המ. (מ. הֶסְפֵּ'דִים). קלאָגרעדע, לויברעדע נאָך אַ געשטאָרבענעם.

הַסְפָּ'קָה, הוו. (מ. הַסְפָּ'קוֹת). אויסהאַלטונג, ערנעהרונג, פענסיע.

הִסְתַּפְּ'קוּת, הוו. דאָס באַגנוגען זיך (מיט ווייניג).

הַעְדֵר [הֶ'דֵר]־הַכָּ'בוֹד, המ. פאַרמינדערונג פון עהרע, באַליידיגונג.

הַעֲוָיָה [הַעֲוָ'יָה], הוו. (מ. הַעֲוָיוֹת [הַעֲוַ'יוֹת]). פאַרקרימונג (פון געזיכט), גרימאַסע, מינע; באַוועגונג.

הֶעָזָה [הָ'זֶה] הוו. (מ. הֶעָזוֹת [הָ'זוֹת]). פרעכהייט, אונפאַרשעמטקייט.

הֶעָ'רָה, הוו מ. הֶעָ'רוֹת). אַנמערקונג.

הַעֲרָ'כָה, הוו מ. הַעֲרָ'כוֹת). אָפשאַצונג, אָפטאַקסירונג; אַ טאַקסע וועלכע די געמיינדע לעגט אַרויף אויף די מיטגלידער לויט איטליכענ'ס פאַרמעגען.

הַעְתָּ'קָה, הוו. (מ. הַעְתָּ'קוֹת). איבערזעצונג.

הֶ'פּוּךְ, המ. זעה הֶפֶךְ.

הַפְטוֹ'רָה, הוו. (מ. הַפְטוֹ'רוֹת). דער קאַפּיטעל פון נביאים אָדער כתובים וועלכען מע לייענט פאָר אין שוהל אום שבת און יום־טוב און אין פאַסט־טעג נאָך דעם ווי מע האָט געלייענט פון דער תורה. אַ נאָמען פון דער הפטורה, אַ'ן אויסגעטראַכטער, נישט־געשטויגענער נישט־געפלויגענער נאָמען.

הֵפֶךְ [הֶ'פֶךְ], הם. געגענזאַץ, גע=
געגנטהייל.

הֲפַכְ'פַּךְ, הם. (ביבליש). אַ לייכט=
זיניגער, פֿאַרענדערליכער מענש.

הַפְלֵא־וָפֶ'לֶא, או. (ביבליש).
העכסט וואונדערבאַר, זעהר
מערקווירדיג, אויסגעצייכענט גוט.

הַפְלָ'גָה, הוו. (מ. הַפְלָ'גוֹת). אי=
בערטרייבונג.

הַפָּ'נִים, או. ווי עס שיינט, ווי עס
זעהט אויס, קענטיג.

הֶפְ'סֵק, הם. (מ. הֶפְסֵ'קִים). אונ=
טערברעכונג, אָפּרוה, צווישענ=
רוים, צווישענצייט.

הַפְסָ'קָה, הוו. (מ. הַפְסָ'קוֹת). אונ=
טערברעכונג, אָפּרוה, צווישענ=
צייט, צווישענרוים. פֿאַסטען
הפסקות, פֿאַסטען אַלע מאָנ=
טאג און דאָנערשטאג אָדער אַנ=
דערע באַשטימטע טעג אין דער
וואָך.

הֶפְ'קֵר, א. פֿריי, פֿריי פֿאַר אַלע=
מען; אויסגעלאַסען, פּרינציפּלאָז.
הפקר־פּעטרושקע, פֿריי, אָהן
אַ קאָנטראָל. "אַז דאָס לעבען איז
זיס איז די וועלט הפקר"
(שפּוו.).

הֶפְ'קֵר־יונג, הם. (מ. הֶפְ'קֵר־יונ=
גען). אויסגעלאַסענער פּרינציפּ=
לאָזער קערל.

הֶפְקֵ'רוּת, הוו. אויסגעלאַסענהייט,
פּרינציפּלאָזיגקייט.

הִצְטַרְ'כוּת, הוו. (מ. הִצְטַרְ'כוּת'ען).
באַדערפֿעניס, נויטהווענדיגקייט.

הַצְלָ'חָה, הוו. (מ. הַצְלָ'חוֹת).
גליק, ערפֿאָלג, געראָטעניס.

הֲצָ'עָה, הוו. (מ. הֲצָ'עוֹת). פֿאָר=
שלאַג, פּראָיעקט.

הק', אב. הַקְ'טָן (ווז.).

הקב"ה, אב. הַקָ'דוֹשׁ־בָּ'רוּךְ־הוּא
(ווז.).

הַקָ'דוֹשׁ־בָּ'רוּךְ־הוּא, הם. (תלמו=
דיש). דער הייליגער געבענשט
זאָל זיין זיין נאָמען, גאָט.

הַקְדָ'מָה, הוו. (מ. הַקְדָ'מוֹת).
פֿאָררעדע, פֿאָרוואָרט, איינלייטונג.

הֶקְ'דֵשׁ, הם. (מ. הֶקְדֵ'שִׁים). "הייי=
ליגקייט", אַ נאַכטלאַגער פֿאַר
בעטלער אָדער אַ קראַנקענהויז פֿאַר
אָרעמע; אַ שמוציג הויז. "אַ
ליאַרם ווי אין אַ הקדש" (ווער.).

הֶקְ'דֵשׁ־ניצע, הוו. (מ. הֶקְדֵ'שׁ־ני=
צעס). אַ נידעריגע געמיינע פֿרוי.

הֶקְ'דֵשׁ־ניק, הם. (מ. הֶקְ'דֵשׁ־ני=
קעס). אַ נידעריגער געמיינער מאַן.

הַקָ'טָן, א. דער קליינער, דער
ווינציגער (אַ'ן אויסדרוק פֿון באַ=
שיידענהייט וועלכען מע שטעלט
פֿאַר דעם נאָמען ווען מע שרייבט
אונטער אַ בריעף).

הַקִ'יצוּר, או. זעה הַקְ'צוּר.

הַקָ'פָה, הוו. (מ. הַקָ'פוֹת). ארומ=
גאַנג, רונדמאַרש (אין שוהל אום
שמחת־תורה); באָרג, קרעדיט.

הַקְ'צוּר, או. אין קורצען, אַלזאָ.

הַר־, הם. באַרג.

הַר־הַבַּ'יִת, הם. (תלמודיש). דער
באַרג אויף וועלכען דער הייליגער

טעמפעל (ביי אידען פאַרצייטען) איז געשטאַנען.

הַר־הַזֵי'תִים, המ. (ביבליש). דער איילבערט=באַרג, אַ געוויסער הייליגער באַרג אין פאַלעסטינא.

הֶ'רֶג, המ. (תלמודיש). די שטראָף פון קעפּען (ביי אידען פאַרצייטען).

הֶרְ'גֵל, המ. געוואָהנהייט.

הֶרְ'גֵל־נַעֲ'שֶׂה־טֶ'בַע, (נאָכתלמודיש). די געוואָהנהייט ווערט אַ נאַטור.

הַרְ'גִיען, הַרְ'גִ'ענען, צא. טויטען, ערמאָרדען; מערדערליך שלאָגען, שלאָגען. אַרויס'הרג'ען, אַרויסשליידערן. אַרונטער'הרג'ען, אַרונטערשליידערן. צו'הרג'ען, טויטען.

הֶרְ'גֵשׁ, המ. געפיהל.

הַרְגָ'שָׁה, הוו. געפיהל, דאָס פיהלען.

הִרְ'הוּר, המ. (מ. הִרְהוּ'רִים), (תלמודיש). געדאַנק, פאַרבאָרגענער געדאַנק.

הִרְהוּ'רִים־רָ'עִים, המ. מ. (ליטורגיש). שלעכטע געדאַנקען.

הָ'רוּג, המ. (מ. הֲרוּ'גִים). ערמאָרדעטער, טויטער קערפּער.

הַרְוָ'חָה, הַרְוָ'חָה, הוו. (מ. הַרְוָ'חוֹת, הַרְוָ'חוֹת). פאַרדינסט, פּראָפיט.

הַרְחָ'בָה, הוו. ברייטקייט, באַקוועמליכקייט, גוטע אומשטענדען.

הֲרֵי־אַתְּ־מְקוּדֶ'שֶׁת, (ליטורגיש). "דו ביסט הייליג פאַרבונדען", די ערשטע ווערטער פון דעם שפּרוך וועלכען דער חתן זאָגט צו דער כלה ווען ער טהוט איהר אָן דעם הייראַטה=רינג.

הָ'רֵי־חוֹ'שֶׁךְ, המ. מ. (תלמודיש). די פינסטערע בערג, ווייט פאַרוואָרפענע לעגענדאַרישע בערג. אַזש אין די הרי־חושך, זעהר ווייט פאַררוקט.

הֲרִי'גָה, הוו. (מ. הֲרִי'גוֹת). אַ'ן אויסשלאַכטונג; אַ שלאַכט, אַ אַ קריג, אַ געשלעג, אַ האַמפּעריי.

הָ'רִים־וּגְבָ'עוֹת, המ. מ. (ביבליש). בערג און טהאָלען. צוזאָגען הרים־וגבעות, מאַכען גרויסע פאַרשפּרעכען.

הֲרֵי'נִי־מוּ'כָן־וּמְזוּ'מָן, (ליטורגיש). "איך בין גרייט און פאַרטיג", די ערשטע ווערטער פון דעם שפּרוך וועלכען מע זאָגט איידער מע פאַרריכט אַ רעליגיעזע צערעמאָניע.

הֶ'רֶף־עַ'יִן, המ. (תלמודיש). אַ וואונק פון אַ'ן אויג, אַ'ן אויגענבליק.

הַרְשָׁ'אָה, הוו. (מ. הַרְשָׁ'אוֹת). פאָלמאַכט, בעפאָלמעכטיגונג.

הַשְׁאָ'רַת־הַנֶ'פֶשׁ, הוו. "די איבערבלייבונג פון דער זעעלע", די אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע.

הַשְׁבָּ'עָה, הוו. (מ. הַשְׁבָּ'עוֹת), (קאַבאַליסטיש). דאָס באַשווערען (דורך הייליגע נעמען און ווערטער) אַ בייזען גייסט אָדער אַ טייוועל.

הֲשָׁ'בַת־אֲבֵי'דָה, הוו. (תלמודיש). דאָס אָפּגעבען אַ געפונענעם גע=

גענשטאַנד צוריק צו דעם אייגענטהימער.

הַשָּׂ'גָה, הוו. (מ. הַשָּׂ'גוֹת). באַגריף; די פעהיגקייט צו באַגרייפען, אויפפאַסונגס-קראַפט.

הַשְׁגָ'חָה, הוו. (מ. הַשְׁגָ'חוֹת). אויפזעהונג, אויפפאַסונג; געטליכע אויפזעהונג, פאָרזעהונג. "יעדע מערכה איז פון גאָט'ס השגחה" (שפוו.).

הַשְׁגָ'חָה־עֶלְיוֹ'נָה, הוו. די אויבערשטע אויפזעהונג, די געטליכע פאָרזעהונג.

הַשְׁגָ'חָה־פְּרָ'טִית, הוו. די געטליכע אויפפאַסונג אויף איטליכען בעשעפענים באַזונדער.

הֲשׁוֹ'מֵר־אָ'חִי־אָנֹ'כִי, (ביבליש). בין איך דען דער היטער פון מיין ברודער?, די ווערטער וואָס קין האָט געענטפערט ווען גאָט האָט איהם געפרעגט וועגען זיין ברודער הבל וועלכען ער האָט ערמאָרדעט.

הֲשִׁיבֵ'נוּ, (ליטורגיש). "קעהר אונז אום צוריק". „השיבנו נאַזאַד!" (ווער. — ד. ה. צוריק! איבערגעדרעהט דעם דייקסעל!).

השי"ת, אב. הַשֵּׁם־יִתְבָּ'רֵךְ (ווז.).

הַשְׂכָּ'לָה, הוו. בילדונג, אויפקלערונג (דאָס וואָרט ווערט הויפטזעכליך געברויכט צו בעצייכענען די באַוועגונג פאַר אייראָפּייאישע בילדונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צווישען אידען אין דעם לעצטען טהייל פון דעם 18-טען יאָהרהונדערט און האָט זיך צוערשט אַרויסגעוויזען אין דער אויפבליהונג פון דער נייי-העברעאישער ליטעראַטור).

הַשְׂכָּ'לָה־סֵ'פֶר, הם. (מ. הַשְׂכָּ'לָה־סְפָ'רִים). אַ נייי-העברעאישעס בוך, אַ בוך פון אַ ניט-רעליגיעזען אינהאַלט.

הַשְׁכָּ'מָה, הוו. דאָס פריה אויפשטעהן (צום דאַווענען).

הַשְׁלָ'מָה, הוו. (מ. הַשְׁלָ'מוֹת). בילדונג, קענטענים.

הַשְׁלָ'שָׁה, הוו. דאָס אַיינלעגען געלט ביי אַ שליש (ווז.).

הַשֵּׁם [הַשֶּׁם'], הם. דער נאָמען (פון גאָט), גאָט. זעה שֵׁם־הַמְפוֹ'רָשׁ.

הַשֵּׁם [הַשֶּׁם'] יַצְלִי'חַ דַרְכֶּ'ךָ (מ. דַרְכְּכֶם [דַרְכֵּ'כֶם]). גאָט זאָל באַגליקען דיין (אייער) וועג.

הַשֵּׁם [הַשֶּׁם']־יִשְׁמְרֵ'נוּ, גאָט זאָל אונז באַהיטען.

הַשֵּׁם [הַשֶּׁם']־יִתְבָּ'רֵךְ, גאָט געבענשט זאָל ער זיין.

הַשְׁמָ'טָה, הוו. אַ'ן אויסלאָזונג, אַ'ן אויסגעלאָזענער זאַץ אָדער וואָרט.

הַשְׁעָ'רָה, הוו. (מ. הַשְׁעָ'רוֹת). פאַרמוטהונג, מיינונג, היפּאָטהעזע.

הַשְׁפָּ'עָה, הוו. (מ. הַשְׁפָּ'עוֹת). אַיינפלוס, באַאיינפלוסונג.

הַשְׁפָּ'עָה־עֶלְיוֹ'נָה, הוו. (קאַבאַליסטיש). דער אַיינפלוס פון אויבען, די געטליכע באַאיינפלוסונג (אויף דער וועלט).

הַשְׁקָ'פָה, הוו. (מ. הַשְׁקָ'פוֹת). איבערזיכט, איבערבליק.

הִשְׁתַּדְ'לוּת, הוו. (מ. הִשְׁתַּדְ'לוּת'ען). באַמיהונג, חאַדאַטייסטוואָ.

הִשְׁתּוֹמְ'מוּת, הוו. ערשטוינונג, פאַרוואונדערונג.

הִשְׁתַּלְ'שְׁלוּת, הוו. (קאַבאַליסטיש). די צוזאַמענקיטלונג פון באַגעבענהייטען אָדער פון אורזאַכען און פאָלגען.

הַשְׁתָּ'נָה, הוו. אורין.

הִשְׁתַּ'נוּת, הוו. (מ. הִשְׁתַּ'נוּת'ען). פאַרענדערונג.

הִשְׁתַּפְּ'כוּת, הוו. אויסגיסונג (פון געפיהלען).

הִשְׁתַּפְּ'כוּת־הַנֶ'פֶשׁ, הוו. אויסגיסונג פון דער זעלע, אויסגיסונג פון געפיהלען.

הִתְבּוֹדְ'דוּת, הוו. אָפגעזונדערטקייט פון דער וועלט, איינזאַמקייט.

הִתְבּוֹנְ'נוּת, הוו. דאָס אַריינטראַכטען זיך, באַטראַכטונג, אויפמערקזאַמקייט.

הִתְדַבְּ'קוּת, הוו. (קאַבאַליסטיש). דאָס באַהעפטען זיך (אין געדאַנקען צו גאָט).

הִתְחַ'דֵשׁ, באַניי זיך! (אַזוי ווינשט מען איינעם וועלכער טהוט אָן אַ ניי קלייד צום ערשטען מאָל).

הִתְחַיְי'בוּת, הוו. (מ. הִתְחַיְי'בוּת'ען). פאַרפליכטונג, פליכט.

הִתְחַכְּ'מוּת, הוו. דאָס קליגען זיך, שאַרפזיניגקייט.

הַתְחָ'לָה, הוו. (מ. הַתְחָ'לוֹת). אָנהויב. "אַ גוטע התחלה איז אַ האַלבע אַרבייט" (שפּוו.). "אַ שלעכטע התחלה ברענגט צו אַ מפּלה" (שפּוו.).

הַתְחָ'לַת־הַסֵ'פֶר, הוו. דאָס אָנהויבען שרייבען אַ ספר־תורה; דער פאַראַד וועלכער ווערט געמאַכט ביי'ן אָנהויבען שרייבען אַ ספר־תורה.

הֶ'תֵּיר, המ. (מ. הֶתֵּי'רִים). ערלויבנים. "קליינע התירים ברענגען גרויסע יסורים" (שפּוו. ווערטשפּיעל פון וואָרט "יסורים" און "אסורים").

הֶ'תֵּיר־עִסְ'קָא, המ. (מ. הֶ'תֵּיר־עִסְ'קָא'ס). די ערלויבנים וועלכע איז געמאַכט געוואָרען פון געוויסע ראַבינישע אויטאָריטעטען (מהר"ם מרוטענבערג) צו נעהמען פּראָצענט אונטער געוויסע באַדינגונגען; אַ צעטעל וואָס ווערט אויסגעמאַכט אין פאַרבינדונג מיט אַ וועקסעל אָדער אַ באַמערקונג אויפ'ן וועקסעל אַליין וואו עס ווערט ערקלערט אַז דער פּראָצענט ווערט גענומען לויט דער ראַבינישער ערלויבנים.

הִתְלַ'הֲבוּת, הוו. צופלאַמטקייט, צוהיצטקייט, באַגייסטערונג, ענטהוזיאַזמוס.

הִתְלַהֲ'בוּתידיג, א. מיט היין, מיט אַ ברען, ענטהוזיאַסטיש.

הַתְמָ'דָה, הוו. פלייס, פלייסיגקייט.

הִתְמַ'נוּת, הוו. (מ. הִתְמַ'נוּת'ען). אַמט, שטעלע; דאָס אַרויפזעצען (אימיצען) אויף אַ'ן אַמט.

הִתְנַגְ'דוּת, הוו. דאָס שטעלען זיך אַנטקעגען, ווידערשטאַנד.

הִתְנַצְ'לוּת, הוו. (מ. הִתְנַצְ'לוּת'יען). פאַרענטפערונג, פאַרטהיידיגונג.

הִתְעוֹר'רוּת, הוו. ערוואַכונג, באַגייסטערונג.

הִתְפָּעֲלוּת [הִתְפַּעֲ'לוּת], הוו. ענטציקונג, באַגייסטערונג, באַוואונדערונג. תאפען התפעלות, ווערען ענטציקט. קעלבערנע התפעלות, נאַרישע באַוואונדערונג.

הִתְפַּשְׁ'טוּת־הַגַשְׁ'מִיוּת, הוו. (קאַבאַליסטיש). דאָס אויסטהאָן זיך פון אַלע קערפערליכע און מאַטעריעלע אינטערעסען.

הַתְּקָ'נָה, הוו. "די האָפנונג", דער נאָמען פון אַ געוויסען ציוניסטישען ליעד.

הִתְקָרְ'בוּת, הוו. פריינדליכקייט, פריינדליכע באהאנדלונג.

הִתְקַשְׁ'רוּת, הוו. פאַרבינדונג.

הַתָּ'רַת־נְדָ'רִים, הוו. (תלמודיש). די אויפלייזונג פון אַ נדר (ווז.) (דורך דעם רב אָדער דורך געלערהרטע).

הַתְרָ'אָה, הוו. (מ. הַתְרָ'אוֹת). וואָרנונג; אַ מינדליכער אָדער געשריבענער אויפרוף צו ערשיינען פאַר'ן רב.

# ו.

ו, הם. זיער זעקסטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית. אָהן אַ וואָקאַל־צייכען אָדער מיט אַלע אַנדערע וואָקאַלען אויסער חולם אָדער שורוק אויסגעשפּראָכען ווי "וו" אין "וועקען"; מיט די פינטעלאך פון חולם (וֹ) אָדער שורוק (וּ) איז ער בלויז אַ וואָקאַל־צייכען; אין צעהלען גערעכענט אַלס 6. זעה וָאו.

ו־ (צוגעשטעלט אין אָנהויב פון וואָרט), און, מיט. הוצאה והכנסה, אויסגאַבע און איינ־נאַהמע.

וַאֲדָר [וַ'אֲדָר], הם. דער זיבעטער מאָנאַט פון דעם אידישען עבור־יאָהר (ווז.).

וָאו, הם. (מ. וָאו'ען). דער נאָמען פון דעם זעקסטען בוכשטאַב (ו) פון דעם אידישען אַלף־בית.

וְאֵינֶ'נוּ, (ביבליש). און ער איז ניטאָ, ער איז אַנטלאָפען.

וְאִם־תֹּא'מַר, (תלמודיש). און אויב דו ווערסט זאָגען, אין פאַל אַז דו ווערסט זאָגען.

וְאִם תֹּא'מַר מַה נֹּא'כַל (ביבליש: וְכִי תֹאמְרוּ מַה נֹּאכַל). און אויב דו ווערסט זאָגען וואָס וועלען מיר עסען? און וואָס וועט זיין מיט לעבענסמיטעל?

וָאֵרָא, הוו. דער נאָמען פון דער פערצעהנטער סדרה (ווז.).

וָאֶתְחַנַּן, הוו. דער נאָמען פון דער פינף און פיערציגסטער סדרה (ווז).

וּבָא לְצִיּוֹן גּוֹאֵל וְנֹאמַר אָמֵן, (ליטורגיש). און עס וועט קומען אויף ציון אַ דערלייזער און מיר וועלען זאָגען אָמן (ווערטער פון אַ געוויסען געבעט מיט וועלכע מען ענדיגט געוועהנליך אַ רעליגיעזען אָדער תלמודישען פאָרטראַג).

וַדַּאי, הם. געוויסהייט, אַ זיכערע זאַך.

וְהָא רְאָיָה, (תלמודיש). און אָט איז דער באַווייז.

וְהוּא יִמְשָׁל בָּךְ, (ביבליש). און ער זאָל געוועלטיגען איבער דיר (די ווערטער וועלכע גאָט האָט געזאָגט צו דער פרוי, ווי די ביבעל דערצעהלט). "והוא־ימשל־בך און וואָס זי וויל טהוט זי דאָך" (שפוו.).

וְהוּא־רַחוּם, הם. (ליטורגיש). אַ געבעט וואָס ווערט געזאָגט אַלע מאָנטאָג און דאָנערסטאג. לאַנג והוא־רחום, דער פולער טעקסט פון דעם דאָזיגען געבעט.

וְהַכֹּל שָׁרִיר וְקַיָּים, (תלמודיש). און אַלעס (וואָס שטעהט אויבען) איז באַשטעטיגט און פעסט־געשטעלט (ווערטער מיט וועלכע מע ענדיגט אַ פאַרלאָבונג־ אָדער הייראַטה־קאָנטראַקט).

וְהַשֵּׁנִית, און צווייטענס.

וָו, הם. (מ. וָוִין). זעה וָאו.

וַוְדַּאי, הם. זעה וַדַּאי.

וָוֵי־הָעַמּוּדִים, הם. מ. (ביבליש. אייגענטליכע באַדייטונג: "די העקלעך פון די זיילען"). די בוכשטאַבען "ו" ביי'ם אָנהויב פון יעדען עמוד (ווז.). (געוויסע ספרי־תורות ווערען פון שענקייט וועגען אַזוי געשריבען אַז יעדער עמוד זאָל זיך אָנפאַנגען מיט אַ "ו").

ווִידּוּי, הם. (מ. ווִידּוּיִים). זעה וִידּוּי.

וָולָד [וָולַד], הם. זעה וָלָד.

וֶוסֶת [וֶוסְתּ], הוו. זעה וֶסֶת.

ווַעַד, הם. זעה וַעַד.

וֶושֶׁט, הם. זעה וֶשֶׁט.

וַותְּרָן, אם. (מ. וַותְּרָנִים). זעה וַתְּרָן.

וַותְּרָנוּת, הוו. זעה וַתְּרָנוּת.

וְזֹאת־הַבְּרָכָה, הוו. דער נאָמען פון דער פיער און פופציגסטער סדרה (ווז.).

וַיֹּאמֶר, (ביבליש). "און ער האָט געזאָגט", אַ וואָרט מיט וועלכען עס הויבען זיך אָן פיעלע זאַצען פון דער ביבעל.

וַיֹּאמֶר־דָּוִד, הם. (ביבליש). די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ ביבלישען קאַפּיטעל וועלכען מע זאָגט אַלע טאָג אין דעם מאָרגענדיגען און פאַרנאַכטיגען דאַוונען.

**וַיָּבֹא הָ'מָן**, (ביבליש). און המן איז געקומען (אַ'ן אויסדרוק מיט וועלכען מע באַגריסט אַ ניט=געווינשטע פערזאָן).

**וַיִּבְ'רַח**, המ. (ביבליש). "און ער איז אַנטלאָפען", פאַרשווינדונג. מאַכען אַ ו י ב ר ח, אַנטלויפען; אַנטלויפען מיט פרעמדע געלט.

**וַיִּ'גַּשׁ**, הוו. דער נאָמען פון דער עלפטער סדרה (ווז.).

**וִי'דוּי**, המ. (מ. וִידוּ'יִים). באַקענונג פון זינד; דאָס געבעט וואָס אַ שטערבענדער זאָגט באַקענענדיג זיינע זינד. אָפּזאָגען ו י ד ו י, פאַרצווייפלען, אויפגעבען יעדע האָפנונג. "אז מען לעבט אָהן חשבון שטאַרבט מען אָהן ו י ד ו י" (שפוו.).

**וַיְהִי'**, המ. (מ. וַיְהִי''ס), (ביבליש). "און עס איז געוועזען", אַ'ן אומגליק, אַ קאַטאַסטראָפע. (די באַדייטונג צוגעגעבען דעם וואָרט שטאַמט פון דעם וואָס דער תלמוד זאָגט אַז אַוואו עס שטעהט אין דער ביבעל דאָס וואָרט "ויהי" דאָרט ווערט געוועהנליך דערצעהלט אַ'ן אומגליק וואָס האָט פאַסירט).

**וַיְהִי' הַיּוֹם'**, (ביבליש . און עס איז געוועזען דער טאָג (אַ'ן אויסדרוק מיט וועלכען מע הויבט אָן אַ'ן ערצעהלונג).

**וַיְזָ'תָא**, אנמ. דער אינגסטער פון המן'ס צעהן זיהן; נאַרר; מענליכער אָרגאַן.

**וַיִּ'חַד**, המ. (ביבליש). און ער (יתרו) האָט זיך געפרעהט (זעהענדיג משה'ס גרויסקייט), געמאַכטע פאַלשע פרייד. (שטאַמט פון דעם וואָס דער תלמוד זאָגט אַז אויף דעם וואָרט "ויחד" שטעהען פינטעלאַך אום אָנצודייטען אַז דאָס פרעהען זיך איז ניט געוועזען פון האַרצען).

**וַיְחִי'**, הוו. דער נאָמען פון דער צוועלפטער סדרה (ווז.).

**וַיֵּ'לֶךְ**, הוו. דער נאָמען פון דער צוויי און פופציגסטער סדרה (ווז.).

**וַיִּפְ'תַּח אֶת פִּי הָאָ'תוֹן**, (ביבליש). און ער (גאָט) האָט געעפענט דעם מויל פון (בלעם'ס) עזעלין (אַ ווערטעל וואָס מע זאָגט ווען אײמיצער מישט זיך אריין אין אַ געשפרעך מיט אַ נאַרישער אָדער ניט=פאַסיגער באַמערקונג). זעה בִּלְ'עָם.

**וַיֵּ'צֵא**, הוו. דער נאָמען פון דער זיבענטער סדרה (ווז.).

**וַיִּצְעֲ'קוּ**, המ. (ביבליש). "און זיי (די אידען אין עגיפטען) האָבען געשריען (צו גאָט)", אַ געשריי, אַ ליאַרם.

**וַיַּקְ'הֵל**, הוו. דער נאָמען פון דער צוויי און צוואַנציגסטער סדרה (ווז).

**וַיַּקְ'הֵל־פְּקוּ'דֵי**, זעה סֶדְרָה.

**וַיָּ'קָם מֶ'לֶךְ חָ'דָשׁ**, (ביבליש). און עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער קיניג (אין עגיפטען).

**וַיִּקְ'רָא**, המ. דער נאָמען פון דעם דריטען בוך פון חומש (ווז.); הוו. דער נאָמען פון דער פינף און צוואַנציגסטער סדרה (ווז.).

וַיֵּרָא, הוו. דער נאָמען פון דער דריטער סדרה (ווז.).

וַיֵּשֶׁב, הוו. דער נאָמען פון דער ניינטער סדרה (ווז.).

וַיִּשָּׁקֵ'הוּ, (ביבליש). "און ער (עשו) האָט איהם (יעקב'ן) געקושט". וישקהו מיט פינטעלאַך, פאַררעטהערישע פריינדשאַפט (שטאַמט פון דעם וואָס דער תלמוד זאָגט אַז אויף דעם וואָרט "וישקהו" שטעהען דאַריבער פינטעלאַך אום אָנצודייטען אַז דאָס קושען איז ניט געוועזען פון האַרצען).

וַיִּתֶּן לְךָ (הָאֱלֹהִים' מִטַּ'ל' הַשָּׁמַ'יִם וּמִשְׁמַ'נֵּי הָאָ'רֶץ), המ. (ביבליש). "און געבען זאָל דיר (גאָט דעם טהוי פון הימעל און די פעטקייט פון דער ערד)", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון געוויסע פסוקים וועלכע מע זאָגט אין שבת־צו־נאַכט'יגען מעריב־געבעט. "ויתן לך — קיין געלט איז ניטאָ, מטל השמים — ניטאָ וואו צו לייהען, ומשמני הארץ — דאָס געלט איז ביי'ם פריין" (שפאַס־ליעדעל).

וַיִּתְרוֹ'צְצוּ, (ביבליש). און זיי (די קינדער אין רבקה'ס בויך) האָבען זיך געראַנגעלט.

וכו', אב. וְכוּ'לְּהוּ (זעה אונטען).

וְכוּ'לְּהוּ, (תלמודיש). און דאָס גאַנצע, און אַזוי ווייטער.

וְכָךְ [וְכַךְ] הָיָ'ה אוֹ'מֵר, (תלמודיש). און אַזוי פלעגט ער (דער כהן־גדול) זאָגען (ווען ער פלעגט מאַכען די בלוט־שפריצונגען אויפ'ן מזבח אום יום־כפור). זעה וְכָךְ הָיָה מוֹ'נֶה.

וְכָךְ [וְכַךְ] הָיָ'ה מוֹ'נֶה, (תלמודיש). און אַזוי פלעגט ער (דער כהן־גדול) צעהלען (ווען ער פלעגט מאַכען די בלוט־שפריצונגען אויפ'ן מזבח אום יום־כפור). "פון וכך־היה־אומר ביז וכך־היה־מונה איז אַ גרויסער אונטערשייד" (שפוו. — ד. ה. פון זאָגען ביז געבען איז ווייט).

וְכָל כַּת דִּילֵ'יהּ, (קאַבאַליסטיש). און זיין גאַנצע קאָמפאַניע.

וְכָ'רוֹת, המ. (ליטורגיש. אורשפרינגליך פון אַנדערער באַדייטונג). דער מענליכער אָרגאַן.

וָלָד [וְלַד], המ. דאָס קינד (אין מוטער'ס בויך).

וּנְתַ'נֶּה־תוֹ'קֶף, המ. (ליטורגיש). די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט אום ראש־השנה און יום־כפור; דער פאַרפאַסער פון דעם דאָזיגען געבעט. "געה קלאָג איהם פאַר'ן ונתנה־תוקף" (ווער. — ד. ה. קענסט קעגען איהם גאָר ניט טהאָן).

וְנָתַ'נוּ, (ביבליש). "און זיי זאָלען געבען". "ונתנו מאַכט צוריק אויף ונתנו" (שפוו. — ד. ה. אַז מע טהוט אַ געפעליגקייט קען מען ערוואַרטען צוריק אַ געפעליגקייט).

וֶסֶת [וֶסֶת], הוו. די צייט, די מאָנאַטליכע (ביי פרויען), מענסטרואַציאָן.

וַ'עַד, חמ. (מ. וַעֲ'דִים). קאָמיטעט.

וַ'עַד־הַכּוֹ'לֵל, המ. אַ קאָמיטעט וועלכער האָט צו זאָגען איבער מעהרערע געמיינדען אָדער אָרגאַניזאַציאָנען; דער קאָמיטעט וועלכער טהיילט אויס די נדבות וואָס ווערען געשיקט פון פאַרשיעדענע לענדער פאַר די אָרעמע אידען אין פּאַלעסטינא.

וַ'עַד־הַכְּלָ'לִי, המ. צענטראַל קאָמיטעט.

וַ'עַד־הַכַּשְׁ'רוּת, המ. אַ קאָמיטעט פון רבנים אָדער פאָרשטעהער פון דער געמיינדע וואָס פּאַסט אויף אַז דאָס פלייש וואָס די געמיינדע עסט זאָל זיין כשר.

וְעַל־כּוּ'לָם, או. (ליטורגיש). איבער אַלעמען, א״ן מעהר פון אַלץ, און איבערהויפּט.

וְצִדְקָתְךָ [וִ'צִדְקָתְךָ], המ. און חוו. (ביבליש). "און דיין גערעכטיגקייט", אַ פערזאָן וועלכע מאַכט פרומע אָנשטעלען אָדער וויל זיך ארויסווייזען פרימער פון אנדערע.

וֶשֶׁט [וֶ'שֶׁט], המ. שפּייזרעהר, שלונד.

וַשְׁ'תִּי, אנוו. די פרוי פון דעם קיניג אחשורוש (ווז.) וועלכע ער האָט געלאָזט טויטען, ווי די ביבעל דערצעהלט.

וָתִי'קִין, המ. מ. "די פרומע". אויפשטעהן ותיקין, אויפשטעהן פאַרטאָג צו דאַווענען.

וַתְּ'רָן, המ. (מ. וַתְּרָ'נִים). אַ פרייגיבער מענש. "אַ'ן אָרעמאַן איז אַ ותרן אויף אַ פרעמדען ביי־טעל" (שפּוו.).

וַתְּרָ'נוּת, הוו. פרייגיביגקייט.

# ז.

ז, דער זיבעטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; אין צעהלען גערעכענט אַלס 7. זעה זַ'יִן.

ז' אֲדָר [אָ'דֶר], המ. דער זיבעטער טאָג פון מאָנאַט אדר, דער טאָג פון משה'ס טויט (לויט דער טראַדיציאָן), און אַ האַלבער פאַסטטאָג).

זאת־חֲ'נֻכָּה, המ. דער לעצטער טאָג פון חנוכה (אין וועלכען מע לייענט די פרשה וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: זאת חֲנֻכַּת הַמִּזְבֵּחַ, דאָס איז די איינווייהונג פון דעם אַלטאַר).

זְבֻ'לוּן, אנמ. דער נאָמען פון איינעם פון יעקב'ס צוועלף זיהן; דער שטאַם וועלכער קומט אַרויס פון זבלון.

זָ'בַת חָ'לָב וּדְבַ'שׁ, א. (ביבליש). פליסענדיג מיט מילך און האָניג.

זֶה חֲלִיפָ'תִי זֶה כַּפָּרָ'תִי, (ליטור־

גיש). "דאָס איז אַ'ן אומבייט פאַר מיך, דאָס איז אַ'ן אויסלייזונג פאַר מיך", די ערשטע ווערטער פון דעם שפרוך וועלכען מע זאָגט ווען מע שלאָגט כפרות (ווז.).

זָ'הָב, המ. גאָלד.

זְ'הַב־טָ'הוֹר, המ. ריינעס גאָלד, לויטער גאָלד.

זְהוּ'בִים, המ. מ. גילדענס.

זָ'הִיר, המ. (מ. זְהִי'רִים). איינער וועלכער היט אָפּ גענוי אַ רעליגיעזעס געזעץ; אַ פאָרזיכטיגער מענש.

זוג, חמ. (מ. זו'גוֹת). פּאָאר. אָפּהיטען זוגות, זיך אָפּהיטען פון עסען און טרינקען א. א. וו. אין גראַדע צאָהלען, אַזוי ווי פון עסען צוויי בייגעל, טרינקען צוויי גלעזער טהיי א. א. וו. (לויט אַ געוויסע באַהויפּטונג פון תלמוד האָבען די בייזע גייסטער אַ גרויסע מאַכט אויף גלייכע צאָהלען).

זוּגָ'תוֹ, זוּגָ'תִי, זוּגָתְ'ךָ, הוו. זיין, מיין, דיין ווייב.

זוֹ'הַר, המ. דער נאָמען פון אַ געוויסען קאַבאַליסטישען קאָמענטאַר אויף דער תורה געשריבען אין אַראַמעאיש, פאַרעפענטליכט צוערשט אין דעם דרייצעהנטען יאָהרהונדערט און צוגעשריבען צו דעם תנא (ווז) שמעון בן יוחאי; דאָס בוך איז די קוואַל פון וועלכער עס שעפּען און די אוטאָריטעט אויף וועלכע עס באַציהען זיך אַלע שפּעטערע קאַבאַליסטישע ביכער.

זִ'ווּג, המ. (מ. זִווּ'גִים). פּאָאר, צונויפּפּאָארונג; באַשערטע פּאָאר.

זוֹ'כֶה־זיין, צ״ש. ווערט זיין, פאַרדינען; דערלעבען. "מאַכט רשי (ווז.) לא זוכה" (וואולגאַר ווערטעל. — ד. ה. וועסט עס ניט דערלעבען צו זעהן).

זוֹל [זָל], המ. בילליגקייט, וואָלוועלקייט, איבערפלוס.

זוֹ'לֵל־וְסוֹ'בֵא, המ. (מ. זוֹלְ'לִים־וְסוֹבְ'אִים), (ביבליש). אַ פרעסער און אַ זויפער.

זוֹ'נָה, חוו. (מ. זוֹ'נוֹת). אויסגעלאַסענע פרוי.

זִי'ווּג, המ. (מ. זִיווּ'גִים). זעה זִ'ווּג.

זִ'יוּף, המ. (מ. זִיוּ'פִים). פעלשונג, נאָכמאַכונג.

זַ'יִן, המ. (מ. זַ'יִן'ס). דער נאָמען פון דעם זיבעטען בוכשטאַב (ז) פון דעם אידישען אַלף־בית.

זַיְ'פָן, המ. (מ. זַיְפָ'נִים). זעה זַיְ'פָן.

זִיכָּ'רוֹן, המ. (מ. זִיכְרוֹ'נוֹת). זעה זִכָּ'רוֹן.

זִילְ'זוּל, המ. (מ. זִילְזוּ'לִים). זעה זִלְ'זוּל.

זי"ע, אב. זְכוּ'תוֹ יָ'גֵן עָלֵ'ינוּ (ווז.).

זִיקְ'נָה, המ. זעה זִקְ'נָה.

זַ'כַּאי, המ. איינער וועלכער געהט אַרויס ריין פון געריכט.

זְכוֹר [זְכָר] בְּרִית, המ. (ליטורגיש).

"דערמאָן זיך אָן דעם בונד", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט פריה פאַרטאָג אין דעם זונטאָג פאַר ראש-השנה.

זְכוּת, המ. (מ. זְכוּ'ת'ען). פאָררעכט, פריווילעגיע; פאַרדינסט, גוטע טהאַט, גוטע אייגענשאַפט; פאַרטהיידיגונג. האָבען אַ זכות אויף אַ ספר, האָבען דאָס אויסשליסליכע רעכט צו דרוקען אַ בוך. זיין זיידענ'ס זכות איז איהם בייגעשטאַנען, ער איז געהאָלפען געוואָרען צוליעב דער פרומקייט אָדער די גוטע טהאַטען פון זיין זיידען. לערנען אַ זכות אויף אימיצען, אימיצען פאַרטהיידיגען.

זְכוּת־אָ'בוֹת, המ. (תלמודיש). די גוטע אָדער פרומע טהאַטען פון (געשטאָרבענע) עלטערען. "זכות אבות איז קיין קאַטאָוועס" (שפוו.).

זְכוּ'תוֹ יָ'גֵן עָלֵי'נוּ, זיינע (דעם געשטאָרבענעם'ס) גוטע טהאַטען זאָלען אונז באַשירמען (פון שלעכטס).

זְכוּ'תוֹ יָ'גוֹן וַאֲנָ'חָה, פאַראָדיע אויף זכותו יגן עלינו (ווז.). זעה יָ'גוֹן וַאֲנָ'חָה.

זְכִ'יָה, הוו. (מ. זְכִ'יוֹת). פריווילעגיע, אויסצייכנונג, עהרע.

זָ'כָר, המ. (מ. זְכָ'רִים). מאַנספערזאָן. "ער מיינט אַז ער איז איין זכר אין מאָסקווא" (ווער.).

זֵ'כֶר, המ. אַ'ן אנדענק, אַ צייכען, אַ שפור.

זֵ'כֶר לְחוּרְ'בָּן, המ. (תלמודיש). אַ'ן אנדענק אָן דער צושטערונג (פון דעם הייליגען טעמפעל).

זֵ'כֶר לְטִיט, המ. (תלמודיש). אַ'ן אנדענק אָן דעם לעהם (וואָס אידען האָבען געמוזט קנעטען אין עגיפטען).

זֵ'כֶר צַ'דִיק לִבְרָ'כָה, (ביבליש). געבענשט זאָל זיין דער אנדענק פון דעם גערעכטען (ווערטער וועלכע מע זאָגט ווען מען דערמאָנט אַ געשטאָרבענעם).

זִכָּ'רוֹן, המ. (מ. זִכְרוֹ'נוֹת). עראינערונג, אנדענק.

זִכָּ'רוֹן, המ. (מ. זִכָּ'רוֹן'ס). געדעכטניס, די פעהיגקייט צו געדענקען. "אַ ליגנער מוז האָבען אַ גוטען זכרון" (שפוו.).

זִכְרוֹ'נוֹ (מ. זִכְרוֹ'נָם; וו. זִכְרוֹ'נָהּ, מ. זִכְרוֹ'נָן) לִבְרָ'כָה, המ. זיין (זייער; איהר, זייער) אנדענק זאָל געבענשט זיין (ווערטער וועלכע מע זאָגט ווען מע דערמאָנט דעם נאָמען פון אַ געשטאָרבענעם).

זְכַרְ'יָה, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען פראָפעט; דער נאָמען פון דעם אידישען בוך וואָס ענטהאַלט די פראָפעצייהונגען פון זכריה.

זַ"ל, אב. זִכְרוֹ'נוֹ לִבְרָ'כָה (ווז.).

זִלְ'זוּל, המ. (מ. זִלְזוּ'לִים). שימפפוואָרט, זידעל-וואָרט.

זְמִי'רוֹת, הוו. מ. געוויסע לויב-

געזאַנגען וועלכע מע זינגט שבת ביי'ם עסען און שבת=צו=נאַכט. "אַ סך זמירות און וועניג לאָקשען" (ווער.).

זְמַן [זְמַן], המ. (מ. זְמַ'נִים). צייט. זמן מנחה, די צייט פון מנחה; אַ סעמעסטער, איינער פון די צוויי לעהר=טער=ינען (צווישען סוכות און פסח און צווישען פסח און סוכות), אַ האַלב יאָהר.

זְמַן־חֵרוּתֵ'נוּ, המ. (ליטורגיש). די צייט פון אונזער באַפרייאונג (אַזוי רופט מען דעם פייערטאָג פון פסח).

זְמַן מַ'תַּן תּוֹרָתֵ'נוּ, המ. (ליטור=גיש). די צייט ווען אונזער תורה איז געגעבען געוואָרען (אַזוי רופט מען דעם פייערטאָג פון שבועות).

זְמַן־פֵּרָ'עוֹן, המ. (תלמודיש). די צייט פון אָפּצאָהלען, צאָהל=טער=מין.

זְמַן־שִׂמְחָתֵ'נוּ, המ. (ליטורגיש). די צייט פון אונזער פרייד (אַזוי רופט מען דעם פייערטאָג פון סוכות).

זֶ'מֶר, המ. געזאַנג, מעלאָדיע, ליעד.

זָ'נָב, המ. (מ. זְנָ'בִים, אייגענטליך: זְנָ'בוֹת). עק, ווייdעל; מענלי=כער אָרגאַן; אַ נאַרר.

זְנוּת, הוו. הורעריי.

זְנוּת־ליטעראַטור, הוו. פאָרנאָגראַ=פישע, שמוציגע ליטעראַטור.

זצוק"ל, אב. זֵ'כֶר צַ'דִיק וְקָ'דוֹשׁ לִבְרָ'כָה, געבענשט זאָל זיין דער אנדענק פון דעם גערעכטען און הייליגען (געשריבען נאָך דעם נאָ=מען פון אַ געשטאָרבענעם זעהר פרומען מאַן).

זצ"ל, אב. זֵ'כֶר צַ'דִיק לִבְרָ'כָה (ווז.).

זְקֵי'נָה, הוו. (מ. זְקֵי'נוֹת). זעה זְקֵ'נָה.

זָ'קֵן, המ. (מ. זְקֵ'נִים). אַ'ן אַלטער מאַן, עלטסטער.

זָ'קֵן אַשְׁמָ'אִי, המ. (תלמודיש). אַ'ן אַלטער זינדער.

זְקֵ'נָה, חוו. (מ. זְקֵ'נוֹת). אַ'ן אַלטע פרוי.

זִקְ'נָה, הוו. עלטער, אַלטקייט.

זְרֻבָּ'בֶל, אנמ. דער נאָמען פון דעם פיהרער וועלכער האָט צוריקגע=בראַכט די אידען פון בבל קיין פאַלעסטינא ווי עס ווערט דער=צעהלט אין דעם ביבלישען בוך "עזרא".

זְרוֹ'עַ, הוו. אַ געקאָכטער ביין מיט אַ שטיקעל פלייש דאַרויף וואָס ווערט געלעגט אויפ'ן טיש צום סדר אַלס אַ'ן אנדענק אן דעם לאַם וועלכען מע פלעגט פאַר=צייטען ביי אידען אָפּפערען אום פסח.

זָ'רִיז, המ. (מ. זְרִי'זִים). אַ גע=שווינדער, פלינקער, פינקטליכער מענש.

זְרִי'עָה, הוו. (מ. זְרִי'עוֹת). זאַאט, זאָמען.

זֶ'רַע, המ. שפּראָצונג, אָפּשטאַמונג, קינדער; שכבת זרע.

זֶרַ'עִים, המ. דער נאָמען פון דער ערשטער פון די זעקס הויפּט=אָב=טהיילונגען פון תלמוד וועלכע ענטהאַלט די רעליגיעזע געזעצען וואָס באַציהען זיך אויף פעלדער, פלאַנצען א. ד. ג. און אויך אַלע פאַרשריפטען וועגען געבעטען און גאָטעס=דיענסט.

זֶ'רֶשׁ, אנוו. דער נאָמען פון המן'ס פרוי.

זֶ'רֶת, המ. דער קליינער פינגער. זעה יוד.

# ח.

ח, דער אַכטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; אין צעהלען גערעכענט אַלס 8. זעה חֵית.

חאַס'לערע, הוו. (מ. חאַס'לערעס). האָכצייט (אין אַ פאַראַכטענדען זין). זעה חֲ'תוּנָה.

חַבַּ"ד', אב. חָכְ'מָה, בִּי'נָה, דֵי'עָה, פרייד, פאַרנונפט, קענטניס (קאַבאַליסטישע אייגענשאַפטען פון דער גאָטהייט). המ. דער נאָמען פון אַ געוויסער חסידישער סעקטע.

חַבַּד'ניצע, הוו. אַ קלויז פון חבד'ניקעס (ווז.).

חַבַּד'ניק, המ. (מ. חַבַּד'ניקעס). אַ'ן אנהענגער פון חב"ד (ווז.).

חִ'בּוּט־הַקֶּבֶר [הַקֶ'בֶר], המ. (תלמודיש). די ליידען וועלכע דער טויטער מוז אויסשטעהן אין זיין קבר איידער מע ברענגט איהם פאַר דעם הימלישען געריכט.

חִ'בּוּר, המ. (מ. חִבּוּ'רִים). אַ פאַרפאַסונג, אַ ווערק, אַ בוך; (אין אַריטהמעטיק) צוזאַמענרעכענונג, צוזאַמענציהונג.

חֲבוּ'רָה, הוו. (מ. חֲבוּ'רוֹת). קאָמפּאַניע, געזעלשאַפט.

חֲבֵי'רָה, הוו. (מ. חֲבֵי'רוֹת). זעה חֲבֵ'רָה.

חַבְ'לֵי־לֵי'דָה, המ. מ. (ביבליש: חַבְלֵי־יוֹלֵדָה). געבורטס=וועהען.

חֲבַ'קוּק, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען פראָפעט; דער נאָמען פון דעם ביבלישען בוך וואָס ענטהאַלט די פראָפעצייהונגען פון חבקוק.

חָבֵר [חַ'בֶר], המ. (מ. חֲבֵ'רִים). קאַמעראַד, קאָמפּאַניאָן, שול=קאַמעראַד, פריינד; גענאָסע, מיט=גליעד. אָ פּ ' ח ב ר, אויס חבר.

חַ'בר־לאַוועער, חַ'בֶר־לאַפּ, א. קאַמעראַדשאַפטליך, באַפריינדעט.

חֲבֵ'רָה, הוו. (מ. חֲבֵ'רוֹת). גענאָסין, מיטגליעד.

חֶבְ'רָה, הוו. (מ. חֶבְ'רוֹת). געזעלשאַפט, קאָמפּאַניע; פאַראיין, אָרגאַניזאַציאָן. ווייסע= ח ב ר ה, לויפער=באַנדע, באַנדע פון יונגאַטשעס.

חֶבְ'רָה־מאַן, המ. (מ. חֶבְ'רָה־לייט). מיטגליעד פון אַ פאַראיין; חיטרער קערל, יונגאַטש.

חֶבְ'רָה־קַדִי'שָׁא, הוו. "דער הייליגער פאַראיין", בעערדיגונגס־פאַראיין.

חֶבְ'רָה'טע, הוו. (מ. חֶבְ'רָה'טעס). אַ חיטרע, דורכגעמאַכטע פרוי.

חֶבְ'רָה'ניק, המ. (מ. חֶבְ'רָה'ניקעס). יונגאַטש.

חֶבְ'רָה'יש, א. באַלאַנגענדיג צו אַ פאַראיין.

חַ'בֶר'טע, הוו. (מ. חַ'בֶר'טעס). פריינדין, שוהל־קאַמעראַדין.

חַבְרו'תָא, הוו. (מ. חַבְרו'תות). קאַמעראַדשאַפט, ברידערליכקייט; געזעלשאַפט; קאָמפּאַניע; באַנדע, חאַליאַסטרע.

חַבְרַ'יָא, הוו. (מ. חַבְרַ'יות). קאָמפּאַניע, באַנדע, חאַליאַסטרע.

חַ'בֶר'ען־זיך, צוו. קאַמעראַדשאַפט מאַכען, זיין באַפריינדעט.

חַ'בֶר'שאַפט, הוו. קאַמעראַדשאַפט, ברידערליכקייט.

חִ'בַּת־צִ'יוֹן, הוו. די ליעבע צו ציון, די ליעבע צו פאַלעסטינא.

חַג־הָאָ'סִיף, המ. (ביבליש). דער פעסט פון איינזאַמלען (דאָס געטריידע פון פעלד. אַזוי רופט מען דעם פייערטאָג פון סוכות).

חַג־הַבִּכּו'רִים, המ. (ביבליש). דער פעסט פון די ערשטלינג־פרוכטען (אַזוי רופט מען דעם פייערטאָג פון שבועות).

חַג־הַמַ'צות, המ. (ביבליש). דער פייערטאָג פון מצות.

חָ'גָא, הוו. (מ. חַגָ'אות, חָ'גָא'ס). אַ (ניט־אידישער) פייערטאָג. "אַז מע קלינגט איז אַ ח ג א אָדער אַ שרפה אָדער אַ פגר" (שפוו.).

חַ'גַי, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען פראָפעט; דאָס ביבלישע בוך וואָס ענטהאַלט די פראָפעצייהונגען פון חגי.

חַד־בְּדָ'רָא, המ. איינער אין זיין צייט, דער גרעסטער מאַן פון זיין צייט.

חַד־גַדְ'יָא, המ. (מ. חַד־גַדְ'יָאים), (ליטורגיש). "איין ציקעלע", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ'ן ערצעהלונג פאַר קינדער וועלכע געפינט זיך אין דער הגדה; אַ נאַרישע פאַרשלידערטע געשיכטע; טורמע, געפענקניס. "אַריינ'ישב'ען אין ח ד ־ ג ד י א" (ווער.).

חֶדְ'וָה, הוו. פרייד.

חָ'דוש, המ. (מ. חִדו'שים). אַ נייס, אַ נייער אויפטהו; אַ וואונדער, אַ זעלטענהייט. געהן אויף ח ד ו ש י ם, געהן זעהען די וואונדער.

הִ'דוש'ען זיך, צוו. זיך וואונדערען.

חֵדֶר [חֶ'דֶר], המ. (מ. חֲדָ'רים). צימער; אַ שול פאַר קינדער. אויסזאָגען פון ח ד ר, אויספלוידערען אַ געהיימניס.

חֵ'דֶר־אינגעל, הז. (מ. חֵדֶר־אינגלעך). אַ שול־קינד. "ווען פרעהען זיך די חדר־אינג־לעך ווען דער רבי זיצט שבעה" (שפוו.).

חֲדַר [חֵ'דֶר]־הַקָ'הָל, הם. דאָס צי־מער וואו די פאַרשטעהער פון דער (אידישער) געמיינדע האַלטען זייערע באַראַטהונגען.

חֶדֶר [חֵ'דֶר] מְתוּ'קָן, הם. אַ מאָ־דערנע שול צו לערנען העברעאיש און אַנדערע געגענשטאַנדען לויט דער נייער מעטהאָדע.

חַדְרַ"ג', אב. חֵ'רֶם דְרַבֵּ'נוּ גֵרְ'שׁוֹם (ווז.).

חָ'דֶשׁ, הם. די נייע געטריידע (וועל־כע די גאַנין פרומע אידען עסען ניט ביז דעם 18־טען טאָג פון דעם מאָנאַט ניסן).

ח"ו, אב. חַס־וְשָׁ'לוֹם (ווז.).

חוֹ'ב, הם. (מ. חוֹ'בוֹת). שולד, פליכט.

חוֹ'בֵב־צִ'יוֹן, הם. (מ. חוֹבְ'בֵי־צִ'יוֹן). אַ ליעבהאָבער פון ציון; אַ מיט־גליעד פון אַ פאַראיין געגרינדעט צו קאָלאָניזירען אידען אין פאַ־לעסטינא.

חוֹ'בַת־הַלְבָ'בוֹ'ת, הם. "די פליכט פון די הערצער", דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען מאָראַל־בוך.

חודער־מודער (וואהרשיינליך פון חֶדֶר מְהוּדָר, אַ שעהן צימער), הם. פעסטונג, טורמע. "אַריינ־ישב'ען אין חודער־מודער" (ווער.).

חוֹ'דֶשׁ, הם. (מ. חֳדָ'שִׁים). מאָנאַט.

חַ'וָּה, אנוו. דער נאָמען פון דער ערשטער פרויענצימער, די פרוי פון אדם־הראשון. "ציעקאַווע ווי מוטער חוה" (ווער.).

חוה"מ, אב. חוֹ'ל־הַמוֹ'עֵד (ווז.).

חוהמ"ס, אב. חוֹ'ל־הַמוֹ'עֵד סוּ'כּוֹת (ווז.).

חוהמ"פ, אב. חוֹ'ל־הַמוֹ'עֵד פֶּסַח (ווז.).

חוֹ'זֶק *, הם. אַ לעכערליכע אָדער אונבאַדייטענדע פערזאָן; שפאַס, שפאָט. מאַכען חוזק, אָפּלאַ־כען, אָפּשפעטען. האָבען אַ פנים ווי חוזק, זיין לעכערליך. חוזק איז זיין נאָמען, ער איז אַ'ן אונבאַדייטענדע פערזאָן. ער זעהט אויס ווי חוזק אין ג־עדן, ער זעהט אויס קאָמיש. "חוזק האָט זיין אייגען ווייב ניט דערקענט" (ווער.). (דאָס וואָרט ווי עס שיינט שטאַמט פון דעם אייגעננאָמען "חוזק" מיט וועלכען עס האָט זיך גערופען אַ געוויסער מאַן וועגען וועלכען עס פלעגען אַרומגעהן צווישען פאָלק שפאַסהאַפטע געשיכטען. דאָס וואָרט איז אָבער באַהאַנדעלט געוואָרען אַלס אַ העברעאישעס און פון איהם האָט זיך זאָגאַר ענטוויקעלט אַ צווייטעס וואָרט מיט אַ העברעאישער פאָרם: מַחְזָ'קוֹת, ווז.).

חוֹ'זֶק'ען, צש. מאַכען שפאַס, אָפּ־לאַכען. אָפּ'חוזק'ען, אָפּ־לאַכען.

**חו'זֵר**, המ. (מ. חוזְ'רים). איינער וועלכער איז אָנגעשטעלט ביי אַ חסידישען רבי'ן צו ווידערהאָלען און ערקלערען דעם פּאָרטראג וואָס דער רבי האָט געהאַלטען.

**חו'זֵר בִּתְשוּבָה** [בִּתְשוּ'בָה], המ. (מ. חוזְ'רים בִּתְשוּבָה [בִּתְשוּ'בָה]) איינער וואָס באַרייעט אויף זיינע זינד.

**חו'זֵר בִּתְשוּבָה** [בִּתְשוּ'בָה] **זיין**, צש. באַרייען אויף זינד.

**חוט־הַמְשֻׁ'לָּש**, המ. (ביבליש). אַ פֿאָדים געפלאָכטען אין דרייען.

**חוט־הַשֶּׁדְ'רָה**, המ. (תלמודיש). דער רוקען־ביין, דער מאַרך־ביין.

**חו'טֵא־בְּעֵ'גֶל־זיין**, צש. זינדיגען מיט (דער זינד פון) דעם (גאָלדענעם) קאַלב, זינדיגען. זעה עֵ'גֶל.

**חו'טֵא וּמַחֲ'טִיא** (אֶת־הָרַ'בִּים), המ. (תלמודיש). איינער וואָס זינדיגט אַליין און מאַכט אַנדערע צו זינדיגען.

**חו'טֵא'ן**, צש. זינדיגען; געשלעכטליך זינדיגען.

**חו'בָא וּטְלוּ'לָא**, מ. (תלמודיש). שפּאַס און געלעכטער, שפּאָט.

**חוֹבֵר** [חו'בֵר], המ, (מ. חוֹבְרים [חו'בְ'רים]). איינער וועלכער נעהמט אין אַרענדע, אַ'ן אַרענדאַר.

**חול־הַמו'עֵד**, המ. (תלמודיש). "וואָכעדיגער פייערטאָג", די האַלבע פייערטעג צווישען די ערשטע און די צווייטע טעג פון אידישע פייערטעג (ווי אונטען).

**חול־הַמו'עֵד סו'כּות**, המ. די האַלב־פייערטעג צווישען די ערשטע און די צווייטע טעג פון סוכות (ווז.).

**חול־הַמו'עֵד פֶּסַח** [פֶּ'סַח], המ. די האַלב־פייערטעג צווישען די ערשטע און די צווייטע טעג פון פסח (ווז.).

**חו'לֶה**, המ. (מ. חו'לָאים*, אייגענטליך: חו'לים). קראַנקער, פּאַציענט.

**חו'לֶה**, א. קראַנק.

**חו'לֶה־מְסו'כָּן**, המ. אַ געפעהרליך קראַנקער.

**חו'לִי־הַנֶ'פֶש**, המ. "די קראַנקהייט פון דער זעעלע", זינדיגקייט.

**חו'לִי־מֵעַ'יִים**, המ. (תלמודיש). בויך־קראַנקהייט, לייב־שמערצען.

**חו'לִי־נוֹפְ'לִים**, המ. די פאַליגע קראַנקהייט, עפּילעפּסיע.

**חו'לָם**, המ. (מ. חו'לָמ'ס). דער נאָמען פון אַ געוויסען העברעאישען וואָקאַל, אויסגעשפּראָכען אונגעפעהר ווי "אָאו". דער צייכען פון דעם וואָקאַל איז ענטוועדער אַ פּינטעלע איבער דעם בוכשטאַב, אַזוי ווי אין "נֹחַ", אָדער אַ "ו" מיט אַ פּינטעלע פון אויבען (וֹ) נאָך דעם בוכשטאַב, אַזוי ווי אין "חוֹלֶה".

**חו'לָם־נאָז**, ה״ו. (מ. חו'לָם־נעזער). אַ צודראַפּעטע נאָז (אַ'ן אויסדרוק פון קינדער).

חולְ'שָׁה, הוו. שוואַכקייט, שלאַפֿ־קייט.

חולְ'שָׁה־חַלָ'שות, הוו. גרוים עקעל, עקעלהאַפֿטע זאַך.

חולְ'שַׁת־הַגוּף', הוו. קערפערליכע שוואַכקייט.

חו'מֶד מָ'מוֹן, המ. אַ ליעבהאָבער פון געלט, אַ געלטגיעריגער מענש.

חו'מֶר, המ. מאַטעריע; דער מענש־ליכער קערפער. אָנשטאָפּען דעם חומר, אָנפילען דעם מאָגען, עסען.

חומְ'רָא, הוו. (מ. חוּמְ'רות), (תל־מודיש). אַ שוויריגקייט, אַ שווע־רע פראַגע; שטרענגקייט (אין ענטשיידען אַ רעליגיעזע פראַגע).

חו'מָשׁ, חמ. (מ. חוּמָ'שִׁים). איינס פון די פינף ביכער פון תורת משה (ווז.); די פינף ביכער פון תורת משה.

חו'נֶף, המ. (מ. חוֹנְ'פִים). אַ שמייכ־לער, אַ'ן אונטערלעקער.

חו'פָּה, הוו. (מ. חו'פּות). אַ פּיער־עקיגע דעקע אַריבערגעצויגען אויף פיער שטאַנגען אונטער וועלכע די הייראַטה־צערעמאָניע ווערט געמאַכט; די הייראַטה־צערעמאָניע. „צו דער חופה געהט מען צום גט לויפט מען“ (שפּוו.).

חו'פָּה וְקִידו'שִׁין, מ. הייראַטה־צערעמאָניע.

חוּץ, או. אויסער.

חוּץ, המ. אַ'ן אויסנאַהם, אַ'ן אַנ־טיק.

חוּץ־לָאָ'רֶץ, או. (תלמודיש). אוי־סער דעם (הייליגען) לאַנד, ניט אין פּאַלעָסטינא.

חוּץ לְדֶ'רֶךְ הַטֶ'בַע, או. אויסער־נאַטירליך, איבערנאַטירליך.

חוּץ לָזֶה', או. אויסער דעם.

חוּץ לַמַּחֲ'נֶה, או. (ביבליש). אוי־סער'ן לאַגער, אויסגעשטויסען.

חוּץ לַתְּחום [לִתְחוּם'], או. (תלמו־דיש). אויסער דעם תחום (ווז.).

חוּץ מ—, זעה חוּץ ל—.

חוּצְ'פָּה, הוו. (מ. חוּצְ'פּות). פרעכהייט, אונפאַרשעמטקייט. „גאָט זאָל אָפּהיטען פון אידישע חוצפה, אידישע מיילער און אידישע קעפּ“ (שפּוו.).

חוּצְ'פָּה'ניק, המ. (מ. חוּצְ'פָּה'ני־קעס). פרעכער מענש.

חוּ'קַר־וְדו'רֵשׁ־זיין, צא. נאָכפאָר־שען, אויספאָרשען, אונטערזוכען.

חו'קֵר־קַדְמונִ'יות, המ. (מ. חוֹקְ'רֵי קַדְמונִ'יות). פאָרשער פון אַל־טערטהימליכע זאַכען, אַרכעאָלאָג.

חור [חוֹר], המ. אַ לאָך. אַריינרוקען אין חור, אַריינזעצען אין פעסטונג.

חורְ'בָה, הוו. (מ. חוּרְ'בות). אַ'ן אָ.ט, איינגעפאַלענע געביי, אַ רו־אינע, אַ פּוסטקע.

חורְ'בָּן, המ. (מ. חוּרְבָּ'נות). זעה חֻרְ'בָּן.

חוי״ש, אב. חַס־וְשָׁ'לום (ווז.).

חוּש, המ. (מ. חוּ׳שים). געפיהל, אינסטינקט.

חוּש־הַטַ׳עַם, המ. דאָס געשמאַק־געפיהל.

חוּש־הַמִ שוּש, המ. דאָס טאַפּ־גע־פיהל, דאָס טאַפּען.

חוּש־הָרְאִ׳יָה, המ. דאָס זעה־געפיהל, דאָס זעהען.

חוּש־הָרֵי׳חַ, המ. זאָס גערוך־גע־פיהל, דער גערוך.

חוּש־הַשְׁמִי׳עָה, המ. דאָס הער־גע־פיהל, דאָס הערען.

חוֹ׳שֵׁד־זיין, צא. פאַרדעכטיגען.

חוֹ׳שֵׁד בִּכְשֵׁרִים [בִּכְשֵׁ׳רִים], המ. (תלמודיש). איינער וועלכער פאַרדעכטיגט אַ׳ן אונשולדיגען.

חוֹ׳שִׁים, המ. זעה חֲ׳שִׁים.

חוֹ׳שֶׁךְ, המ. זעה חשֶׁךְ.

חוֹ׳שֶׁן, המ. זעה חשֶׁן.

חַוַת־דַ׳עַת, הוו. די אַרויסזאָגונג פון אַ מיינונג, אַ מיינונג.

חֲ׳זִיר, המ. (מ. חֲזֵי׳רִים). שוויין; שוויינענפלייש; גראָבער געמיינער מענש; אַ קאַרגער. זיך מאַכען חזיר־פּיסעל־כשר, אַרויסווייזען בלויז די גוטע זייט, מאַכען פאַל־שע אָנשטעלען (שטאַמט פון דעם וואָס אַ חזיר האָט צושפּאָלטענע פיס, וועלכע זיינען געוועהנליך די קענ־צייכענס דורך וועלכע מע דערקענט די בהמות וואָס אַ איד מעג עסען זייער פלייש, און דאָך איז זיין פלייש פאַרבאָ־טען). "פון אַ חזיר אַ האָאר איז אויך גוט" (שפּוו.). "ווען אַ חזיר וואָלט געהאַט הערנער וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געהאַט" (שפּוו.). "דער חזיר איז טריף אָבער דער מקח איז כשר" (שפּוו.). "אַז מע עסט חזיר זאָל שוין רינען איבער דעם מויל" (שפּוו.). "פון אַ הזיר׳ס עק קען מען קיין שטריימעל ניט מאַכען" (שפּוו.). "אַ׳ן אַלטער איז גלייך צו אַ קינד און אַ קינד איז גלייך צו אַ חזיר" (שפּוו.). "ער האָט אַזוי פיעל געלט ווי אַ איד חזירים" (ווער.). "דאָס ערשטע ווייב איז ווי אַ הונד, דאָס צווייטע ווי אַ קאַץ, דאָס דריטע ווי אַ חזיר" (שפּוו.). "אַ סבין ווי אַ חזיר אויף הייוועגן" (ווער.). "אַ מצוה פון אַ חזיר אַ האָאר אויסצורייי־סען" (שפּוו.). "דאָס בעסטע עפּעלע האַפּט אויס דער חזיר" (שפּוו.). "עס פּאַסט איהם ווי אַ חזיר אַ שטריימעל" (ווער.). "אַ כשר׳ער פויגעל שטעלט זיך ניט אויף אַ חזיר" (ווער.). "פּעט ווי אַ חזיר" (ווער.). "אַ קליין קינד איז אַ חזיר, אַ גרויס קינד איז אַ וואָלף" (שפּוו.). "אַז מע לעגט זיך אין קלייען שלעפּען אַוועק די חזירים" (שפּוו.). "די קראָה פליהט הויך און זעצט זיך אויף אַ חזיר" (שפּוו.). "ווילסט רייך ווערען — זיי זיעבען יאָהר אַ חזיר" (שפּוו.).

חֲ׳זִיר־מילךְ, המ. דאָס מילך וואָס געפינט זיך אין די בריסטלעך פון געוויסע ניי־געבוירענע קינדער.

חֲ'זִיר'טע, הוו. (מ. חֲ'זִיר'טעס). אַ געמיינע פרוי, אַ קאַרגע.

חֲזִיר'ייִ', הוו. (מ. חֲזִיר'ייִ'ען). שווינעריי, נידעריגע זאַך, געמיינע האַנדלונג.

חֲזִיר'ניצע, הוו. (מ. חֲזִיר'ניצעס). זעה חֲזִיר'ניק.

חֲזִיר'ניק, הם. (מ. חֲזִיר'ניקעס). אַ איד וועלכער עסט חזיר=פלייש און אַנדערע פאַרבאָטענע שפייזען; אַ געמיינער קערל.

חֲ'זִיר'ען, צא. שמוצען, באַשמוצען. פאַר'חזיר'ען, פאַרשמוצען.

חֲ'זִיר'ש, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון אַ חזיר. חזיר'שע מאָרדע, פעטע אָפגעגאָלטע מאָרדע (אין אַ פאַראַכטענדען זין). חזיר'שע נים, נים פון אַ'ן אייכענבוים, אייכעלען.

חַזַ"ל', אב. חֲכָמֵי'נוּ זִכְרוֹ'נָם לִבְרָ'כָה, אונזערע געלעהרטע געבענשט זאָל זיין זייער אנדענק.

חַ'זָן, הם. (מ. חַזָ'נִים). פאָרזינגער, פאָרבעטער, קאַנטאָר. "אַלע חזנים זיינען נאַראָנים" (שפוו.). "אַ חזן; און אַ פערד זיינען נאָר גוט ביז פערציג יאָהר" (שפוו.). "ווי אַזוי דער חזן זינגט קריגט ער אַלין אין טאַטען אריין" (שפוו.).

חַ'זָנ'טע, הוו. (מ. חַ'זָנ'טעס). די פרוי פון אַ חזן.

חַזָ'נוּת, הוו. די שטעלע פון אַ חזן.

חֲזַק', אר. "שטאַרק זיך", אַ שלום=וואָרט וואָס מע שטעלט צום ענדע פון אַ בוך און וואָס דער אויפרו=פער אין שוהל זאָגט נאָך דעם נאָמען פון דער פערזאָן וועלכע ער רופט אויף צו אַ'ן עלייה (ווז.).

חֲזָ'קָה, הוו. (מ. חֲזָ'קוֹת). דאָס רעכט וואָס איינער ערווערבט אויף אַ שטיק לאַנד אָדער אויף אַ'ן איי=גענטהום דורך דעם וואָס ער האָט זיי געהאַט אין זיין באַזיץ אַ באַ=שטימטע צייט; רעפוטאַציאָן, אָנ=גענומענע מיינונג; פאָראויסזע=צונג. שטעלען אויף דער חזקה, זיך פאַרלאָזען אויף דער אָנגענו=מענער מיינונג.

חֲזָ'רָה, הוו. (מ. חֲזָ'רוֹת). צוריק=קעהרונג, צוריקגעבונג, צוריק=שיקונג.

חַ'זֶר'ען, צא. ווידערהאָלען, איבער=זאָגען, איינשטודירען. איבער'חזר'ען, ווידערהאָלען, נאָכ=זאָגען. אויס'חזר'ען, אויס=לערנען אויסוועניג. איינ'חזר'ען, איינשטודירען.

חֲזֶ'רֶת, הוו. גרינס וואָס מע עסט צום סדר (ווז.).

חֲזָ'רַת־הַשַׁ"ץ', הוו. דעם פאָרבע=טער'ס ווידערהאָלונג פון דער שמונה־עשרה.

חֵטְא [חֶט], הוו. (מ. חֲטָ'אִים). זינד.

חַטְ'אוֹת־נְעוּ'רִים, הוו. מ. (ביב=ליש). די זינד פון דער יוגענד.

חַ'טָּאת, הם. אַ'ן אָפפער וואָס מע פלעגט ברענגען פאַרצייטען ביי אידען פאַר די פאַרגעבונג פון זינד.

**חַ'טָאת**, א. (מ. חַטָּא'תִים *), (אַמעריקאַניש). אַ זינדער, אַ ניט=פרומער.

**חָטָא'תִי**, (ליטורגיש). איך האָב געזינדיגט. זיך שלאָגען חטאתי, באַרייען.

**חֲ'טָף**, המ. (מ. חֲ'טָפ'ען). אַ שוא (ווז.) פאַרבונדען מיט אַ וואָקאַל (זעה אונטען).

**חֲ'טָף־סֶ'גוֹל**, המ. (מ. חֲ'טָף־סֶגוֹל'ען). אַ שוא וואָס שטעהט פאַר אַ סגול (ֱ) און בילדעט צוזאַמען מיט איהם אַ האַלב=וואָקאַל.

**חֲ'טָף־פַּתַּח** [פַּ'תַח], המ. (מ. חֲ'טָף־פַּ'תַח'ען). אַ שוא וואָס שטעהט פאַר אַ פתח (ֲ) און בילדעט מיט איהם צוזאַמען אַ האַלב=וואָקאַל.

**חֲ'טָף־קָ'מֵץ**, המ. (מ. חֲ'טָף־קָ'מֵץ'ען). אַ שוא וואָס שטעהט פאַר אַ קמץ (ֳ) און בילדעט צו=זאַמען מיט איהם אַ האַלב=וואָקאַל.

**חַ"י**, צ. אַכצעהן (י"ח), אָנגענומען ביי אידען אַלס אַ גליק=ברענגענדע צאָהל, ווייל דאָס וואָרט "חי" באַדייטעט אין העברעאיש "לע=בענדער". עס איז דאַריבער איינ=געפיהרט ביי די פרומע אידען ווען זיי שענקען געלט צו אָרעמע אָדער פאַר אַ הייליגען צוועק צו געבען די צאָהל "חי" (אַכצעהן) אָדער „חי מאָל חי" (אַכצעהן מאָל אַכצעהן).

**חַי־געלעבט**, או. געלעבט אַ טאָג, פרעהליך.

**חַי־וְקַיָּם**, המ. (ליטורגיש). "דער וועלכער לעבט און באַשטעהט איביג (גאָט)", ווערטער פון אַ געוויסען געבעט וועלכע די גע=מיינדע זאָגט אויף אַ זעהר הויכער שטים. שרייען חי־וקים, פראָטעסטירען אומזיסט. אַ פראָס=טער חי־וקים, אַ'ן איינפאַ=כער מענש, איינער וועלכער מאַכט ניט קיין צערעמאָניעס.

**חַ'יָב**, א. שולדיג, פאַרפליכטעט.

**חַ'יָב־מִי'תָה**, א. (תלמודיש). ווערט טויט=שטראָף.

**חִי'בּוּט־הַקֶ'בֶר**, המ. זעה חִ'בּוּט־הַקֶ'בֶר.

**חִי'בּוּר**, המ. (מ. חִיבּוּ'רִים). זעה חִ'בּוּר.

**חִי'בַּת־צִ'יוֹן**, הוו. זעה חִ'בַּת־צִ'יוֹן.

**חִי'דָה**, הוו. (מ. חִי'דוֹת). רעטה=זעל, רעטענים.

**חִי'דוּשׁ**, המ. (מ. חִידוּ'שִׁים). זעה חִ'דוּשׁ.

**חַ'יָה**, הוו. (מ. חַ'יוֹת). טהיער, ווילדער טהיער.

**חַ'יָה־רָ'עָה**, הוו. (מ. חַ'יוֹת־רָ'עוֹת). ווילדע טהיער.

**חִ'יוּב**, המ. (מ. חִיוּ'בִים). פאַר=פליכטונג, פליכט.

**חִיוּ'נָה**, הוו. ערנעהרונג, לעבענס=מיטעל. ציהען חיונה פון, זיך ערנעהרען פון.

**חִ'יּוּת**, הוו. לעבען, לעבענס=קראַפט; פאַרגעניגען, קוויקונג.

חַ'יות, הוו. לעבען, לעבענסקראַפט.
ער ווייס ניט פֿון זיין חיות,
ער ווייס ניט וואָס מיט איהם
טהוט זיך.

חַ'יות'ען־זיך, צוו. זיך קוויקען.

ח'יָט, המ. (מ. חַי'טִים). שניידער.

חַ'יֵי־אָ'דָם, המ. "דאָס לעבען פון
מענשען", דער נאָמען פון אַ גע־
וויסען בוך וועלכעס ענטהאַלט
אין אַ פאַרקירצטער פאָרמע אַלע
רעליגיעזע פאָרשריפטען.

חַ'יֵי־שָׁ'עָה, הוו. (תלמודיש). "דאָס
לעבען פון אַ ווײַלע", אַ ווײַלע
פאַרגעניגען. "אַ חיי־שעה איז
אויך גוט" (ווער.).

חַ'יֵי־שָׂ'רָה, הוו. דער נאָמען פון
דער פינפטער סדרה (ווז.).

חַ'יָיב, א. (מ. חַיָ'יבִים). זעה
חַ'יָב.

חַ'יָיה, הוו. זעה חַ'יָה.

חַ'יָיט, המ. (מ. חַיָ'יטִים). זעה
חַ'יָט.

חַ'יִיל, המ. (מ. חַיָ'ילוֹת). זעה
חַ'יִל.

חַ'יִים, מ. דאָס לעבען.

חַ'יִים־אֲרוּ'כִים, מ. (ליטורגיש).
לאַנגעס לעבען.

חִי'לול, המ. זעה חִ'לול.

חִי'לוף, המ. זעה חִ'לוף.

חִי'לוק, המ. (מ. חִילוּ'קִים). זעה
חִ'לוק.

חֵי'מָה, הוו. זעה חֵ'מָה.

חִי'נוך, המ. זעה חִ'נוך.

חִי'סור, המ. זעה חִ'סור.

חִיסָ'רון, המ. זעה חִסָ'רון.

חִי'רִיק, המ. (מ. חִי'רִיקִ'ען). דאָס
וואָקאַל־פּינטעלע (ִ) וועלכעס
ווערט געשטעלט אונטער דעם
בוכשטאַב און ווערט אויסגע־
שפּראָכען ווי "אי" אין "אידען".

חֵית, המ. (מ. חֵי'תִ'ען). דער נאָ־
מען פון דעם אַכטען בוכשטאַב
(ח) פון דעם אידישען אלף־בית.

חֲבִירָה [חֲבֵי'רָה], הוו. (מ. חֲבִירוֹת
[חֲבֵי'רוֹת]). אַ'ן ארענדע, אַ
פאַכט; אַ שטיק לאַנד געהאַלטען
אין אַרענדע.

חָ'כָם, המ. (מ. חֲכָ'מִים, חַכְ'מֵיי).
אַ קלוגער מאַן; אַ געלעהרטער;
איינער פון די פיער פאַרשיעדענע
זיהן וועלכע ווערען אויסגערעכענט
אין דער הגדה (זעה אַרְבָּ'עָה
בָּ'נִים). אַ חכם פון דער מה־
נשתנה, אַ נאַר וועלכער האַלט
זיך פאַר קלוג. "בעסער אַ פאַטש
פון אַ חכם איידער אַ קוש פון
אַ נאַרר" (שפּוו.). "דער חכם
שבל'ט זיך אפילו פון דער תליה
אַראָפּ" (שפּוו.). לאַנד־חכם,
איינער וואָס זיין קלוגהייט איז
באַריהמט אין דעם גאַנצען לאַנד
ארום.

חַכָם', המ. אַ רב ביי שפּאַניאָלישע
אידען; דער גייסטליכער פיהרער
פון אַ קאַראַאימישער געמיינדע
(זעה קָרָ'אִי).

חָ'כָם־בַּלַיְ'לָה, המ. "אַ קלוגער ביי

דער נאַכט״, אַ קנאַפּער קלוגער.

חָ'כָם־מְחֻ'כָּם, המ. (מ. חֲכָ'מִים־מְחֻכָּ'מִים), (ביבליש). אַ זעהר קלוגער מענש.

חָ'כָם־עַ'תִּיק, המ. אַ זעהר קלוגער מענש.

חָכְ'מָה ׳ חָכְ'מַת־ , הוו. (מ. חָכְ'מוֹת). קלוגהייט, ווייזהייט; קענטשאַפט, וויסענשאַפט; קונסט, פילאָזאָפיע; אַ קוניץ; אַ קלוג וואָרט, אַ וויץ. אָהן חכמות, ניטגעקינסטעלט, איינפאַך. אויבער־חכמה, אויבערשפּיצעל. ״מיט חכמה געהט מען ניט אין מאַרק אַריין״ (שפּוו.). ״וואָס טויג די חכמה אַז די נאַרישקייט גילט״ (שפּוו.). ״ביי'ם אָרעמאַן ווערט די חכמה דערשלאָגען״ (שפּוו.). ״צום גליק דאַרף מען קיין חכמה ניט״ (שפּוו.).

חֲכָ'מָה, הוו. (מ. חֲכָ'מוֹת). אַ קלוגע פרוי.

חָכְ'מָהדיג, א. וויציג, קלוג.

חַכְ'מֵי־הַלעזשאַנקע, המ. מ. די קלוגע פון הינטער דעם אויוון.

חַכְ'מֵי־יָוָן, המ. מ. די פילאָזאָפען פון גריכענלאַנד.

חֲכָמֵינוּ, המ. מ. אונזערע געלעהרטע, די געלעהרטע פון תלמוד (ווז.).

חַכְמָנִית [חָכְמַ'נִית], הוו. (מ. חַכְמָנִיּוֹת [חָכְמַ'נִיּוֹת]), אַ קלוגע פרוי.

חָכְ'מ'ען־ ׳ חָכְ'מ'ענען־זיך, צוו. זיך וויצלען.

חֲכֵ'מֶת *, הוו. אַ קלוגע פרוי.

חָכְ'מַת־הַיָד [הַיַ'ד'], הוו. די קונסט פון פאָראויסזאָגען די צוקונפט פון אַ מענשען נאָך די שטריכען פון זיין האַנד.

חָכְמַת־הַמְּדִי'דָה, הוו. די וויסענשאַפט פון מעסטען, געאָמעטריע.

חָכְ'מַת־הַפַּרְ'צוּף, הוו. די קונסט צו דערקענען די אייגענשאַפטען און די נאַטור פון אַ מענשען לויט די שטריכען פון זיין געזיכט.

חָכְ'מַת־הַתְּכוּ'נָה, הוו. שטערנלעהרע, אַסטראָנאָמיע.

חָכְ'מַת־יָוָן, הוו. די גריכישע פילאָזאָפיע.

חָכְ'מַת־שְׁלֹ'מֹה, חוו. די קלוגהייט פון (קיניג) שלמה, גרויסע קלוגהייט.

חַל־זיין, צש. זיין גילטיג, זיין אין קראַפט, זיין אָנווענדבאַר; פּאַסירען, טרעפען, אויספאַלען, שטאַטפינדען.

חַלַאת' *, הוו. (מ. חַלַאת'יען). אַ קראַנקהייט, אַ פעהלער. וויסען אַ חלאת, גאָרניט וויסען. געבען אַ חלאת, גאָרניט געבען.

חֵ'לֶב, הוו. דאָס פעט (פון פלייש) וועלכעס אַ איד טאָר ניט עסען.

חָ'לָב־וּדְבַ'שׁ, המ. מ. (ביבליש). מילך און האָניג.

חֵ'לֶב'דיג, א. אייגגעשמירט אין חלב.

חֶ'לֶב'עֶן, א. געמאַכט פון חלב.

חֶלְ'בְּנָה, הוו. דער פעך פון אַ גע=וויסען בוים וועלכער איז גע=ברויכט געוואָרען צוזאַמען מיט פאַרשיעדענע אַנדערע געווירצען אין דער צובאַרייטונג פון דעם הייליגען ווייהרויך, הגם אַליין האָט ער זעהר אַ שלעכטען גערוך. "אין די קטורת איז דאָ חלבנה, און אין דער פיינסטער משפחה איז דאָ אַ משומד" (שפוו.).

חַ'לָּה, הוו. (מ. חַ'לּוֹת). אַ לאַבען ברויט; וויים=ברויט, ווייצענ=ברויט; דאָס שטיקעל וואָס מע נעהמט אַראָפּ פון דעם פאַרקנע=טענעם טייג און מע פאַרברענט איידער מע מאַכט ברויט (אין אנ=דענק אָן דעם טהייל וואָס מע פלעגט פאַרצייטען אַרונטערנעהמען פאַר'ן כהן). "אַז מע זוכט חלה פאַרליערט מען ברויט" (שפוו.).

חִ'לּוּל, המ. פאַרשוועכונג, שענדונג, לעסטערונג.

חִ'לּוּל־הַכָּ'בוֹד, המ. באַליידיגונג, ערנידערונג.

חִ'לּוּל־הַשֵּׁם [הַשֶּׁם'], (תלמודיש). אַ שענדונג פון גאָט. עס איז אַ חלול־השם פאַר גויים, עס איז אַ שאנד פאַר די אויגען פון פון ניט=אידען.

חִ'לּוּל־שַׁ'בָּת, המ. (תלמודיש). פאַרשוועכונג פון (דער הייליגקייט פון) שבת, איבערטרעטונג פון די שבת=געזעצען.

חֲ'לוֹם [חָ'לוֹם], המ. (מ. חֲלוֹ'מוֹת). אַ טרוים; בייזער טרוים; אַ פאַנ=טאַזיע, אַ פאַרשטעלונג, אַ'ן איינ=בילדונג. אויסבייטלען אויף אימי=צען אַלע חלומות, אימיצען שטאַרק זידלען אָדער פלוכען. "אַלע בייזע חלומות אויף זיין קאָפּ" (פלוך=ווערטעל). "אַ חלום איז אַ האַלבער נביא" (שפוו.). "מע קען מאַכען דעם חלום גרעסער ווי די נאַכט" (שפוו.). "די גאַנצע וועלט איז ווי אַ חלום" (שפוו.). "דעם מענשענ'ס יאָהרען פליהען איבער ווי אַ חלום און חאַפּט מען זיך אויף ליעגט מען אין דער ערד" (שפוו.).

חָ'לוּמִיעֶן, צש. טרוימען, זעהן אין אין טרוים; פאַנטאַזירען. חלומ'ען זיך, ערשיינען אין טרוים; זיך דאַכטען.

חִ'לּוּף, המ. אָפּוועקסלונג, אויס=וועקסלונג, אומבייט. "אַ חלוף איז אַ חלף" (שפוו. — ד. ה. ביי'ם בייטען זיך מוז זיך איינער אָפּנאַרען).

חִ'לּוּף־מַטְבֵּ'עַ, המ. אויסבייטונג פון געלט, געלט=וועקסעל.

חִ'לּוּק, המ. (מ. חִלּוּ'קִים). אונ=טערשייד, דיפערענץ; צוטהיילונג (אין אַריטהמעטיק); אַ תלמודישער פאָרטראַג פון אַ זעהר שאַרפזיניגען פאַרוויקעלטען אינהאַלט. "חלוק איז ניט קיין כופל" (שפוו.).

חִלּוּ'קֵי־דֵ'עוֹת, המ. (מ. חִלּוּ'קֵי־דֵ'עוֹת'ען). פאַרשיעדענהייט פון מיינונגען.

חָ'לוּץ, המ. (מ. חֲלוּ'צִים). איינער וועלכער האָט געגעבען חליצה (ווז.) זיין געשטאָרבענעם ברודער'ס

פרוי; אַ פיאָנער, אַ פאָראויס=
געהער.

חֲלוּ'צָה, הוו. (מ. חֲלוּ'צוֹת). אַ
פרוי וועלכע האָט גענומען חליצה
(ווז.) פון איהר געשטאָרבענעם
מאַן'ס ברודער.

חֲלוּ'קָה, הוו. (מ. חֲלוּ'קוֹת). צו=
טהיילונג, אויסטהיילונג; די געלט=
שטיצע וועלכע ווערט אויסגע=
טהיילט צו די אָרעמע אין פאַ=
לעסטינא.

חָ'לוּשׁ, המ. אַ שלאַפער, קרענקלי=
כער מענש.

חָלִי'לָה, חָלִי'לָה־וְחַס, אר. גאָט
באַהיט, אויף קיין פאַל ניט!

חָ'לִי'יען, צש. קרענקען, קראַנק זיין.

חֲלִי'צָה, הוו. (מ. חֲלִי'צוֹת). דאָס
אידישע געזעץ לויט וועלכען דער
ברודער פון דעם וועלכער שטאַרבט
אָהן קינדער מוז דעם געשטאָרבע=
נעם'ס פרוי (ענטוועדער הייראַטהען
(זעה יִ'בּוּם) אָדער) באַפרייען דורך
אַ געוויסע פאָרגעשריבענע צערע=
מאָניע וועלכע באַשטעהט הויפט=
זעכליך אין דעם וואָס די פרוי
ציהט אַראָפּ אַ שוך פון איהר
שוואָגער'ס פוס; די צערעמאָניע
פון אַראָפּציהען דעם שוך. געבען
חליצה, באַפרייען די שווע=
גערין דורך די צערעמאָניע פון
חליצה. נעהמען חליצה, באַ=
פרייט ווערען דורך די צערעמאָניע
פון חליצה.

חָ'לָל, המ. לאָך, עפענונג, ליידי=
דיגער רוים.

חֵ'לֶף, המ. (מ. חֲלָ'פִים). שלאַכט=
מעסער. איהם ליגט דער חלף
אויפ'ן האַלז, ער האַלט זעהר
שמאָל.

חַלְ'פָן, המ. (מ. חַלְפָ'נִים). געלט=
וועקסלער, באַנקיער.

חַלְפָ'נוּת, הוו. געלט=וועקסעל=גע=
שעפט.

חֵ'לֶק, המ. (מ. חֲלָ'קִים). טהייל;
פּאָרציאָן. געבען אַ חלק,
שטאַרק זידלען. ״אַז מע שווייגט
קריגט מען אַ בעסערען חלק״
(שפּוו.).

חָ'לָק, א. גלאַט, בלאַנק (אין אַ
לאָטעריע).

חֵ'לֶק לְעוֹ'לָם הַ'בָּא, המ. (תלמו=
דיש). אַ טהייל אויף יענער וועלט,
יענע וועלט.

חֲלָ'שׁוּת, הוו. שוואַכקייט, שלאַפ=
קייט, אונמאַכט; עקעל. פאַלען
אין חלשות, פאַלען אין און=
מאַכט. ״אַ'ן אָרעמאַן קוויקט זיך
מיט חלשות״ (שפּוו.).

חֲלָ'שׁוּת'דיג, א. איבעל, עקעל=
האַפט.

חַ'לֶשׁ'ען, צש. פאַלען אין אונמאַכט;
בענקען, שמאַכטען; ווערען שלאַף
פון הונגער. איהם חלש'ט
דאָס האַרץ, ער איז הונגעריג.

חָם [חַם], אנמ. דער נאָמען פון איי=
נעם פון נח'ס זיהן; חמ. אַ גראָ=
בער קערל; אַ שטומפזיניגער מענש,
אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ.

ח״מ, אב. חָ'תוּם מַ'טָּה (מ.
חֲתוּ'מִים מַ'טָּה). דער אונטער=
צייכענטער.

**חֵ'מָה**, הוו. צאָרן, גרימצאָרן.

**חַמִי'וּליע, חַמִי'וּק'**, המ. (מ. חַמִי'וּליעס, חַמִי'וּ'קעס). אַ שטומפּזיניגער מענש, אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ. זעה חָם.

**חֲ'מוֹר**, המ. (מ. חֲמוֹ'רים). עזעל; אונוויסענדער מענש; אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ, אַ נאַרר. עס ווענדט זיך ווי דער חמור שטעהט, עס ווענדט זיך אָן די אומשטענדען (דער אויסדרוק שטאַמט פון דעם עהנליכקייט צווישען דעם העברעאישען וואָרט "חֲמוֹר" (עזעל) און דעם אַראַמעאישען וואָרט "חֲמַר" (וויין). עס הייסט דאַריבער אַז אום צו געפינען די גענויע באַדייטונג דאַרף מען זעהען וואו עס שטעהט: אויב אין שטאַל איז דאָס אַ'ן עזעל, אויב אין קעלער איז דאָס וויין).

**חֲ'מוֹר לְמַ'שָׂא**, המ. אַ'ן עזעל צו דער לאַסט, אַ לאַסט־עזעל, אַ שווערער אַרבייטער.

**חֲ'מוֹרי'ש**, א. עזעלהאַפט, גראָב, אונוויסענד.

**חֲמִי'מָה**, הוו. (מ. חֲמִי'מוֹת). היץ, הייס וועטער.

**חֲמִי'שִׁי**, המ. דער פינפטער; דער וועלכער ווערט אויפגערופען אין שוהל צו דער פינפטער עליה. געבען חמישי, אויפרופען דעם פינפטען. קריגען חמישי, אויסגערופען ווערען דער פינפטער.

**חָ'מֵץ**, המ. געזויערטעס, אַ שפּייז אָדער אַ געטראַנק וועלכעס ענטהאַלט אין זיך זויערטייג אָדער וויערגעוואָרענע מעהל־שטאָפען וועלכע אַ איד טאָר ניט געניסען אָדער האַלטען ביי זיך אין הויז אין די טעג פון פסח (ווז.); אַ שעדליכע זאַך.

**חָ'מֵשׁ**, צ. פינף.

**חָ'מֵשׁ־מְגִ'לוֹת**, הוו. מ. די פינף (פאַרמעט־)ראָללען, די פינף ביבלישע ביכער: שיר־השירים, רות, איכה, קהלת, אסתר (ווז.).

**חֲמִ'שָּׁה**, צ. פינף.

**חֲמִ'שָּׁה חוּמְ'שֵׁי תּוֹרָה [תוֹ'רָה]**, המ. מ. (תלמודיש). די פינף ביכער פון דער תורה: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר, דברים (ווז.).

**חֲמִ'שָּׁה־עָ'שָׂר־בִּשְׁבָט'**, המ. (תלמודיש). דער פופצעהנטער טאָג אין מאָנאַט שבט (ביי אידען ווערט דער טאָג געפייערט אַלס דאָס נייאָהר פון די בוימען).

**חֲמִ'שִּׁי**, צ. זעה חֲמִי'שִׁי.

**חֲמִ'שִּׁים**, צ. פופציג.

**חֵן**, המ. רייץ, צוציהונג, ליבליבקייט, לייטזעליגקייט. האָבען דעם זיבעטען חן, זיין זעהר אַנציהענד. "חן קאָסט ניט מעהר ווי אום'חן" (שפוו.). "חן געהט איבער שען" (שפוו.). "איין מאָל איז שען, צוויי מאָל האָט נאָך חן, דריי מאָל האַקט מען אויס די צייהן" (שפוו.). "אַז מע טהוט אַ שטעקען אָן שען, האָט ער אויך חן" (שפוו.).

**חַן־גריבעלע**, הז. (מ. חַן־גריבע־לעך). אַ קנייטשעל אָדער אַ גריבעלע וואָס גיט צו אַ רייץ דעם געזיכט.

**חֵן'ידעל**, חמ. (מ. חֵנ'ידלעך). קאָ־קעטישע מינע אָדער באַוועגונג. מאַכען חנ'דלעך צו אימי־צען, זוכען צו געפעלען אָדער שמייכלען אומיצען.

**חֵנ'עוודיג**, א. רייצענד, ליעבלעך, אַנציהענד, גראַציעז.

**חִנוּךְ**, המ. ערציהונג; איינווייהונג.

**חִנוּךְ הָאָרוֹן**, המ. איינווייהונג פון אַ נייעם אָרון־קודש.

**חִנוּךְ הַגָּדֵר** [הַגָּ'דֶר], המ. איינווייהונג פון אַ נייעם טויטענפעלד.

**חֲנוּכָּה**, הוו. (מ. חֲנוּכּוֹת). זעה חֲנֻכָּה.

**חֲנִי'נָה**, הוו. באַרמהערציגקייט, מיט־לייד.

**חֲנִי'פָה**, הוו. (מ. חֲנִיפוֹת). אַ שמייכעל־וואָרט; שמייכלעריי, אונטערלעקעריי.

**חֲנִיפוּש'ניצע**, הוו. (מ. חֲנִיפוּש'־ניצעם). זעה חֲנִיפוּש'ניק.

**חֲנִיפוּש'ניק**, הז. (מ. חֲנִיפוּש'ני־קעם). אַ שמייכלער, אַ'ן אונ־טערלעקער.

**חֲנֻ'כָּה**, הוו. (מ. חֲנֻכּוֹת). די אַכט טעג וועלכע די אידען פייערען יעדעם יאָהר צום אנדענק אָן דעם זיעג וואָס יהודה המכבי (ווז.) האָט געהאַט איבער די גריכען אין דער צייט פון דעם צווייטען בית־המקדש.

**חֲנֻ'כָּה־געלט**, הז. דאָס געלט וואָס מע שענקט די קינדער און וואָס מע גיט צו די אָנגעשטעלטע פון דער געמיינדע ווי אַ רב, חזן, חזן, שמש, אָדער צו אָרעמע לייט אום חנכה.

**חֲנֻ'כָּה־דרעהדעל**, הז. אַ פיער־זייט־טיג דרעהדעל פון האָלץ אָדער מעטאַל מיט אַ געוויסען העברעאִישען בוכשטאַב אויף איטליכער זייט מיט וועלכען די קינדער שפּיעלען אום חנכה. די בוכ־שטאַבען זיינען: נ, ג, ה, ש, אב. נֵס גָּדוֹל הָיָה שָׁם (דאָרט איז געשעהען אַ גרויס וואונדער). ווען דאָס דרעהדעל פאַלט מיט דעם "ג" אַרויף הייסט עס געוואונען אין "גאַנצען", מיט'ן "ה" אַרויף הייסט עס געוואונען „האַלב".

**חֲנֻ'כָּה־לאָמפּ**, המ. אַ לאָמפּ אין וועלכען מע צינדט אָן די חנכה־ליכט.

**חֲנֻ'כָּה־ליכט**, הז. איינס פון די ליכט וואָס מע צינדט אָן אין די אַכט טאָג פון חנכה, אָנהויבענדיג מיט איינעם דעם ערשטען טאָג און ענדיגענדיג מיט אַכט דעם לעצטען טאָג.

**חֲנֻ'כַּת־הַבַּיִת**, המ. איינווייהונג אָדער באַנייאונג פון אַ הויז, די מאָהלצייט וועלכע מע מאַכט ווען מע קלייבט זיך אריין אין אַ'ן איינגענעם ערשט־אויפגעבויטען הויז; די איינווייהונג פון אַ שוהל.

**חִנָּ'ם**, או. אומזיסט, ביליג.

**חַנְפִ'יען**, **חַנְפִ'יענען**, צא. שמייכ־לען. זיך חנפ'ען, זיך צו־

סאַבען מיט שמייבעל=ווערטער, אונטערלעקען. "מע חנפ'עט ניט דעם נגיד נאָר זיין געלט" (שפוו.).

חֶ'נֶק, הם. דערווערגונג, איינע פון די פיער טויט=שטראָפען ביי די אַמאָליגע אידען.

חָם [חַם]־זיין, צש. האָבען מיטלייד, האָבען אַיינזועהענים.

חַס־וְחָלִי'לָה, אר. זעה חָלִי'לָה.

חַס־וְשָׁ'לוֹם, אר. (תלמודיש). גאָט באַהיט. "אַלע חס־ושלום'ס זיינען מעגליך" (שפוו.).

חֶ'סֶד, הם. (מ. חֲסָ'דִים). גענאָד, וואָהלטהאַט. מיט חסד, ניט שלעכט, צו דערליידען, ניט צו פאַרווינדיגען. "עס איז מיט חסד אָרעמע לייט שטאַרבען" (ווער.).

חִ'סוּר, הם. אַרונטערציהונג (אין אַריטהמעטיק).

חָ'סִ'ד, הם. (מ. חֲסִי'דִים). אַ פרו=מער; אַ'ן אָנהענגער פון יע=נער אידישער סעקטע וועלכע לעגט מעהר געוויכט אויף גאָטעס=דיענסט, אויף מיסטישע לעהרען, אויף רעליגיעזען עקסטאַז און אויף די פאַרגעטערונג פון הייליגע מע=נער ווי אויף דעם שטודיום פון תלמוד; פאַרעהרער, אנהענגער. "אַז אַ חסיד ווערט אויפגע=קלערט שילט ער גאָט אין טאַטען אַריין" (שפוו.).

חֲסִידאַ'ר'ניע, הוו. (מ. חֲסִידאַ'ר=ניעס). אַ קלויז פון חסידים.

חֲסִי'דוּת, הוו. פרומקייט; מאַניע=רען אָדער לעהרען פון דער חסי=דישער סעקטע.

חֲסִי'דֵי־אוּ'מוֹת־הָעוֹ'לָם, הם. מ. (תלמודיש). די פרומע און גוטע לייט צווישען די (ניט=אידישע) פעלקער פון דער וועלט.

חֲסִי'דִ'יש, א. באַלאַנגענדיג צו דער סעקטע פון חסידים.

חָ'סִידִ'על, הו. (מ. חָ'סִי'דִ'לעך). אַ חסידיש געזאַנג אָדער טענצעל.

חָ'סִידִ'על, הם. ק. (מ. חֲסִי'דִים=לעך). זעה חָ'סִיד.

חָ'סִידִיקע, הוו. (מ. חָ'סִידִיקעס). די פרוי פון אַ חסיד.

חָ'סֵר, הם. (מ. חֲסֵ'רִים). אַ (אידי=דישער) מאָנאַט וועלכער האָט בלויז 29 טעג.

חָ'סֵר־ווערען, צש. אָהנווערען, פאַר=לירען; צל. פאַרלאָרען ווערען.

חֲסַר [חָ'סֵר]־דֵ'עָה, הם. וואַהנזיניג, פאַרריקט, אַראָפּ פון זינען.

חָ'סֵר־דֵ'עָה'ניק, הם. (מ. חָ'סֵר־דֵ'עָה'ניקעס). אַ וואַהנזיניגער, אַ פאַרריקטער.

חִסָ'רוֹן, הם. (מ. חֶסְרוֹ'נוֹת). פעה=לער, מאַנגעל, שאָדען. "אַ מאַמע איז אַ פאָקרישקע, זי דעקט צו די קינדער'ס חסרונות און דעם מאַן'ס בזיונות" (שפוו.).

חֶסְרוֹן [חִסָ'רוֹן]־כִּיס, הם. געלט=שאָדען.

חֵ'פֶץ, הם. (מ. חֲפֵ'צִים). אַ גע=גענשטאַנד, אַ ווערטהזאַך.

חֶפְ׳צוֹת, הוו. מ. מאַניערען, פאַס=
טעמקעס.

חִצוֹ׳נִיוּת, הוו. אויסערליכקייט.

חָ׳צוּף, המ. (מ. חֲצוּ׳פִים). פרעַ=
כער מענש.

חָ׳צוּף־מְחוּ׳צָּף, המ. אַ זעהר פרע=
כער מענש.

חֲצוּ׳פָה, הוו. (מ. חֲצוּ׳פוֹת). אַ
פרעכע אָדער פאַרשייטע פרויענ=
צימער.

חֲצוּפִּים׳צע, הוו. (מ. חֲצוּפּיים׳=
צעס). פאַרשייטעס פרויענצימער.

חֲצוֹת [חְצָת], חמ. מיטטעננאַכטיגע
גאָטעסדיענסט. אָפריכטען (פראַ=
ווען) תצות, האַלטען די מי=
טעננאַכטיגע גאָטעסדיענסט.

חֲצִי [חָ׳צִי־], או. האַלב=.

חֲצִי [חָ׳צִי]־ח׳דֶש, חמ. מיטען מאָ=
נאַט. שען ווי די לבנה אין תצי־
חדש, זעהר שען.

חֲצִי [חָ׳צִי]־חִ׳נָם, או. האַלב=אומ=
זיסט, זעהר ביליג.

חָ׳צִי־שַׁ׳בָּתִ׳ל, הז. (מ. חָ׳צִי־שַׁ׳בָּתִ׳=
לעך). אַ געוויסער זאָרט היטעל
וואָס מע פלעגט טראָגען פאַר=
צייטען.

חֲצִי׳פוּת, הוו. פרעכהייט, פאַר=
שעמטקייט, אויסגעלאַסענהייט.

חֲצִיפִּ׳יש, א. פאַרשייט, אויסגע=
לאַסען.

חֹק [חָ׳ק], המ. (מ. חֻ׳קים). געזעץ,
באַפעהל.

חֹק [חָ׳ק] וְלֹא יַעֲ׳בוֹר, המ. (ביב=
ליש). פעסטער שטרענגער גע=
זעץ.

חֹק [חָ׳ק]־לְיִשְׂרָ׳אֵל, המ. דער נאָ=
מען פון אַ געוויסען בוך וואָס
ענטהאַלט אויסצוגען פון ביבעל,
תלמוד און אַנדערע הייליגע בי=
כער, צונויפגעשטעלט פאַר (זאָ=
גען) יעדען טאָג פון יאָהר באַ=
זונדער.

חֲקִ׳ירָה, הוו. (מ. חֲקִ׳ירוֹת). נאָכ=
פאָרשונג, אויספאָרשונג, נאָכזו=
כונג; פילאָזאָפיע; פילאָזאָפישער
געדאַנק.

חֲקִ׳ירָה־וּדְרִ׳ישָׁה, הוו. (מ. חֲקִ׳ירוֹת־
וּדְרִ׳ישׁוֹת), (תלמודיש). אויס=
פאָרשונג.

חֲקִ׳ירָה־סֵ׳פֶר, המ. (מ. חֲקִ׳ירָה־
סְפָ׳רִים). אַ פילאָזאָפישעס בוך.

חַקְ׳רָן, המ. (מ. חַקְרָ׳נִים). נאָכ=
פאָרשער, דענקער, פילאָזאָף.

חַקְ׳רָנְ׳טע, הוו. (מ. חַקְ׳רָנְ׳טעס).
זעה חַקְ׳רָן.

חַקְ׳רָנ׳ען־זיך, צא. פילאָזאָפירען,
אַרגומענטירען.

חֻ׳קַּת, הוו. דער נאָמען פון דער
ניין און דרייסיגסטער סדרה (ווז.).

חָ׳רֵב, א. וויסט, צושטערט; גע=
פעהרליך קראַנק.

חֶ׳רֶב־הַמִּתְהַפֶּ׳כֶת, הוו. (ביבליש).
די זיך=דרעהענדיגע שווערד (וועל=
כע גאָט האָט אויפגעהאַנגען איף
דעם טויער פון גן־עדן כדי אדם־
הראשון זאָל ניט קענען אַהין
אַריינקומען, ווי די ביבעל דער=
צעהלט).

חָ'רֵב ומוּחְ'רָב, א. וויסט און צו־שטערט.

חֲרֵ'בוֹת, מ. פאַרוויסטונגען, צו־שטערונגען. אַנטאַכען חרבות, אַנטאַכען גרויסע שאָדענס.

חֻרְ'בָּן, המ. (מ. חֻרְבָּ'נוֹת). צער־שטערונג, פאַרוויסטונג; צער־שטערונג פון ירושלים; אומגליק, עלענד, יאָמער. דער ערשטער חרבן, די צערשטערונג פון דעם ערשטען בית־המקדש. דער צווייטער חרבן, די צערשטע־רונג פון דעם צווייטען בית־המקדש. "אַ חרבן אויף איהם" (פלוכוואָרט).

חֲרוֹ'סֶת, הוו. אַ מישונג פון צו־שטויסענע ניס, פרוכטען און גע־ווירציען צונויפגעמישט אין וויין וועלכע מע שטעלט אויפ'ן טיש צום סדר אַלס אנדענק אָן דעם לעהם וואָס אידען האָבען געמוזט קנעטען אין מצרים. "מע מיינט ניט די חרוסת נאָר די ארבע כוסות" (שפוו.).

חֵ'רוּף־נֶ'פֶש, המ. זעה מְסִי'רַת־נֶ'פֶש.

חָ'רוּץ, אַ פלייסיגער פעהיגער מענש. "דריי זאַכען טויגען ניט: אַ פויער אַ חרוץ, אַ'ן אָרעמער פריץ און אַ רב אַ'ן עם־הארץ" (שפוו.).

חֵ'רוּת, הוו. פרייהייט. "אַ נאַרר האָט חרות" (שפוו.).

חֲרָ'טָה, הוו. (מ. חֲרָ'טוֹת). באַריי־אונג, באַדויערונג, די ענדערונג פון אַ באַשלוס אָדער דאָס צוריק־נעהמען פון אַ פאַרשפּרעכען. "אויף ניט האָט מען קיין מאָל קיין חרטה ניט" (שפוו.). "צוויי מאָל האָט מען ניט חרטה" (שפוו.).

חַרְטוּ'מִים, המ. מ. די אַמאָליגע עגיפּטישע צויבערער און שוואַרץ־קינסטלער.

חַרְטוּ'מִים־כְּתַב, המ. היעראָגליפען־שריפט.

חָרִיף [חַ'רִיף], המ. (מ. חֲרִי'פִים). שאַרפזיניגער מענש (געוועהנליך געזאָגט אויף אַ שאַרפזיניגען תלמודיסט).

חֲרִי'פוּת, הוו. שאַרפזיניגקייט.

חֵ'רֶם, המ. אויסשליסונג פון דער געמיינדע. אַריינלעגען אין חרם, אויסשליסען פון דער געמיינדע.

חֵ'רֶם־קוויטעל, המ. אַ קוויטעל אָדער דאָקומענט אין וועלכען מע פאַרפליכטעט זיך עפּעס צו טהאָן נעהמענדיג אויף זיך די שטראָף פון חרם אין פאַל מע וועט עס ניט טהאָן.

חֵ'רֶם דְרַבֵּ'נוּ גֵרְ'שׁוֹם, המ. די שטראָף פון אויסשליסונג פון דער געמיינדע וועלכע דער גרויסער אידישער געלעהרטער גרשום (גע־לעבט 960—1028) האָט אַרויפ־געלעגט אויף די וועלכע לעזען פרעמדע בריעף אָהן דער ערלויב־ניס פון דער אַדרעסירטער פּערזאָן, וועלכע הייראַטהען מעהר ווי איין פרוי און וועלכע גט'ען אָפּ אַ פרוי קעגען איהר ווילען.

חֲרָ'מוֹת, מ. פלוכווערטער.

חֶ'רֶס־הַנִּשְׁ'בָּר, המ. (תלמודיש). אַ צובראָכען שערבעל.

חֶרְפָּה [חַרְ'פָּה], הוו. (מ. חֲרָפוֹת [חַרְ'פוֹת]. שאַנדע, שענדליכע טהאַט. "בעסער אַ וועהטאָג אין האַרצען איידער אַ חרפה אין פנים" (שפוו.).

חֵרֵשׁ [חֵרֶשׁ], הם. שוויינ=געלט, לאַפּקע. "אז דער אדון וויים שוין פון כל דבר שורש העלפט ניט קיין חרש" (שפוו.).

חֶשְׁ'בּוֹן, הם. (מ. חֶשְׁבּוֹ'נוֹת). רעכענונג; רעכענקונסט, אַריטהמעטיק; אַ באַריכט; קאָנטא, קרעדיט. נעהמען אויף חשבון, נעהמען אויף באָרג. "אַ ריינער חשבון איז אַ האַלבער סילוק" (שפוו.). "אז מע לעבט אָהן חשבון שטאַרבט מען אָהן ווידוי" (שפוו.).

חֶשְׁ'בּוֹן־הַנֶ'פֶשׁ, הם. "באַרעכענונג פון דער זעעלע", זעלבסט=אונטע־זוכונג.

חֶשְׁ'בּוֹן־צֶ'דֶק, הם. אַ'ן עהרליכע ריכטיגע רעכענונג.

חֶשְׁ'בּוֹן'עָן, צש. רעכענען, אויסרעכענען, איבעררעכענען.

חֶשֶׁר [חְשַׁר], הם. פאַרדאַכט.

חָ'שׁוּב, הם. (מ. חֲשׁוּ'בִים). אַ'ן אנגעזעהענער מענש.

חָ'שׁוּב, א. (מ. חֲשׁוּ'בִים; וו. חֲשׁוּ'בָה, מ. חֲשׁוּ'בוֹת). אנגעזעהען. אשה חשובה, אַ'ן אנגעזעהענע פרוי. אנשים חשובים, אנגעזעהענע מענער.

חָ'שׁוּד, א. פאַרדעכטיגט.

חֶשְׁוָן, חֶשְׁ'וָן, הם. דער נאָמען פון דעם צווייטען מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט געוועהנליך אין די מאָנאַטען אָקטאָבער=נאָוועמבער און האָט 29 טעג.

חֲשִׁי'בוּת, הוו. אנגעזעהענקייט, וויכטיגקייט.

חֶ'שִׁיבִ'יעֶר, א. מעהר אנגעזעהען. זעה חָ'שׁוּב.

חֵ'שִׁים, הם. (אייגענטליך דער נאָמען פון איינעם פון דן'ס (ווז.) זיהן). גרויסער נאַרר, אידיאָט.

ח'שֶׁךְ, הז. פינסטערנים; איינע פון די עשר־מכות (ווז.). עס טהוט זיך חשך, עס איז אַ גרויס געררודער, עס איז אַ גאַנצע איבערקעהרענים. אָנמאַכען חשך, אָנמאַכען אַ סומאַטאָכע.

ח'שֶׁךְ, א. פינסטער; באַטריבט, פאַרטרויערט.

ח'שֶׁךְ־וַאֲפֵ'לָה, א. (ביבליש). זעהר פינסטער.

ח'שֶׁךְ־וַחֲלַקְלַ'קוֹת, א. (ביבליש). פינסטער און גליטשיג.

ח'שֶׁךְ־מִצְרַ'יִם, הם. די פינסטערנים פון עגיפטען (זעה ח'שֶׁךְ), גרויסע פינסטערניס.

חַשְׁ'כוּת *, הוו. פינסטערנים.

ח'שֶׁכִ'נִים, הוו. פינסטערנים.

ח'שֶׁכ'עָן, צש. פינסטערען, ליידען. צא. פאַר'חשכ'ען, פינסטער מאַכען, פאַרביטערען. אָפּ'חשכ'ען, פאַרברייגגען אין אין ליידען.

חַשְׁמוֹנָ'אִים, מ. די מיטגליעדער פון אַ געוויסער פירסטערליכער

פאַמיליע וועלכע האָט אין פאַרלויף פון פיעלע יאָהרען געקעניגט איבער אידען אין פאַלעסטינא אין דער צייט פון דעם צווייטען בית־המקדש; דער אורפאַטער פון דער פאַמיליע איז געװעזען מתתיהו וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פרומקייט און העלדישקייט אין דער מלחמה אקעגען די גריכען. זעה מַכַ'בִּי.

ח'שֶׁן, הם. אַ טאָוועל באַזעצט מיט טהייערע שטיינער וועלכען דער כהן־גדול פלעגט טראָגען אויף דער ברוסט.

ח'שֶׁן־מִשְׁ'פָּט, הם. איינע פון די פיער אבטהיילונגען פון דעם שלחן־ערוך (ווז.) וועלכע ענטהאַלט די אידישע ציוויל=געזעצן.

חֵ'שֶׁק, הם. לוסט, באַגעהר, פאַרלאַנג.

חֲשָׁ'ש [חְשַׁ'ש], הם. אַ פאַרדאַכט; אַ שפור.

חִ'תּוּךְ, הם. די באַשניידונג, מילה. געבען התוך, באַעהרען אימיצען מיט דער באַשניידונג.

חִ'תּוּךְ־הַדִ'בּוּר, הם. קלאָרקייט אָדער דייטליכקייט פון אויסשפּראַכע.

חָ'תוּם, הם. (מ. חֲתוּ'מִים). דער אונטערגעצייכענטער.

חָ'תוּם־מַ'טָּה, הם. (מ. חֲתוּ'מִים־מַ'טָּה). דער אונטערגעצייכענטער.

חֲ'תוּנָה, הוו. (מ. חֲ'תוּנוֹת). חיי=ראַטה; האָכצייט; אַ גערודער, אַ סומאַטאָכע. מאַכען חתונה, פאַרהייראַטהען. אָנמאַכען אַ גאַנצע חתונה, אָנמאַכען אַ סומאַטאָכע. טאַנצען אויף צוויי חתונות, שפּילען אַ צווייזייטיגע ראָליע, זיך באַשעפטיגען מיט צוויי זאַכען צו דער זעלביגער צייט. "חתונה האָבען דויערט אַ שעה און צרות האָט מען דאָס גאַנצע לעבען" (שפּוו.). "חתונה האָבען, קנעלען און שטאַרבען פאַרזוימט מען ניט" (שפּוו.). "פריה אויפשטעהן און פריה חתונה האָבען שאַדט ניט" (שפּוו.). "אַז אַ'ן אָרעמאַן מאַכט חתונה טראָגען הינד גאַנצע קעפּ" (שפּוו.). "אַז דער זוהן האָט חתונה גיט ער דער ווייב אַ כתובה און דער מאַמען אַ גט" (שפּוו.). "אַז מע מאַכט אַ מיידעל ניט חתונה, מאַכט זי זיך אַליין חתונה" (שפּוו.). "אַ ספר־תורה זאָל מען פאַרזעצען און אַ מיידעל זאָל מען חתונה מאַכען" (שפּוו.). "אַ קינד איז ערגער ווי אַ גזלן און מע מוז נאָך טאַנצען אויף זיין חתונה" (שפּוו.).

חֲתִיכָה [חְתִי'כָה], הוו. (מ. חֲתִיכוֹת [חְתִי'כוֹת]). אַ'ן אָפּגעשניטענע שטיק, אַ שטיק.

חֲתִי'מָה, הוו. (מ. חֲתִי'מוֹת). אונטערשריפט, זיגעל.

חֲתִי'מָה טוֹ'בָה, הוו. אַ פאַרזיגלונג צום גוטען (אין דעם הימלישען בוך פון לעבען), אַ וואונש וועלכען מע גיט זיך אין די טעג פאַר יום־כפור.

חַתְ'מ'יען, חַתְ'מ'יענען, צא. זיגלען, פאַרזיגלען. זיך חתמ'ען, זיך

אונטערשרייבען. פאַר׳חתמ׳ען, צו׳חתמ׳ען, פאַרזיגלען.

חָ׳תָן, המ. (מ. חֲתָנִים [חֲתַ׳נִים]). אַ פאַרלאָבטער; אַ מאַן אין דעם טאָג פון זיין חתונה, אַ ברויטי־גאַם. זיצען ווי אַ חתן, זיצען שעמעוודיג. "איז דאָ געלט איז דאָ אַ חתן" (שפּוו.).

חָ׳תָן־בָּ׳חוּר, המ. (מ. חָ׳תָן־בָּ׳חוּרִים). אַ יונגער מאַן וועלכער איז אין הייראַטהס־אַלטער.

חָ׳תָן־כַּ׳לָּה, מ. ברויטיגאַם און ברויט; פאַרלאָבטע פּאָאַר. "ווען חתן־כלה קוסען זיך מעגען די שדכנים געהן אַ היים" (שפּוו.). "חתן־כלה האָבען גלעזערנע אויגען" (שפּוו.).

חֲתַן [חָ׳תָן] בְּרֵא׳שִׁית, המ. דער וועלכער ווערט אויפגערופען אום שמחת־תורה צום לייענען פון דער ערשטער פרשה פון דער ווידער־אָנגעהויבענער תורה. זעה חֶ׳דֶר.

חֲתַן [חָ׳תָן] תּוֹ׳רָה, המ. דער וועל־כער ווערט אויפגערופען אום שמחת־תורה צום לייענען פון דער לעצטער פרשה פון דער תורה. זעה חֶ׳דֶר.

# ט.

ט, המ. דער נייטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; אין צעה־לען גערעכענט אַלס 9. זעה טֵ׳ית.

טאָמער (אייגענטליך: תֹּא׳מַר), פיעלייכט וועסטו זאָגען), או. פיעלייכט. "טאָמער (וואָרט־שפּיעל אויף דעם ביבלישען פרויע־ען־נאָמען "תָּ׳מָר") איז געווען אַ אידענע" (ווערטעל וואָס מע זאָגט צו איינעם וועלכער זאָגט ביי יעדער געלעגענהייט "טאָמער").

טְבִ׳ילָה, הוו. (מ. טְבִ׳ילוֹת). דאָס אונטערטונקען זיך אין וואַסער (פון פרומע אידען איידער זיי געהען דאַווענען אָדער פאַר געוויסע אַנ־דערע רעליגיעזע צערעמאָניען); מאָנאַטליכע רייניגונג (פון אידי־שע פרויען). געהן טבילה, זיך אונטערטונקען אין וואַסער (פאַר רעליגיעזע צוועקען).

טְבִ׳יעוּת־עַ׳יִן, הוו. (תלמודיש). די פעהיגקייט צו דערקענען אַ זאַך מיט׳ן קוק, אַ שאַרף אויג.

טֶ׳בַע, הוו. נאַטור, אייגענשאַפט; האַראַקטער, טעמפּעראַמענט.

טִבְ׳עִית, הוו. נאַטירליכע ערשיי־נונג, נאַטירליכקייט.

טַבַּ׳עַת־קִדּוּ׳שִׁין, הוו. הייראַטהס־רינג.

טֵ'בֵת, הם. דער פינפטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט געוועהנליך אין דעצעמבער=יאַנואַר און האָט נײַן און צוואַנציג טעג.

טָ'הוֹר, א. (ז. טְהוֹ'רִים; וו. טְהוֹ'רָה, מ. טְהוֹ'רוֹת). ריין, קלאָר, לויטער; אונשולדיג, פריי פון זינד.

טָהֳרָה [טַהֳ'רָה], הוו. ריינקייט, ריינליכקייט, רייניגונג (לויט די אידישע רעליגיאָן=געזעצען); די אָפּוואַשונג פון דעם טויטען פאַר דער באַערדיגונג.

טַהֳ'רָה־בּרעט, הוו. (מ. טַהֳ'רָה־בּרעטער). די ברעט אָדער דער טיש אויף וועלכע מע וואַשט דעם טויטען.

טַהֳ'רָה־שטיבּעל, הז. (מ. טַהֳ'רָה־שטיבּלעך). דאָס שטיבעל אויף דעם טויטענפעלד וואו מע וואַשט דעם טויטען פאַר דער באַערדיגונג.

טָהֳרוֹת [טַהֳ'רוֹת], הם. "רייניגונגען", דער נאָמען פון איינער פון די זעקס הויפּט=אָפּטהיילונגען פון תלמוד וועלכער ענטהאַלט די געזעצע פון ריינקייט און רייניגונג (אין רעליגיעזען זינן).

טָהֳרַת [טַהֳ'רַת]־הַמִשְׁפָּ'חָה, הוו. די (זיטליכע) ריינקייט פון דער פאַמיליע.

ט"ו, צ. פופצעהן. (די בוכשטאַבען "טו" ווערען געברויכט אנשטאַט די בוכשטאַבען "יה" וועלכע ווערען געהאַלטען צו הייליג אום געברויכט צו ווערען פאַר וואָכענדיגע צוועקען, ווייל "יה" אין איינער פון די נעמען פון גאָט און די ערשטע העלפט פון דעם וואָרט "יחוה", ווז.).

ט"ו־בִּשְׁבָ'ט, הם. דער פופצעהנטער טאָג פון דעם מאָנאַט שבט, אַ פאַסט=טאָג פאַר די זעלען פון די טויטע.

טוֹב [טָב], א. (מ. טוֹ'בִים; וו. טוֹ'בָה, מ. טוֹ'בוֹת). גוט.

טוֹב־דְטוֹב, א. אויסגעצייכענט גוט.

טוֹב־מְאוֹד, א. זעהר גוט.

טוֹב־לֵב [לֶב], הם. (ביבליש). אַ גוטהערציגער מענש.

טוֹב־לַ'כֹּל, הם. (ביבליש). איינער וועלכער איז צו אַלעמען גוט. "אַ טוב־לכל איז אַ רע־לכל" (שפוו.).

טוֹ'בָה, הוו. (מ. טוֹ'בוֹת). געפעליגקייט, וואָהלטהאַט.

טוֹבֵי [טוֹ'בֵי] הָעִיר', הם. מ. (תלמודיש). די אנגעזעהענע לייט פון דער שטאָדט.

טוֹ'בֵל־זיין, צא. אונטערטונקען אין וואַסער (פאַר רעליגיעזע צוועקען).

טוֹב'ליען, צא. אונטערטונקען, טונקען, באָדען.

טוּמְ'אָה, הוו. (מ. טוּמְ'אוֹת). אונריינקייט; זינד, זינדיגקייט. שוואַרצע טומאה, די שטאָדט "ביעלאָ=צערקאָוו" אין רוסלאַנד. "אַריינלעגען די טומאה אין דער יראה" (ווער. — ד. ה. גע

בען אַ גוטען מאָטיוו אויף אַ שלעכטע טהאַט).

טוּמ'אָה וְטָהֳרָה [וְטַהֲ'רָה], הוו. מ. די אידישע געזעצען פון ריינקייט און אונריינקייט (אין רעליגיעזען זינן).

טוּמְ'טוּם, הם. (מ. טוּמְ'טוּמ'ים), (תלמודיש). אַ פערזאָן ביי וועלכער עס פעהלען אָדער זיינען ניט ענטוויקעלט די געשלעכטס־צייכענס.

טו'עֶה־זיין־זיך, צוו. מאַכען אַ'ן אירטהום, פאַרזעהן.

טו'עֵם־זיין, צא. פאַרזוכען, געניסען.

טו'עֵם־טַ'עַם־זיין, צש. עפּעס פאַר־זוכען, עפּעס געניסען.

טו'עֵן, הם. (מ. טו'עֲנִים). אַ מאַה־נער, אַ קלאָגער, איינער וועלכער פאָדערט אין געריכט; אדוואָקאַט.

ט"ז, צ. ועכצעהן (צוליעב דער הייליגקייט פון די בוכשטאַבען "יו" וועלכע קומען פאָר אין דעם נאָמען פון גאָט "יהוה" (ווז.) גע־ברויכט מען אנשטאט זיי די בוכ־שטאבען "טו").

טִי'טוּס, אנמ. דער נאָמען פון דעם רוימישען גענעראַל וועלכער האָט גענומען דעם הויפּט־אנטהייל אין דער צערשטערונג פון ירושלים; אַ שלעכטער גרויזאַמער מענש. טיטוס'עס מוק, די מוק וועלכע, לויט אַ תלמודישע לע־גענדע, איז אריין טיטוס'ען אין מארך און האָט איהם קיין רוה ניט געגעבען, אלס שטראָף פאר וואָס ער האָט צערשטערט דעם בית־המקדש.

טִי'נוּף, הם. זעה טִ'נוּף.

טִי'פֶּשׁ, הם. (מ. טִיפְּ'שִׁים). זעה טִ'פֶּשׁ.

טִי'רוּף, הם. וואהנזינן; ווילדער קאַפּריז.

טִירְ'דוּת, הוו. זעה טִרְ'דוּת.

טִירְ'חָה, הוו. (מ. טִירְ'חוֹת). זעה טִרְ'חָה.

טַל־וּמָ'טָר, הם. (ליטורגיש). "טהוי און רעגען", ווערטער וועלכע ווערען צוגעזעצט אין די ווינטער־מאָנאַטען צו דעם געבעט פאַר אַ געראָטען יאָהר וואָס מע זאָגט אין שמונה־עשרה. די ווערטער ווע־רען געוועהנליך געדרוקט אין די געבעט־ביכער מיט קליינע בוכ־שטאַבען, דערפון שטאַמט דער אויסדרוק: "קליין ווי דער ט ל־ו מ ט ר פון אַ קליינעם סדור".

טְלֶה, הם. "אַ לעמעלע", דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערען־קרייז פאַר דעם מאָנאַט ניסן. זעה מַ'זָל.

טַ'לִית, הם. (מ. טַלֵ'יתִים, איינגענט־ליך: טַלִיתוֹת). אַ פיערעקיגע וואָלענע אָדער זיידענע דעקע מיט פעדעם־פרענז איינגעמאַכט אין אלע פיער עקען, וועלכע אידען טראָגען אויף זיך ביי'ן דאַווענען און ביי אַנדערע רעליגיעזע צערע־מאָניען. "אז מע פאַרזעצט דעם ט ל י ת איז שוין אַ סמן דלות" (שפּוו.).

טַ'לִית־קָ'טָן , המ. (מ. טַ'לִית־קְ'טַנִּ'ים). זעה אַרְ'בַּע־כַּנְ'פוֹת.

טָ'מֵא , א. (מ. טְמֵ'אִים ; זו. טְמֵ'אָה, מ. טְמֵ'אוֹת). אונריין, פאַראונרייניגט, באַפלעקט, פאַרבאָטען (לויט דער אידישער רעליגיאָן); זינדיג.

טְ'נוּף, המ. שמוץ, בלאָטע; דרעק; ביליגע געמיינע וואַארע; טויגעניכטס.

טְ'נוּף־טְ'נוֹ'פֶת, המ. זעהר ביליגע געמיינע וואַארע.

טְ'נוֹ'פֶת, הוו. שמוץ, בלאָטע; דרעק; שלעכטע, געמיינע וואַארע; אַ'ן אָפּגעלאַזענע, אונציכטיגע פרוי.

טָ'עוּת , המ. (מ. טָעוּ'תִים *, טָ'עוּת'ען). אירטהום, פעהלער, פאַרזעהן. האָבען אַ טעות אין פשט, ניט אויפפאַסען ריכטיג אַ זאַך.

טָ'עוּת־הַדְפוּס', המ. דרוק־פעהלער.

טַ'עַם, המ. (מ. טַעֲ'מִים). געשמאַק; אורזאַכע, גרונד, ערקלערונג. אָהן אַ טעם און אָהן אַ ראַם, אָהן אַ געשמאַק און אָהן אַ זינן.

טַעֲ'נָה, הוו. (מ. טַעֲ'נוֹת). קלאַגע, פאָדערונג, פרעטענזיע.

טַעֲ'נָה־וּמַעֲ'נֶה, הוו. (מ. טַעֲ'נוֹת־וּמַעֲ'נוֹת). פאָדערונג; דיספוט, שטרייטיגקייט, אַרגומענט.

טַעֲ'נֶה'ן, צא. און צ"ש. פאָדערען, באַהויפּטען; שמועסען, ריידען. אַיינ'טענה'ן (מיט אימיצען), האָבען אַ לאַנגען געשפּרעך (מיט אימיצען).

טְ'עָנוֹ בְּחִ'טִּים וְהוֹ'דָה לוֹ בִּשְׂעוֹ'רִים, (תלמודיש). ער פאָדערט פון איהם ווייץ און ער איז איהם מודה אויף גערשטען. "טענו בחטים והודה לו בלאָקשען" (פאַראָדיע).

טִ'פָּה מִן הַיָּם [הַיַּם], הוו. (תלמודיש). אַ טראָפּען פון מעער, אַ גאַנץ קליינע טהייל.

טִ'פָּה־סְרוּ'חָה, הוו. (תלמודיש). אַ פאַרשטונקענער טראָפּען.

טֶ'פַח, המ. (מ. טְפָ'חִים). די ברייט פון אַ האַנד (אַ מאָס וועלכע ווערט אָפט געברויכט אין תלמוד).

טָ'פֵל, המ. בייזאַך, ניט וויכטיגער טהייל.

טִ'פֵּש, המ. (מ. טִפְּ'שִׁים). אַ נאַרר.

טִפְּ'שָׁה, הוו. (מ. טִפְּ'שׁוֹת). זעה טִ'פֵּש.

טִפְּ'שׁוּת, הוו. נאַרישקייט.

טִ'פְּשִׁ'יטע, הוו. (מ. טִ'פְּשִׁיטעס). זעה טִפְּ'שָׁה.

טִרְ'דוֹת, הוו. פאַרנומענקייט, צוטראָגענקייט.

טָ'רוּד, המ. (מ. טְרוּ'דִים). אַ פאַרנומענער מענש.

טִרְ'חָה, הוו. (מ. טִרְ'חוֹת). באַמיהונג, באַלעסטיגונג.

טְרֵ'יף, טְרֵף *, א. אונריין, פאַרבאָטען, ניט־געזעצליך. טרפ'ער מסחר, ניט־געזעצליכעס געשעפט.

טְרֵף־פָּ'סוּל, הם. (מ. טְרֵף־פָּ'סוּלִ'ען [פְּסָ'לִ'יען]). „אַ'ן אונרייניע פּאַר=באָטענע זאַך”, אַ'ן אויסדרוק מיט וועלכען די פּאַנאַטיש־פרומע אידען פלעגען באַצייכענען אַ בוך וואָס איז פון אַ וועלטליכען אינהאלט.

טְרֵפְ'נִיאַק', הם. (מ. טְרֵפְ'נִיאַ'קעס). אַ איד וועלכער היט ניט אָפּ די אידישע שפּייז־געזעצן.

טַרְ'פוֹת (אייגענטליך: טְרֵפוֹת), מ. פאַרבאָטענע (לויט דעם אידישען געזעץ) שפּייזען. עס איז ווערט דאָס געלט אויף טרפות, עס איז זעהר ביליג.

טְרֵ'פִיען, א. אויסגעלאַסען, פּאַר=דאָרבען. טרפ'ענער ביין, אויסוואורף. טרפ'ענער האַלז, אַ פרעסער, אַ נאַשער. טרפ'ענער מול, אונגעהייערעס גליק (רעדענדיג פון אַ'ן אויסגעלאַסענעם מענשען וועלכען עס געהט זעהר גוט). טרפ'ענע קישקע, אַ פרעסער.

---

## י.

י, הם. דער צעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אלף־בית; מיט אַ וואָקאַל־צייכען אויסגעשפּראָכען ווי דער „י” אין „יאָגען”; אָהן אַ וואָקאַל־צייכען: ווען עס קומט נאָך די וואָקאַלען „וֹ”, „וּ”, „ד” אויסגעשפּראָכען ווי דער „י” אין „אֵי”, ווען עס קומט נאָך די וואָקאַלען „ֵ”, „ֶ” אָדער „ֻ” — שטום. אין צעהלען גערעכענט אַלס 10. זעה יוד.

יאַהוּ'דִי, הם. (מ. יאַהוּ'דִים). דייטשער איד. זעה יְהוּ'דִי.

יֵאוּשׁ [יִ'אוּש], הם. פאַרצווייפלונג.

יאַבְלוּ'הוּ, א. (ביבליש). „ווי זאָלען איהם עסען”, פאַרפאַלען, פאַרלאָרען (הויפּטזעכליך אויף געלט).

יאָלד (אייגענטליך: יֶ'לד), הם. מ. יאָלְ'דעס). אַ גראָבער קערל, אַ שטומפּזיניגער מענש, אַ נאַרר.

יאָלדעווען, צא. מאַכען צום נאַררען, אָפּטהאָן אַ שפּיצעל.

יָבוֹא־יוֹ'מוֹ, (ביבליש). עס וועט קומען זיין טאָג, די צייט וועט קומען. „עס וועט קומען זיין יבוא־יומו” (ווער.).

יִ'בּוּם, הם. דאָס אידישע געזעץ לויט וועלכען דער ברודער פון דעם וועלכער שטאַרבט אָהן קינדער, מוז הייראַטהען דעם געשטאָרבענעם פרוי (ואָנסט מוז ער זי באַ=פרייען דורך חליצה (ווז.). אין תלמודישע צייטען איז דאָס געזעץ פון יבום אָפּגעשאַפט געוואָרען און בלויז די חליצה איז פאַר=בליבען).

יְבָרֶכְךָ, (ליטורגיש). ער (גאָט) זאָל דיך בענשען (אַ וואָרט געגומען פון דעם זעגען וועלכען די כהנים זאָגען ביי'ן דוכנ'ען).

יַבָּ'שָׁה, הוו. טרוקענעס לאַנד, לאַנד.

יְבֵ'שָׁה, הוו. אַ'ן אויסטריקעניס, אַ טרוקען יאָהר.

יַ"ג, אב. יֵין־גֶ'פֶן (ווז.).

יָ'גוֹן־וַאֲנָ'חָה, הם. מ. (ביבליש). טרויער און זיפצעניס. האָבען יגון ואנחה, זעהר פיעל אויסשטעהן. "אַ אידענ'ס פרנסה איז יגון ואנחה און זיין גליק איז אַ מערכה" (שפוו.).

יְגִ'י'עַ־כַ'פּוֹ, הם. (ביבליש). די פראַצע פון זיין האַנד.

יָגַעְ'תִּי וּמָצָא'תִי, (תלמודיש). "איך האָב זיך געמיהט און איך האָב געפונען", אַז מע זוכט געפינט מען.

יָד [יַד], הוו. (מ. יָדַיִם). האַנד, לאַפּע.

יָד [יַד], הם. (מ. יַדְ'עֶן). אַ מעטאַ־לענער אָדער ביינערנער טייטעל געברויכט ביי'ם לייענען אין שול.

יָד [יַד] אַ'חַת, הוו. איין האַנד, איינשטימיגער אָפּמאַך.

יְדִיד, הם. (מ. יְדִי'דִים). אַ גוטער פריינד.

יְדִיד־נֶ'אֱמָן, הם. (מ. יְדִי'דִים־נֶאֱמָ'נִים). אַ געטרייער פריינד.

יְדִי'דִי, הם. מיין פריינד. ידידי בריעף, אַ פריינדשאַפט־בריעף.

יְדִי'עָה, הוו. (מ. יְדִי'עוֹת). נאַכ־ריכט; באַגריעף, קענטעניס, באַ־האַווענטקייט.

יַדְ'עָן, הם. זעה יוֹדֵ'עַ.

יַהֲ'דוּת, הוו. אידישקייט.

יְהוּ'דָה, אנמ. דער נאָמען פון איי־נעם פון יעקב'ס צוועלף זיהן; דער נאָמען פון דעם שטאַם וועל־כער קומט אַרויס פון יהודה; אנוו. דער נאָמען פון אַ געוויסער גע־געגד אין פּאַלעסטינא.

יְהוּ'דִי, הם. (מ. יְהוּ'דִים). אַ איד.

יְהוּ'דִית, הוו. אַ אידישע פרוי; אנוו. דער נאָמען פון אַ געוויסער העלדישער אידישער פרוי פון וועלכער די לעגענדע דערצעהלט אַז זי איז אַריין ביי־נאַכט אין דאָס געצעלט פון האָלאָפערנעס וועל־כער איז אַרויסגעשיקט געוואָרען פון קעניג נבוכדנצר מיט אַ גרוי־סער אַרמיי קעגען דאָס אידישע פאָלק, און האָט איהם מיט איהר שענקייט באַצויבערט און נאָכהער איהם אַרונטערגעשניטען דעם קאָפּ.

יְה'וָֹה, הם. גאָט. ווען דערמאָנט אין אַ געבעט ווערט דאָס וואָרט אויס־געשפּראָכען אֲדֹ'נָי (ווז.). ביי אַנדערע געלעגענהייטען, אום ניט אַרויסצורייידען גאָט'ס נאָמען אומזיסט, פאַרבייט מען עס מיט הַשֵּׁם' (ווז.) אָדער יוד־קֵא־וָאו־קֵא (ווז.) אָדער הַוַיָ'ה (ווז.) אָדער אֲדוֹשֵׁם' (ווז.). דאָס וואָרט "יהוה" צוליעב דער גרויסער היילינקייט אין וועלכער עס ווערט געהאַל־

טען, ווערט זאָגאַר אויסגעמיעדען
אין שרייבען און מע באַנוצט זיך
אנשטאָט דעם מיט איינע פון די
פאָלגענדע פאַרשטעלטע פאָרמען:
"ה׳", "ד׳", "יוד־פּא־ואו־כּא",
"הויה" און "השם". זעה: שֵׁם־
הַמְפוֹ׳רָשׁ, ט״ו, ט״ז.

יְהוֹ׳נָתָן, אנמ. דער נאָמען פון דעם
קעניג שאול׳ס זוהן וועלכער איז
געוועזען דער בוזעם=פריינד פון
דוד.

יְהוֹשֻׁ׳עַ, אנמ. דער נאָמען פון דעם
נאָכפאָלגער פון משה׳ן וועלכער
האָט אַריינגעפיהרט דאָס אידישע
פאָלק אין לאַנד כנען; דאָס ביב=
לישע בוך וואו די געשיכטע מיט
יהושע׳ן ווערט דערצעהלט.

יְהִי־רָ׳צוֹן, הט. (ליטורגיש). "עס
זאָל זיין דער ווילען פון גאָט",
די ערשטע ווערטער און דער נאָ=
מען פון פיעלע אידישע געבעטען.

יִהְ׳יֶה אֵיךְ שֶׁיִּהְ׳יֶה, עס מעג זיין
ווי עס וויל.

יִהְ׳יֶה מִי שֶׁיִּהְ׳יֶה, עס מעג זיין ווער
עס וויל.

יוֹ׳אֵל, אנמ. דער נאָמען פון אַ גע-
וויזען אידישען פראָפעט; דאָס
בוך וואָס ענטהאַלט די פראָפע=
צייהונגען פון יואל.

יוֹ׳בֵל, הט. (מ. יוֹבְ׳לוֹת). פופציג
יאָהר; דאָס פופציגסטע יאָהר
וועלכעס איז געוועזען אַ פעסט=
יאָהר לויט דעם אידישען געזעץ.

יוּד, הט: (מ. יוד׳ען). דער נאָמען
פון דעם צעהנטען בוכשטאַב (י)
פון דעם אידישען אַלף־בית; דער
קליינער פינגער פון דער האַנד.
זעה גוֹי.

יוּד־כַּא־וָאוּ־כַּא, אַ געוויסע פאַר=
שטעלטע אַרט פון שרייבען אָדער
אַרויסרעדען דעם נאָמען פון גאָט—
יְהֹ׳וָה ("כא" ווערט דאָ געברויכט
אנשטאט "הא").

יוֹדֵ׳עַ, הט. (מ. יוֹדְ׳עִים). אַ קענער,
אַ ווייסער.

יוֹדֵ׳עַ־הַ׳כֹּל, הט. (מ. יוֹדְ׳עֵי־
הַ׳כֹּל). איינער וואָס ווייס אַלצ=
דינג.

יוֹדֵ׳עַ־נַ׳גֵּן, הט. (מ. יוֹדְ׳עֵי־נַ׳גֵּן),
(ביבליש). איינער וואָס פאַר=
שטעהט אויף זינגען אָדער שפיע=
לען; אַ זינגער.

יוֹדֵ׳עַ־סֵ׳פֶר, הט. (מ. יוֹדְ׳עֵי־סֵ׳פֶר),
(ביבליש). איינער וואָס פאַר=
שטעהט אַ בוך, אַ געלערנטער.

יוֹדֵ׳עַ־שֶׁאֵ׳נוֹ־יוֹדֵ׳עַ, הט. איינער
וואָס ווייס אַז ער ווייס ניט. "אַ
יודע שאינו יודע איז אַ
האַלבער יודע" (שפוו.).

יוּ׳דיער, הט. אַ צעהנער (געלט=
שמיק).

יָ׳וָן, הט. (מ. יְוָ׳נִים). זעה יָ׳וָן.

יו״ט, אב. יוֹם־טוֹ׳ב (ווז.).

יו״כ, יוכ״פ, אב. יוֹם־כִּ׳פּוּר (ווז.).

יוֹכֶ׳בֶד, אנוו. דער נאָמען פון
משה־רבנו׳ס מוטער.

יוֹלֶ׳דֶת [יוֹלְ׳דֶת], הוו. (מ. יוֹלְ׳דוֹת),
אַ געווינערין, אַ קינפעטאָרין. "אַז
דאָס ווייב איז אַ יולדת איז
דער מאַן אַ יאָלד" (שפוו.).

יום [יָם], המ. (מ. יָמִים). אַ טאָג; דאָס קאַפּיטעל פון תהלים וואָס מע זאָגט נאָך דעם מאָרגענדיגען דאַווענען (יעדען טאָג פון דער וואָך ווערט געזאָגט אַ באַזונדער קאַפּיטעל).

יום־הָאָרוֹך, המ. דער לענגסטער טאָג פון יאָהר.

יום־הַדִין, המ. (ליטורגיש). דער טאָג פון געריכט (געוועהנליך רופט מען מיט דעם נאָמען ראש־השנה אָדער יום־כפור).

יום־הַקָצֵר, חמ. דער קירצעסטער טאָג פון יאָהר.

יום־וָלַיְלָה, או. טאָג און נאַכט.

יום־טוֹב [יָמטוֹב אָדער יָנטוֹב], המ. (מ. יָמִים־טוֹבִים, יום־טוֹבִים [יָמטוֹבִים אָדער יָנטוֹבִים]), (ביבליש). אַ פייערטאָג, אַ פעסט־טאָג. די יום־טובים, די פייערטעג פון ראש־השנה יום־כפור און סוכות. גוט יום־טוב!, אַ פרעהליכען פייערטאָג!. גוט־יום־טוב ביטען, געהן צו גאַסט אין אַ פייערטאָג. גוט־יום־טוב נאַ דיר!, אָט האָסטו דיר!. "ווען אין ביי אַ הונט אַ יום־טוב ווען מע צוברעכט איהם אַ פוס" (שפוו.).

יום־טוֹבדיג, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון יום־טוב; אויפגעראַמט, פרעהליך; אויסגעפוצט.

יום־כִּפּוּר [יָמכִּפּוּר אָדער יָנכִּפּוּר], המ. (מ. יום־כִּפּוּרים), (תלמודיש). דער טאָג פון פאַרגעבונג, דער צעהנטער טאָג פון מאָנאַט תשרי וועלכער איז אַ הייליגער פאַסט־טאָג.

יום־כִּפּוּר־ליכט, הז. (מ. יום־כִּפּוּר־ליכט). אַ גרויסע ליכט וואָס מע צינדט אָן אין שוהל אָדער אין הויז אויף יום־כפור.

יום־כִּפּוּר־טראָפּענס, המ. מ. געוויסע שטאַרקע טראָפּענס וועלכע מע שמעקט אום ניט אָפּגעשוואַכט צו ווערען פון פאַסטען אום יום־כפור.

יום־כִּפּוּר־קָטָן, המ. (מ. יום־כִּפּוּר־קְטַנִים). דער קליינער פאַרגעבונג־טאָג, דער לעצטער טאָג פון מאָנאַט אין וועלכען די פרומע אידען פאַסטען ביז האַלבען טאָג.

יום־כִּפּוּרדיג, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון יום־כפור.

יוֹמָא־דְפַגְרָא [דְפַגְרָא], המ. (תלמודיש). אַ פרייער טאָג, אַ פייערטאָג.

יוֹמָם־וָלַיְלָה, או. (ביבליש). טאָג און נאַכט.

יָוָן, אנוו. גריכענלאַנד.

יָוָן, המ. (מ. יְוָנִים). אַ רוסישער סאָלדאַט, אַ סאָלדאַט; אַ געוואונדער גראָבער קערל. "אַריינפאַלען ווי אַ יון אין דער סוכה" (ווער. — ד. ה. מאַכען פלוצלונג אַ באַמערקונג וועלכע האָט ניט צו טהאָן מיט דעם געשפרעך). "ביי איהם האָבען אַלע יונים איין פנים" (ווער.).

יוֹנָה, אנמ. דער נאָמען פון אַ גע=

ווּיסען אידישען פראָפעט וועלכער
אין איינגעשלונגען געוואָרען פון
אַ פיש און איז געראַטעט געוואָ=
רען אויף אַ וואונדערבאַרער אַרט;
דאָס בוך וואו די געשיכטע מיט
יונה'ן ווערט דערצעהלט.

יוּנ'יש, א. סאָלדאַטסקע; גראָב;
רוסיש (שפּראַך).

יוֹסֵף, אנמ. דער נאָמען פון איינעם
פון יעקב'ס צוועלף זיהן וועלכען
זיינע ברידער האָבען פאַרקויפט
פאַר אַ שקלאַף אין עגיפּטען.

יוֹסֵפוֹן, אנמ. דער נאָמען פון אַ
געוויסען אידישען גענעראַל און
היסטאָריקער וועלכער האָט גע=
לעבט אין ערשטען יאָהר=הונ=
דערט; דער נאָמען פון אַ היס=
טאָריע פאַרפאַסט פון יוספון.

יוֹעֵץ, המ. (מ. יוֹעֲצִים). ראַטה=
געבער.

יוֹפִי, המ. אַ שענע זאַך, אַ'ן אַנ=
טיקעל.

יוֹצֵא, א. אָפּגעקומען, אָפּגעפּאַר=
טיגט. פון יוצא ווערען, פון
לייטען'ס וועגען, ניט גערן.

יוֹצֵא־זיין, צש. זיך באַגעהן, זיך
באַגנוגענען, אָפּקומען, אויסקו=
מען. "אַז עס איז ניטאָ קיין פיש
איז מען יוצא מיט הערינג"
(שפּוו.). יוצא־זיין מיט אַ'ן
אַנדערען'ס קדוש, אויסקומען מיט
דעם וואָס מע הערט זיך צו ווי
אַ'ן אַנדערער זאָגט דאָס געבעט
פון קדוש אַנשטאַט עס אליין צו
זאָגען (זעה מוֹצִיא־זיין). יוצא־
זיין פאַר, טהאָן צוליעב, צו=
פריעדען־שטעלען, זיך אויספיינערען
פאַר, צ. ב. ש.: יוצא־זיין
פאַר גאָט און פאַר לייטען.

יוֹצֵא־חָפְ'זוֹן, המ. (ליטורגיש). "דער
וועלכער איז אַרויס אין איילעניש".
"אַ יוצא־חפזון פאַרליערט
דאָס געלט און די הויזען" (שפּוו.).

יוֹצֵא־וְנִכְנָס, חמ. (תלמודיש).
אַרויס= און אַריינגעהער, אָפטער
איינגעהער.

יוֹצֵא־מִן־הַכְּלָל [הַכְּלַ'ל], המ. (מ.
יוֹצְאִים־מִן־הַכְּלָל [הַכְּלַ'ל]), (תל=
מודיש). אַ'ן אויסנאַהם פון דער
רעגעל, אַ'ן אויסנאַהם.

יוֹצֵר, המ. (מ. יוֹצְרוֹת* [יָצְ'רוֹת]),
(ליטורגיש). דער אַלגעמיינער נאָ=
מען פון געוויסע לויב=געזאַנגען
וועלכע מע זאָגט אין געוויסע
שבתים און פייערטעג. זיך פאַר=
בייטען מיט די יוצרות, זיך
פאַרפּלאָנטערען, זיך פאַרמישען
מיט די רייד. קעלבערנע
יוצרות, נאַרישקייטען, פּלוי=
דערייען. "מיט אכילה הויבט זיך
אָן זיין יוצר" (ווערטעל גע=
זאָגט אויף אַ פרעסער).

יוֹצֵר מְשָׁרְתִים וַאֲשֶׁר מְשָׁרְתָיו,
המ. מ. (ליטורגיש). באַדינטע אויף
באַדינטע (די אייגענטליכע באַדייַ=
טונג פון די ווערטער איז אַ גאַנץ
אַנדערע).

יוֹרֵד, המ. (מ. יוֹרְדִים). אַ'ן אַרונ=
טערגעקומענער, אַ רייכער מאַן
וועלכער איז אָרעם געוואָרען.

יוֹרֶה־דֵעָה, המ. דעריעניגער טהייל
פון שלחן־ערוך וועלכער ענט=

האַלט די רעגעלען איבער ערלויבטע און פאַרבאָטענע שפּייזען, רייניגליכקייט א. ד. ג.

יוֹ'רֵשׁ, הם. (מ. יוֹרְשִׁים [יָרְ'שִׁים]). דער צו וועמען עס געהט איבער דאָס פאַרמעגען פון אַ געשטאָרבענעם, ערבע, נאָכפאָלגער.

יוֹ'רֵשׁ־עֶ'צֶר , הם. (ביבליש). טהראָן־פאָלגער, קרוינפּרינץ.

יוֹ'שֵׁב־אוֹ'הֶל, הם. (ביבליש). אַ שטוב־זיצער; איינער וועלכער זיצט און לערנט נאָכאַנאַנד.

יוֹ'שֶׁר, הם. גערעכטיגקייט; דאָס געפיהל פון גערעכטיגקייט, געוויסען, געוויסענהאַפטיגקייט.

יִזְ'כּוֹר, הם. (ליטורגיש). "ער (גאָט) זאָל דערמאָהנען", דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט פאַר די זעעלען פון די טויטע.

יַחְ'דָו, אר. צוזאַמען, לאָמיר זיך טהיילען! איבער העלפט! (אַ'ן אויסדרוק וועלכען מע זאָגט צו דעם וואָס געפינט עפּעס ווען מע וויל קריגען דערפון אַ טהייל).

יִ'חוּד, הם. דאָס זיין אין איין צימער מיט אַ פרעמדער פאַרהייראַטהעטער פרוי (פאַרבאָטען לויט אַ תלמודישער פאָרשריפט).

יִ'חוּס, הם. (מ. יִחוּ'סִים). אָפּשטאַמונג, פאַמיליע; הויכע אַריסטאָקראַטישע אָפּשטאַמונג; שטאָלץ, גרויסקייט. "יחוס אויפ'ן בית־הקברות און אין דער היים צרות" (שפּוו.).

יִ'חוּס־בּריעף , הם. (מ. יִ'חוּס־בּריעף). אַ דאָקומענט אָדער אַ בוך וואו עס ווערט אויסגערעכענט די אָפּשטאַמונג פון אימיצען, גענעאַלאָגיע.

יִ'חוּס־עַצְ'מוֹ, הם. דער ווערט פון דער פערזאָן אַליין (און ניט פון זיין אָפּשטאַמונג).

יִ'חוּס'דיג, א. פון אַ'ן אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג.

יִ'חוּס־ען־זיךְ, צש. שטאָלצירען, זיך גרויס האַלטען, זיך באַריהמען.

יְחֶזְ'קְאֵל, אנם. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען פּראָפעט; דער נאָמען פון דעם בוך וואָס ענטהאַלט די פּראָפעצייהונגען פון יחזקאל.

יחי', זעה יְחִ'יֶה (אַזוי ווי אין פיעלע אַנדערע ווערטער אַזוי ווערט אויך דאָ אויסגעמיעדען די צוזאַמענשטעלונג פון די בוכשטאַבען "י" און "ה" וועלכע בילדען דאָס וואָרט "יָה" (גאָט) און זיינען די צוויי ערשטע בוכשטאַבען פון יְהֹ'וָה, ווז.).

יָ'חִיד, הם. (מ. יְחִי'דִים). אַ'ן איינצעלנער, אַ'ן אינדיווידואום; אַ'ן איינציגער; אַ פּריוואַט־פערזאָן.

יָ'חִיד בְּדוֹר (בְּדוֹ'רוֹ), הם. איינער אין דער צייט (אין זיין צייט), אַ'ן אויסגעצייכענטער.

יְחְ'יֶה, "לעבען זאָל ער", אַ וואָרט וועלכען מע שטעלט צו אין שרייבען נאָך דעם נאָמען פון אַ פערזאָן.

יַחֲלוֹ'קוּ, (תלמודיש). זיי דאַרפען

זיך צוטהיילען, עס געהערט צו ביידען.

יַחְ'סָן, המ. (מ. יַחְסָ'נים). איינער וועלכער שטאַמט פון אַ הויכער אריסטאָקראַטישער פאַמיליע; איינ= פלוסרייכע אָדער פריווילעגירטע פערזאָן; שטאָלצער מענש. "געלט האָט אַ מיאוס'ען טאַטען און איז דאָך אַ יחסן" (שפוו.). "דאָס קערבעל איז דער גרעסטער יחסן" (שפוו.).

יַחְ'סָנ'דיג, או. שטאָלץ, אריסטאָ= קראַטיש.

יַחְסָ'נות, הוו. שטאָלץ, גרויסהאַל= טען זיך מיט אריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג אָדער אַנדערע אויס= צייכנונגען.

יַחְ'סָנ'טע, הוו. (מ. יַחְ'סָנ'טעס). זעה יַחְ'סָן.

יַחְ'סָנ'יען-זיך, צוו. זעה יִ'חוס'ען- זיך.

יַ'חַץ, המ. (ליטורגיש). "ער זאָל צוטהיילען אויף העלפט", דעריע- ניגער טהייל פון דער סדר=צערע= מאָניע וועלכער באַשטעהט אין צוברעכען איינע פון די דריי מצית וואָס ווערען געלעגט צום טיש.

יִי'אוש, המ. זעה יֵ'אוש.

יִי'בום, המ. זעה יִ'בום.

יִי"ג, המ. זעה יַ"ג.

יִי'חוד, זעה יִ'חוד.

יִי'חוס, המ. (מ. יִיחו'סים). זעה יִ'חוס.

יַ'יִן, המ. וויין.

יין [יַ'יִן]-גֶ'פֶן, המ. וויין פון טרוי= בען, וויין.

יַ'יִן-הַמְשוּ'מָר, המ. (תלמודיש). דער וויין וועלכען גאָט האַלט אָנגעגרייט פאַר די פרומע אויף די צייט ווען משיח וועט קומען.

יין [יַ'יִן]-נֶ'סֶך, המ. (תלמודיש). וויין וועלכען אַ געצענדיענער האָט אָנגעריהרט (פאַרבאָטען צו טרינ= קען לויט דעם אידישען געזעץ).

יַ'יִן-קַפְרִי'סִין, המ. (תלמודיש). אַ געוויסער טהייערער וויין פון דעם אינזעל ציפערן.

יַ'יִן-שֶׁל-פֶּ'סַח, המ. וויין וועלכען מע מעג טרינקען אום פסח.

יַ'יִן-שָׂ'רָף (אייגענטליך: שָׂ'רוּף), המ. בראַנפען, שנאַפּס.

יַי"ש, המ. זעה יַ"ש.

יִי'שוב, המ. (מ. יִישו'בים). זעה יִ'שוב.

יישר [יַי'שַר]-כֹּ'חַ, (תלמודיש). שטאַרקען זאָל זיך די קראַפט (דיינע אָדער אייערע)! אַ דאַנק!

יִי'תור, המ. זעה יִ'תור.

יָכוֹ'ליען [יָכְ'ליען], צש. קענען, זיין אים שטאַנד, קענען טהאָן.

יְכוֹ'לֶת, הוו. קראַפט, פעהיגקייט, מעגליכקייט.

יַכְּ'בָּה, (ביבליש). געברויכט אין אין דעם ווערטעל: "ביי איהם איז יַכְּ'בָּה און יַכְּ'בָּה אַלס איינס" (רעדענדיג פון אַ אונוויסענדען

מענשען וועלכער קען ניט אונ=
טערשיידען א "כ" פון א "ב"
צוליעב זייער עהנליבקייט).

יֶלֶד, הם. "א קינד", א יונג.

יְלוּד־אִשָּׁה, הם. (ביבליש). "א גע=
באָרענער פון א פרויענצימער",
א מענש.

יְלָלָה, הוו. (מ. יְלָלוֹת). קלאָג,
יאָמער, יאָמער=געשריי.

יַלְקוּט, הם. (מ. יַלְקוּטִים). א
זאמלונג פון לעהר=שפרוכען, פאַ=
בעלען און אויסטייטשונגען פון
ביבלישע טעקסטען צונויפגעקליבען
פון תלמוד און מדרש.

יָם [יַם], הם. (מ. יַמִּים, יַמ׳ען).
מעער, אָקעאַן; א גרויסע מאַסע.

יַם־הַקֶּרַח, הם. דאָס אייז־מעער.

יַם־סוּף, הם. דאָס רויטע מעער,
דאָס מעער וואָס האָט זיך גע=
שפאָלטען אויף משה־רבנו'ס באַ=
פעהל אום דאָס אידישע פאָלק
וואָס איז ארויס פון עגיפטען זאָל
קענען דורכגעהן, ווי די ביבעל
דערצעהלט.

ים־שטאָק, הם. א געוויסער ראָהר
וואָס וואקסט ביי די ברעגעס פון
טייכען.

יִמַּח שְׁמוֹ, — וְזִכְרוֹ (מ. שְׁמָם, —
וְזִכְרָם; וו. שְׁמָהּ, — וְזִכְרָהּ,
מ. שְׁמָן, — וְזִכְרָן), (ביבליש).
אויסגעמעקט זאָל ווערען זיין נאָ=
מען, — און זיין געדעכטניס.

יִמַּח־שְׁמוֹ׳ניצע, הוו. (מ. יִמַּח־
שְׁמוֹ׳ניצעס). א פאַרדאָרבענע
פרוי.

יִמַּח־שְׁמוֹ׳ניק, הם. (מ. יִמַּח־
שְׁמוֹ׳ניקעס). א פאַרדאָרבענער
קערל.

יְמֵי־הַגְּבָלָה, הם. מ. זעה שְׁלֹשֶׁת־
יְמֵי־הַגְּבָלָה.

יָמִים־וְשָׁנִים, הם. מ. (ביבליש).
טעג און יאָהרען, א לאַנגע צייט.

יָמִים־נוֹרָאִים, הם. מ. די שרעק=
ליכע טעג, די טעג פון ראש־
השנה און יום־כפור.

יָמִים־נוֹרָאִימ׳דיג, א. באַלאַנגענ=
דיג צו די ימים־נוראים.

ימ״ש, אב. יִמַּח־שְׁמוֹ (ווז.).

יְנוּקָא, הם. "א קינד", א זוהן פון
א חסידישען רבי'ן וועלכער נעהמט
שוין קינדווייז איבער די שטעלע
פון זיין פאָטער.

יְנִיקָה, הוו. (מ. יְנִיקוֹת). זויגונג,
זאַפט; נוץ, פראָפיט, איינקונפט.

יְסוֹד [יְסָד], הם. (מ. יְסוֹדוֹת).
גרונד, פונדאַמענט, באַזיס; עלע=
מענט.

יִסּוּרִים, הם. מ. פייניגונגען, שמער=
צען, וועהטאָגען, ליידען.

יִסּוּרִים־שֶׁל־אַהֲבָה, הם. מ. (תל=
מודיש). ליידען (וועלכע גאָט
שיקט אָן אויף א געוויסען מענ=
שען) פון ליבשאַפט וועגען, ליי=
דען וועלכע זיינען ליעב.

יע״א, אב. יִבָּנֶה עִירֵנוּ אָמֵן, ער
(גאָט) זאָל בויען אונזער שטאָדט
(ירושלים), ווערטער וועלכע עס
איז איינגעפיהרט ביי די פרומע
אידען צוצושטעלען נאָך דעם נאָ=
מען פון א שטאָדט.

יַעֲבוֹר־עָלַי־מָה, (ביבליש). זאָל מיט מיר פּאַסירען וואָס עס וויל, זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין.

יַעֲלֶה, הוו. (מ. יַעֲלֶהים). "זאָל אַרויפשטייגען", דאָס ערשטע וואָרט אין דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט יום־כפור אין שוהל אויף אַ זעהר הויכע שטים, אַ'ן אויפרוהר, אַ ליאַרם, אַ גערודער.

יַעֲלֶה־וְיָבֹא, הם. "עס זאָל אַרויפגעהן און קומען", די ערשטע ווערטער אין דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט אום פייערטעג.

יַעֲמוֹד, אר. עס זאָל אויפשטעהן! (אַ וואָרט מיט וועלכען מע רופט אויף אימיצען צום לייענען, אין שוהל).

יַעֲקֹב [יַנְקֹב], אנמ. דער נאָמען פון איינעם פון די אידישע אורפאָטערס, דער זוהן פון יצחק; אָפט געברויכט צו באַצייכענען דאָס אידישע פאָלק. „אַז מע גיט ניט יעקב'ן גיט מען עשו'ן" (שפּוו.).

יְפֵהפִיָּה [יֶפֶפִּי], הוו. (מ. יְפֵהפִיּוֹת [יֶפֶפִיוֹת]). אַ זעהר שענעם פרויענצימער, אַ גרויסע פאַרשוין.

יֶפֶת, אנמ. דער נאָמען פון איינעם פון נח'ס דריי זיהן.

יְפַת־תֹּאַר, הוו. (ביבליש). אַ שענעם פרויענצימער.

יצ"ו, אב. יִשְׁמְרֵהוּ צוּרוֹ וְגוֹאֲלוֹ, זאָל איהם באַהיטען זיין באַשיצער און זיין דערלייזער (ווערטער צוגעשטעלט אין שרייבען נאָך דעם נאָמען פון אַ פּערזאָן); אב. יִבָּנֶה צִיּוֹן וִירוּשָׁלַיִם, ער (גאָט) זאָל בויען ציון און ירושלים (ווערטער צוגעשטעלט אין שרייבען נאָך דעם נאָמען פון אַ שטאָדט).

יִצְחָק, אנמ. דער נאָמען פון איינעם פון די אידישע אורפאָטערס, דער זוהן פון אברהם.

יְצִיאַת־הַנֶּפֶשׁ, הוו. "דער אַרויסגאַנג פון דער זעלע", דער לעצטער הויך, טויט.

יְצִיאַת־מִצְרַיִם, הוו. (תלמודיש). דאָס אַרויסגעהן (פון אידען) פון עגיפּטען; די וואונדער וועלכע האָבען פּאַסירט ווען אידען זיינען אַרויס פון עגיפּטען; גרויסע וואונדער. דערצעהלען יציאת־מצרים, דערצעהלען וואונדערליכע זאַכען.

יְצִיאַת־נְשָׁמָה, הוו. (תלמודיש). זעה יְצִיאַת־הַנֶּפֶשׁ.

יְצִירָה, הוו. די באַשאַפונג (פון דער וועלט).

יֵצֶר, הם. זעה יֵצֶר־הָרָע.

יֵצֶר־הָרָע, הם. (תלמודיש). דער בייזער גייסט, דער פאַרפיהרער; אַ זינדיגע לוסט.

יֵצֶר־טוֹב, הם. (תלמודיש). דער גוטער גייסט, די נייגונג צו טהאָן גוטס.

יְקוּם־פּוּרְקָן, הם. (מ. יְקוּם־פּוּרְקָנִים). די ערשטע ווערטער אין דער נאָמען פון געוויסע צוויי געבעטען וואָס מע זאָגט שבת אין דער פריה. אַ נייער יקום־פורקן, אַ נייער אויפטהו.

**יַקְנְהָ״ז**, אב. יַיִן, קִדוּש, נֵר, הַבְדָלָה, זְמַן, (תלמודיש). דאָס וואָרט ווערט געברויכט אום אָנ־צודייטען די אָרדענונג אין וועל־כער פאַרשיעדענע זעגען־שפרוכען דארפען געזאָגט ווערען ווען די נאַכט פון פסח קומט אויס צו זיין שבת־צו־נאַכט: צוערשט יַיִן (ד. ה. דער זעגענשפרוך אויף וויין), דאַן קִדוּש (ווז.), דאַן נֵר (ד. ה. דער זעגענשפרוך וועל־כען מע זאָגט אויף דאָס ליכט), דאַן הַבְדָלָה (ד. ה. דער זעגענ־שפרוך אין וועלכען מע דאַנקט גאָט פאַר וואָס ער אונטערשיידעט צווישען ליכט און פינסטערנים) און דאַן זְמַן (ד. ה. דער זעגענ־שפרוך "שהחינו" (ווז.) אין וועל־כען מע דאַנקט גאָט פאַר וואָס מע האָט דערלעבט די צייט פון דעם פייערטאָג).

**יְקָר**, הס. אַ טהייערער עדעלער מענש.

**יְקַר־הַמְצִיאוּת**, הס. אַ זעלטענע זאַך, אַ׳ן אַנטיק־זאַך.

**יַקְרוּת**, הוו. אַ נויטה, אַ הונגער; הויכער פרייז.

**יַקְרָן**, הס. (מ. יַקְרָנִים). איינער וועלכער פאַרלאַנגט אַ הויכען פרייז פאַר זיינע וואַארע.

**יַקְרָנִיטע**, הוו. (מ. יַקְרָנִיטעס). זעה יַקְרָן.

**יָרֵא**, הס. (מ. יְרֵאִים). אַ גאָטס־פאָרכטיגער מאַן.

**יְרֵא־וְשָׁלֵם**, הס. (מ. יְרֵאִים־וּשְׁלֵמִים). אַ גאָטספאָרכטיגער און פאָלקאָמענער מאַן.

**יְרֵא [יְרֵא]־שָׁמַיִם**, הס. (תלמודיש). אַ גאָטספאָרכטיגער מאַן.

**יִרְאָה**, **יִרְאַת־**, הוו. פורכט, שרעק; עהרפורכט; גאָטספאָרכ־טיגקייט.

**יִרְאַת־הַכָּבוֹד**, הוו. עהרפורכט.

**יִרְאַת־הָרוֹמְמוּת**, הוו. עהרפורכט.

**יִרְאַת־שָׁמַיִם**, הוו. (תלמודיש). גאָטספאָרכטיגקייט.

**יָרָבְעָם־בֶּן־נְבָט**, אנס. ירבעם דער זוהן פון נבט, אַ געוויסער קעניג פון וועלכען די ביבעל דערצעהלט אַז ער האָט פאַרפיהרט דאָס אי־דישע פאָלק צו געצענדינסט; אַ פאַרפיהרער.

**יַרְגָזוֹן**, הס. (ביבליש). "זיי וועלען אויפגעציטערט ווערען", גרימ־צאָרן.

**יַרְדֵן**, אנס. דער נאָמען פון אַ גע־וויסען טייך אין פאַלעסטינא וועהר אָפט דערמאָנט אין דער ביבעל. "ער קען אויסטרינקען אַ י ר ד ן" (ווער).

**יְרוּשָׁה**, הוו. (מ. יְרוּשוֹת). אַוי־געגנטהום וואָס בלייבט נאָך אַ גע־שטאָרבענעם, ערבשאַפט, נאַכלאַז. צולעגען דער באָבע׳ס י ר ו ש ה, גאָרניט פאַרלירען. "אַ אידישע י ר ו ש ה איז אַ גילדערנער אָדער" (שפּוו.).

**יְרוּשָׁלַ'יִם**, אנוו. דער נאָמען פון דער הויפּטשטאָדט פון פּאַלעסטינא. ירושלים־דליטא, אַ נאָמען מיט וועלכען מען פלעגט באַצייכענען די שטאָדט ווילנא צוליעב די פיעלע געלעהרטע און פרומע לייט וואָס זיינען אין איהר געווען.

**יְרוּשַׁלְ'מִי**, המ. דער תלמוד וועלכער איז צונויפגעשטעלט געוואָרען אין פּאַלעסטינא (זעה תַּלְמוּד.

**יְרוּשַׁלְ'מִי**, אנמ. (מ. יְרוּשַׁלְ'מִיים). דער נאָמען פון אַ איד וואָס קומט פון ירושלים.

**יָרִיד'**, המ. (מ. יָרִי'דיען), (תלמודיש). יאָהרמאַרק; גרויסער אויפרוהר. "איין בעטלער קען ניט זיין אויף צוויי יריד'ען" (שפּוו.).

**יְרִי'דָה**, הוו. אַרונטערפאַל, נידערפאַל, אָרעם ווערען.

**יְרִי'עָה**, הוו. (מ. יְרִי'עוֹת). איינע פון די שטיקער פּאַרמעט פון וועלכע אַ ספר־תורה איז צוזאַמענגענייהט.

**יְרָ'קוֹת**, מ. גרינס, גראָסענפרוכטען.

**יַרְ'שׁ'ען**, **יַרְ'שׁ'ענען**, צא. ערבען, איבערנעהמען (וואָס אַ געשטאָרבענער האָט געלאָזען). ירש'ען אומיצען, איבערנעהמען אומיצענס פאַרמעגען נאָך זיין טויט. ירש'ען אומיצענס געלט, קריגען אומיצענס געלט נאָך זיין טויט. אָפּ'ירש'ען, ערבען.

**יש** [יֶשׁ], המ. אַ וועזען, אַ זאַך וואָס מען קען אָנטאַפּען, אַ באַטרעף.

**יַ"ש**, אב. יַיִן־שָׂרָף (ווז.).

**יֵשׁ־אוֹמְרִים** [יֶשׁ־אָמְרִים], המ. (תלמודיש). "עס זיינען דאָ אַזעלכע וואָס זאָגען", אַ מיינונג. עס איז דאָ אַ יש־אומרים, עס איז פאַראַן אַ מיינונג.

**יֵשׁ** [יֶשׁ]־מֵאַ'יִן, המ. עפּעס (באַשאַפען) פון גאָרניט.

**יַשְׁ'ב'ען**, **יַשְׁ'ב'ענען**, צש. זיצען. צא. אַריינ'ישב'ען, אַריינזעצען (אין פּעסטונג).

**יֵ'שׁוּ־הַנּוֹצְ'רִי**, אנמ. יעזוס פון נאַזאַרעט, דער געקרייציגטער.

**יִ'שׁוּב**, המ. (מ. יִשׁוּ'בִים). אַ באַוואָהנטע געגענד; אַ דאָרף, אַ קאָלאָניע; באַזעצונג, קאָלאָניזאַציאָן; באַקלערונג, באַראַטהונג.

**יִ'שׁוּב־הַדַּ'עַת**, המ. (מ; יִ'שׁוּב־הַדַּ'עַתיען). באַקלערונג, באַראַטהונג.

**יִ'שׁוּב'יען־זיך**, צוו. זיך באַקלערען, זיך איבערלעגען, זיך באַראַטהען.

**יִשׁוּב"ניצע**, הוו. (מ. יִשׁוּב"ניצעס). זעה יִשׁוּב'ניק.

**יִשׁוּב"ניק**, המ. (מ. יִשׁוּב"ניקעס). איינער וואָס וואָהנט אין אַ דאָרף, אַ דאָרפס־מאַן; אַ'ן אונערפאַהרענער מענש.

**יְשׁוּ'עָה**, הוו. (מ. יְשׁוּ'עוֹת). הילף, רעטונג.

**יְשׁוּ'עוֹת־וְנֶחָ'מוֹת**, הוו. מ. (ליטורגיש). הילפען און טרייסטונגען, גוטע פּאַסירונגען.

**יְשִׁי'בָה**, הוו. (מ. יְשִׁי'בוֹת). אַ תלמודישע לעהר־אַנשטאַלט פאַר

פאָרטגעשריטענע שילער; פעס־טונג, טורמע (וואולגאר).

**יְשִׁי'בָה־בָּ'חוּר**, הם. (מ. יְשִׁי'בָה־בָּ'חוּרִים). אַ שילער פון אַ ישיבה; אַ יונגער מאַן וואָס גיט זיך אָפּ מיט דעם שטודיום פון תלמוד און ווערט אויסגעהאַלטען פון דער געמיינדע.

**יְשִׁי'בָה־מאַן**, המ. (מ. יְשִׁי'בָה־לייט). אַ שילער פון אַ ישיבה.

**יְשִׁי'בָה־שֶׁל־מַעֲ'לָה**, הוו. (ליטור־גיש). די הימלישע (געריכטס־) זי־צונג.

**יָ'שִׁישׁ**, המ. (מ. יְשִׁי'שִׁים). אַ (אנ־געזעהענער) גרייז.

**יִשְׁמָ'עֵאל**, אנמ. דער נאָמען פון דעם זוהן פון אברהם און זיין שקלאַפין הָגָר (דאָס וואָרט ווערט אויך אָפּט געברויכט צו באַצייכנען דאָס טערקישע פאָלק, וועלכעס שטאַמט פון ישמעאל'ן, לויט ווי עס איז אָנגענומען ביי אידען).

**יִשְׁמְרֵ'נוּ־הַבּוֹ'רֵא**, באַהיטען זאָל אונז דער באַשעפער.

**יָ'שָׁן**, א. אַלט; המ. פאַראַיאָהריגע געטריידע. ז. ה חָ'דָשׁ.

**יִשָּׁקֵ'נִי**, (ביבליש). ער זאָל מיך קושען, אַ וואָרט גענומען פון שיר־השירים (געוועהנליך גע־ברויכט אין אַ וואולגאַרען זינן).

**יִשְׂרָ'אֵל**, המ. (מ. יִשְׂרְאֵ'לִים). אַ איד; דאָס אידישע פאָלק; אַ איד וועלכער איז ניט קיין כהן און ניט קיין לוי.

**יְשֻׁ'רוּן**, המ. (מ. יְשֻׁרְ'נִים). אַ גע־רעכטער, עהרליכער, געוויסענ־האַפטער מאַן.

**יְשָׁרְ'נוּת**, הוו. גערעכטיגקייט, עהר־לימקייט, געוויסענהאַפטיגקייט.

**יִשָּׂשכָר** [יִשָּׂ'כָר], אנמ. דער נאָמען פון איינעם פון יעקב'ס צוועלף זיהן.

**יָ'תוֹם**, המ. (מ. יְתוֹ'מִים). איינער וואָס האָט ניט קיין פאָטער אָדער מוטער. „אַ קינד אָהן אַ פאָטער איז אַ האַלבער יתום, אָהן אַ מוטער — אַ גאַנצער יתום" (שפוו.).

**יְתוֹ'מָה**, הוו. (מ. יְתוֹ'מוֹת). איינע וועלכע האָט ניט קיין פאָטער אָדער קיין מוטער. „אַ יתומה איז אַ וואָלוועלע משקה" (שפוו.).

**יֶ'תֶר**, המ. אַ רעשטעל געוואַנד וואָס בלייבט איבער פון אַ קלייד און וועלכעס דער שניידער באַהאַלט געוועהנליך פאַר זיך.

**יִתְ'רוֹ**, אנמ. דער נאָמען פון משה רבנו'ס שוויגער־פאָטער; הוו. דער נאָמען פון דער זיבענצעהנטער סדרה (ווז.). האָבען יתרו'ס נעמען, האָבען פיעל נעמען (לויט דער תלמודישער לעגענדע וועלכע דערצעהלט אַז יתרו האָט געהאַט פיעל נעמען).

**יִתְ'רוֹן**, המ. (מ. יִתְרוֹ'נוֹת). פאָר־צוג, אויסצייכענונג.

# כ.

כ, הט. דער עלפטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית. מיט אַ פינטעלע אינעווענינ (כּ) אויסגעשפּראָכען אונגעפעהר ווי "ק", אָהן אַ פינטעלע (כ) אויסגעשפּראָכען אונגעפעהר ווי "ח"; אין צעהלען (כ) גערעכענט אַלס 20; צום ענד פון וואָרט געשריבען "ך". זעה כף.

כּ־ (צוגעשטעלט אין אָנהויב פון אַ וואָרט) — ווי, אַזוי ווי. כ מ ל ך בגדוד, אַזוי ווי אַ קעניג צווישען זיין סוויטע.

כ׳ סִי׳וָן, הט. דער צוואַנציגסטער טאָג פון מאָנאַט סיון, אַ פאַסט־טאָג אין אנדענק אן גזרת־ת"ח (ווז.).

כְּאוֹר־הַבּוֹ׳קֶר, או. (ביבליש). "ווי׳ן עס ווערט ליכטיג דער מאָרגען", אין דער פריה.

כַּאֲ׳שֶׁר אָבַדְ׳תִּי אָבָדְ׳תִּי, (ביבליש). "אויב איך בין פאַרלאָרען בין איך פאַרלאָרען", איך בין אַזוי ווי אַזוי פאַרלאָרען.

כְּבַד־פֶּה, הט. (ביבליש). "שווער אויף די ליפען", אַ שטאַמלער, אַ מעקעקע.

כָּ׳בוֹד, הט. עהרע, אַכטונג. "אַ כפרה געלט אַבי דער כ ב ו ד איז גרויס" (שפוו.). "אַ נגיד האָט פיינט כ ב ו ד ווי אַ קאַץ סמעטענע" (שפוו.).

כְּבוֹד־, הט. די ווירדע פון — (אַ וואָרט וואָס מע שטעלט אין שרייבען פאַר דעם נאָמען פון אַ פערזאָן).

כְּ׳בוּד, הט. (מ. כִּבּוּ׳דִים). באַעהרונג; טראַקטאַמענט מיט וועלכען מע נעהמט אויף אַ גאַסט.

כִּ׳בּוּד־אָב [אַב], הט. (תלמודיש). פאָטער־עהרונג.

כִּ׳בּוּד־אֵם, הט. (תלמודיש). מוטער־עהרונג.

כְּבוֹד־מַעֲלָ׳תוֹ —, הט. די ווירדע פון זיין הויכקייט — (ווערטער וואָס מע שרייבט פאַר דעם נאָמען פון אַ וויכטיגער פערזאָן וועלכע מע אַדרעסירט).

כְּבוֹד (קְדוּ׳שַׁת) שֵׁם תִּפְאַרְ׳תּוֹ, הט. די (הייליגע) ווירדע פון זיין גלענצענדען נאָמען (אַ טיטול וועלכען מע שרייבט פאַר דעם נאָמען פון אַ גרויסען הייליגען מאַן).

כְּבוֹדוֹ, הט. זיין ווירדע (אַ העפליכע אַרט פון אַדרעסירען אימיצען אין אַ בריעף), איהר.

כִּבְיָכוֹל [כַּבְיָ׳כוֹל], הט. (תלמודיש). גאָט (אורשפּרינגליך געברויכט, רעדענדיג פון גאָט אַלס פּערזאָניפיצירטע מענשליכע געשטאַלט, און באַדייטעט: "גלייך ווי מע וואָלט געקענט אַזוי זאָגען", ד. ה. ווי דער מענשליכער פאַרשטאַנד שטעלט זיך פאָר).

כְּדַאי, א. ווערטה, ווערטה די מיה.

עס איז ניט כדאי, עס לוינט זיך ניט.

כִּדְבָ'עֵי, או. (תלמודיש). אזוי ווי עס באדארף צו זיין, געהעריג.

כְּדוֹ'מֶה, או. גלייך ווי, אזוי ווי, צום ביישפיעל.

כְּדוֹ'מֶה־לְמָ'שָׁל, או. צום ביישפיעל.

כַּ'דוּר, הם. (מ. כַּדוּ'רִים). א באל, א קויק, א רונדע זאך.

כַּ'דוּר־הָאָ'רֶץ, הם. דער ערד=קוגעל.

כְּדֵי, ב. גענוג אום, אום, דאמיט.

כְּדֵי בִּזָּ'יוֹן וָקֶ'צֶף, (ביבליש). עס איז גענוג שאנד און פארדרוס.

כְּדֵי־לְהָ'מִית, או. גענוג צו טויטען, מערדעריש.

כְּדִין, — וּכְדָת [:כְּדָת'], או. לויט דעם (אידישען) געזעץ, נאך אלע פאָדערונג פון געזעץ.

כִּדְמַשְׁמָ'עוּת, או. (תלמודיש). ווי עס שיינט, ווי עס ווייזט אויס.

כְּדֶ'רֶךְ־הַטֶּ'בַע, או. ווי דער שטייגער פון דער נאטור, נאטירליך.

כְּדָת [כְּדַת], או. זעה כְּדִין.

כְּדַת־מֹ'שֶׁה־וְיִשְׂרָ'אֵל, או. (ליטורגיש). לויט די (הייראטה=) געזעצען פון משה און דעם אידישען פאָלק, לויט די אידישע הייראטה=געזעצען.

כְּהָא לַחְ'מָא עַנְ'יָא, (ליטורגיש). "אז י ווי דאָס דאָזיגע ברויט", די ערשטע ווערטער פון דער הגדה (א'ן אנדער לעזע=ארט איז: "הא לחמא עניא").

כְּהַאי־לִשָּׁ'נָא, או. (תלמודיש). מיט אזא שפראך, אזוי, נעמליך.

כְּהוּ'נָה, הוו. פריסטערטהום, פריסטערליכע אָפשטאמונג. "א כפרה די כהונה פאר א שיין פנים" (שפוו.).

כְּהַ־יּוֹם, או. היינט, איצט.

כֹּ'הֵן, הם. (מ. כֹּ'הֲנִים). א פריסטער; א איד וואָס שטאמט פון דעם אמאָליגען פריסטער=שטאם און וועלכער האָט געוויסע רעליגיעזע רעכטען און פליכטען וואָס א געוועהנליכער איד האָט ניט: ער טאָר ניט הייראטהען א פרוי וואָס איז געשיידט פון איהר מאן, ער טאָר ניט אריינגעהן אין דאָס הויז וואו עס געפינט זיך א טויטער, ער ווערט אויפגערופען דער ערשטער צום לייענען אין שוהל א. א. וו.. געבען כהן, אויפרופען צום לייענען אלס כהן. "א כהן איז א כעסן" (שפוו.). ארויסווייזען דעם כהן, ארויסווייזען צאָרן.

כֹּ'הֵן־גָּ'דוֹל, הם. (מ. כֹּ'הֲנִים־גְּדוֹ'לִים). דער אויבער=פריסטער (פארצייטען ביי אידען).

כֹּ'הֵן־צֶ'דֶק, הם. א וואהרער פריסטער, א כהן.

כָּהֵ'נָּה־וְכָהֵ'נָּה, (ביבליש). אזוי פיעל און נאך א מאָל אזוי פיעל, מעהרערע מאָל אזוי פיעל.

כְּהֶ'רֶף־עַ'יִן, או. (תלמודיש). ווי א וואונק פון א'ן אויג, אויגענבליקליך.

**כּוֹ'הֵן**, הם. (מ. כּוֹ'הֲנִים). זעה כּ'הֵן.

**כּ'וון**, הם. מיין, אבזיכט.

**כַּוָ'נָה**, הוו. (מ. כַּוָ'נוֹת). זעה כַּוָ'נָה.

**כוח"ט**, אב. כְּתִי'בָה וַחֲתִי'מָה טוֹ'בָה (ווז.).

**כּוֹ'לוֹ**, או. אין גאנצען, גענצליך.

**כּוֹ'לֵי־הַאי**, (תלמודיש). אזוי פיעל? טאקע אזוי?

**כּוֹ'לֵל**, הם. (מ. כּוֹ'לְלִים). א פאר־איינינונג פון מעהרערע אידישע געמיינדען מיט דעם צוועק צו פארוואלטען זייערע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען אָדער פאר אויס־טהיילונג פון געלט און שטיצע צו אָרעמע (געוועהנליך געברויכט אויף א'ן אָרגאניזאציאָן צוזאַמענגע־שטעלט פון אלע אידישע געמיינ־דען פון א געוויסען לאנד אָדער א געוויסער געגענד מיט דעם צוועק אויסצוטהיילען שטיצע צו זייערע אָרעמע אין פאלעסטינא).

**כּוֹ'לֵל**, א. (מ. כּוֹ'לְלִים). אלגעמיין, צענטראל. אין כּוֹלֵל, אין אל־געמיינעם.

**כּוֹ'לֵל־זיין**, צא. איינשליסען, ענטהאלטען; פארבינדען, פאר־איינינען.

**כּוֹ'מֶר**, הם. א (ניט־אידישער) פריס־טער אָדער גייסטליכער.

**כַּוָ'נָה**, הוו. (מ. כַּוָ'נוֹת). אבזיכט, צוועק; מיין, טיעפער מיין, גע־דאנקען; אויפמערקזאמקייט; באַ־גייסטערונג, עקסטאז.

**כּוֹס** [כָּס], הם. (מ. כּוֹ'סוֹת). א בע־כער, א באָקאל. מאכען א כּוֹס, מאכען א שנאפס.

**כּוֹס־אֵלִיָ'הוּ**, הם. זעה אֵלִיָ'הוּ־הַנָ'בִיאִים־כּוֹס.

**כּוֹ'סִיע**, הוו. א בעכער, א גלעזעל. מאכען די כּוֹסִ'יע, טרינקען, פיאנעווען.

**כּוֹ'סִיען**, צש. טרינקען, פיאנעווען.

**כּוֹ'פֵר**, הם. (מ. כּוֹפְ'רִים). א לייג־קענער (אן גאָט).

**כּוֹ'פֵר־בְּעִי'קָר**, הם. (מ. כּוֹפְ'רִים־בְּעִי'קָר), (תלמודיש). איינער וואָס לייקענט אן דעם הויפט־פונקט (גאָט).

**כּוֹ'פֵר־הַ'כֹּל**, הם. איינער וואָס לייג־קענט אן אלץ (גאָט, רעליגיאָן א. א. וו.).

**כּוֹרְ'עִים**, או. (ליטורגיש). זיך בוי־קענדיג, אויף די קניע. פאלען כּוֹרְעִים, פאלען אויף די קניע; זיך ערנידעריגען.

**כּוֹרְ'עִים־וּמִשְׁתַּחֲ'וִים**, או. (ליטור־גיש). זיך בוקענדיג און קניענדיג.

**כּוֹ'רֵת־בְּרִית־זיין**, צש. (ביבליש). שליסען א בונד (פון פריינדשאפט אָדער פרידען).

**כּוּשׁ**, אנמ. דער נאָמען פון א גע־וויסען לאנד דערמאָנט אין דער ביבעל. זעה הוֹ'דוּ.

**כּוֹ'תֶל־מַעֲרָ'בִי**, הם. די וועסטליכע וואנד פון דעם צערשטערטען בית־המקדש וועלכע איז פארבליבען שטעהן ביז איצט.

כָּ'זָב, הם. (מ. כְּזָ'בִים). אַ ליגען.

כָּ'זָב־וָשֶׁ'קֶר, ם. ליגען און באַ־טרוג.

כַּזְ'בָן, הם. (מ. כַּזְבָ'נִים). אַ ליגנער.

כַּזְ'בָנ'טע, הוו. (מ. כַּזְ'בָנ'טעס). זעה כַּזְ'בָן.

כְּ'זוב, הם. (מ. כְּזו'בִים). זעה כְּ'זָב.

כְּזַ'ית, הם. (תלמודיש). (גרויס) ווי אַ'ן אויילבערט, די גרויס פון אַ'ן אויילבערט (אַ מאָס זעהר אָפט געברויכט אין תלמוד און אין אי־דישע רעליגיאָנס־געזעצן, צ. ב. ש.: וויינינגער ווי אַ כזית מעג מען עסען אָהן געוואַשען). "גרויס ווי אַ כזית".

כּ'חַ, הם. (מ. כּ'חוֹת). שטאַרקייט, קראַפט, מאַכט; פאָלמאַכט, באַ־פאָלמעכטיגונג; אנשטרענגונג. זיך אָנטהאָן אַ כח, זיך אנשטרענ־גען.

כּ'חַ־גַבְ'רָא, הם. (תלמודיש). מע־נער־קראַפט, שטאַרקייט.

כּ'חַ־הַדִמְ'יוֹן, הם. איינבילדונגס־קראַפט, פאָרשטעלונגס־קראַפט.

כּ'חַ־הַדִ'בּוּר, הם. די קראַפט פון רעדען, רעדענס־קראַפט.

כּ'חַ־הַמְדַ'מֶה, הם. זעה כּ'חַ־הַדִמְ'יוֹן.

כּ'חַ־הַרְשָׁ'אָה, הם. פאָלמאַכט, דאָס רעכט צו פאָרטרעטען (אימיצען).

כְּחוֹל־הַיָּם [הַיַם'], או. (ביבליש). ווי דאָס זאַמד פון מעער, זעהר פיעל.

כְּחוֹ'מֶר בְּיַד הַיוֹ'צֵר, (ליטורגיש). ווי לעהם אין דער האַנד פון דעם טעפּער.

כִּי־הוּא־'זֶה, (ביבליש). "אז דאָס איז עס", אויף אַזוי פיעל. "ניט צו מאָל כי־הוא־זה" (ווער.).

כִּי־תָ'בוֹא, הוו. דער נאָמען פון דער פופציגסטער סדרה (ווז.).

כִּי־תֵ'צֵא, הוו. דער נאָמען פון דער נײן־און־פערציגסטער סדרה (ווז.).

כִּי־תִ'שָּׂא, הוו. דער נאָמען פון דער איין־און־צוואַנציגסטער סדרה (ווז.).

כְּיַד־הַמֶּ'לֶךְ, או. (ביבליש). מיט קיניגליכער האַנד, מיט פולער האַנד, גרויסאַרטיג.

כְּיָדוּ'עַ, או. אַזוי ווי עס איז באַ־וואוסט.

כִּ'יוון, הם. זעה כִּ'וון.

כִּ'יוֹר, הם. אַ וואַסער־פאַס וואָס שטעהט אין פאָלעש פון אַ שוהל אָדער קלויז צו וואַשען די הענד איידער מע געהט אַריין.

כִּ'ילַי, הם. אַ קאַרגער, אַ געלט־גייציגער מענש.

כִּי'נָה, הוו. (מ. כִּי'נִים), זעה כִּ'נָה.

כִּים, הם. אַ בייטעל, אַ געלט־בייטעל.

כִּים'לער, הם. (מ. כִּים'לערס). טאַשענ־דיעב, קעשעניק, באַטרי־גער.

כּי־סֵא־, זעה כּ־סֵא־.

כּי־שוּף, המ. (מ. כּישוּפים, כּי־שופ־ען). זעה כּ־שוּף.

כַּךְ, אַו. אַזוי.

כּךְ־הֲוָוא, (תלמודיש). אַזוי איז (טאַקי) געוועזען, אַזוי האָט זיך טאַקי אויסגעלאָזען.

כָּל־, א. אַלע, יעדער, יעדע, דער גאַנצער, די גאַנצע.

כָּל־בּוֹ, המ. "אין איהם איז אַלין פאַראַנען", איינער וואָס קען אַלצ־דינג אָדער וואָס טויג זיך צו אַלצדינג; אַלדאָס שלעכטס, אַלע שלעכטע אייגענשאַפטען; אַ גע־ווּיסע אויסגאַבע פון דעם אידי־שען געבעט־בוך וועלכע ענט־האַלט אַלע געבעטען און אַלע ליטורגישע רעגעלען פאַר דאָס גאַנצע יאָהר.

כָּל־בּו־ניצע, הוו. (מ. כָּל־בּו־ני־צעס). איינע וועלכע האָט אַלע שלעכטע אייגענשאַפטען.

כָּל־בּו־ניק, המ. (מ. כָּל־בּו־ני־קעס). איינער וועלכער האָט אַלע שלעכטע אייגענשאַפטען, אַ׳ן אויסוואורף.

כָּל־דְאַלים־גְבַר, (תלמודיש). דער וואָס איז דער שטאַרקער דער קומט ביי (פיהרט אויס).

כָּל־הוֹן־דְעַלְמָא, המ. (תלמודיש). דאָס גאַנצע רייכטהום פון דער וועלט.

כָּל־הַמִינִים, מ. אַלע זאָרטען.

כָּל־הַנְעָרים, אַו. אַלע אינגלעך (צוזאַמען). אויפרופען כ ל הנערים, אויפרופען אום שמחת־תורה אין שוהל אַלע אינג־לעך אין איינעם און פאַר אַלע צוזאַמען לייענען פון דער תורה (דער איינפיהר שטאַמט פון דעם וואָס אום שמחת־תורה מוז יעדער איד צי קליין צי גרויס אויפגערו־פען ווערען צום לייענען און ווייל עס איז ניטאָ צייט גענוג צו ליי־ענען איטליכען באַזונדער ווערען די אינגלעך אויפגערופען אַלע אין איינעם); אַלע אויף איין מאָל, ניט אויסצייכענענדיג קיינעם באַ־זונדער.

כָּל־הַנְגִישוֹת [הַנְגִישוֹת], — שֶׁבָּעוֹלָם, מ. אַלע פייניגונגען, — אויף דער וועלט. אָנטהאָן כ ל ־ ה נ ג י ש ו ת, שטאַרק פאַר־פאָלגען.

כָּל־הַפַּסְלָנוּת, הוו. אַלדאָס בייז, אַלע שלעכטע אייגענשאַפטען.

כּל־וָכל [כָּל־וְכָל], המ. "אַלין מיט אַלין", דער גאַנצער מאַכער.

כָּל־וְלָךְ, המ. אַ גאַנצער מאַכער (פאַ־ראָדיע אויף כָּל־וְכָל, ווז.).

כָּל־זְמַן, אַו. די גאַנצע צייט וואָס, אַזוי לאַנג ווי.

כָּל־זְמַן שֶׁהַנְשָׁמָה בְקִרְבִּי, (לי־טורגיש). אַזוי לאַנג ווי די זעעלע איז אין מיר. "כ ל ־ ז מ ן שהנשמה בקרבי עסס מאַ־טיע" (ווער.).

כָּל־חֲמָתוֹ (חֲמָתִי), המ. (תלמו־דיש). זיין (מיין) גאַנצער גרימ־צאָרן.

כָל־טוּב׳, המ. (ביבליש). אלדאָס גוטס.

כל־יָ׳כול, א. אלמעכטיגער. "ער איז א כל־יכול".

כָל־יָ׳מַי, מ. (תלמודיש). "אלע מיינע טעג", מיין גאנצעס לעבען.

כָל־יְמֵי־חַ׳יָיו, מ. (ביבליש). "אלע טעג פון זיין לעבען", זיין גאנצעס לעבען.

כָל־יָ׳מָיו, מ. "אלע זיינע טעג", זיין גאנצעס לעבען.

כָל־יִשְׂרָ׳אֵל, המ. (ביבליש). דאָס גאנצע אידישע פאָלק, אלע אידען. "וואָס עס וועט זיין מיט כל־ישראל וועט זיין מיט רב־ישראל" (ווער. — ד. ה. וואָס עס וועט זיין מיט אלעמען וועט זיין מיט דיר, מיר, איהם א. א. וו.).

כָל־יִשְׂרָ׳אֵל אַ׳חִים, אלע אידען זיי־נען ברידער.

כָל־יִשְׂרָ׳אֵל חֲבֵ׳רִים, אלע אידען זיינען קאמעראדען.

כֹּל מַאֲמִי׳נִים שֶׁהוּא׳, (ליטורגיש). "אלע גלויבען אז ער", די ערשטע ווערטער פון א געבעט וואָס מע זאָגט אום ראש־השנה. פון כל מאמינים שהוא, פון אלע זאָרטען (פאָראָדיע אויף כָּל־הַמַּי׳נִים, ווז.).

כָל־מוּם־רָע [רַע], המ. יעדער שלעכטער פעהלער, יעדע פאר־דאָרבענע אייגענשאפט.

כָל־מִי׳נֵי־, מ. אלע זאָרטען.

כָל־נִדְ׳רֵי, המ. (ליטורגיש). "אלע פארשפרעכונגען", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון א געוויסען געבעט וואָס מע זינגט מיט א זעהר ריהרענדער מעלאָדיע אין דער נאכט פון יום־כפור.

כָל־עוֹ׳ד־, או. (ביבליש). אזוי לאנג, אזוי לאנג ווי, ביז וואנען.

כָל־שֶׁכֵּן [כָּ׳שְׁכֵּן], או. (תלמודיש). געוויס, געוויס דאָך, אום זאָ מעהר, צ. ב. ש.: איב א קראנ־קער קען עס טהאָן כל־שכן א געזונדער.

כְּלְאַ׳חַר־יָ׳ד [יַ׳ד], או. (תלמודיש). ווי אונטער דער האנד, פארביי־געהענדיג.

כְלאֹ־יָ׳דַע, או. אזוי ווי ער וואָלט ניט געוואוסט. זיך מאכען כלא ידע, זיך מאכען ניט וויסענדיג אָדער ניט זעהענדיג.

כֶּ׳לֶב, המ. (מ. כְּלָ׳בִים). א הונד; א שלעכטער בייזער מענש. א קאר־גען רופט מען חזיר א שלעכטען רופט מען כלב" (שפוו.).

כֶּ׳לֶב־שֶׁבַּכְלָ׳בִים, המ. "א הונד פון אלע הינט", א זעהר שלעכטער מענש.

כְּלַבְ׳טע, הוו. (מ. כְּלַב׳יטעס). "א צויג", א שלעכטע בייזע פרוי.

כַּ׳לָּה, הוו. (מ. כַּ׳לּוֹת). א פאר־לאָבטע; א פרויענצימער אין דעם טאָג פון איהר חתונה, ברויט. "אלע כלות זיינען שעהן אלע מתים זיינען פרום"

(שפוו.). "אוים כלה ווייטער א מויד" (ווער.).

**כ'לה־ווערען**, צא. פארניכטעט ווערען, אונטערגעהן, פארשווינ־ דען.

**כ'לה־מויד**, הוו. (מ. כ'לה־מיי־ דען). א מיידעל וואס איז אלט גענוג צו הייראטהען, א דער־ וואקסען מיידעל.

**כ'לה־מתּ'נה**, הוו. (מ. כ'לה־ מתּ'נות). א געשאנק וואס מע גיט דער כלה.

**כ'להן־, כ'לה'נען־זיך**, צוו. זיך פוצען מיט דער אבזיכט זיך צו פארהייראטהען, זיך זעהר שטארק פוצען.

**כלו'מר'שט**, או. (תלמודיש: כּלו'מר). אזוי ווי, מאכענדיג דעם אנשטעל פון, ניט ריכטיג מיינענדיג, זאגענאנט.

**כל"ז**, אב. כּלי־זמר [כּלז'מר] (ווז.).

**כּלחוך־השור'**, או. (ביבליש). זעהר פריה, פארטאג (די אייגענט־ ליכע באדייטונג פון די ווערטער איז: "ווי עס עסט אפּ דער אקס (דאס גראז)". דער אויסדרוק איז וואהרשיינליך א פאראדיע אויף כּעלות־השחר אדער כּעלות־ הבוקר. דאס ווארט "הבוקר"— דער מארגען, דורך זיין ענהליכ־ קייט צו "הבקר"— דאס פיה, האט פיעלייכט געפיהרט צו דער פא־ ראדיע פון כּלחוך־השור').

**כּלי** [כּ'לי], הוו. (מ. .. לים). א נעפעס, א געשיר; געצייג, אינ־ סטרומענט; פיהיגקייט; דער אר־ גאן פון זינגען; א פיינע זאך; א בעגאבטער מענש; א פיגור אין שאך־שפיעל (קעניג, קעניגין, לויפער, ריטער אדער ראך). ארויסגעהן פון די כלים, ארויס־ געהן פון געדולד; ענטציקט ווע־ רען. א פוסטע כלי, א פוס־ טער אונוויסענדער מענש. אר־ בייטען אויף אלע כלים, אר־ בייטען זעהר ענערגיש. "גאל־ דענע כלים ווערען קיינמאל ניט שווארץ" (שפוו.).

**כּלי** [כּ'לי], הוו. (מ. כּ'לים). א וואסער־פאס, א קובעל.

**כּלי־בית** [בּ'ית], מ. (ביבליש). הויזגערעטה, מעבעל.

**כּלי־ז'הב**, מ. (ביבליש). גאלדענע געשיר.

**כּלי־י'ין**, מ. (תלמודיש). וואפען.

**כּלי־ז'מר**, מ. שפיעל־אינסטרומענט.

**כּלי־זמר** [כּלז'מר], הם. (מ. כּלי־ ז'מר, כּלי־זמ'רים *). שפיעלער, מוזיקאנט. "אז דאס מיידעל קען ניט טאנצען זאגט זי אז די כלי־ זמר קענען ניט שפילען" (שפוו.). "אז מע צעהלט ספירה קומט אויף די כלי־זמר א פגירה" (שפוו.).

**כּלי־כּסף** [כּ'סף], מ. (ביבליש). זילבערנע געשיר.

**כּלי־מבשי'רין**, מ. זעה מבשי'רין.

**כּלי** [כּ'לי]־**נפלאה**, הוו. א וואונ־ דער־ליכע פעהיגקייט, א גרויסער טאלאנט (אין זינגען).

**כּלי־קו'דש**, הם. מ. די אנגעשטעל־

טע פון דער געמיינדע (אַ רב, אַ חזן, אַ שמש א. א. וו.).

כְּלֵי [כֵּ'לֵי]־שְׁלֹ'מֹה, הוו. אַ פּעהיגע באַגאַבטע פּערזאָן.

כְּלָל [כְּלַל], הס. (מ. כְּלָ'לִים). אַ רעגעל, אַ הויפּטזאַך; פּובליקום, געמיינדע, פאָלק, מענשהייט; צאָהל, סומע. אריינרעכנען אין כלל, אריינרעכנען אין דער צאָהל. אין כלל, אין אַלגעמיינעם. אַרבייטען פאַר'ן כלל, אַרבייטען פאַר דאָס פאָלק, פאַר די מענשהייט א. א. וו. . אַ כלל, אין קורצען, אין קורצע ווערטער.

כְּלָל [כְּלַל], או. גענצליך, איבערהויפּט, אין אַלגעמיינעם.

כְּלַל־זאַך, הוו. (מ. כְּלַל־זאַכען). אַלגעמיינער אינטערעס, אַלגעמיינע זאַך.

כְּלַל־טהוער, הס. (מ. כְּלַל־טהוערס). איינער וועלכער אַרבייט פאַר אַלגעמיינע אינטערעסען.

כְּלַל־יִשְׂרָ'אֵל, הס. דאָס גאַנצע אידישע פאָלק.

כְּלַל־מענש, הס. (מ. כְּלַל־מענשען). זעה כְּלַל־טהוער.

כָּלִ'ערלייא, א. אַלערלייא.

כְּמְדוּ'מֶה־לִי, או. ווי מיר דאכט זיך, ווי מיר שיינט.

כַּמָּה, א. פיעל, מעהרערע.

כַּ'מָּה־וְכַמָּה [וְכַ'מָּה]. או. (תלמודיש). זעהר פיעל.

כַּ'מָּה־שָׁ'נִים, הס. פיעל יאָהרען, אַ לאַנגע צייט.

כַּ'מּוּת, הוו. קוואַנטיטעט, צאָהל.

כִּמְנְ'יַן־, או. ווי די צאָהל פון —.

כְּמֶ'לֶךְ־בְּגָדוּד', או. (ביבליש). אזוי ווי אַ קעניג צווישען דער סוויטע. "כמלך־בגדוד ווי אַ הונד אין קראָפּיווע" (אָפּטע פּאַראָדיע).

כִּמְעַט', או. פאַסט, שיער, ביינאַהע.

כִּמְשְׁמָ'עוּת, או. (תלמודיש). ווי עס שיינט, ווי עס זעהט אויס.

כֵּן־יאֹבְ'דוּ, (ביבליש). אזוי זאָלען אונטערגעהן (די פיינד פון גאָט), ווערטער וועלכע מע זאָגט ווען מע הערט פון דעם טויט אָדער אונגליק פון אַ געהאַסטער פּערזאָן.

כְּנֶ'גֶד, פ. קעגען, אַנטקעגען; אין פאַרגלייך מיט.

כְּנֶ'גֶד, הס. אַ געגנער.

כִּ'נָּה, הוו. (מ. כִּ'נִּים). אַ לויז.

כְּנוּפְ'יָא, הוו. (מ. כְּנוּפְ'יוֹת). פאַרזאַמלונג, געזעמעל, געזעלשאַפט.

כִּ'נִּים, מ. "לייז", איינע פון די צעהן פּלאָגען וואָס גאָט האָט אָנגעשיקט אויף די עגיפּטער כדי ווי זאָלען אַרויסלאָזען דאָס אידישע פאָלק פון זייער לאַנד. זעה עֶ'שֶׂר־מַ'כּוֹת.

כְּנֶ'סֶת־יִשְׂרָ'אֵל, הוו. (תלמודיש). דאָס אידישע פאָלק.

כַּנְ'פָה (אייגענטליך: כָּ'נָף), הוו. (מ. כַּנְ'פוֹת). איינע פון די פיער עקען פון אַ טלית אָדער טלית־

קטן וואו עס ווערען איינגעמאכט די ציצית.

כִּסֵא־הַכָּבוֹד, הס. (ביבליש). דער שטוהל פון עהרע, דער טהראָן־שטוהל פון גאָט.

כִּסֵא־הָרַבָּנוּת, הס. דער ראבינער־שטוהל, די שטעלע פון א ראבינער.

כְּסֵדֶר, או. נאָך דער רייהע, נאָכאנאנד.

כְּסוּמָא בָּאֲרוּבָּה [בָּאֲרוּ'בָּה], או. (תלמודיש). "אזוי ווי א בלינדער (טרעפט) אין פענסטער", בלינדערהייד, צופעליג.

כִּסְלֵיו, הס. דער דריטער מאָנאט פון דעם אידישען יאָהר; פאלט געוועהנליך אין נאָוועמבער־דעצעמבער און האָט נײַן־און־צוואנציג טעג.

כֶּסֶף, הס. זילבער.

כַּעֲלוֹת־הַבּוֹקֶר, או. (ביבליש). ווען עס געהט אויף דער מאָרגען, גאנץ באגינען.

כַּעֲלוֹת־הַשַּׁחַר, או. (ביבליש). זעה כַּעֲלוֹת־הַבּוֹקֶר.

כְּעָנִי־בַּפֶּתַח [בַּפֶּ'תַח], או. אזוי ווי א'ן אָרעמאן ביי דער טהיר.

כַּעַס, הס. (מ. כַּעַסִ'ען). צאָרן, פארדרוס. ווערען אין כעס, אריינקומען אין צאָרן.

כַּעֲסָן, הס. (מ. כַּעֲסָ'נִים). איינער וועלכער קומט לייכט אריין אין צאָרן, א היציגער מענש.

כַּעֲסָנְטע, הוו. (מ. כַּעֲסָ'נִיטעס). זעה כַּעֲסָן.

כַּעֲסָנִיען, כַּעַסִ'ען, צש. זיין צאָרניג, צאָרנען. כעסנ'ען זיך — זיך ערגערן, זיך היצען, זיין צאָרניג.

כַּעַפְּ'רָא־דְאַרְ'עָא, או. (ליטורגיש). ווי שטויב פון דער ערד. מאכען כעפרא־דארעא, מאכען צו־גארנישט, מאכען מיט בלאָטע צוגלייך, שטארק זידלען.

כַף [כָף], הס. (מ. כָ'פ'ען). דער נאָמען פון דעם עלפטען בוכשטאב (כ) פון דעם אידישען אלף־בית. לאנגע־כף, שלעכטע־כף אָדער שלוס־כף, דער נאָמען פון דעם זעלביגען בוכשטאב ווען געשריבען צום ענד פון א וואָרט (ך). קרומע־כף, דער בוכשטאב כ.

כַּף [כָּף], הס. (מ. כָּ'פ'ען). דער נאָמען פון דעם עלפטען בוכשטאב (כּ) פון דעם אידישען אלף־בית. קרומע־כף, דער בוכשטאב כּ.

כַּף־הַקַּלִ'י*, הוו. זעה כַּף־הַקֶּלַע.

כַּף־הַקֶּלַע [הַקֶּ'לַע], הוו. (ביבליש). איינע פון די פייניגונגען וועלכע די פארזינדיגטע נשמה מוז אויסשטעהן און וועלכע באשטעהט אין דעם וואס זי ווערט ארומגעשלײַדערט פון בייזע גייסטער הין און הער.

כְּפוּי [כְּ'פוּי] טוֹ'בָה, הס. (מ. כְּפוּיֵי־טוֹ'בָה), (תלמודיש). א'ן אונדאנקבארער מענש.

כָ׳פול־שְׁמוֹ׳נָה, א. געפלאָכטען אין אכט (געברויכט געוועהנליך אויף פעדעם פון ציצית פון וועלכען יעדער איינער איז צונויפגעדרייהט פון אכט דינערע פעדעם. די גאנץ פרומע טראָגען בלויז אזעלכע ציצית).

כָ׳פול־שְׁמוֹ׳נָה׳דיג, א. כפול־שמונה (ווז.); זעהר שטארק. אַ כפול שמונה׳דיגער פּאַטש, אַ שטאַרקער פּאַטש.

כְּפִי־, פּ. נאָך, לויט, לויט ווי.

כְּפִי־הַיכוֹ׳לֶת, או. נאָך די קרעפטען.

כְּפִי־הַמְדוּ׳בָּר, או. לויט ווי עס איז אָפּגערעדט געוואָרען, לויט׳ן אָפּמאַך.

כְּפִי׳רָה, הוו. לייקענונג (אן גאָט), גאָטלאָזיגקייט.

כֶּפֶל [כֶּ׳פֶל], הם. די דאָפּעלע צאָהל, צוויי מאָל אזוי פיעל; פאַרדאָפּעלונג, מולטיפּליקאַציאָן (אין אַריטהמעטיק).

כֶּפֶל [כֶּ׳פֶל]־כְּפָלַ׳יִם, הם. דאָפּעל מאָל דאָפּעל, מעהרערע מאָל אזוי פיעל.

כֶּפְ׳ליען, צא. דאָפּלען, פאַרדאָפּלען.

כַּפָּ׳רָה, הוו. (מ. כַּפָּ׳רוֹת). אויסלייזונג, פאַרגעבונג, פאַרציהונג, אַ הוהן אָדער אַ האָהן וועלכע מע קוילעט אין דעם טאָג פאַר יום־כפור אלס אַ׳ן אויסלייזונג פאַר די זינד. אַ שעהנע ריינע כ פ ר ה!, עס איז רעכט אויף איהם (איהר א. א. וו.). אַ כ פ ר ה קעגען איהם אלע אנדערע, ער איז בעסער אָדער פיעל מעהר ווערטה ווי אלע אנדערע. דאַרפען אויף כ פ ר ו ת, ניט דאַרפען. טויגען אויף כ פ ר ו ת, טויגען צו גאָר־ניט. שלאָגען כ פ ר ו ת, דרעהען די הוהן אָדער האָהן פון כפרה איבער׳ן קאָפּ זאָגענדיג דערביי "זה חליפתי". שלאָגען כ פ ר ו ת מיט אימיצען, אויפאָפּפערן אימיצען צוליעב אייגענע נוצען. ווערען די כ פ ר ה פאַר אימיצען, זיין שקלאַפיש איבערגעבען צו אימיצען. "אַ גאַנץ יאָהר האָדעוועט מען די כ פ ר ה און ערב יום־כפור פליהט זי אַוועק" (שפּוו.). "דער מענש זינדיגט און דער האָהן איז די כ פ ר ה" (שפּוו.).

כַּפָּ׳רָה־געלט, הז. געלט וועלכעס מע געברויכט ערב יום־כפור אנשטאָט אַ הוהן אָדער אַ האָהן אלס אַ׳ן אויסלייזונג פאַר די זינד און וועלכעס מע שענקט אַוועק צו אָרעמע לייט.

כַּפָּ׳רָה־היהנדעל, הז. (מ. כַּפָּ׳רָה־היהנדלעך). דער אָפּפער פאַר אַ פרעמדענס שולד, אונשולדיגער אָפּפער.

כַּפְתּוֹ׳ר־וָפֶ׳רַח, או. (ביבליש). "אַ קנעפּעל און אַ קוויטעל", צאַצקעדיג, אויסגעצייכענט.

כּ״ץ, אב. כֹּ׳הֵן־צֶ׳דֶק (ווז.).

כּ״ץ, אב. כֶּ׳סֶף־צָ׳רוּף, געלייטערטער זילבער, ד. ה. געלט. "וואו נעהמט מען די כ״ץ (קאַץ)?" (ווער. — ד. ה. וואו נעהמט מען דאָס געלט?).

כְּצֹאן־בְּלִי־רוֹ'עֶה (ביבליש : כְּצֹאן אֲשֶׁר אֵין לָהֶם רֹעֶה), ווי שעפּ־סען אָהן אַ פּאַסטוך. "כ צ א ן ב ל י ר ו ע ה, ווי אַ הונט אָהן אַ'ן עק (אָדער: ווי אַ שייגעץ אָהן אַ פּייפעל)" (ווער.).

כְּצַפִּי'חִית־בִּדְבָש', אָ. (ביבליש). אַזוי ווי אַ קוכען אין האָניג, זעהר געשמאַק.

כְּקֶ'דֶם, אָ. אַזוי ווי פריהער, אַזוי ווי אַמאָל.

בקש"ת, אב. כְּבוֹד קְדוּ'שַּׁת שֵׁם תִּפְאַרְ'תּוֹ (ווז.).

כְּרוּב, הם. (מ. כְּרוּ'בִים). ענגעל; איינע פון די צוויי געפליגעלטע מענשליכע פיגורען וואָס זיינען געשטאַנען אין דעם בית־המקדש איבער די לוחות.

כְּרוּז [כְּרוֹז], הם. (מ. כְּרוּזִים [כְּרוֹ'זִים]). אַ'ן אויסרוף, פּראָק־לאַמאַציאָן; אַ שטים פון הימעל.

כְּרְחוֹ'ק' מִזְ'רָח מִמַּעֲ'רָב, אָ. (ביב־ליש). אַזוי ווייט (איינער פון צווייטען) ווי אָסט פון וועסט.

כֶּ'רֶךְ, הם. (מ. כְּרָ'כִים). אַ באַנד.

כְּרַךְ, הם. (מ. כְּרַ'כִּים). אַ גרויסע שטאָדט.

כְּרַךְ־גָ'דוֹל, הם. אַ גרויסע שטאָדט.

כַּרְבַּשְׁ'תָּא, הוו. (תלמודיש). די הינטערשטע קישקע.

כַּרְ'מֶל, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסער געגענד אין פּאַלעסטינא אָפּט דערמאָנט אין דער ביבעל.

כַּרְ'עֵיה־דְאַבוּ'הֵיידיג, אָ. ניט גוט דעראן, ניט אין פריינדליכע באַ־ציהונגען (די עטימאָלאָגיע פון דעם אויסדרוק איז רעטהזעלהאַפט. אורשפּרינגליך קומען די ווערטער פון דעם תלמודישען זאַץ (עירובין ע.): יוֹרֵשׁ כַּרְעֵיה דְאַבוּהֵי, דער ערבע איז דער פוס פון זיין פאָ־טער).

כָּ'רֵת, הם. פריהער טויט, דאָס שטאַרבען פאַר דער צייט, אָפּגע־שניטענע יאָהרען (אַ שטראָף וועלכע עס קומט לויט דעם אי־דישען געזעץ פאַר געוויסע זינד). כ ר ת אויף יענער וועלט, אַ גע־וויסע באַשטראָפונג נאָכ'ן טויט.

כָּ'רֵת־יאָהרען, הז. מ. אָפּגעשני־טענע יאָהרען, פריצייטיגער טויט. האָבען כ ר ת ־ י א ָ ה ר ע ן (פון אומיצען), זעהר פיעל אויסשטעהן.

כִּ'שּׁוּף, הם. (מ. כְּשׁוּ'פִים, כִּ'שׁוּפ'ען). צויבערקונסט, צוי־בערקראַפט; צויבער, צויבער־וואונדער; רייץ, צוציהונג.

כִּ'שּׁוּף־מַאַכער, הם. (מ. כִּ'שׁוּף־מַאַכערס). צויבערער.

כִּ'שׁוּפ'דיג, א. באַזויצענדיג צויבער־קראַפט; זעהר אַנציהענד.

כִּ'שׁוּפ'ען, צש. מאַכען צויבערקונ־צען; צוציהען, אנציהען. צא. ב אַ 'כ ש ו פ 'ע ן, פאַר'כשופ'ען, באַצויבערן. א ר ו י ס 'כ ש ו פ 'ע ן, אַרויסברייגגען דורך צויבער.

כְּשׁוּ'רָה, אָ. אין אָרדענונג, ווי געהעריג.

כְּ'שֵׁם, אָ. ווי, אַזוי ווי.

**כּ'שְׁמוֹ־כֵּן־הוּא**, (ביבליש). אזוי ווי זיין נאָמען אזוי איז ער אליין.

**כָּ'שֵׁר**, הט. (מ. כְּשֵׁ'רִים; וו. כְּשֵׁרָה, מ. כְּשֵׁ'רוֹת). ערלויבט, צובאַרייט אָדער געמאַכט נאָך די אידישע רעליגיאָנס־געזעצן; פרום, ריין, אונשולדיג, עהרליך; נאַאיוו, אונערפאַהרען. כ ש ר פלייש, פלייש וואָס אַ איד מעג עסען. אַ כ ש ר'ע מקוה, אַ מקוה וואָס איז געמאַכט לויט די רעליגיעזע פאָרשריפטען. אַ כ ש ר'ע ר איד, אַ פרומער עהרליכער איד. אַ כ ש ר'ע ר מסחור, אַ געזעצליכעס געשעפט. אַ כ ש ר'ע נשמה, אַן עהרליכע אונשולדיגע פערזאָן. אַ כ ש ר קיהעלע, אַ נאַאיווע נאַרישע פערזאָן. אַ כ ש ר קינד, אַ געזעצליך־געבאָרענעס קינד. אַ כ ש ר'ע מציאה, אַ זעהר ביליגער איינקויף. כ ש ר פאַרדיענען, עהרליך פאַרדיענען. "בעסער אַ כ ש ר'ע ר גראָשען איידער אַ טרף קערבעל" (שפּוו.). "ער איז טרף אָבער זיין געלט איז כ ש ר" (ווער.).

**כָּ'שֵׁר־וְיָ'שָׁר**, א. ריכטיג און ווי עס געהער צו זיין.

**כָּ'שֵׁר־טַאנץ**, הט. (מ. כָּ'שֵׁר־טענץ). אַ געוויסער אַלט־מאָדישער אידישער טאַנץ וועלכען מע טאַנצט אַרום דער כלה אין דעם אבענד פון דער חתונה.

**כּ'שֵׁר־שטיין**, הט. (מ. כּ'שֵׁר־שטיינער). אַ שטיין וועלכען מע ברענט אָן און מע לעגט אַריין אין אַ וואַסער־געפעס צוזאַמען מיט מעטאַל־געשיר אום זיי צו ריינִיגען אויף פסח.

**כַּשְׁ'רוּת**, הוו. די אידישע שפּייז־געזעצען; דאָס זיין געזעצליך (אין רעליגיעזען זינן).

**כּ'שֶׁר'ען**, צ.א. צובאַרייטען לויט די אידישע רעליגיעזע געזעצען, אַזוי ווי: כ ש ר'ן פלייש — דורך דעם וואָס מע זאַלצט עס, כ ש ר'ע ן נייע געשיר אויף פסח — דורך דעם וואָס מע שווענקט זיי אין וואַסער, כ ש ר'ע ן דעם אויווען אויף פסח — דורך דעם וואָס מע הייצט איהם אָן זעהר שטאַרק, א. א. וו.; ערקלערען אַלס ערלויבט לויט די אידישע געזעצען.

**כָּ'שֵׁרִיקייט**, הוו. געזעצליכקייט (אין רעליגיעזען זינן).

**כּש"ת**, אב. כְּבוֹד שֵׁם תִּפְאַרְ'תּוֹ (ווז.).

**כַּת**, הוו. (מ. כִּ'תּוֹת). סעקטע; באַנדע.

**כַּת־לֵיצָ'נִים**, הט. מ. "באַנדע פון אָפּלאַכערס", אָפּלאַכערס, שטיפערס, שפּאַסמאַכערס; ניט־גוטע, טייוואָלים.

**כְּתָב [כְּתַב]**, הט. (מ. כְּתָ'בִים). שריפט, מאַנוסקריפּט; אַ דאָקומענט, אַ צייגניס, אַ קאָנטראַקט (וואָס די געמיינדע מאַכט מיט אַ רב אויף אַ געוויסען טערמין); האַנדשריפט.

**כְּתַב־יָד [יַד]**, הט. (מ. כְּתָ'בֵי־יַד, כְּתַב־יַ'דיען). מאַנוסקריפט, אַ געשריבענעס ווערק.

**כּתָ׳בָא־רַ׳בָּא**, הס. אַ גרויסער שרייַבער, איינער וואָס האָט אַ שענע האַנדשריפט אָדער שרייבט אַ שענע שפראַך.

**כּתָ׳בות**, הוו. שפּאַס, שפּאַס־מאַכעריי. אין כתבות, אין שפּאַס. "מיט דעם מלאך־המות מאַכט מען ניט קיין כתבות" (שפּוו.). זעה קאַטאָוועס.

**כּתָ׳בָן**, הס. (מ. כַּתְבָ׳נִים). אַ שרייבער.

**כּתָ׳ב׳ען, כּתָ׳ב׳ענען**, צא. (וויאולגאַר): שרייבען.

**כּ׳תָּה**, הוו. (מ. כּ׳תּ׳וֹת). סעקטע; אַ גרופּע קינדער (אין אַ שולע), אַ קלאַס; אַ הויפען (פון ענגלען).

**כּ׳תוב־וְחָ׳תום**, א. געשריבען און אונטערגעצייכענט, פעסט באַשלאָסען.

**כּתו׳בָּה**, הוו. (מ. כְּתו׳בּוֹת). הייַראַטה־קאָנטראַקט אין וועלכען די געגענזייטיגע פאַרפליכטונגען פון מאַן און פרוי ווערען אויסגערעכענט; דאָס געלט וואָס דער מאַן פאַרפליכטעט זיך צו געבען דער פרוי ווען ער וועט זיך מיט איהר שיידען אָדער איהר איבערצולאָזען נאָך זיין טויט. "אַז דער זוהן האָט חתונה גיט ער דער ווייב אַ כתובה און דער מאַמען אַ גט" (שפּוו.).

**כּתו׳בִים**, מ. "די שריפטען" (מיט דעם נאָמען ווערען באַצייכענט די פאָלגענדע ביכער פון דער ביבעל: תהלים, משלי, איוב, שיר־השירים, רות, איכה, קהלת, אסתר, דניאל, עזרא, נחמיה, דברי־הימים).

**כְּתו׳בִים־אַחֲרו׳נִים**, מ. "די לעצטע שריפטען" (מיט דעם נאָמען ווערען באַצייכענט געוויסע אידישע ביכער וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען אין ביבלישע צייטען און ווערען אַנערקענט אַלס אויטאָריטעטען אָבער זיינען ניט אַזוי הייליג ווי די ביכער פון דער ביבעל, אַזוי ווי "בן־סירא", וו.ז.).

**כְּתִיב**, "שרייב", אַ צייכען־וואָרט וואָס צייגט אָן ווי אַ טעקסט אין דער ביבעל זאָל געשריבען ווערען (אַנדערס ווי עס ווערט געלעזען). זעה קְרִי.

**כְּתִי׳בָה**, הוו. אַ געשריפט; אַ פאַרשרייבונג.

**כְּתִי׳בָה וַחֲתִי׳מָה טו׳בָה**, הוו. אַ פאַרשרייבונג און אַ פאַרזיגעלונג (אין דעם הימלישען בוך פון לעבען) צום גוטען, וואונש־ווערטער וועלכע מע זאָגט איינער דעם אַנדערען אום ראש־השנה (עס ווערט געגלויבט אַז אין דעם בוך פון לעבען ווערט דער שיקזאַל פון יעדען מענשען פאַר דאָס גאַנצע יאָהר פאַרשריבען אום ראש־השנה פאַרזיגעלט אום יום־כפור און דאַן אונווידערופליך באַשטעטיגט אום הושענא־רבה).

**כְּתִי׳ב׳עט**, א. געשריעבען אין דער פיער־עקיגער העברעאישער שריפט וועלכע ווערט געברויכט אין ספרי־תורות, מזוזות א. ד. ג. כתיב׳עטע אותיות, פיער־עקיגע העברעאישע בוכשטאַבען.

כּ'תֶר, הס. אַ קרוין (פון זילבער אָדער גאָלד וועלכע מע טהוט אָן אויף אַ ספר־תורה); דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון אַ געוויסען געבעט וואָס די חסידים זאָגען אנשטאט דאָס געבעט וואָס הויבט זיך אָן מיט "נעריצך" וועלכעס ווערט געזאָגט ביי די מתנגדים. "כתר האָט ער פאַרגעסען און נעריצך האָט ער ניט אויסגעלערנט" (שפּוו.).

---

# ל.

ל, הס. דער צוועלפטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; אין צעהלען גערעכענט אַלס 30. זעה לַ'מֶד.

ל־ (צוגעשטעלט אין אָנהויב פון אַ וואָרט) — צו, פאַר, אויף, צוליעב, לויט, נאָך. לחיים, צום לעבען. לחצאין, אויף העלפט. לטובת־, צו גונסטען פון —. לכל־הדעות, נאָך אַלע מיינונגען.

לאָ, אַו. ניט, ניין. "לא מיט אַ'ן אלף" (ווער. — דער אויסדרוק שטאַמט פון דעם וואָס אין העברעאיש איז דאָ נאָך אַ וואָרט לוֹ (מיט אַ "ו" צום ענד) — צו איהם, וועלכעס ווערט אויסגעשפּראָכען אַזוי ווי לאָ — ניין). "לא מיט אַ ספּאָדעק" (פּאַראָדיע).

לאָ־דַי, אַו. ניט גענוג וואָס, ניט בלויז, ניט נאָר.

לאָ־זוֹ'כֶה, (וואולגאַר). ניט דערלעבען ווערסטו (זועט ער, זי, א. א. וו.) עס, געברויכט אין דעם ווערטעל: "מאַכט רש"י לא־זוכה".

לאָ־יוּצְ'לַח*, הס. (ביבליש. אייגענטליך: לאֹ־יִצְלַח). אַ טויגעניכטס.

לאָ־יוּצְ'לַח, לאָ־יוּצְ'לַחידיג, א. ניט טויגליך, נוצלאָז.

לאָ־יֶחֱ'רַץ, הס. (ביבליש). "עס זאָל ניט שאַרפען (זיין צונג קיין הונד)", געלט וואָס מע גיט אימיצען פאַר שווייגען.

לאָ־יֶחֱ'רַץ־געלט, הז. געלט וואָס מע גיט אימיצען פאַר שווייזען.

לאָ־יִמָ'לֵט, או. ניט פּאַסירען זאָל עס, גאָט באַהיט אויב עס וועט טרעפען.

לאָ־עֲלֵי'כֶם, או. (ביבליש: לאֹ־אֲלֵיכֶם). ניט אויף אייך געדאַכט.

לאָ־עֲלֵי'כֶםידיג, א. קראַנק, ניט מיט אַלעמען.

לאָ־עָלֵי'נוּ, או. ניט אויף אונז געדאַכט.

לאֹ־פָּדָלְ'תִּי, (וואולגאר). האָב איך ניט געפּידעלט!, אז ניט איז אויך רעכט! (דאָס אידישע וואָרט "פּידלען" ווערט דאָ באהאנדעלט ווי א העברעאישעס צייט־וואָרט פאראָדירענדיג דאָס העברעאיש וואָרט לאֹ־פִּלָּלְתִּי, בראשית מ"ח).

לאֹ־תִגְ'נֹב, (ביבליש). זאָלסט ניט נעהמען פרעמדעס אייגענטהום אָהן דעם אייגענטהומער'ס וויסען. דאָס זיבענטע פון די צעהן געבאָטען.

לאֹ־תַחְ'מֹד, (ביבליש). זאָלסט ניט באגעהרען פרעמדעס אייגענטהום, דאָס ניינטע פון די צעהן געבאָ־טען.

לאֹ־תִנְ'אָף, (ביבליש). זאָלסט ניט בוהלען (געשלעכטליך פארקעהרען מיט א פרעמדער פרוי), דאָס זעקסטע פון די צעהן געבאָטען.

לאֹ־תַעֲ'שֶׂה, המ. (מ. לאֹ'־תַעֲשֶׂה'ס), (תלמודיש). "זאָלסט ניט טהאָן", א פאַרווער, א פאַרבאָט (די אידישע געזעצען טהיילען זיך אין געבאָטען "צו טהאָן" (עשה, ווז.) און פאַרבאָ־טען "ניט צו טהאָן").

לאֹ־תִרְ'צָח, (ביבליש). זאָלסט ניט מאָרדען, דאָס פינפטע פון די צעהן געבאָטען.

לְאֹ'בֵד, או. פארלאָרען, פאר־שווענדעט, אין ניוועץ.

לֵ'אָה, אנוו. איינע פון די איר־מו־טערס פון דעם אידישען פאָלק די פרוי פון יעקב.

לַאֲהוּ'בִי, צו מיין גוטען פריינד (א וואָרט וואָס מע שרייבט אין אָנ־הויב פון א בריעף צו א באקאנ־טען).

לַאֲהוּ'בִי־בריעף, המ. (מ. לַאֲהוּ'בִי־בריעף). א פריינדשאפט־בריעף.

לַ'או, המ. (מ. לַאוִ'ין), (תלמודיש). א פאַרבאָט, א לא־תעשה (ווז.).

לַאו דְבוּ'רִים, אר. (וואולגאר). ניט גערעדט! שאַ!

לַאו־דַוְ'קָא, או. (תלמודיש). ניט גראָד אזוי, ניט אקוראט אזוי, ניט אזוי.

לְאוּ'מִי, המ. (מ. לְאוּ'מִיִים). אי־דישער נאציאָנאַליסט.

לַאֲחָ'דִים, או. איינצעל־ווייס, אין איינצעל־פארקויף, אויפ'ן העקער.

לְאַחַר־הַמַעֲ'שֶׂה, או. נאָך דער פאסירונג, נאָך אַלעמען.

לְאַחַר־יִי'אוּשׁ, או. (תלמודיש). נאָך דעם ווי מע האָט שוין אויפ־געגעבען יעדע האָפנונג.

לְאַחַר מֵ'אָה שָׁ'נִים, או. "נאָך הונ־דערט יאָהר", נאָכ'ן טויט.

לאַטחען, לאַטחענען, צא. (וואול־גאר). וואהרשיינליך פארגרייזט פון לַקְ'חִיען (ווז.).

לְאִי'בּוּד, או. זעה לְאִ'בּוּד.

לַאֲלָ'פִים וְלִרְבָ'בוֹת, או. (ביבליש). אין די טויזענדען און אין די צעהנדליג־טויזענדען, אין גרויסע מאסען.

לַאֲלְ'תַר, או. אין גיכען.

לֵאמֹ'ר, או. (ביבליש). אזוי צו זאָגען, נעמליך, ווי פאָלגט. גע־וועהנליך זאָגט מען אין שפּאס אי

דאָס העברעאישע וואָרט אי די אידישע איבערזעצונג: „לאמר אזוי צו זאָגען".

לֵא׳מריען, צא. (וואולגאר). זאָגען, אויסזאָגען.

לַאֲפוּ׳קֵי, או. (תלמודיש). אָבער, דאָך, אים געגענטהייל.

לֵב [לֶב], הם. (מ. לְבָ׳בוֹת). הערץ, מוטה, כאראקטער. מע דארף האָבען לבבות דאָס צו טהאָן, מע דארף האָבען א הארטען כאַראַקטער אָדער פרעכהייט דאָס צו טהאָן.

לֵב־טוֹ׳ב [לֶב־טָב], הם. (ביבליש). א גוט־הערץ; א גוטהערציגער מענש.

לְבַד־, ב. אויסער.

לְבַד־זֶ׳ה, או. אויסער דעם.

לְבוּשׁ, הם. (מ. לְבוּ׳שִׁים). קלייד, באקליידונג, פארקליידונג.

לָ׳בָן (הָאֲרַ׳מִי), אנם. לבן (דער אראמעער), דער נאָמען פון דעם שוויגער־פאָטער פון יעקב וועלכער האָט דעם לעצטערען מעהרערע מאָל אָפּגענאַרט, ווי די ביבעל דערצעהלט; א באַטריגער.

לְבָ׳נָה, הוו. (מ. לְבָ׳נוֹת). מאָנד. האלבע לבנות, די איינשלוס־צייכענס „( )".

לְבָ׳נוֹן, אנם. דער נאָמען פון א געוויסען וואלדיגען בארג אין פאַלעסטינא זעהר אָפט דערמאָנט אין דער ביבעל.

לַ״ג־בָּעוֹ׳מֶר, הם. דער דריי־און־דרייסיגסטער פון די טעג פון ספירה וועלכער איז א האלבער פייער־טאָג און אין וועלכען אלע טרויער־געזעצען וועלכע ווערען אָפּגעהיט אין די טעג פון ספירה (אזוי ווי: ניט שערען זיך, ניט מאַכען קיין האָכצייט א. א. וו.) ווערען אונטערבראָכען.

לְגַ׳בֵּי־, פּ. (תלמודיש). נעבען, ביי; לויט, נאָך.

לְגָלוּתֵ׳נוּ, או. זינט אונזער פאַר־טריבען ווערען (פון פאַלעסטינא). א׳ תת״ם לגלותנו, 1840 יאָהר זינט אידען זיינען פארטרי־בען געוואָרען (פון פאַלעסטינא) אָדער 1910 לויט דער כריסטלי־כער צייטרעכנונג.

לְגַמְ׳רֵי, או. (תלמודיש). אין גאַנ־צען, גענצליך. לגמרי ניט, אין גאַנצען ניט, איבערהויפּט ניט.

לְהַ׳בָּא, או. (תלמודיש). אין דער צוקונפט.

לְהַ׳בָאִ׳דיג, א. צוקינפטיג.

לְהַבְ׳דִיל, או. צו אונטערשיידען, אונטערשיידענדיג (אַ׳ן אויסדרוק געברויכט ווען מע דערמאָנט צו־זאַמען א הויכע און א נידריגע, א הייליגע און א שמוציגע זאַך א. א. וו.).

לְהַבְ׳דִיל אֶ׳לֶף הַבְדָ׳לוֹת, צו אונ־טערשיידען מיט טויזענד אונטער־שיידונגען (א פארשטארקערונג פון דעם אויסדרוק לְהַבְ׳דִיל, ווו.).

לְהַבְ'דִיל בֵּין טוּמְ'אָה לְטָהֳרָה [לְ'טַהֳ'רָה] , אונטערשיידענדיג צווישען אונריינקייט און ריינקייט. זעה לְהַבְ'דִיל.

לָ'הוּט, א. צופלאַמט, פאַרקאָכט. זיין להוט נאָך געלט, זיך יאָגען נאָך געלט.

לְהַכְ'עִיס, או. צו ערגערען, צום טראָטץ.

לְהַכְ'עִיס'ניצע, הוו. (מ. לְהַכְ'עִיס־ניצעס). איינע וואָס טהוט זאַכען צו ערגערן אַנדערע.

לְהַכְ'עִיס'ניק, הם. (מ. לְהַכְ'עִיס־ניקעס). איינער וואָס טהוט זאַכען צו ערגערן אַנדערע.

לְהֵפֶךְ [לְ'הֵ'פֶךְ], או. פאַרקעהרט, אים געגענטהייל.

לה"ק, אב. לְשׁוֹן־הַקּוֹ'דֶשׁ (ווז.).

לַהֲ'רוֹג־וּלְ'אַבֵּד, א. (ביבליש). צו טויטען און צו פאַרטיליגען. ער איז אויף איהם להרוג־ולאבד, ער איז זעהר שטאַרק אויפגעבראַכט אויף איהם.

לְהִשְׁתַּקֵּ'עַ, או. (ליטורגיש). זיך אויפצוהאַלטען, מיט דער אַבזיכט צו פאַרבלייבען.

ל"ו, מ. זעה לַ'מֶד־וָאו.

לֹוֶה, לוֹ'וֶה, הם. (מ. לוֹ'וִים). איינער וועלכער באָרגט (געלט), אַ שולדנער.

לְוָ'יָה, הוו. (מ. לְוָ'יוֹת). זעה לְוָיָה.

לוּ'חַ, הם. (מ. לוּ'חוֹת). קאַלענדאַר. "דער לוח טרעפט אויך אַ מאָל" (שפוו.). "אז מע זאָל וואַרטען אויף דעם לוח'ס פאָגאָדע וואָלט מען קיין מאָל קיין ברויט ניט געהאַט" (שפוו.).

לוּ'חַ־הַמַּפְתְּ'חוֹת, הם. אינהאַלט־פאַרצייכנים.

לוּ'חוֹת, הם. מ. די צוויי טאָוולען אויף וועלכע עס זיינען געוועזען אויסגעקריצט די צעהן געבאָטען און וועלכע גאָט האָט געגעבען משה־רבנו'ן אויפ'ן באַרג סיני, ווי די ביבעל דערצעהלט.

לוּ'חוֹת־הַבְּ'רִית', הם. מ. (ביבליש). די טאָוולען פון דעם בונד (צווישען גאָט און דעם אידישען פאָלק). זעה לוּ'חוֹת.

לוֹט [לָט], אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען מאַן פון וועלכען די ביבעל דערצעהלט אַז זיינע טעכטער האָבען איהם אָנגעטרונקען מיט וויין. "שכור ווי לוט" (ווער.).

לֵוִי, אנמ. דער נאָמען פון איינעם פון יעקב'ס צוועלף זיהן; דער שטאַם וואָס קומט אַרויס פון לוי'ן און די מיטגליעדער פון וועלכען האָבען (פאַרצייטען ביי אידען) ערפילט געוויסע פריסטער־פליכטען און געהאַט געוויסע פריסטער־רעכטען; אַ מיטגליעד פון דעם שטאַם לוי (נאָך איצטער האָבען די וואָס שטאַמען פון דעם דאָזיגען שטאַם געוויסע פליכטען און פריווילעגיען צווישען דעם אידישען פאָלק. זיי זיינען די וועלכע וואַשען אָפּ די הענד פון די כהנים פאַר'ן דוכנ'ען, זיי ווערען אויפגערופען צום לייענען אין שוהל

גלייך נאָך דעם ווי מע רופט אויף דעם כהן און איידער מע רופט אויף אַ ישראל, א. א. וו.), (מ. לְוִיִים). געבען לוי, אויפרופען צום לייענען אַלס אַ לוי.

לְוָיָה [לְוַיָה], הוו. (מ. לְוָיוֹת [לְוַיוֹת]). די באַגלייטונג פון דעם טויטען צו דעם פּלאַטץ וואו ער ווערט באַערדיגט, לייכענ־פּראָצעסיאָן.

לִוְיָתָן, הס. דער גרויסער פיש וועלכער רינגעלט אַרום, לויט דער לעגענדע, די גאַנצע וועלט און איז אָנגעברייט אַלס אַ שפּייז פאַר די פרומע אין דער צוקונפט.

לוּלָב, הס. (מ. לוּלָבִים [לוּלָבִים]). אַ פּאַלם־צווייג געברויכט אום סוכות פאַר רעליגיעזע צוועקען. שאָקלען לולב, מאַכען די פאָרגעשריבענע מיסטישע באַוועגונגען מיט'ן לולב. בענשען לולב, זאָגען אַ געוויסען זעגענשפּרוך האַלטענדיג אין איין האַנד דעם לולב און אין דער אַנדערער דעם אתרוג. אויסזעהן ווי אַ לולב, זיין הויך און מאָגער.

לוֹמְדוּת [לָמְדוּת], הוו. (תלמודישע) געלעהרזאַמקייט.

לוֹמְדֵי־תוֹרָה [לָמְדֵי־תוֹרָה], הס. מ. די וועלכע גיבען זיך אָפּ מיט דעם שטודיום פון תלמוד און ראַבינישער ליטעראַטור.

לוֹמְדִים [לָמְדִים], הס. מ. געלעהרטע (אין דער ראַבינישער ליטעראַטור).

לוֹמְדִיש [לָמְדִיש], א. געלעהרט, שאַרפזיניג.

ל"וֹיניק, הס. (מ. ל"וֹיניקעס). זעה לַמֶד־וָאָו־ניק.

לוֹעֵג־לָרָשׁ, הס. (ביבליש). איינער וועלכער מאַכט שפּאַס פון אָדער רייצט זיך מיט אַ'ן אָרעמאַן.

לְזֵכֶר־עוֹלָם, צום אייביגען אַנדענקען (געוועהנליכע אָנהויב־ווערטער פון אַ'ן אויפשריפט אויף אַ גראָב־שטיין).

לְחוּמְרָא, או. (תלמודיש). "צו דער שטרענגער זייט", אונגינסטיג. פסק'ען לחומרא, ענטשיידען (אַ רעליגיעזע פראַגע) אויף אַ שטרענגער אַרט. זעה לְקוּלָא.

לֵיחוּת, הוו. "פייכטקייט", שלוים.

לְחַיִים, אר. צום לעבען! צו געזונדהייט! (אַ טרונק־שפּרוך). טרינקען לחיים, טרינקען פאַר (אימיצענס) געזונדהייט. מאַכען לחיים, מאַכען אַ שנאַפּס.

לְחָיַיִם, מ. באַקען. אַריינפאָהרען אין די לחיים, געבען פעטש.

לְחַיִים (טוֹבִים) וּלְשָׁלוֹם, אר. (ליטורגיש). צום (גוטען) לעבען און צו פריעדען! (אַ געגענוואונש צו דעם וואָס זאָגט "לחיים"); או. געזונדערהייד. געהט אייך לחיים ולשלום, געהט אייך געזונדערהייד, געהט אייך אין גאָט'ס נאָמען.

לְחַיִים וְלִשְׁנָאָבְּעל, או. פּאַראָדיע אויף "לחיים ולשלום" (ווז.).

לַחְלוּ׳חִית, הוו. (תלמודיש). „א פייכטקייט", א שפריץ, א שפור. ער האָט ניט אין זיך קיין ל ח ל ו ח י ת אידישקייט, ער האָט ניט אין זיך קיין שפריץ אידישקייט.

לַחֲלוּ׳טִין, אָו. אין גאַנצען, גענצליך, אַבסאָלוט.

לֶ׳חֶם, הם. ברויט.

לֶ׳חֶם לֶאֱ׳כוֹל וּבֶ׳גֶד לִלְ׳בּוֹשׁ, (ביבליש). ברויט צום עסען און א קלייד אָנצוטהאָן.

לֶ׳חֶם־מִשְׁ׳נֶה, מ. (ביבליש). די צוויי לאַבענס ברויט וועלכע עס איז איינגעפיהרט צו לעגען צום טיש שבת און פייערטעג.

לֶ׳חֶם־עֹ׳נִי, הם. (ביבליש). דאָס ברויט פון אָרעמקייט, מצות.

לֶ׳חֶם־עֲנִ׳יִּים, הם. ברויט פאַר אָרעמע.

לַחְ׳מָא, הם. זעה לֶ׳חֶם.

לַחֲצָ׳אִין, אָו. (תלמודיש). אויף העלפט, איבער העלפט.

לַ׳חַשׁ, הם. (מ. לְחָ׳שִׁים). א שפרוך וועלכען מע זאָגט אויף א וואונד אָדער קראַנקהייט אום זיי צו היילען.

לְטוֹ׳בָה, אָו. צום גוטען.

לְטוֹ׳בַת־, אָו. צו גונסטען פון —.

לְטוֹ׳בַת־הַכְּלָל [הַבְּלַ׳ל], אָו. פאַר די נוצען פון דער געמיינדע, פאָלק, מענשהייט א. א. וו.

לַיְּהוּ׳דִים, אָו. (ביבליש). „פאַר די אידען", פרעהליך, לוסטיג (דער פולער טעקסט אין דעם בוך „אסתר" פון וועלכען דאָס וואָרט איז גענומען איז: לַיְּהוּדִים הָיְתָה אוֹרָה וְשִׂמְחָה וְשָׂשׂן וִיקָר, און פאַר די אידען איז געווען א ליכטיגקייט און א פרייד און א לוסטיגקייט און א'ן עהרע). עס טהוט זיך דאָרטען ל י ה ו ד י ם, עס איז דאָרטען זעהר פרעהליך.

לִיוְיָ׳תָן, הם. זעה לִוְיָ׳תָן.

לֵי׳חוּת, הוו. זעה לֵ׳חוּת.

לֵיל־שִׁמּוּ׳רִים, הם. (ביבליש). די נאַכט פון אָפּהיטונג (אַזוי ווערט גערופען די ערשטע נאַכט פון פסח, ווייל אין יענער נאַכט האָט גאָט באַהיט די אידען פון די עגיפטער צו דער צייט ווען זיי האָבען זיך אָנגעגרייט צו פאַרלאָזען מצרים).

לִי׳לִית, הוו. די קעניגין פון די טייוואָלים; א שלעכטע בייזע פרוי.

לִי׳מוּד, הם. (מ. לִימוּ׳דִים). זעה לִ׳מוּד.

לֵיצָ׳נוּת, הוו. שפּאַס, שפּאַס־מאַכעריי.

לֵיצָ׳נוּתִ׳דיג, א. שפּאַסהאַפט, סאַטיריש, הומאָריסטיש.

לֵיצָ׳נֵי־הַדּוֹ׳ר [הַדָּר׳], הם. מ. (תלמודיש). די שפּאַס־מאַכערס פון דער צייט, די אָפּלאַכערס.

לִי׳קוּי־, הם. זעה לִ׳קוּי־.

לֵית [לֶת] בְּרֵי׳רָה, (תלמודיש). עס איז ניטא קיין אויסוואהל, מע קען זיך אַנדערש ניט העלפען.

לְיֶ'תֶר־בְּטָ'חוֹן, או. פון מעהר זי־
כערהייט וועגען, אויף יעדען
פאַל.

לְיֶ'תֶר־חִ'זוּק, או. צוליעב מעהר
פאַרשטאַרקערונג, אום די זאַך
צו באַפעסטיגען.

לֶךְ־לְךָ, הוו. "געה דיך", דער נאָ־
מען פון דער דריטער סדרה (ווז.).
"לך־לך איז בעסער ווי שלח־
לך" (שפוו. — ד. ה. עס איז
בעסער אליין צו געהן איידער
אָוועקגעשיקט צו ווערען).

לִכְבוֹד', צו דער ווירדע פון (אַ טי־
טול־וואָרט געשריבען פאַר דעם
נאָמען פון דער פערזאָן וועלכע
מע אדרעסירט). לכבוד
הרבני —, צו דעם ווירדיגען
געלעהרטען —.

לְכָבוֹד [לְכָ'בוֹד], או. צו עהרע, צו
עהרע פון. מאַכען לכבוד אי־
מיצען אַ מאָהלצייט, מאַכען אַ
מאָהלצייט צו אימיצענס עהרע.
איהם לכבוד, איהם צו עהרע.

לְכָה־דוֹ'דִי, המ. (ליטורגיש). "קום
געליבטער", די ערשטע ווערטער
און דער נאָמען פון אַ געזאַנג־גע־
בעט מיט וועלכען מע באַגריסט
פרייטאג־צו־נאַכט דאָס אָנקומען
פון שבת.

לְכוּ־נְרַנְּ'נָה, המ. (ליטורגיש).
"קומט לאָמיר זינגען", די ערשטע
ווערטער און דער נאָמען פון אַ
קאַפּיטעל תהלים וועלכען מע
זינגט פרייטאָג־צו־נאַכט.

לְכָל־הַדֵ'יעוֹת, או. נאָך אַלע מיי־
נונגען, נאָך אַלעמענ'ס געשמאַק.

לְכָל־הַפָּ'חוֹת, או. אַם ווענינגסטען,
צום ווענינגסטען.

לְכָל־הַפָּ'נִים, או. זעה עַל־כָּל־
פָּ'נִים.

לָ'כֵן, או. דאַריבער, דערפאַר, צו־
ליעב דעם, אַלזאָ.

לְכַתְּחִ'לָּה, או. (תלמודיש). פון
אָנפאַנג, אין אָנהויב, אין פלוג,
אורשפרינגליך, אייגענטליך.

לְלַ'עַג־וָלֶקֶ'לֶס, או. (ביבליש). צו
שפּאָט און צו שאַנד.

לְמַאי, או. צו וואָס? ווארום?

לַ'מֶד, המ. (מ. לַ'מֶד'ען). דער
נאָמען פון דעם צוועלפטען בוכ־
שטאַב (ל) פון דעם אידישען
אלף־בית.

לַ'מֶד־וָ'אָו, המ. מ. "די זעקס און
דרייסיג" צדיקים וועלכע געפינען
זיך שטענדיג אויף דער וועלט
און לעבען אַזוי פאַרשטעלט אַז
קיינער ווייס פון זיי ניט; איינער
פון די זעקס־און־דרייסיג; אַ זעהר
פרומער באַשיידענער מאַן.

לַ'מֶד־וָאו'ניצע, הוו. (מ. לַ'מֶד־
וָאו'ניצעס). אַ זעהר פרומע באַ־
שיידענע פרוי.

לַ'מֶד־וָאו'ניק, המ. (מ. לַ'מֶד־וָאו'־
ניקעס). איינער פון די זעקס
און דרייסיג פאַרבאָרגענע פרומע
לייט (זעה לַ'מֶד־וָ'או); אַ זעהר
פרומער באַשיידענער מאַן.

לַמְ'דָן, המ. (מ. לַמְדָ'נִים). אַ גע־
לעהרטער (אין תלמוד אָדער

ראבינישער ליטעראַטור).

**לַמְדָ׳נוּת**, חוו. זעה לוֹמְדוּת.

**לִ׳מוּד**, המ. (מ. לִמוּ׳דִים). אַ זאַך וועלכע מע לערנט, אַ לעהר־געגענשטאַנד, אַ שטודיום.

**לִמוּ׳דִיּוֹת**, הוו. מ. וויסענשאַפטען, קענטעניסען.

**לְמַ׳זָּל**, או. מיט גליק, אין אַ גוטער שטונדע.

**לֶ׳מֶךְ**, אנמ. דער נאָמען פון אַ מאַן פון וועלכען די ביבעל דערצעהלט אז ער האָט געהאַט פיעל ווייבער; המ. אַ מענש מיט אַ שוואַכען כאַראַקטער, איינער וואָס לאָזט זיך פיהרען פאַר דער נאָז.

**למע״ה**, אב. לְמַ׳עַן־הַ׳שֵּׁם׳ (ווז.).

**לְמַעְ׳לָה־מִן־הַטֶּ׳בַע**, או. איבער דער נאַטור, איבערנאַטירליך.

**לְמַ׳עַן־הַשֵּׁם** [הַשֶּׁם׳], או. אום גאָט׳ס ווילען, ווי גאָט אין דיר (אייך א. א. וו.) ליעב, אונבאַדינגט. זעה הַשֵּׁם.

**לְמָ׳שָׁל**, או. צום ביישפיעל.

**לְמָ׳שָׁל וְלִשְׁנִי׳נָה**, או. (ביבליש). צו שפאָט און צו שאַנד.

**לְסוֹף** [לְסָף], או. צום ענד, ענדליך.

**לְסוֹף** [לְסָף]־יָ׳מָיו, או. „צום ענד פון זיינע טעג“, אויף דער עלטער.

**לְעוֹ׳לָם־וָ׳עֶד**, או. (ביבליש). אויף אויביג, אויף אימער.

**לְעוֹ׳לָם־תִּ׳קַּח**, שטענדיג זאָלסטו נעהמען. „לעולם נעהם, תקח בעט ווייטער“ (שפוו.).

**לַעֲזָא׳זֵל**, או. (ביבליש). „צו דעם פעלז עזאזל“ (פון וועלכען מע פלעגט אַרונטערשליידערן דעם וינדע־באָק אום יום־כפור אַלס אַ פאַרגעבונג פאַר די זינד פון דעם פאָלק), צו אַלדע שוואַרצע יאָהרען, צום טייוועל.

**לְעֵי׳לָא־וּלְעֵי׳לָא**, או. (ליטורגיש). זעהר געהויבען, אויסגעצייכענט.

**לע״ע**, אב. לְעֵת־עַ׳תָּה (ווז.).

**לְעֶ׳רֶךְ**, או. פערהעלטניסמעסיג, פראָפאָרציאָנעל; אונגעפעהר.

**לְעֵת־עַ׳תָּה**, או. פאָרלויפיג, דערווײַלע.

**לֶעָ׳תִיד־לָ׳בוֹא**, או. (תלמודיש). אין דער צוקונפט (ווען דער דערלייזער פון דעם אידישען פאָלק וועט קומען).

**לפ״ג**, אב. לִפְרָט־גָ׳דוֹל (ווז.).

**לְפִי־**, פ. לויט.

**לְפִי־שָׁ׳עָה**, או. אויף דער ווײַלע, פאָרלויפיג.

**לְפִיכָךְ** [לְפִי׳כָךְ], או. דאַריבער, דארום.

**לִפְנַי־וְלִפְנִים׳**, (תלמודיש). אין סאַמע אינוועניגסטען (פון דעם בית־המקדש).

**לְפָנִים** [לְפָ׳נִים], או. פאַר׳ן קוק, צום שיין, אויסערליך. ער טהוט עס בלויז לפנים, ער טהוט עס בלויז פון לייטענ׳ס וועגען.

**לִפְנִים׳־מִשּׁוּ׳רַת־הַדִּין׳**, או. (תלמודיש). מעהר ווי די גערעכטיגקייט פאַרלאַנגט, גרויסמוטהיג.

**לפ"ק**, אב. לִפְרָט־קָ׳טָן (ווז.).

**לִפְרָט** [לִפְּרַט׳] **גָ׳דוֹל**, או. לויט דער גרויסער צייט־רעכענונג. זעה לִפְרָט־קָ׳טָן.

**לִפְרָט** [לִפְּרַט׳] **קָ׳טָן**, או. לויט דער קליינער צייט־רעכענונג (אין שרייבען דאָס דאַטום נאָך דער אידישער צייט־רעכענונג [זינט דער וועלט־באַשאַפונג] ווערען געוועהנליך די טויזענדער אויסגעלאָזען, אַזוי ווי: תרע"א — 671 אנשטאט ה'תרע"א — 5671. די פאַרקירצטע ארט פון שרייבען די יאָהר־צאָהלען הייסט לפרט קטן, די פולע, ניט פאַרקירצטע ארט — לפרט גדול).

**לֵץ** [לֶץ], המ. (מ. לֵ׳צִים). 1) שפּאַסמאַכער, אָפּלאַכער; 2) טייוועל, ניט־גוטער.

**לִצוֹ׳רֶךְ־**, או. צו נוצען פון, אין די אינטערעסען פון.

**לֵ׳צ׳עווען, לֶ׳צ׳ען**, צש. שפּאָטען, שפּאַסען, אָפּלאַכען.

**לִ׳קוּי־חַ׳מָה**, המ. פאַרדונקעלונג פון דער זונן.

**לִ׳קוּי־לְבָ׳נָה**, המ. פאַרדונקעלונג פון דעם מאָנד.

**לְקוּ׳לָא**, או. (תלמודיש). מיט לייכטקייט, ניט שטרענג, גינסטיג. פסק'ען לקולא, ענטשיידען (א צווייפעלהאַפטע רעליגיעזע פראַגע) אויף א גרינגער ארט. זעה לְחוּמְ׳רָא.

**לְקָ׳ח׳ען, לְקָ׳ח׳ענען**, צא. (וואולגער). נעהמען; צונעהמען (עפעס אָהן דעם אייגענטהימער'ס וויסען)

**לֶ׳קֶט**, המ. די זאַנגען וועלכע בלייבען איבער אויפ'ן פעלד נאָך דעם שניט און וועלכע געהערען לויט דעם אידישען געזעץ צו אָרעמע לייט.

**לָ׳רוֹב**, או. אין גרויסער צאָהל, אין איבערפלוס, זעהר פיעל.

**לָ׳שוֹן**, המ. (מ. לְשוֹ׳נוֹת). שפּראַך; רייד; סטיל, ארט פון ריידען. מאַמע־לשון, אידיש. שטום־לשון, דאָס צוזאַמענרעדען זיך אָהן ווערטער. "מירקע גיעב לשון" (ווער. — ד. ה. קום אַרויס מיט דער שפּראַך).

**לְשוֹן** [לָ׳שוֹן]**־הַקוֹ׳דֶש**, המ. (תלמודיש). די הייליגע שפּראַך, העברעאיש.

**לְשוֹן** [לָ׳שוֹן]**־הָ׳רַע**, המ. (תלמודיש). בייזע רייד, באַריידעריי, פאַרלייםדונג.

**לְשוֹן** [לָ׳שוֹן]**־זָ׳כָר**, המ. מענליכעס געשלעכט (אין גראַמאַטיק).

**לְשוֹן** [לָ׳שוֹן] **יָ׳חִיד**, המ. איינצאָהל (אין גראַמאַטיק).

**לְשוֹן** [לָ׳שוֹן] **נְקֵ׳בָה**, המ. ווייבליכעס געשלעכט (אין גראַמאַטיק).

**לְשוֹן** [לָ׳שוֹן] **קוֹ׳דֶש**, המ. זעה לְ׳שוֹן־הַקוֹ׳דֶש.

**לָ׳שוֹן־קוֹ׳דֶשׁ׳דיג**, א. העברעאיש.

**לְשוֹן** [לָ׳שוֹן] **רַבִּים**, המ. מעהרצאָהל (אין גראַמאַטיק).

**לְשוֹ׳נוֹ מַ׳מָש**, גענוי זיין שפּראַך, אַקוראַט ווי ער האָט געזאָגט.

לְשִׁיטָ'תוֹ, או. לויט זיין טהעאָריע.

לְשֵׁם־, פּ. צוליעב, וועגען, פאַר.

לְשֵׁם־מִצְוָ'ה, או. צוליעב דער גוטער טהאַט (אָהן אייגענניציגע אַבזיכטען).

לְשֵׁם־שָׁמַ'יִם, או. (תלמודיש). פון הימעל'ס־וועגען, פון גאָט'ס וועגען.

לִשְׁמָה', או. (תלמודיש). "צוליעב איהר (דער גוטער טהאַט)", צוליעב דער ליעבע פאַר דער זאַך, אָהן אייגענניציגע אָדער זייטיגע אַבזיכטען.

לְשָׁ'נָה הַבָּ'אָה בִּירוּשָׁלַ'יִם, (ליטורגיש). דעם קומענדען יאָהר אין פּאַלעסטינא!

לְשָׁ'נָה־טוֹ'בָה תִּכָּ'תֵב וְתֵחָ'תֵם, (מ. — תִּכָּתְבוּ [תִּכָּתֵ'בוּ] וְתֵחָתְ'מוּ). דו זאָלסט פאַרשריבען ווערען און מע זאָל דיר צוזיגלען אויף אַ גוט יאָהר (ווינש־ווערטער וועלכע מע זאָגט אין די טעג פון ראש־השנה ביז יום־כפור). זעה כְּתִי'בָה וַחֲתִי'מָה־טוֹ'בָה.

לְתוֹרָ'ה [לְתוֹ'רָה] וּלְחוּ'פָּה וּלְמַעֲ'שִׂים־טוֹ'בִים, (ליטורגיש). זעה מְגַ'דֵל־זיין.

לְתַרְבּוּת [לְתַ'רְבּוּת] רָ'עָה, צו שלעכטער אויפפיהרונג, אויפ'ן שלעכטען וועג. ארויסגעהן לתרבות־רעה, אויסגעלאַסען ווערען.

# מ.

מ, דער דרייצעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; ביי'ם ענדע פון וואָרט געשריבען "ם"; אין צעהלען גערעכענט אלס 40. זעה מֶם.

מ־ (צוגעשטעלט אין אָנהויב פון וואָרט), פון.

מְאַ'בֵּד־זיין, צא. אומבריינגען, אויסבריינגען.

מְאַ'בֵּד־מָ'מוֹן־זיין, צא. אויסבריינגען געלט.

מְאַ'בֵּד־עַצְ'מוֹ־לָדַ'עַת, המ. (תלמודיש). איינער וואָס בריינגט זיך אַליין אום, אַ זעלבסטמערדער.

מַאֲ'דִים, המ. (תלמודיש). דער פּלאַנעט מאַרס; אַ פעהיגער ענערגישער מענש, אַ חוואַט, אַ וואוילער יונג.

מֵ'אָה, הוו. (מ. מֵ'אוֹת). הונדערט. "אז עס קומען די מאות קומען די דעות" (שפּוו.). שוואַרצע מאה, דער נאָמען פון אַ געווייסען רעאַקציאָנערען פעראיין אין רוסלאַנד.

מ'אָה בְּרָ'כוֹת, הוו. מ. די הונדערט ברכות (וועלכע די גאַנץ פרומע אידען זעהען אַז זיי זאָל אויסקו־

מען צו מאכען יעדען טאָג.

מְאַהֲ'בַת־מָרְדְ'כַי, (תלמודיש). פון ליעבע צו מרדכי'ן. "ער טהוט עס ניט אזוי מאהבת־מרדכי ווי משנאת־המן" (ווער.).

מאוּ'יָם'דיג, א. שרעקליך, פירכ־טערליך, אונגעהייער.

מֵאוּס [מְ'אוּס], א. העסליך, עקעל־האפט, אָפּשטויסענד; אונאנ־שטענדיג, שמוציג, שלעכט.

מֵאוּס [מְ'אוּס]־וּמְ'אוּס־ווערען, צל. ווערען זעהר עקעלהאַפט, שטארק דערעסען.

מְ'אוּס'ען־זיךְ, צוו. זיך עקלען.

מְ'אוּס'קייט, הוו. (מ. מְ'אוּס'קיי־טען). אַ'ן עקעלהאַפטע זאַך; א העסליכע פערזאָן; אַ מויז, א ראַטץ.

מאזְנַ'יִם, מ. (תלמודיש). "וואָג־שאָלען", דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערען־קרייז פאַר דעם מאָנאַט תשרי. זעה מַ'זָל.

מְאֲחוֹ'רֵי־הַפַּרְ'גוֹד, (תלמודיש). פון הינטער דעם פאָרהאַנג. הערען מאחורי־הפרגוד, הערען פון א פאַרבאָרגענער אָבער ריכטי־גער קוועלע.

מַאי־דְקָאַמְ'רֵי־רֶ'בִּי־צִ'ין, וואָס די רבי'צין זאָגט (אַ פאַראָדיע אויף דאָס תלמודישע "מַאי־דְקָאַמְרֵי־רַבָּנָן", וואָס די געלעהרטע זאָ־גען).

מַאי־קָא־מַשְׁ'מַע־לָן, (תלמודיש). וואָס לאָזט ער אונז דאָ הערען? צו וואָס דערצעהלט ער עס אונז?

מְאַ'יֵים־, מְאַ'יֵם־זיין, צא. איינ־שרעקען, אָנסטראַשען.

מֵ'איר־בַּ'עַל־הַנֵּס [הַנֶּ'ס], (תלמו־דיש). מאיר דער וואונדער־מאַן, א געוויסער תנא פון וועלכען דער תלמוד דערצעהלט פיעלע וואונ־דער.

מֵ'איר־בַּ'עַל־הַנֵּס [הַנֶּ'ס]־פּוּשקע, הוו. די פושקע אָנגעקלאַפּט אין פיעלע אידישע הייזער אין וועלכער מע זאַמעלט געלט פאַר די אָרעמע אין פאַלעסטינא.

מַאֲ'כִיל־טְרֵפוֹת [טַרְ'פוֹת]־זיין, צא. שפּייזען מיט טרפ'ע זאַכען.

מַאֲ'כָל, המ. (מ. מַאֲכָ'לִים). אַ'ן עסען, א שפּייז, א געריכט; א געשמאַקעס עסען.

מַאֲ'כַל־מֶ'לֶךְ, ז. א קעניגליכער גע־ריכט, א זעהר געשמאַקער געריכט.

מַאֲ'מִין, המ. (מ. מַאֲמִי'נִים). א גלויבער (אין גאָט).

מַאֲ'מָר, המ. (מ. מַאֲמָ'רִים). א זאַץ, אַ שפּרוך, אַ ווערטעל; אַ'ן אַרטיקעל, אַ צייטונגס־אַרטיקעל.

מַאֲ'מַר־הַמוּסְ'גָר, ז. אַ'ן איינגע־שלאָסענער זאַץ, פאַרענטהעזיס.

מַאן־דְאָ'מַר, המ. (תלמודיש). "דער וואָס האָט עס געזאָגט", די באַ־טרעפענדע פערזאָן; פערזאָן.

מַאן־דְבַ'ר־שְׁמֵ'יה, (תלמודיש). "ווער דערמאָנט זיין נאָמען", דערפון איז גאָר ניט צו דענקען, גאָט באַהיט.

מְאַ'נֵס־זיין, צא. פאַרגוואַלטיגען, שענדען.

מְאַ'סֵף, המ. (מ. מְאַסְ'פִים). צו־נויפזאַמלער, צונויפקלייבער. די מאספים, די גרינדער און מיט־אַרבייטער פון אַ בעוואוסטען העב־רעאישען זשורנאַל "הַמְאַ'סֵף".

מְאַ'סֵף־זיין, צא. אָנזאַמלען, אָנ־קלייבען; צוזאַמענקלייבען, צוזאַ־מענזאַמלען (באַזונדערס געברויכט אויף צו זאַמלען נדבות פאַר אָרעמע אָדער פאַר אַ הייליגען צוועק).

מְאַ'סֵף־מָ'מוֹן־זיין, צש. אָנקלייבען (פיעל) געלט.

מַאֲ'רִיךְ, המ. איינער וואָס האָט די געוואָהנהייט צו פאַרציהען אַ גע־שפרעך אָדער אַ'ן אַרבייט זעהר לאַנג, אַ לאַנגזאַמער מענש.

מַאֲ'רִיךְ־זיין, צא. אויסציהען (אַ געשפרעך אָדער אַ'ן אַרבייט) זעהר לאַנג.

מַאֲ'רִיךְ־בְּדִבּוּ'רִים־זיין, צש. רעדען לאַנג, אויסציהען אַ געשפרעך.

מַאֲ'רִיךְ־יָ'מִים־וְשָׁ'נִים־זיין, צש. לאַנג לעבען.

מְבָאֵר [מְבַ'אֵר] זיין, צא. ערקלע־רען, פאַרטייטשען, קלאָר מאַכען.

מְבָעֵר [מְבַ'עֵר] חָמֵץ־זיין, צא. אויסראַמען און פאַרברענען אַלע געזייערטע זאַכען פאַר פסח לויט דעם אידישען געזעץ; אָפּשאַפען אָדער פאַרניכטען אַ זאַך פון וועלכע מע וויל לויז ווערען.

מְבוּ'זֶה־ווערען, צל. באַליידיגט אָדער ערגידעריגט ווערען.

מְבוּ'יָש־ווערען, צל. פאַרשעמט אָדער באַליידיגט ווערען.

מְבוּ'כָה, הוו. פאַרווירונג, טומעל, סומאַטאָכע, איבערקעהרענים.

מַ'בּוּל, המ. די פאַרפלייצונג פון וועלכער עס ווערט דערצעהלט אין דער ביבעל; אַ פאַרפלייצונג, אַ שלאַגס־רעגען.

מְבוּלְ'בָּל־ווערען, צל. צומישט ווערען, זיך פאַרלירען.

מְבוּ'סָם, א. (תלמודיש). באַטרינ־קען, באַרוישט, באַקנאַקט, באַ־שנאָשקעט.

מבוּ'סָמדיג, א. זעה מְבוּ'סָם.

מְבַ'זֶה־זיין, צא. שענדען, ערנידע־ריגען, באַליידיגען, באַריידען.

מַבְחִין־זיין, צש. אונטערשיידען.

מַבְטִי'חַ־זיין, צא. פאַרזיכערען, צו־זאָגען.

מְבַ'טֵל־זיין, צא. אָפּשאַפען, קאַסי־רען; מאַכען צו גאָרנישט, אוועק־מאַכען מיט דער האַנד.

מִבֶּ'טֶן־אִ'מוֹ, (ביבליש). פון זיין מוטער'ס לייב אָן, פון זיין גע־בורט אָן.

מְבַ'יֵישׁ־, זעה מְבַ'יֵשׁ־.

מֵ'בִין, המ. (מ. מְבִ'ינִים). אַ קע־נער, אַ פאַרשטעהער, אַ'ן עקס־פערט. "אויף גיטס איז איטליכער אַ מבין" (שפוו.).

מֵ'בִין־בְּלָ'שׁוֹן־זיין, צש. פאַרשטעהן די שפראַך, פאַרשטעהן וואָס מע רעדט

**מֵ'בִין־כָּל־דָ'בָר**, הם. (ביבליש). איינער וועלכער פארשטעהט יע= דעם ווארט אדער יעדע זאך, א זעהר פארשטענדיגער מענש.

**מְבִי'נוּת**, הוו. קענטעניס, זאכפאר= שטענדיגקייט, געניטקייט.

**מֵ'בִינ'טע**, הוו. (מ. מֵ'בִינִיטעם). זעה מֵ'בִין.

**מְבִי'נֶת***, הוו. (מ. מְבִי'נוּת). זעה מֵ'בִין.

**מְבַ'יֵש־זיין**, צא. פארשעמען.

**מְבַלְ'בֵל־זיין**, צא. צומישען, פאר= ווירען, פארפלאנטערען.

**מְבַ'קֵר**, הם. (מ. מְבַקְ'רים). קרי= טיקער, רעצענזענט.

**מְבַ'קֵר־חוֹ'לֶה־זיין**, צא. באזוכען א קראנקען. "געהן אימיצען מבקר־ חולה זיין".

**מְגַ'דֵל־זיין**, צא. ערציהען, אויפ= בריינגען, אויפהאדעווען. מגדל זיין לתורה ולחופה ולמעשים טובים, ערציהען (א קינד) אין דעם שטודיום פון דער תורה און צו גוטע טהאטען און איהם פיה= רען צו דער חופה.

**מִ'גוֹ**, הם. (תלמודיש). א געוויסער תלמודישער לאגישער געזעץ לויט וועלכען דאס געריכט גלויבט די ווערטער פון אימיצען ווייל עס געפינט אז אויב ער וואלט גע= וואלט זאגען א ליגען וואלט ער געקענט דערצעהלען זאכען וועלכע וואלטען פאר איהם פיעל גינסטי= גער געווען ווי די וועלכע ער האט דערצעהלט.

**מְגוֹרָ'שִים, מְגוֹרָ'שֵי־ (מְגוֹרְ'שֵי)**, הם. מ. די פארטריבענע.

**מְגוּ'שָם**, א. גראב, פארגרעבט.

**מְגַ'זֵם־זיין**, צש. איבערטרייבען.

**מַ'גִיד**, הם. (מ. מַגִי'דִים). א פרע= דיגער, א זאגער.

**מַגִי'דוּת**, הוו. די שטעלע פון א מגיד; זאגאכץ, פרעדיגט.

**מַ'גִידִיקע**, הוו. (מ. מַ'גִידִיקעם). די פרוי פון א מגיד.

**מַגִי'דֶתִיטע**, הוו. (מ. מַגִי'דֶתִ'טעם). זעה מַ'גִיד.

**מַגִי'הַ**, הם. (מ. מַגִי'הִים). זעה בַּ'עַל־מַגִי'הַ.

**מַגִי'הַ־זיין**, צא. איבערזעהן, אי= בערקוקען, אויסבעסערען.

**מְגִי'לָה**, הוו. (מ. מְגִי'לוֹת). זעה מְגִ'לָה.

**מֵ'גִין־זיין**, צא. באשירמען, באשי= צען, באהיטען. "גאט איז מגין אויף אידען".

**מַגֵי'פָה**, הוו. (מ. מַגֵי'פוֹת). זעה מַגֵ'פָה.

**מְגִ'לָה, מְגִ'לַת־**, הוו. (מ. מְגִ'לוֹת). א באשריבענע ראלל פון פאפיר אדער פארמעט; א לאנגער בריעף, ארטיקעל אדער דאקומענט. די מגלה, מגלת־אסתר (ווו.). מגלה־געלט, דאס געלט וואס מע קלייבט צונויף אין שוהל אום פורים פאר דעם וועלכער לייענט פאר די מגלה אדער פאר אנדערע וואהלטהעטיגע צוועקען.

מְגַלֶה־זיין, צא. אַנטפּלעקען, אויפ־דעקען, פאַרעפענטליכען, אויס־זאָגען.

מְגִלַת־אֵיכָה, הוו. דאָס ביבלישע בוך "איכה" (ווז.).

מְגִלַת־אֶסְתֵּר, הוו. דאָס ביבלישע בוך "אסתר" (ווז.).

מָגֵן־אָבוֹת, הט. (ליטורגיש). דער באַשיצער פון (אונזערע) אורפאָ־טערס. "דער געזונדסטער מאָגען איז דער מגן־אבות" (וואָרט־שפיעל צווישען דעם אידישען וואָרט "מאָגען" און דעם העברע־אישען וואָרט "מגן").

מָגֵן־דָוִד, הט. (מ. מָגֵן־דָוִדיען, מָגֵן־דָוִדים). דער טראַדיציאָנע־לער שילד (הערב) פון קעניג דוד, אַ זעקס־ווינקעלדיגע פיגור.

מַגְעַ־וּמַשָׂא, הט. (תלמודיש). אומ־גאַנג, באַריהרונג, פאַרקעהר.

מַגֵפָה, הוו. (מ. מַגֵפוֹת). פעסט, עפידעמיע. "אין אַ מגפה איז אַ אַ ציעג אויך אַ בהמה" (שפוו.).

מְדָאוֹרַיְיתָא, א. (תלמודיש). לויט דעם מאָזאַאישען געזעץ (אין גע־גענזאַץ צו מִדְרַבָּנָן, לויט דעם תלמודישען געזעץ).

מִדְבָּר, הט. (מ. מִדְבָּריוֹת). וויס־טע, וויסטעניי; די וויסטע דורך וועלכע אידען האָבען געוואַנדערט ווען זיי זיינען אַרויס פון עגיפטען קיין כנען, ווי די ביבעל דער־צעהלט.

מִדָה, הוו. (מ. מִדוֹת). "מאָס", זיטטע, מאַניער, געוואָהנהייט; אייגענשאַפט, מאָס.

מִדָה־טוֹבָה, הוו. (מ. מִדוֹת־טוֹבוֹת), (תלמודיש). אַ גוטע געוואוהנהייט, אַ גוטע אייגענשאַפט.

מִדָה כְּנֶגֶד מִדָה, (תלמודיש). מאָס פאַר מאָס. באַצאָהלען מדה כנגד מדה, אָפצאָהלען מיט גלייכער מאָס.

מִדָה־רָעָה, הוו. (מ. מִדוֹת־רָעוֹת), (תלמודיש). אַ שלעכטע געוואוהנהייט, אַ שלעכטע איי־גענשאַפט.

מְדוֹכָה, הט. אָפרייד, אָפמאַך.

מַדִיחַ־זיין, צא. אָפשטויסען, אָפ־טרייבען פון זיך; אָפלעגען אויף שפעטער.

מָדַי, אנמ. מידיען, אַ לאַנד דער־מאָנט אין דער ביבעל.

מְדִידָה, הוו. אויסמעסטונג. מאַכען מדידה, מאַכען אַ יעהרליכע רעכענונג פון איינקונפט און אויסגאַבע און פון דער איבער־געבליבענער וואַארע.

מִדְיָן־וּמוֹאָב, אנמ. מ. צוויי פעל־קער דערמאָנט אין דער ביבעל וועלכע זיינען געוועזען פיינדליך איינס צום אַנדערען. זיי זיינען מדין ומואב, זיי זיינען זיך ביטערע פיינד.

מְדִינָה, הוו. (מ. מְדִינוֹת). אַ פראָווינץ, אַ געגענד, אַ קעניג־רייך, אַ לאַנד; אַ גרויסע שטיק לאַנד.

מְדִינָה־חָכָם, הט. איינער וואָס זיין קלוגהייט איז באַוואוסט אין גאַנצען לאַנד, אַ זעהר גרויסער חכם.

מַדְ'פִּים, המ. (מ. מַדְפִּי'סִים). אַ דרוקער, אַ פּערלעגער.

מְדַקְ'דֵק, המ. (מ. מְדַקְ'דְקִים). איינער וואָס איז זעהר גענוי; אַ קענער פון גראַמאַטיק.

מְדַקְ'דֵק־זיין, צש. זיין גענוי, שטרענג אָפּהיטען.

מִדְרַבָּ'נָן, א. (תלמודיש). לויט דעם תלמודישען געזעץ (אין געגענזאַץ צו מְדְאוֹרַיי'תָא, לויט דעם מאָזאאישען געזעץ).

מַדְרֵ'גָה, מַדְרֵי'גָה, הוו. (מ. מַדְרֵ'גוֹת, מַדְרֵי'גוֹת). שטופע, שטאַפּעל, גראַד, קלאַס, צושטאַנד.

מַדְ'רִיך־זיין, צא. ערציהען, אויפבריינגען, לערנען, איינגעוואוהנען.

מִדְרָשׁ [מֶדְ'רְשׁ], המ. (מ. מִדְרָשִׁים [מֶדְרָ'שִׁים]). אַ געוויסער קאָמענטאַר אויף דער ביבעל וועלכער באַשטעהט פון טעקסט־אויסטייטשונגען און פון פאַבעלען, לעגענדען און מאָראַל־לעהרען פון פאַרשיעדענע תנאים, צוזאַמענגעשטעלט אין תלמודישע צייטען. "ער זאָגט ליגען ווי דער מדרש" (ווער.).

מִ'דַּת־הַדִּין', הוו. (תלמודיש). די מאָס פון גערעכטיגקייט, גערעכטיגקייט.

מִ'דַּת־הָרַחֲ'מִים, הוו. (תלמודיש). די מאָס פון בארמהערציגקייט, בארמהערציגקייט.

מַה־'דָּאךְ, ב. ווען, אויב, אז. "מה־דאך זיין איינגענער ברו־דער וויל איהם ניט העלפען וועלען איהם פרעמדע געוויס ניט העלפען".

מַה־'טוֹב, א. געוויס גוט, נאָך בעסער. "אויב ער וועט קומען איז מה־טוב און אויב ניט איז אויך רעכט".

מַה־טוֹ'בוּ, המ. (ליטורגיש). "ווי גוט זיינען", די ערשטע צוויי ווערטער און דער נאָמען פון אַ מאָרגענגעבעט וואָס מע זאָגט גלייך ווי מע געהט אריין אין שוהל. "אָנהויבען פון מה־טובו" (ווער.).

מַה־יוֹ'קֶר, ווי טהייער?

מַה־יַּעֲ'שֶׂה־'ניק, המ. (מ. מַה־יַּעֲ'שֶׂה־'ניקעס), (תלמודיש). אַ פרייער אויסגעלאַסענער מענש (שטאַמט פון דעם תלמודישען אויסדרוק: "מַה יַּעֲשֶׂה הַבֵּן שֶׁלֹּא יֶחֱטָא", וואָס זאָל דער זוהן מהון אויב ניט זינדיגען [ווען די פאַר־זוכונג איז אַזוי גרויס]?).

מַה־יָּ'פִית, המ. (ליטורגיש). "ווי שען ביסטו!", די ערשטע ווער־טער און דער נאָמען פון אַ געוויי־סען רעליגיעזען געזאַנג וועלכען אידען זינגען פרייטאָג־צו־נאַכט מיט אַ געוויסער מעלאָדיע. (די אַמאָליגע פוילישע שליאַכציצעס פלעגען אָפט פון קאַטאָוועס וועגען צווינגען די אידען וועלכע פלעגען קומען צו זיי מיט אַ ביטע אָדער אַ געשעפט, צו זינגען פאר זיי דאָס דאָזיגע ליעד.)

מַה־יָ'פִית'ניק, המ. (מ. מַה־יָ'פִית'ניקעס). אַ איד וועלכער האָט ניט אין זיך קיין נאַציאָנאַלעס זעלבסט־געפיהל, איינער וועלכער זוכט צו פאַרדעקען זיין אידישע אָבשטאַמונג אָדער זוכט זיך צוצומאַכען צו ניט־אידען פאַרלייקענענדיג אָדער פאַרשטעלענדיג זיינע אידישע כאַראַקטער־שטריכען. זעה מַה־יָ'פִית.

מַה־מָּצִי'נוּ, (תלמודיש). אַזוי ווי מיר געפינען (אין אַ צווייטען פאַל אַזוי מוז זיין דאָ אויך), איינע פון די הויפּט־מעטאָדען פון דער תלמודישער אַרגומענטאַציאָן וועלכע באַשטעהט אין אָפּלערנען פון איין זאַך אויף די צווייטע.

מַה־נִּשְׁתַּ'נָּה, (ליטורגיש). וואָרום איז פאַרשיעדען (די נאַכט פון פסח פון אַלע אַנדערע נעכט פון אַ גאַנץ יאָהר), די ערשטע ווערטער פון דער הגדה.

מַה־רַ'עַשׁ, „וואָס איז דער טומעל?", וואָס איז דער אומגליק? וואָס מאַכט עס אויס?

מַה־שִּׁמְךָ [שְׁמֶ'ךָ], (מ. — שִׁמְכֶם [שְׁמֶ'כֶם]). ווי איז דיין נאָמען? ווי הייססט דו?

מַה־שְּׁ'נּוּי, וואָס איז דער אונטערשייד. „מ ה ־ ש נ ו י געהופּט מ ה ־ ש נ ו י געשפּרונגען" (שפּוו.).

מַהֲדוּ'רָה, הוו. (מ. מַהֲדוּ'רוֹת). אויסגאַבע, אויפלאַגע (פון אַ בוך).

מְהַ'דֵּר, המ. (מ. מְהַדְּ'רִים), — בְּמִצְוָ'ה, איינער וועלכער היט אָפּ צו טהאָן אַ מצוה אויף דער שענסטער אַרט אָדער מיט אַלע גענויאיגקייטען. ער איז אַ מהדר אויף אַ'ן אתרוג, ער באַמיהט זיך שטענדיג צו קריגען דעם שענסטען אתרוג.

מְהַ'דֵּר־זיין, צש. זוכען צו ערפילען אויף דער שענסטער אַרט אָדער שטרענג אָפּהיטען אַ מצוה.

מְהַ'דֵּר־מִן־הַמְהַדְּ'רִים, המ. (תלמודיש). אַ זעהר גרויסער מהדר.

מֵהוֹ'דוּ־וְעַד־כּוּשׁ, (ביבליש). „פון דעם לאַנד הודו ביז דעם לאַנד כוש" (ווערטער פון יענער שטעלע אין דעם בוך „אסתר" וואו עס ווערט באַשריבען די גרויסע צאָהל פון לענדער איבער וועלכע דער קעניג אחשורוש האָט געוועלטיגט), אַ גרויסע שטרעקע.

מְהוּ'דָּר, המ. (מ. מְהוּדָּ'רִים). זעהר שען, געקליבען, צאַצקעדיג. „אַ'ן אתרוג אַ מ ה ו ד ר".

מְהוּ'דָּר'דיג, א. זעה מְהוּ'דָּר.

מְהוּ'מָה, הוו. (מ. מְהוּ'מוֹת). אַ טומעל, אַ'ן אויפרוהר, אַ כּוּמאַטאָכע.

מְהוּ'רָ"ר, אב. מוֹרֵנוּ הָרַב וְרַבֵּנוּ רַב — אונזער לעהרער דער געלעהרטער און אונזער האַר, הערר — (טיטול־ווערטער וועלכע מע שטעלט אין שרייבען פאַר דעם נאָמען פון אַ גרויסען רב אָדער תלמודישען געלעהרטען).

מָ'הות, חוו. אייגענשאַפט, קוואַ־ליטעט.

מַה־יוֹם־וָהָלְ'אָה, (ביבליש). פון היינט אָן און ווייטער.

מֶהֵי'כָא־תֵּי'תֵי, או. (תלמודיש). „פון וואַנען קומט עס (אַז ניט)?", וואָרום דען ניט? פאַר וואָס טאַקע ניט? טאַקע, גו טאַקע.

מְהִי'רוּת, הוו. שנעלקייט, פלינ־קייט, געשיקטקייט.

מַהֲ'לָךְ, הם. אַ גאַנג, אַ רייזע, אַ שטרעקע, אַ ווייטע שטרעקע.

מַהֲ'לָךְ־רַב, הם. אַ ווייטע שטרעקע.

מְהַ'נֶה, צא. פאַרשאַפען נוצען אָדער פאַרגעניגען, מאַכען (אימיצען) געניסען.

מֶהַסְתַּם', או. זעה מִסְתָּ'מָא.

מַהְפֵּ'כָה, הוו. (מ. מַהְפֵּ'כוֹת). איבערקערעניס.

מְהַרְהֵר־זיין, צש. נאָכדענקען, נאָכגריבלען. מהרהר־זיין אויף אימיצען, אימיצען פאַרדעכ־טיגען.

מַהַרְ'שָׁ"אֶ, אנמ. אב. מוֹרֵנוּ הָרַב שְׁמוּאֵל אִידְלִ'יש — דער פאַרפאַ־סער פון אַ זעהר שאַרפזיניגען קאָמענטאַר אויפ'ן תלמוד; דער קאָמענטאַר ווערבען ער האָט פאַר־פאַסט.

מַהְרְשָׁ"א־קאָפּ, המ. (מ. מַהַרְשָׁ"א־קעפּ). אַ זעהר שאַרפער קאָפּ. זעה מַהַרְשָׁ"א.

מוֹ'בָן־מֵאֵ'לָיו, א. זעלבסט־פאַר־שטענדליך.

מוֹ'דֶה־זיין, צש. אַנערקענען, באַ־קענען, צוגעבען, צוגעשטעהן. זיך מודה־זיין, באַקענען (זינד אָדער פערברעכען).

מוֹ'דֶה־אֲנִי', המ. (ליטורגיש). „איך דאַנק דיר (גאָט), די ערשטע צוויי ווערטער און דער נאָמען פון אַ דאַנק־געבעט וואָס מע זאָגט אין דער פריה גלייך נאָכ'ן אויפ־שטעהן פון שלאָף.

מוֹ'דֶה־בְּמִקְ'צָת, המ. איינער וואָס געשטעהט אָדער גיט־צו אַ טהייל (פון אַ פאָדערונג אָדער אנקלאַגע).

מוֹ'דֶה־וּמִתְוַ'דֶה־זיין־זיך, צוו. באַ־קענען (אויף אַ זינד אָדער פאַר־ברעכען).

מוֹ'דִים, המ. (ליטורגיש). „מיר דאַנקען", דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון איינער פון די תפלות אין שמונה־עשרה ווען מע זאָגט זיך בויגענדיג צו דער ערד.

מוֹ'דִי'עַ־זיין, צא. לאָזען וויסען, באַנאַכריכטיגען; באַקאַנט מאַכען, אַנאַנסירען.

מוֹ'דָ'עָה, הוו. (מ. מוֹ'דָעוֹ'ת). באַ־קאַנטמאַכונג, פראָקלאָמאַציאָן, אַנאָנסע, רעקלאַמע.

מוֹ'הֵל, המ. (מ. מוֹ'הֲלִים). דער וועלכער באַשניידט (אויף אַ ברית).

מוֹ'הֵל־מעהל, הז. שטויב פון פאַר־פוילטע האָלץ אָדער פון אַ'ן אַנדער שטאָף אין וועלכען דער מוהל לייגט אַריין די אָפּגעשני־טענע פאָרהויט.

מו'הֵל־שאַפט, הוו. דאָס אַמט פון אַ מוהל; די באַשניידונג.

מו'חַ, חמ. (מ. מו'חות). זעה מ'חַ.

מוּחְ'זָק, א. געהאַלטען, אָנגענומען. "ער איז אַ מוחזק פאַר אַ'ן עהרליכען מאַן".

מו'חֵל־זיין, צא. פאַרגעבען, פאַר־צייהען; ניט באַשטעהן, נאָכ־געבען, שענקען; איינוויליגען. זייט מוחל, זייט אַזוי פריינדליך.

מוּחְ'רָם (—וּמְנוּ'דָה), א. אויסגע־שלאָסען (—און פאַרטריבען) פון דער געמיינדע. זעה חֵ'רֶם.

מו'טָל, א. אַרויפגעוואָרפען. עס איז אויף איהם מוטל, עס איז זיין פליכט. עס איז מוטל בספק, עס איז צווייפעלהאַפט.

מוכ"ז, אב. מוֹסֵר כְּתָב זֶה, אי־בערברייננגער פון דיזוער שריפט (בריעף).

מוכִי'חַ, המ. (מ. מוכִי'חִים). מאָ־ראַל־פּרעדיגער.

מו'כָן־וּמְזוּ'מָן, או. (ליטורגיש). פאַרטיג און אָנגעגרייט.

מו'כָן־לְפּוּרְעָ'נִיות, א. (תּלמודיש). אָנגעגרייט צו אונגליקען.

מ'כֵס, המ. (מ. מוכְסִים [מָכְ'סִים]). איינער וועלכער מאַהנט אויף צאָלל־געלט, איינער וועלכער האַלט די טאַקסע, אַקציזניק.

מו'כֵר, המ. (מ. מוכְרִים [מָכְ'רִים]). פאַרקויפער.

מו'כֵר־סְפָ'רִים, (מ. מוכְ'רֵי־סְפָ'רִים). פאַרקויפער פון ביכער, בוכהענד־לער. "אַ מוכר־ספרים איז קיין למדן ניט, אַ חלפן איז קיין עושר ניט" (שפּוו.).

מו'כֵר־סְפָ'רִים'ניק, המ. (מ. מו'כֵר־סְפָ'רִים'ניקעס), זעה מו'כֵר־סְפָ'רִים.

מו'כֵר־תְּבוּ'אָה, (מ. מוֹכְ'רֵי־תְּבוּ'אָה). געטריידע־הענדלער.

מו'לָד, המ. די געבורט (פון דער נייער לבנה). אויסרופען דעם מולד, אויסרופען (אין שוהל ביי'ם דאַווענען, אין דעם שבת וואָס פאַלט פאַר ראש חדש) דעם טאָג, די שטונד, מינוט און סע־קונדע אין וועלכער די נייע לבנה ווערט געבאָרען.

מו'ליד־זיין, צא. געבערען, געוויי־נען, האָבען.

מו'לֶךְ, המ. (ביבליש). דער נאָמען פון אַ'ן אָבגאָט צו וועלכען געוויי־סע פאַרצייטיגע פעלקער פלעגען ברייננגען מענשען אַלס אָפּפער.

מו'לֵךְ־בְּכִפָּה [בְּכִ'פָּה], המ. (תּלמוּ־דיש). איינער וועלכער געוועלטיגט איבער דער גאַנצער וועלט.

מום, המ. (מ. מו'מִים). אַ פעהלער.

מום'־רַע, המ. שלעכטער פעהלער, פאַרדאָרבענהייט.

מוּמְ'חֶה, המ. (מ. מוּמְ'חִים). אַ געניטער, אַ זאַכפאַרשטענדיגער, אַ'ן עקספּערט, אַ ספּעציאַליסט, אַ פאַכמאַן; אַ'ן אָפּשפּרעכער, אַ זנאַכאַר.

מוּמְ׳חֶה׳נטע, הוו. (מ. מוּמְ׳חֶה׳נטעס). זעה מוּמְחֶה.

מוּ׳מָר, המ. (מ. מוּמָרִים [מוּמְ׳רים]). אַ געטויפטער.

מוּ׳מָר־לְהַכְ׳עִים, המ. (מ. מוּמְ׳רים־לְהַכְ׳עִים), (תלמודיש). איינער וועלכער איז ארויסגעטראָטען פון אידישקייט מיט דער אַבזיכט צו פארשאַפפען פארדרוס אָדער שאַנדע זיינע פאָריגע גלויבענסגענאָסען, איינער וועלכער ווייזט ארויס זיין ניט־פרומקייט עפענטליך.

מוּ׳נַח־בְּקוּ׳פְסָא, א. (תלמודיש). אריינגעלייגט אין קאַסטען. אַזוי ווי מונח־בקופסא, אַזוי ווי ביי זיך אין קעשענע.

מוּסְ׳כָּם, א. איינגעשטימט, צוגעשטימט, אָנגענומען.

מוּסְ׳מָךְ, המ. (מ. מוּסְמָ׳כִים). איינער וואָס האָט סמיכה אויף רבנות.

מוּ׳סִיף־זיין, צא. צולייגען, פריבאווען.

מוּ׳סַף, המ. (מ. מוּסָ׳פִים). אַ׳ן עקסטראָ געבעט וואָס ווערט געזאָגט נאָך שחרית אום שבת, יום טוב און ראש חודש.

מוּ׳סָר, המ. זיטען־לעהרע, מאָראַל, פרומקייט; מאָראַל־פרעדיגט; אַ ביישפיעל. "זיך אראָפּנעהמען אַ מוסר".

מוֹסֵר [מָ׳סֶר], המ. (מ. מֹ׳סְרִים [מָסְ׳רים]). פעררעטהער, דאָנאָסשטשיק.

מוּ׳סַר־הַשְׂ׳כֵּל, המ. (ביבליש). אַ "אַ קלוגע לעהרע", אַ ביישפיעל. "זיך אראָפּנעהמען אַ מוסר־השכל".

מוֹסֵר־זיין, צש. איבערגעבען, איבערליפערן.

מוֹ׳סֵר־מוֹדָ׳עָה־זיין, צש. לאָזען וויסען, ווארנען, עפענטליך ערקלערען.

מוֹ׳סֵר־נֶ׳פֶשׁ־זיין־זיך, צוו. איינשטעלען דאָס לעבען, זיך אויפאָפּפערען.

מוּ׳סָר־סֵ׳פֶר, המ. (מ. מוּ׳סָר־סְפָ׳רִים). זעה סֵ׳פֶר־מוּ׳סָר.

מוּ׳סָר־שטיבעל, המ. אַ קלויז וואו מע גיט זיך אָפּ בלויז מיט לערנען מוסר־ספרים.

מוּ׳סָר׳ען, צא. פרעדיגען מאָראַל, פאָרוואַרפען, אויסריידען, שטראָפען.

מוּ׳סָר׳ניק, המ. (מ. מוּ׳סָר׳ניקעס). איינער וועלכער גיט זיך אָפּ מיט לערנען מוסר־ספרים.

מוֹ׳עָד, המ. (תלמודיש). אַ׳ן אָנגעגרייטער (צו מאַכען שאדען).

מוֹ׳עֵד, המ. "פייערטאָג", דער נאָמען פון דער צווייטער אַבטהיילונג פון תלמוד וועלכע ענטהאַלט די געזעצען פון שבת, פייערטעג א. ד. ג. זעה ש״ס.

מוֹ׳עֵל־בִּשְׁלִי׳חוּת־זיין, צש. (תלמודיש). ניט פאַרריכטען דאָס וואָס מע איז בעאויפטראַגט געוואָרען צו טהאָן, טהאָן אַנדערש

ווי מע האָט זיך אונטערגענומען צו טהאָן.

מופְ'לָג, הס. (מ. מופְלָ'גִים, מופְלָ'גֵי־). איינער וועלכער איז אויסגעצייכענט מיט זיין (תלמודישער) געלעהרזאמקייט.

מופְלָ'גֵי־תּוֹרָה [תּוֹ'רָה], הס. מ. זעה מופְ'לָג.

מופְ'קָר, הס. (מ. מופְקָ'רִים). אַ'ן אויסגעלאַסענער מענש.

מוֹ'פֵת, הס. (מ. מוֹפְתִים [מָפְ'תִים]). אַ צייכען, אַ באַווייז; אַ וואונדערליכער באַווייז, אַ וואונדער.

מוֹ'פֵת־חוֹתֵךְ [חוֹ'תֵךְ], הס. (מ. מוֹפְ'תִים־חוֹתְכִים [חוֹתְ'כִים]). אַ שטאַרקער באַווייז.

מוֹ'צִא־חֵן־זיין, צש. (ביבליש). געפינען לייטזעליגקייט, אויסנעהמען, געפעלען.

מוֹצָ'אֵי־, הס. דער אויסגאַנג פון, דאָס ענדע פון, דער אָבענד נאָך. מוצאי־יום־טוב, דער אָבענד נאָך יום־טוב.

מוֹ'צִיא, הס. (מ. מוֹ'צִיאִים). אַ שטיק אָדער אַ פּענעץ ברויט. זעה הַמוֹ'צִיא.

מוֹ'צִיא־זיין, צא. טהאָן עפּעס פאַר (אימיצען), פאַרטרעטען (צ. ב. ש.: "דער בעל־הבית האָט געמאַכט קדוש און האָט מוציא געוועזן די געסט"); אַרויסלאָזען (אַ קלאַנג, אַ באַריכט).

מוֹ'צִיא־לַ'עַז־זיין, צש. (תלמודיש). אַרויסלאָזען אַ שלעכטען קלאַנג (אויף אימיצען), מאַכען (אימיצען) אַ שלעכטען נאָמען.

מוֹ'צִיא־שֵׁם [שֵׁם]־זיין, צש. (תלמודיש). אַרויסלאָזען אַ באַריכט, אַרויסלאָזען אַ קלאַנג.

מוֹ'צִיא־שֵׁם [שֵׁם]־רַע־זיין, צש. (תלמודיש). אַרויסלאָזען אַ שלעכטען קלאַנג (אויף אימיצען), מאַכען (אימיצען) אַ שלעכטען נאָמען.

מוֹ'צִיא־שְׁנָ'תוֹ־זיין, צש. (תלמודיש). אויסלעבען זיינע יאָהרען.

מוּצְ'לָח, הס. (מ. מוּצְלָ'חִים). איינער וואָס איהם גליקט שטענדיג אָפּ. אַ מזל'דיגער מענש.

מוּקְ'צֶה, א. (תלמודיש). "אָפּגעזונדערט", אונבאַריהרבאַר (לויט דעם אידישען דין). "געלט איז מוקצה אום שבת".

מוּקְ'שֶׁה, א. שווער, שווער צו פאַרשטעהן, אונבאַגרייפליך.

מו"ר, אב. מוֹרֵ'נוּ־וְרַבֵּ'נוּ (ווז.).

מוֹ'רָא, הוו. שרעק, פורכט, אנגסט.

מוֹ'רָאִידיג, א. שרעקליך, פירכטערליך, אונגעהייער.

מוֹ'רֵד, הס. (מ. מוֹרְ'דִים). אַ ווידערשפעניגער, אַ רעוואָלוציאָנער.

מוֹ'רֵד־זיין, צש. ווידערשפעניגען זיך שטעלען אַנטקעגען, רעבעלירען.

מוֹ'רֵד־בְּמַלְ'כוּת, הס. (מ. מוֹרְ'דִים־בְּמַלְ'כוּת), (תלמודיש). איינער וועלכער שטעלט זיך אַקעגען דער אויטאָריטעט פון קעניג אָדער רע=

גירונג; איינער וועלכער באַליידיגט די מאַיע־טעט פון קעניג.

מו'רֶה־דֶ'רֶךְ, המ. (מ. מו'רֵי־דֶ'רֶךְ). אַ וועג־ווייזער, אַ פיהרער, אַ לעהרער.

מו'רֶה־הוֹרָ'אָה, המ. (מ. מו'רֵי־הוֹרָ'אוֹת). איינער וועלכער ענטשיידעט רעליגיעזע פראַגען, אַ רב אָדער אַ דיין.

מו'רֶה־הֶ'תֵּר־זיין, צש. ערלויבען, געבען די ערלויבנים. מורה־התר־זיין־זיך, זיך ערלויבען, זיך נעהמען די ערלויבנים (צו טהאָן עטוואָס פאַרבאָטענעס).

מו'רַי־וְרַבּו'תַי, מיינע לעהרערס און הערן.

מו'ריד־זיין, צא. אַרונטערלאָזען. זעה מַעֲ'לֶה־זיין.

מוֹרֵ'נוּ (־וְרַבֵּ'נוּ), אונזער לעהרער (און האַר), אַ טיטול מיט וועלכען מע אַדרעסירט אַ געלעהרטען אָדער אַ וויכטיגע פערזאָן (אין שרייבען). "ער מיינט ער איז אַ גאַנצער מורנו (אָדער: משה־מורנו)" (ווער.).

מוֹרְ'שֶׁה, המ. (מ. מוֹרְ'שִׁים). באַפאָלמעכטיגטער, דעפוטאַט, דעלעגאַט.

מו'שָׁב, המ. וואוהנאָרט, קאָלאָניע; שמוציגע הויזגערעטהע, שמוץ. "אַ מושב ווי ביי דער רבי'צען אין בעט" (ווער.).

מו'שָׂג, המ. (מ. מוּשָׂ'גִים). אַ באַגריף.

מוּשְׁ'וֶה־ווערען, צל. זיך אויסגלייכען.

מוּשְׂ'כָּל־רִא'שׁוֹן, המ. דער ערשטער געדאַנק, דער ערשטער איינפאַל. "דער מושכל־ראשון איז אַ רוח־הקודש" (שפוו.).

מו'שֵׁל, המ. (ז. מוּשְׁ'לִים). הערשער, געוועלטיגער, קעניג.

מוּשְׁ'לָם, המ. (מ. מוּשְׁ'לָמִים). איינער וועלכער באַזיצט פיעל קענטניס, אַ פיעל־זייטיג געבילדעטער מענש.

מוּשְׁ'לָם־בְּכָ'ל־הַמַּעֲ'לוֹת, המ. אַ'ן אויסגעצייכענטער מיט אַלע גוטע פעהיגקייטען אָדער אייגענשאַפטען.

מוּשְׁלֶ'מֶת, הוו. זעה מוּשְׁ'לָם.

מו'תָּר, א. ערלויבט (לויט דעם אידישען דין).

מוֹתְ'רוֹת, מ. איבעריגע זאַכען, לוקסוס־זאַכען.

מִזְבֵּ'חַ, המ. (מ. מִזְבְּ'חוֹת). אַ'ן אַלטאַר; דער אַלטאַר (וואָס איז געשטאַנען אין בית־המקדש).

מִזְבְּ'חַ־געלט, הז. הייליג געלט.

מֶ'זֶג, המ. נאַטור, טעמפעראַמענט, כאַראַקטער.

מֶ'זֶג־טוֹב [טָבֿ], המ. אַ גוט האַרץ, אַ'ן איידעלער כאַראַקטער.

מַזְ'הִיר־זיין, צא. וואָרנען, אָנזאָגען.

מְזַוֵּ'ג־, מְזַוְּ'וֵג־זיין, צא. צוזאַמענפּאָרען, צונויפבריינגען.

מְזַוְּ'וֵג־זִוּוּ'גִים, המ. (תלמודיש). אַ צוזאַמענפּאָרער. "גאָט איז אַ מזווג־זווגים" (שפוו.).

מְזוּ'זָה, הוו. (מ. מְזוּ'זוֹ'ת). אַ שטיקעל פּאַרמעט אויף וועלכען עס זיינען אויפגעשריבען פון איין זייט געוויסע פסוקים פון דער תורה און פון דער אַנדערער זייט דאָס וואָרט "שדי" — וואָס ווערט צוגעפעסטיגט צו דעם בּיישטידעל פון דער טהיר.

מְזוּ'מָן, המ. אַ געזעלשאַפט פון דריי אָדער מעהר מענער; באַארעס געלט, קאַססא (מ. מְזוּמָ'נִים). בּענשען מ ז ו מ ן, זאָגען דאָס געבעט (נאָכ'ן עסען) זאַלבּעדריט. "איינער בּענשט מ ז ו מ ן דער אַנדערער האָט מ ז ו מ ן" (שפּוו.).

מְזוּ'נוֹת, מ. לעבענסמיטעל, שפּייז, נאַהרונג; ערנעהרונג, שפּייזונג; דאָס געלט וואָס דער מאַן איז פאַרפליכטעט צו געבען דער פרוי פאַר איהר ערנעהרונג.

מז"ט, אב. מַ'זָל־טוֹב (ווז.).

מֵ'זִיד, המ. איינער וועלכער באַגעהט (אַ זינד אָדער פאַרבּרעכען) מיט אַבזיכט.

מְזַ'יֵיף־, מְזַ'יֵיף־זיין, צא. פעלשען, נאָכמאַכען.

מַ'זִיק, המ. (מ. מַזִי'קִים). אַ יונגאַטש, אַ שטיפער, אַ שאָדענמאַכער; אַ'ן ענערגישער אָדער פעהיגער מענש, אַ'ן אויפטהוער; אַ בּייזער גייסט, אַ טייוועל.

מַ'זִיק־זיין, צא. שעדיגען, קאַליעטשען.

מַ'זִיק'ען, צא. זעה מַ'זִיק־זיין.

מְזַ'כֶּה־זיין, צא. באַשערען, באַשיינקען, באַעהרען.

מַזְ'כִּיר־זיין, צא. ערמאָנען, דערמאָנען.

מַזְ'כִּיר־נְשָׁמוֹת־זיין, צא. זאָגען דאָס געבעט פון הזכרת־נשמות. "ער איז מ ז כ י ר ־ נ ש מ ו ת זיין טאָטען".

מַ'זָל, המ. (מ. מַזָ'לוֹת). גליק; שיקזאַל, דאָליע; שטערן, פּלאַנעט, דער אַסטראָנאָמישער צייכען פון דעם שטערן־קריין פאַר איטליכען מאָנאַט (דער מזל טלה (ווז.) פאַר דעם מאָנאַט ניסן, שור (ווז.) פאַר איר, תאומים (ווז.) פאַר סיון, סרטן (ווז.) פאַר תמוז, אריה (ווז.) פאַר אב, בתולה (ווז.) פאַר אלול, מאזנים (ווז.) פאַר תשרי, עקרב (ווז.) פאַר חשון, קשת (ווז.) פאַר כסליו, גדי (ווז.) פאַר טבת, דלי (ווז.) פאַר שבט און דגים (ווז.) פאַר אדר). "ס'מ ז ל !" (אויסדרוק פון איראָניע). "אַ גוט מ ז ל עלטערט זיך ניט" (שפּוו.). "אָהן מ ז ל זאָל דער מענש גאָר ניט געבוירען ווערען" (שפּוו.). "אַז דער מ ז ל איז קליין האָטש זעץ זיך אין ווייַן" (שפּוו.). "אַז דאָס מ ז ל געהט קעלבּט זיך דער אָקס" (שפּוו). "אַז דאָס מ ז ל געהט ניט מאַכט קמץ בית בּאַ" (שפּוו.). "בּעסער מ ז ל אַ קווינט איידער גאָלד אַ פונט" (שפּוו.). "אַ מ ז ל פון אַ גוי" (ווער.). "ווען דאָס מ ז ל קומט שטעל איהם אַ שטוהל" (שפּוו.). "גאָט איז אַ פאָטער דאָס מ ז ל איז אַ שטיף־פאָטער" (שפּוו.). "עלטערן קענען אַלעס געבען נאָר ניט קיין מ ז ל"

(שפוו.). ״לאָז עס זיין פון אַ קאָ־זאַק אָבי מיט מ ז ל״ (שפוו.). ״איטליכעס קינד ווערט געבוירען מיט זיין מ ז ל״ (שפוו.). ״שכל אָהן מ ז ל איז ווי אַ רויהער בריליאַנט״ (שפוו.). ״וואָס נוצט מ ז ל אָהן ברכה״ (שפוו.).

מַזָל־בְּרָכָה, המ. (מ. מַזָל־בְּרָכוֹת). גליק, גערעטענים, אי־בערפלוס.

מַזָל־טוֹב [טָב], אר. (ליטורגיש). ״גוטעס גליק״, מיט גליק!, אַ ווינשעוואַניע וועלכע מע זאָגט ביי פאַמיליען־פעסטליכקייטען, אַזוי ווי אויף אַ חתונה, אַ תנאים, אַ ברית־מילה א. ד. ג.; המ. פאַמיליען־פעסטליכ־קייט (מ. מַזָל־טוֹבִים [טָבִים]).

מַזָלדיג, א. גליקליך; גליק־ברייג־גענדיג. ״דער מ ז ל ד י ג ע ר ווערט געבוירען מיט אַ גילדענעם לעפעל אין מויל״ (שפוו.). ״אין אַ מ ז ל ד י ג ע ר שעה מיט׳ן רעכטען פיסעל״ (אַזוי ווינשט מען חתן־כלה ווען זיי געהען צו דער חופה).

מְזַלְזֵל־מְקַה־זיין, צש. פאַרביליגען דעם פרייז.

מִזְמוֹר, המ. (מ. מִזְמוֹרים). אַ געזאַנג, אַ געבעט־געזאַנג, אַ פסאַלם. ווי אַ מ ז מ ו ר, גלאַט, געלויפיג.

מְזַנֵה־זיין, צש. אונגעזעצליך צוזאַ־מענזיין, בוהלען, שווייפען.

מִזְרָח, המ. (מ. מִזְרָחים). אָסט־זייט, אָסט; דער אויבען־אָן אין אַ שוהל; אַ בילד (געוועהנליך אַ סצענע פון דער ביבעל אָדער פון דער אידישער געשיכטע) וואָס מע הענגט אויף אויף דער מזרח־וואַנד.

מִזְרָחידיג, א. אָסטליך.

מִזְרָחִי, המ. דער אָרטאָדאָקסישער פליגעל פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציאָן.

מִזְרָחִית־דְרוֹמִית, א. (תלמודיש). אָסט־זידליך, אין אַ אָסט־זידליכער ריכטונג.

מִזְרָחִית־צְפוֹנִית, א. (תלמודיש). אָסט־נאָרדליך, אין אַ אָסט־נאָרד־ליכער ריכטונג.

מִזֶרַע־הַיְהוּדִים, (ביבליש). פון אידישער אָבשטאַמונג.

מֹחַ, המ. (מ. מֹחוֹת). געהירן, מאַרך; דער שאַרבען (פון קאָפּ); פאַרשטאַנד, שאַרפזיניגקייט; אויפ־מערקזאַמקייט; געדעכטנים. ער האָט אַ מ ח פון אַ קאַץ, ער פאַר־געסט גיך. ״אַז מע פליהט צו הויך קערט זיך איבער דער מ ח״ (שפוו.).

מַחָאָה, הוו. (מ. מַחָאוֹת). פראָ־טעסט.

מְחַבֵּל, המ. (מ. מְחַבְּלים). פאַר־דאַרבער, שאָדענמאַכער; אַ׳ן ענער־גישער פעהיגער מענש, אַ׳ן אויפ־טהוער; אַ בייזער גייסט, אַ טייוועל.

מְחַבֵּר, המ. (מ. מְחַבְּרים). פאַר־פאַסער, שרייבער, אויטאָר.

מְחַדֵשׁ־זיין, צא. באַנייען; ער־

פינדען. מחדש־זיין די לבנה, זאָגען אַ געוויסע געבעט ווען די נייע לבנה געהט אויף. זעה קִ׳דוש־לְבָ׳נָה.

מְחוּ׳יָב, א. שולדיג, פאַרפליכטעט, געצוואונגען.

מְחוּ׳לָק־, א. ניט איבעראיינ־שטימיג, האָבענדיג פאַרשיעדענע מיינונגען.

מְחוּ׳סָר־, המ. (מ. מְחוּסְ׳רֵי־). איינער וועלבער איז אין מאַנגעל פון —, איינער וועלבער האָט ניט —.

מְחוּ׳סַר־לֶ׳חֶם, המ. (מ. מְחוּסְ׳רֵי־לֶ׳חֶם). איינער וואָס איהם פעהלט (אויף) ברויט, אַ גרויסער אָרע־מאַן.

מְחוּץ־לַמַחְ׳נֶה, או. זעה חוּץ־לַמַחְ׳נֶה.

מְחוּ׳צְ׳נער, אמ. אַ דרויסענדיגער, אַ זייטיגער; אַ׳ן אַרבייטער וועל־בער געהערט ניט צו דער יוניאָן.

מְחוּ׳תָּן, המ. (מ. מְחוּתְּ׳נִים). דער פאָטער פון דעם חתן אָדער דער כלה; אַ נאָהענטער פאַרוואַנדטער פון דעם חתן אָדער דער כלה; אַ נאָהענט בעפריינדטער מענש. זיין מיט אימיצען אַ גאַנצער מחותן, זיין מיט אימיצען זעהר בעפריינ־דעט. "אַ מחותן טאָר קיין הונד ניט זיין" (שפוו.). "איינס מיט דעם דריטען איז ניט קיין מחותן;" (שפוו.). "חזיר האָסט געלט? זיי מיין מחותן" (שפוו.). "עס איז ניטאָ קיין מזומנים איז אויס מחותנים" (שפוו.).

מְחוּתְּ׳נְ׳עשאַפט, הוו. פאַרוואַנד־שאַפט דורך הייראַטהע; זעהר נאָ־הענטע באַציהונגען.

מְחוּ׳תֶּ׳נֶת, הוו. זעה מְחוּ׳תָּן.

מְחוּתֶּ׳נֶ׳תִיטע, הוו. (מ. מְחוּתֶּ׳נֶת׳־טֶעס). זעה מְחוּ׳תָּן.

מַחְ׳זוֹר, המ. (מ. מַחְזוֹ׳רִים). אַ בוך וואָס ענטהאַלט די תפלות וואָס מע זאָגט ראש השנה, יום כפור, סכות, פסח און שבועות.

מַחְ׳זוֹר־לְמוּ׳טַב־זיין, צא. (תלמו־דיש). באַקעהרען צום גיטען.

מַחְזָ׳קָה, הוו. (מ. מַחְזָ׳קוֹת). אוּמ־גאַנג, פאַרקעהר, געשעפט. מאַ־כען אָדער האָבען מיט אימיצען מחזקות, האָבען געשעפטען מיט אימיצען, פאַרקעהרען מיט אימיצען (אורשפרינגליך: האָבען שפאַס מיט אימיצען. זעה חוֹ׳זֶק).

מְחַ׳יֵב־זיין, צא. ערקלעהרען אַלס שולדיג; צווינגען, נייטהען, פאָ־דערען. דער שכל איז מחיב אַז עס מוז אַזוי זיין.

מְחַ׳יֶה, המ. קוויקונג, לאַבונג, פאַרגעניגען.

מְחְ׳יָה, הוו. (מ. מִחְ׳יוֹת). ערנעה־רונג, אַ געשעפט פון וועלכען מע ערנעהרט זיך (געוועהנליך גע־ברויכט אויף אַ שענק). "אַז די קאַן געהט אַוועק האָבען די מיין מחיה" (שפוו.).

מְחַ׳יֶה־זיין, צא. דערקוויקען, לאַ־

בען, ערפרישען, פערשאפען פאר־ געניגען.

מְחַ'יֶה־מֵ'תִים־זיין, צא. (תלמודיש). "באלעבען די טויטע", אויפלעבען אויף דאס נייי; "ער איז ווי מ ח י ה ־ מ ת י ם".

מְחַ'יֶה־נְפָ'שׁוֹת, א. "קוויקענדיג די זעעלען", קוויקענדיג, זעהר געשמאק.

מְחַ'יֶה־נְפָ'שׁוֹת'דיג, א. זעה מְחַ'יֶה־נְפָ'שׁוֹת.

מְחַ'יֶה'דיג, או. באלעבענד, ערקוויקענד, ערפרישענד, זעהר אנגענעהם.

מְחַ'יֵיב־, זעה מְחַ'יֵב־.

מְחַ'יֵיה, זעה מְחַ'יֶה.

מְחִ'יָיה, הוו. זעה מְחִ'יָה.

מְחִי'לָה, הוו. (מ. מְחִי'לוֹת), פאר־ געבונג, פארציייהונג; (ווּאולגאר) דער הינטען.

מְחִי'לָה־גְמוּ'רָה, הוו. פאלקאמענע פארגעבונג.

מְחִי'צָה, הוו. (מ. מְחִי'צוֹת). א צאם, א וואנד, א צווישענוואנד.

מַחֲ'לָה, הוו. (מ. מַחֲ'לוֹת). קראנק־ הייט.

מַחֲלוֹ'קָה, הוו. זעה מַחֲלוֹ'קֶת.

מַחֲלוֹ'קֶת, הוו. (מ. מַחֲלוֹ'קוֹת, מַחֲלוֹ'קֶת'ען). שטרייט, קריעג, דיספוט, צאנקעריי. "א מ ח ל ו ק ת איז ווי א פייער" (שפוו.).

מְחַ'לֵל־זיין, צא. פארשוועכען, לעסטערען.

מְחַ'לֵל־הַשֵּׁם [הַשֵּׁם'] ־זיין, צש. לעס־ טערען דעם נאמען (פון גאט), טהאן עפעס וואס שענדעט דאס אידישע פאלק אין די אויגען פון ניט אידען.

מְחַ'לֵּל־שֵׁם [שֵׁם] ־שָׁמַ'יִם (בְּפַרְהֶסְ'יָא). הם. (תלמודיש). איי־ נער וועלכער פערשוועכט דעם נאמען פון גאט (עפענטליך).

מַחְ'מִיר, הם. (מ. מַחְמִי'רִים). איי־ נער וועלכער איז גענייגט צו ענט־ שיידען רעליגיעזע פראגען שטענ־ דיג אויף דער שטרענגער זייט. זעה מֵ'קִיל.

מֵחֲמַת [מַחְ'מַת], פ. צוליעב, וועגען, איבער, ווייל.

מַחֲ'נֶה, הוו. (מ. מַחֲ'נוֹת). פאלק, ראטע; ארמיי; גרויסע מאסע.

מְחַ נֵךְ־זיין, צא. איינווייהען, באַ־ נייען; ערציהען, אויפהאדעווען, אויפבריינגען.

מַחֲ'צִית־הַשֶּׁ'קֶל, הם. (ביבליש). דער האלבער שקל, דאס קאפ־ געלט וואס משה האט גענומען פון יעדען אידען צו בויען דעם משכן; דאס געלט וואס יעדער איד גיט פאר א וואהלטעהטיגען צוועק דעם אבענד פון פורים צום אנדענקען אן דעם מחצית־השקל.

מְחָק [מְ'חַק], הם. אויסגעמעקטע שטעלע (אין א מאנוסקריפט).

מֶחְ'קָר, הם. פילאזאפיע.

מָ'חָר, או. מארגענדיגען טאג.

מְחַרְ'חֵר־רִיב, הם. (ביבליש). א "קריעג־מאכער", א'ן אונטערהעצער.

מַחֲ'רִיב־זַיין, צא. צושטערען, פאר־
ווּיסטען.

מַחֲ'רִיב־עוֹ'לָמוֹת־זַיין, צש. (תלמו־
דיש). צושטערען וועלטען, אי־
בערקעהרען וועלטען.

מַחֲ'רִים־זַיין, צא. אריינלייגען אין
חרם.

מְחָרֵף [מחַ'רף] וּמְגַ'דֵף־זַיין, צא.
זידלען און לעסטערען.

מָחֳ'רַת־יוֹם־הַכִּפּוּ'רִים, המ. דער
טאָג נאָך יום כפור.

מַחֲשָׁ'בָה, הוו. (מ. מַחֲשָׁ'בוֹת).
געדאנק, זינן. "מחשבה —
קיין מעשה" (ווער.).

מַחֲשָׁ'בָה־זָ'רָה, הוו. (מ. מַחֲשָׁ'בוֹת־
זָ'רוֹת), (תלמודיש). "א פרעמ־ער
געדאנקען", אַ'ן אונריינער אָדער
שלעכטער געדאַנקען.

מַחֲשָׁ'בָה־טוֹ'בָה, הוו. (מ. מַחֲשָׁ'בוֹת־
טוֹ'בוֹת). (תלמודיש). אַ גוטער
געדאנקען.

מַחֲשָׁ'בָה־רָ'עָה, הוו. (מ. מַחֲשָׁ'בוֹת־
רָ'עוֹת). (תלמודיש). אַ שלעכטער
געדאַנקען.

מַחֲשְׁבוֹ'תִין, או. זיך דערמאָנענדיג,
אַז מע האלט שוין דערבייַ, פאר־
בייגעהענדיג.

מ"ט־שַׁעֲ'רֵי־טוּמְ'אָה, (קאבאלים־
טיש). די ניין און פערציג טהויערען
(שטופען) פון אונריינקייט.

מַטְבֵּ'עַ, הוו. (מ. מַטְבְּ'עוֹת). אַ
געלט־שטיק, אַ מינצע; געלט. אַ
רעכטע מטבע, אַ גרויסע
סומע. "דער וואָס האָט די
מטבע דער האָט די דעה"
(שפוו.). "עס איז ניטאָ קיין
שלעכטע מטבע פאר אַ סוחר"
(שפוו.).

מִ'טָּה, הוו. (מ. מִ'טּוֹת). "בעט",
דאָס ברעט אויף וועלכען מע
טראָגט דעם טויטען צום טויטען־
פעלד.

מְטַ'הֵר־זַיין, צא. אָפּריינינגען, אָפּ־
וואַשען (אַ טויטען).

מְטוּ'פָּל, המ. (מ. מְטוּפָּ'לִים). איי־
נער וועלכער איז באַלאָדען; איי־
נער וועלכער האָט פיעל קינדער.

מְטוּ'רָף, המ. (מ. מְטוּרָ'פִים). אַ
פארריקטער, אַ וואהנזיניגער.

מְטוּרֶ'פֶת, הוו. זעה מְטוּ'רָף.

מְטוּשְׁ'טָשׁ, א. ניט דייטליך; צו־
טראָגען, צוטומעלט.

מַ'טּוֹת, הוו. דער נאָמען פון דער
צוויי און פערציגסטער סדרה (ווז.).

מַ'טּוֹת־וּמַסְ'עֵי, הוו. מ. זעה סֶדֶ'רָה.

מֵטַטְ'רוֹן, המ. דער נאָמען פון אַ
געוויסען מלאך וועלכער שטעהט
נעבען גאָט'ס טהראָן.

מֵ'טִיב־זַיין, צש. גוטס טהאָן, זיין
גנעדיג.

מַ'טִּיף, המ. (מ. מַטִּי'פִים). רעד־
נער, פרעדיגער.

מַ'טִּיף־לְאוּ'מִי, המ. אַ נאַציאָנאַליס־
טישער רעדנער.

מְטַלְ'טְלִים, מ. באַוועגליכע גיטער,
הויז־זאַכען, מעבעל.

מְטַ'מֵּא־זַיין, צא. פאראונרייניגען,
מאַכען אונריין.

**מַטְ'מוֹ'ן**, המ. (מ. מַטְמוֹ'נִים). אַ פֿאַרבאָרגענער שאַץ, אַ שאַץ; אַ גרויסע סומע.

**מַטְעַ'מִים**, מ. געשמאַקע שפּייזען.

**מַטְרִי'חַ־זיין**, צא. באַמיהען.

**מִי־יוֹדֵ'עַ**, (ביבליש). ווער ווייס?

**מִי־יִחְיֶה**, (ליטורגיש). ווער עס זאָל בלייבען לעבען (ווערטער גענומען פֿון דעם "ונתנה־תוקף"־געבעט).

**מִי־יָ'מוּת**, (ליטורגיש). ווער עס זאָל שטאַרבען (ווערטער גענומען פֿון דעם "ונתנה־תוקף"־געבעט). "ער וויינט ניט אויף מ י ־ י מ ו ת נאָר אויף מי־יחיה" (ווער.).

**מֵי־רַגְלַ'יִם**, מ. (תלמודיש). אורין.

**מִי־שֶׁבֵּ'רַךְ**, המ. (מ. מִי־שֶׁבֵּ'רַכִ'ים), (ליטורגיש). "דער וועלכער האָט געבענשט" (אונזערע עלטערען אברהם, יצחק און יעקב דער זאָל אויך בענשען א. א. וו.), אַ געבעט וואָס מע זינגט אוים אין שוהל ביים לייענען פֿאַר דעם אויפֿגערופֿענעם ביי וועלכער געלעגענהייט ער שענקט אַ געוויסע סומע אויף דער שוהל אָדער פֿאַר אַנדערע וואָהלטהעטיגע צוועקען; לויב, דאַנק. אַ טרוקענער מ י ־ ש ב ר ך, אַ מי־שברך געזאָגט אויף אַ פּערזאָן וועלכע האָט גאָרניט געגעבען. מאַכען אימיצען אַ מ י ־ ש ב ר ך, איינעם לויבען (פֿאַר אַ גוטע טהאַט). דער רוסישער מ י ־ ש ב ר ך, דאָס רוסישע פֿלוכוואָרט.

**מִי־שָׁמְ'ךָ**, (ביבליש). ווער האָט דיך געמאַכט (פֿאַר אַ'ן אויבערהאַר)?, ווער האָט דיר געגעבען דאָס רעכט?. "ווער האָט דיך געמאַכט פֿאַר אַ מ י ־ ש מ ך?" (ווער.).

**מִי'אוּס**, א. זעה מֵאוּס.

**מְיָאֵשׁ** [מְיַ'אֵשׁ]־זיין־זיך, צוו. צווייפֿלען, אויפֿגעבען די האָפֿענונג.

**מְיַ'בֵּם־זיין**, צא. הייראַטהען (ביי אידען פֿאַרצייטען) די פֿרוי פֿון אַ ברודער וועלכער איז געשטאָרבען אָהן קינדער. זעה חֲלִי'צָה.

**מִי'גוֹ**, זעה מִ'גוֹ.

**מִיָּד** [מִיַ'ד], באַלד, גלייך.

**מִיָּד־לְיָד** [מִיַּד־לְ'יַד], פֿון האַנד צו האַנד.

**מִי'דָה**, (מ. מִי'דוֹת). זעה מִ'דָה.

**מְיוּ'חָס**, המ. (מ. מְיוּחָ'סִים). איינער וועלכער שטאַמט פֿון אַ הויכער פֿאַמיליע. "אַ מ י ו ח ס עסט רוחות" (שפּוו.). "אַ'ן אָרעמער מ י ו ח ס איז געגליכען צו די שברי־לוחות" (שפּוו.).

**מְיוּ'שָׁב**, א. באַזעסען, איבערלייגט.

**מְיוּ'שָׁב'דיג**, א. זעה מְיוּ'שָׁב.

**מֵי'חוּשׁ**, המ. אַ קראַנקהייט, אַ שוואַכקייט.

**מְיַ'חֵס־זיין־זיך**, צוו. זעה יִ'חוּס'ען־זיך.

**מיט־**, די באַדייטונג פֿון אלע העברעאישע ווערטער מיט דעם פֿאָרוואָרט "מיט־" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

מי'טָה, הוו. (מ. מי'טוֹת). זעה מ'טָה.

מְיָי'אֵשׁ־, זעה מְיָאֵשׁ־.

מְנַיי'בֵּם־, צא. זעה מְנַ'בֵּם־.

מְנַיי'חֵם־, זעה מְנַ'חֵם־.

מ'יִים, הם. מ. זעה מַיִם.

מייקאַכץ, הוו. (מ. מייקאַכצען). דאָס וואָס מע ברעכט אויס (פון מאָגען). זעה מֵ'קִיאִין.

מייקען, מייקענען, צש. ברעכען, אויסברעכען (פון מאָגען). זעה מֵ'קִיאִין.

מְנַיי'שֵׁב־, זעה מְנַ'שֵׁב־.

מי'כָאֵל, אנט. (ביבליש). דער נאָמען פון א געוויסען מלאך.

מי'כָה, אנט. דער נאָמען פון א געוויסען פראָפעט; דאָס ביבלישע בוך וואָס ענטהאַלט די פראָפעציייהונגען פון מיכה.

מֵי'לָא, או. נו, אויך רעכט. "מילא נו פטור" (ווער. — ד. ה. נו זאָל שוין אזוי).

מי'לָה, הם. (מ. מי'לוֹת). די באַשניידונג (פון א אידישען קינד); דער מענליכער אָרגאַן. "ער טראָגט זיך אַרום ווי אברהם־אבינו מיט דער מילה" (ווער.).

מי'לֵי־דְעַלְ'מָא, מ. (תלמודיש). וועלטליכע זאַכען, וועלטליכע אינטערעסען.

מ'יִם, מ. וואַסער.

מ'יִם־אַחֲרוֹ'נִים, מ. "דאָס לעצטע וואַסער", דאָס וואַסער אין וועלכען מע וואַשט די פינגער איידער מע זאָגט דאָס געבעט נאָכ'ן עסען. "מים־אחרונים וואַסער" (שפּאַס=אויסדרוק).

מ'יִם־חַ'יִים, מ. (ביבליש). "פרישעס וואַסער", בראָנפען, שנאַפּס.

מ'יִם־שֶׁלָ'נוּ, מ. (תלמודיש). וואַסער וואָס איז געשטאַנען אין א געפעס איבער נאַכט (געברויכט ביים קנעטען פון מצות דאַמיט דער טייג זאָל ניט זויער ווערען).

מֵימְ'רָא, הוו. (מ. מֵימְ'רוֹת). א זאַץ, א פאַראַגראַף (פון תלמוד).

מִין, הם. (מ. מי'נִים, מי'נֵי־). וואָרט, גאַטונג, קלאַס, אַרט; געשלעכט.

מינְ'יָן, הם. (מ. מִינְיָ'נִים). זעה מִנְ'יָן.

מי'עוּט, זעה מ'עוּט.

מֵי'צַר, הם. אונטערדריקער, פאַרפאָלגער. "דער יצר איז א מיצר" (שפּוו.).

מֵי'קִיל, הם. זעה מֵ'קִיל.

מְנַי'שֵׁב־זיין־זיך, צוו. זיך באַראַטהען, זיך באַקלערען, זיך איבערלייגען.

מי'תָה, הוו. (מ. מי'תוֹת). טויט, טויט=שטראָף.

מי'תָה־מְשׁוּ'נָה, חוו. (תלמודיש). א'ן אונגאַטירליכער טויט, א געוואַלד=טויט. מיתה־משונה קאָלירען, ווילדע געשמאַקלאָזע קאָלירען.

מְכַ'בֵּד־זיין, צא. באַעהרען, טראַקטירען.

מַכְּ'בִּי, אנט. (מ. מַכְּ'בִּים). אַ נאָמען מיט וועלכען די מיטגליעדער פון דער פאַמיליע חשמונאים רופען זיך אָן. דער ערשטער וועלכער האָט געטראָגען דעם נאָמען איז געוועזען מתתיהו'ס זוהן יהודה, וועלכער האָט זיך באַוואונדערם אויסגעצייכענט מיט זיין העלדישקייט און פאַטריאָטיזמוס אין פיעלע שלאַכטען מיט די גריכען. לויט דער באַהויפּטונג פון געוויסע היסטאָריקער איז דאָס וואָרט "מכבי" צונויפגעשטעלט פון די אָנפאַנגס־בוכשטאַבען פון די ווערטער "מִי כָמוֹךָ בָּאֵלִים יהוה" (ווער צווישען די שטאַרקע איז אַזוי ווי דו, אָ גאָט), וועלכע זיינען געוועזען אויפגעשריבען אויף דער פאָהן פון יהודה און זיין אַרמיי.

מַכְּ'בִּיד־זיין, צא. שווער מאַכען, אַרויפלעגען אַ לאַסט.

מַכְּ'בִּיד־עוֹל־זיין, צש. שווער מאַכען דעם יאָך.

מ'כָּה, הוו. (מ. מַ'כּוֹת). אַ פּלאָג, אַ פּעטש, אַ'ן אָנשיקעניעס; אַ געשוויר; אַ קלאַפּ. קריגען מ כ ו ת, גאָרנישט קריגען. "אַז מע לעגט ניט אַריין טאַקי נעהמט מען אַרויס אַ מ כ ה" (שפּוו.). "גאָט איז אַ פאָטער, אַז ער גיט ניט קיין מ כ ה גיט ער אַ בלאָטער" (שפּוו.). "אַז עס קומט אויף קהל אַ מ כ ה קומט אויף דעם יחיד אַ בלאָטערעל" (שפּוו.).

מ'כָּה אֲ'שֶׁר לֹא כְתוּ'בָה בַּתּוֹ'רָה, הוו. (ביבליש: מַכָּה אֲשֶׁר לֹא כָתוּב בְּסֵפֶר הַתּוֹרָה). "אַ פּלאָג וועלכע איז ניט דערמאָנט אין דער תורה", אַ נייע פּלאָג. זעה תּוֹ'כֵחָה.

מְבַ'יֵּון־, זעה מְכַ'וֵּן־.

מָכוֹ'ן, הוו. אַבזיכט, מיין.

מְכּוֹ'חַ, זעה מִכּ'חַ.

מְכוּ'לֶה, א. פאַרדאָרבען, קאַליע; באַנקראָט. געהן מ כ ו ל ה, באַנקראָטירען.

מְכַ'וֵּן־זיין, צא. האַלטען אין זינען, מיינען, באַאַבזיכטיגען; צוטרעפען, צופּאַסען.

מְכוּרַ'עַת, הוו. אַ העסליכע פרויענצימער (פאַרגרייזט פון מְכוֹעֶ'רֶת, ווז.).

מַ'כּוֹת־אַכְזָ'רִיוֹת, מ. גרויזאַמע קלעפּ, מערדערליכע קלעפּ.

מַ'כּוֹת־רֶ'צַח, מ. מערדערליכע קלעפּ.

מִכּ'חַ, ב. וועגען, איבער, אין בעצוג אויף.

מַכְּ'חִישׁ־זיין, צא. אָפּלייקענען.

מְכִילְ'תָּא, הוו. אַ געוויסער קאָמענטאַר געשריבען פון די תנאים אויף דאָס בוך שמות (ווז.).

מְ'כִין־זיין, צא. אָנגרייטען, צוגרייטען.

מַ'כִּיר־טוֹ'בָה, המ. איינער וועלכער איז דאַנקבאַר פאַר אַ געפעליגקייט.

מְכִי'רָה, הוו. (מ. מְכִי'רוֹת). אַ פאַרקויף.

מְכִי'רַת־חָ'מֵץ, הוו. דאָס פאַרקוי=

סען פון חמץ צו אַ ניט־אידען אין דעם טאָג פאַר פסח.

מְכִי'רַת־יוֹ'סֵף, הוו. די ביבלישע ערצעהלונג פון יוסף מיט זיינע ברידער וועלכע האָבען איהם פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף.

מְכָּל־שֶׁכֵּן [מִכָּל־שֶׁכֵּן], או. זעה כָּל־שֶׁ'כֵּן.

מְכַ'לֶה־מאַכען, צא. פאַרדאַרבען, מאַכען צונישט, צושטערען.

מִכְּלוֹ'מֶרְ'שְׁט, זעה כְּלוֹ'מֶרְ'שְׁט.

מַכְ'נִים־אוֹ'רֵחַ, הם. (מ. מַכְנִי'סֵי־אוֹרְחִים [אָרְ'חִים]). אַ גאַסטפריינד־ליכער מענש.

מַכְנִי'עַ־זיין־זיך, צוו. זיך מאַכען אונטערטהעניג, זיך ערנידעריגען.

מִכְנָסַ'יִם, מ. ביינקליידער, הויזען; דער אונטערשטער טהייל פון טויטען־קליידער.

מַ'כֶּם, הם. צאָלל, אָפּצאָלל, טאַק־סע. „אַ וואָגען „העט איך" צאָלט ניט קיין מכס" (שפוו.).

מְכַ'פֵּר־זיין, צא. פאַרצייהען, פאַר־געבען; צש. זיין אַ פאַרגעבונג, זיין אַ פאַרגיטיגונג.

מַכְ'רִיז־(וּמוֹדִי'עַ)־זיין, צא. אויס־רופען, אויסשרייען, פראָקלאַמי־רען, באַקאַנטמאַכען, פאַרעפענט־ליכען.

מַכְ'רִיעַ־זיין, צא. ענטשיידען.

מִכְ'שׁוֹל, הם. (מ. מִכְשׁוֹ'לִים). שטרויכלונג, הינדערניס.

מַכְ'שִׁיל־זיין, צא. מאַכען (אימיצען) געשטרויכעלט צו ווערען, ברייננגען צו אַ זינד.

מְכַשֵׁי'פָה, הוו. (מ. מְכַשֵׁי'פוֹת). זעה מְכַשֵּׁ'פָה.

מַכְשִׁי'רִין, מ. געשיר, געצייג.

מְכַ'שֵּׁף, הם. (מ. מְכַשְּׁ'פִים). צוי־בערער, צויבער־מאַכער.

מְכַשֵּׁ'פָה, הוו. (מ. מְכַשֵּׁ'פוֹת). צויבערין, צויבער־מאַכערין; אַ שלעכטע פרוי.

מְכַ'שֵׁפִיטע, הוו. (מ. מְכַ'שֵׁפִּיטעס). זעה מְכַשֵּׁ'פָה.

מַ'כַּת־מְדִי'נָה, הוו. (תלמודיש). לאַנד־פּלאָג, עפּידעמיע.

מִכְ'תָּב, הם. (מ. מִכְתָּ'בִים). אַ בריעף.

מִכְ'תַּב־לַאֲהוּ'בִי־בריעף, הז. פריינד־שאַפט-בריעף.

מַל־זיין, צא. באַשניידען (אַ קינד).

מָ'לֵא, א. פול; באַטרונקען, באַ־רוישט.

מָ'לֵא, הם. אַ פולער מאָנאַט, אַ (אידישער) מאָנאַט וועלכער האָט דרייסיג טעג.

מָ'לֵא־וְגָ'דוּשׁ, א. (תלמודיש). פול און אָנגעהויפט, פול מיט קענט־ניסען.

מָ'לֵא־חֵ'מָה, א. פול מיט צאָרן, צאָרניג.

מָ'לֵא־חֵן, א. פול מיט רייץ, רייצ־צענד, אַנציהענד.

מָ'לֵא־רַחֲ'מִים, א. (ליטורגיש). פול מיט באַרמהערציגקייט, באַרמ־הערציג.

**מָלֵא־רְצִיחָה**, א. פול מיט וואוטה, אויפגעקאָכט, שטאַרק צאָרניג.

**מָלֵא־שִׂמְחָה**, א. פול מיט פרייד, דערפרעהט.

**מַלְאָךְ**, המ. (מ. מַלְאָכִים). אַ׳ן ענגעל, אַ הימלישעס וועזען. "אַז מע רופט דעם מ ל א ך קומט דער גלח" (ווער. — ווען אימיצער וועגען וועלכען מע האָט נאָר וואָס גערעדט קומט פּלוצלונג אַריין).

**מַלְאַךְ־דוּמָה** [ד׳מֶה], המ. (תלמודיש). דער מלאך וועלכער נעהמט אויף די טויטע אויף יענער וועלט.

**מַלְאַךְ־הַגּוֹאֵל**, המ. (ביבליש). דער ערלעזענדער (באַפרייענדער) ענגעל.

**מַלְאַךְ־הַדוּמָה** [הַדוּ׳מֶה], המ. זעה מַלְאַךְ־דוּמָה.

**מַלְאַךְ־הַמָּוֶת**, המ. (מ. מַלְאֲכֵי־הַמָּוֶת׳ען), (תלמודיש). דער ענגעל פון טויט; אַ מערדער, אַ טויט־בריינגער. "דער מ ל א ך־ ה מ ו ת זאָרגט זיך ניט צי דער טויטער האָט תכריכים" (שפּוו.). "דער מ ל א ך־ה מ ו ת שעכט און בלייבט גערעכט" (שפּוו.). "אַ פוילען איז גוט צו שיקען נאָכ׳ן מ ל א ך־ה מ ו ת" (שפּוו.). "דער מ ל א ך־ה מ ו ת קוקט ניט אין לוח" (שפּוו.).

**מַלְאַךְ־חַבָּלָה**, המ. (פ. מַלְאֲכֵי־חַבָּלָה), (תלמודיש). פאַרדערבענדער ענגעל, בייזער גייסט; שלעכטער מענש.

**מְלָאכָה**, הוו. (מ. מְלָאכוֹת). אַ׳ן ארבייט, אַ שטיק ארבייט; אַ פראָפעסיאָן. "פון אַלע מ ל א כ ו ת אין באָד אַריין" (ווער.). "אַ מ ל א כ ה פון איהם דאָס צו טהאָן!" (ווער.). "פיעל מ ל א כ ו ת און ווייניג ברכות" (שפּוו). "די מ ל א כ ה האָט ליעב צו מאַכען ברכה" (שפּוו.). "די שווערסטע מ ל א כ ה איז ליידיג צו געהן" (שפּוו.). "אַ מ ל א כ ה איז אַ מלוכה" (שפּוו.). "אַז מע האָט אין דער האַנד אַ מ ל א כ ה קומט אַריין די ברכה" (שפּוו.). "טהו נאָר פלייסיג דיין מ ל א כ ה וועט שוין קומען די מזל־ברכה" (שפּוו). "די מ ל א כ ה דאַרף מען קענען און יושר דאַרף מען האָבען" (שפּוו.). "אַ איד קען אַלע מ ל א כ ו ת: פסח באַקט ער מצות, שבועות איז ער אַ גערטנער, תשעה־באב איז ער אַ זעלנער, סכות איז ער אַ בוי־מייסטער, חנוכה גיסט ער דריידלאַך, ראש־השנה בלאָזט ער שופר" (שפּוו.).

**מְלָאכֶה׳ן**, צש. (וואולגאַר). געהן אויפ׳ן שטוהל.

**מַלְאָכִי**, אנם. דער נאָמען פון אַ געוויסען פראָפעט, דער נאָמען פון דאָס ביבלישע בוך וואָס ענטהאַלט די פראָפעציייהונגען פון מלאכי.

**מַלְאֲכֵי־הַשָּׁרֵת**, המ. מ. (תלמודיש). די מלאכים וואָס באַדיענען (גאָט, און שטעהען נאָהנט צו זיין טהראָן).

**מְלָאפוּם** [מַלוּ׳פֶם], המ. דער געמיינשאַפטליכער נאָמען פון די צוויי העברעאישע וואָקאַל־צייכענס "וּ" און "וֹ".

מַלְבּוּשׁ, המ. (מ. מַלְבּוּשִׁים). אַ קלייד.

מַלְבּוּשֵׁי־כָבוֹד, מ. עהרען-קליי= דער, פרעכטיגע קליידער.

מַלְבִּישׁ־עֲרוּמִים, (תלמודיש). המ. דער באַקליידער פון די נאַקעטע (אָרעמע).

מְלוּבָּשׁ, א. באַקליידעט, אָנגעטהאָן.

מַלְוֶה, המ. (מ. מַלְוִים). איינער וועלכער פאַרלייהט געלט.

מְלַוֶּה־זיין, באַגלייטען, אַרויסבאַ= לייטען; נאָכגעהן (נאָך אַ טויטען).

מַלְוֶה־בְּרִבִּית, המ. (מ. מַלְוֵי־ בְּרִבִּית), (תלמודיש). איינער וועלכער פאַרלייהט געלט אויף פּראָצענט.

מְלַוֶּה־מַלְכָּה, הוו. "די באַגלייטונג פון דער קעניגין", די מאָהלצייט וועלכע מע עסט שבת=צו=נאַכט און מיט וועלכער מע באַגלייט אַרויס דעם שבת.

מְלַוֶּה־מַלְכָּה־זיין, צש. "אַרויסבאַ= גלייטען די קעניגין", עסען די מאָהלצייט פון מלוה-מלכה.

מַלְוֶהטע, המ. (מ. מַלְוֶהטעס). זעה מַלְוֶה.

מַלְוֶה, (מ. מַלְוִוים). זעה מַלְוֶה.

מְלַוֶּה־, זעה מְלַוֶּה־.

מְלוּכָה, (מ. מְלוּכוֹת). רעגירונג; קעניגרייך, אימפּעריע; קעניגלי= כעס אַמט, קייזערטהום. "אַ מלאָכה איז אַ מ ל ו כ ה אָבער מע האָט ניט קיין מנוחה" (שפּוו.).

מְלוּמָד, המ. (מ. מְלוּמָדִים). אַ געלערענטער, אַ געבילדעטער, אַ קענער.

מְלוּמֶדֶת, הוו. זעה מְלוּמָד.

מְלוּמֶדֶתטע, הוו. (מ. מְלוּמֶדֶתטעס). זעה מְלוּמָד.

מֶלַח, המ. זאַלץ.

מִלְחָמָה, הוו. (מ. מִלְחָמוֹת). שלאַכט, קריעג, קאַמפּף, שטרייט.

מֵלִיץ, המ. (מ. מְלִיצִים). פאַר= טהיידיגער, אַדוואָקאַט; אַ רעד= נער, אַ שרייבער. "אַ גוטער מ ל י ץ זאָל ער (דער פערשטאָר= בענער) פאַר אונז זיין".

מֵלִיץ־יוֹשֶׁר, המ. (ביבליש). אַ גוטער פאַרטהיידיגער.

מְלִיצָה, הוו. (מ. מְלִיצוֹת). רע= טאָרישער סטיל, שעהנע שפּראַך; אַ שענע פראַזע, אַ געשליפענער זאַץ.

מֶלֶךְ, המ. (מ. מְלָכִים). קיניג. "הינטער די אויגען מעג מען רע= דען אפילו אויפ'ן פוילישען מ ל ך" (שפּוו.). "אַ נייער מ ל ך מיט נייע גזרות, אַ נייער יאָהר מיט נייע עברות" (שפּוו.).

מֶלֶךְ־חֶסֶד, המ. (ביבליש). אַ גנע= דיגער קיניג.

מֶלֶךְ־מַלְכֵי־הַמְּלָכִים, המ. (לי= טורגיש). דער קיניג פון אַלע קי= ניגען, גאָט.

מַלְכָּה, הוו. (מ. מְלָכוֹת (מַלְכּוֹת)). קיניגין. האָבען אַ מ ל כ ה צום סדר, האָבען די ווייב נעבען זיך ביים אָפּריכטען סדר. "ווי דאָס

ווייב איז אַ מלכּה אום פּסח,
איז דער מאַן אַ מלך" (שפּוו.).

**מַלְ'כוּת**, הוו. הערשאַפט, קיניג־
טהום; המ. קיניג.

**מַלְ'כוּת־ברויט**, הז. אַ געוויסער
זאָרט געבעקס וואָס מע באַקט ביי
אידען אויף יום־טוב.

**מְלָ'כִים**, המ. "די קיניגען", דער
נאָמען פון אַ ביבלישען בוך (איינ־
געטהיילט אין צוויי טהיילען,
דער ערשטער פון וועלכע רופט
זיך "מלכים א'" און דער צוויי־
טער — "מלכים ב'").

**מַלְ'כַּת־שְׁבָא**, אנוו. די קעניגין פון
לאַנד שבא (וועלכע איז געקומען
זעהן דעם קעניג שלמה'ס קלוגהייט,
ווי די ביבעל דערצעהלט). "אויס־
געפּוצט ווי מלכּת־שבא"
(ווער.).

**מְלַ'מֵד**, המ. (מ. מְלַמְ'דִים). אַ
לעהרער (געוועהנליך אַ לעהרער
פון אידישע לעהר־געגענשטאַנדען);
אַ ניט־וועלטליכער מענש, אַ
נאַרר. "אַז דער מלמד קריגט
זיך מיט דער ווייב איז אַז אָך
און וועה די תלמידים" (שפּוו.).
"איטליכער מלמד איז אַ שטיק
שלים־מזל" (שפּוו.). "דער מלמד
אַרבייט מיט'ן טייטעל און דער
בעל־הבית מיט'ן בייטעל" (שפּוו.).
"עס האָט איהם געטראָגען ווי אַ
רוח דעם מלמד" (ווער.).

**מְלַ'מֵד־זְכוּת־זיין**, צש. (תלמודיש).
רעדען גוטעס, פאַרטהיידיגען.

**מְלַמְ'דוּת**, הוו. די פּראָפעסיאָן פון
אַ מלמד; אַ קנעללונג.

**מְלַמְ'דִייש**, א. באַלאַנגענדיג צו אַ
מלמד; נאַרריש, ניט־וועלטליך.

**מְלַ'מְדִ'יקע**, הוו. (מ. מְלַ'מְדִיקעס).
די פרוי פון אַ מלמד.

**מִלְעֵיל** [מִלְעֶל'], או. "אויבען", מיט
דעם אַקצענט אויף איינע פון די
פאָרלעצטע זילבען.

**מַ'ליען**, צא. באַשניידען (אַ קינד).

**מַלְ'קוֹת**, מ. קלעפּ, שמיץ מיט
וועלכע מע פלעגט באַשטראָפען
(פאַרצייטען ביי אידען) פאַר
געוויסע עברות; די שמיץ וואָס
די פרומע אידען לאָזען זיך פון
איטיצען געבען ערב־יום־כפור אלס
אַ'ן אָפּקומענים פאַר זייערע זינד.

**מִלְ'רַע**, או. "אונטען", מיט דעם
אַקצענט אויף דער לעצטער זילבע.

**מַלְ'שִׁין**, המ. אַ פאַרלוימדער, אַ
דאָנאָסשטשיק.

**מַלְ'שִׁין־זיין**, צש. פאַרלוימדען, דאָ־
נאָסעווען.

**מֶם**, המ. (מ. מֶ'מ'ען). דער נאָמען
פון דעם דרייצעהנטען בוכשטאַב
(מ) פון דעם אידישען אלף־בית.
שלוס־מם, דער נאָמען פון
דעם זעלבען בוכשטאַב ווען גע־
שריבען צום ענד פון וואָרט (ם).

**מַמָה'־נַפְשָׁךְ**, (תלמודיש). "ווי דו
ווילסט", אין איטליכען פון די
צוויי פאַלען, אויף יעדען פאַל.

**מָ'מוֹן**, המ. געלט. "עס קאָסט גע־
נוג ממון און דמים" (ווער.).

**מָ'מוֹן־קֹ'רַח**, המ. אַ גרויסער קאַפּי־
טאַל. זעה קֹ'רַח.

מְמוּ'נֶה, הס. (מ. מְמוּ'נִים). אָנגע=שטעלטער, בעאַמטער, אויפזע=הער.

מַמְ'זֵר, הס. (מ. מַמְזֵ'רִים). אַ אונ=געזעצליכעס קינד; א חיטרער פאַרשפּיצטער קערל. "אַ ממזר קען מען זיין און קלוג מוז מען זיין" (שפּוו.). "אַז אַ מוטער שרייט אויף איהר קינד "ממזר!" מעג מען איהר גלויבען" (שפּוו.). "דאָס קערבעל איז ניט קיין ממזר" (שפּוו.).

מַמְ'זֵר־בְּלִ'בּוּל, הס. (מ. מַמְ'זֵר־בִּלְבּוּ'לִים). די באַשולדיגונג אַז אימיצער איז אַ ממזר; אַ פאַלשע באַשולדיגונג.

מַמְ'זֵר־בֶּן־הַנִ'דָּה, הס. זעה בֶּן־הַנִדָּה.

מַמְ'זֵרִ'יטע, הוו. (מ. מַמְ'זֵרִ'יטעס). זעה מַמְ'זֵר.

מַמְ'זֵרִ'יש, א. באַלאַנגענדיג צו אַ ממזר; חיטרע, פאַרשפּיצט, קונציג.

מַמְזֶ'רֶת, הוו. (מ. מַמְזֵ'רוֹת). זעה מַמְ'זֵר.

מְמֵי'לָא, או. נאַטירליך, זעלבסט=פאַרשטענדליך, פאָלגליך.

מֵ'מִית'ען, צא. מערדעריך שלאָגען.

מְמַ'לֵא־זיין, צא. ערפילען, אויס=פילען.

מְמַ'לֵא־מָ'קוֹם, הס. (תלמודיש). אַ שטעל=פאַרטרעטער.

מְמַ'לֵא־מָ'קוֹם־זיין, צא. אויספילען דעם פּלאַץ פון —, פאַרטרעטען די שטעל פון —.

מַמְ'לִיץ־, זעה מֵ'לִיץ.

מַמְ'צִיא־זיין, צוו. ערפינדען. זיך ממציא־זיין, זיך מאַכען די געוואוהנהייט. "ער האָט זיך ממציא געווען צו קומען יעדען טאָג".

מִמִּצְרַ'יִם־וְעַד־הֵ'נָּה, (ביבליש). פון מצרים ביז אהער, זעהר לאַנג אָדער ווייט.

מִמְּקוֹ'מְךָ, זעה מְקוֹ'נֵן.

מֵמְ'רָא, הוו. זעה מֵימְרָ'א.

מַ'מָּשׁ, או. ווירקליך, אין דער טהאַט, טאַקי; אַקוראַט, גענוי. "ער האָט מיך ממש מחיה גע=ווען". "ממש ווי זיין טאַטע".

מַמָ'שׁוּת, הוו. ווירקליכקייט, פעסט=קייט, האַפט. "עס האָט קיין ממשות ניט".

מַמָ'שׁוּת'דיג, או. האָבענדיג אַ האַפט, קאָנקרעט.

מֶמְשָׁ'לָה, הוו. (מ. מֶמְשָׁ'לוֹת). הערשאַפט, אויבערהערשאַפט, רעגירונג.

מַמְ'תִּיק־זיין, צא. פאַרזיסען, מאַכען אַנגענעהם, מאַכען לייכט צו פאַר=שטעהן, פּאָפּולאַריזירען. "ער האָט די זאַך ממתיק געווען מיט אַ משל".

מַמְתַּ'קִים, מ. "זיסע זאַכען", געלט, קלינגערס.

מָן [מַן], הס. די געשמאַקע שפּייז וועלכע פלעגט יעדען מאָרגען אַראָפּפאַלען פון הימעל פאַר די אידען אין דער וויסטע, ווי די ביבעל דערצעהלט. "עס האָט דעם

טעם פון מ ן". "האָבען מיר ניט געוואָלט עסען מ ן אין דער מדבר מוזען מיר אצינד עָסען ציבעלעס" (שפוו.).

**מִן־הַסְתָּם'**, או. זעה מִסְתָּ'מָא.

**מִן־הַצַד'**, או. פון דער זייט, פון אַ זייטיגער קוועלע.

**מִן־הַשָּׁמַ'יִם**, או. (תלמודיש). פון הימעל, פון גאָט.

**מִן־הַשָּׂ'פָה־וְלַחוּץ'**, (תלמודיש). פון די ליפּען אַרויס (ניט פון האַרצען).

**מִן־הַתּוֹ'רָה**, או. (תלמודיש). לויט דעם געזעץ פון דער תורה.

**מְנַ'גֵן**, הם. (מ. מְנַגְ'נִים). אַ זינגער; אַ קענער פון מוזיק.

**מְנַ'דֵב**, הם. (ט. מְנַדְ'בִים). איינער וועלכער שענקט (עפּעס פאַר אָרעמע אָדער פאַר וואָהלטהעטיגע צוועקען.

**מְנַ'דֵב־זיין**, צא. שענקען (עפּעס פאַר אָרעמע אָדער פאַר וואָהלטהעטיגע צוועקען).

**מָ'נָה־יָ'פָה**, הוו. (תלמודיש). אַ שענע פּאָרציע.

**מִנְ'הָג**, הם. (מ. מִנְהָ'גִים). געוואונהייט; זיטע, מאָדע, איינפיהרונג. "אַ מ נ ה ג ברעכט אַ דין" (שפוו.).

**מִנְהַג־הַמְדִי'נָה**, הם. (תלמודיש). "די זיטע פון לאַנד", איינפיהרונג, מאָדע.

**מִנְ'הַג־שְׁטוּת**, הם. אַ נאַרישע מאָדע, אַ נאַרישע איינפיהרונג.

**מַנְ'הִיג**, הם. (מ. מַנְהִי'גִים). פיהרער, אָנפיהרער, פאָרשטעהער.

**מְנַ'הֵל**, הם. (מ. מְנַהֲ'לִים). פיהרער, פאַרוואַלטער (פון אַ ישיבה אָדער אַ וואָהלטהעטיגער אַנשטאַלט).

**מְנוּ'וָל**, הם. (מ. מְנוּוָ'לִים). העסליכער אָדער עָקעלהאַפטער מענש, פאַסקודניק.

**מְנוּוֶ'לֶת**, הוו. (מ. מְנוּוָ'לוֹת). זעה מְנוּ'וָל.

**מְנוּוֶ'לֶת'טע**, הוו. (מ. מְנוּוֶ'לֶת'טעס). זעה מְנוּ'וָל.

**מְנוּ'חָה**, הוו. (מ. מְנוּ'חוֹת). רוה, אָפּרוה. "ווער עס ווערט רייך פון גזלה און רציחה דער האָט ניט קיין מ נ ו ח ה" (שפוו.).

**מְנוּ'חַת־שָׁ'עָה**, הוו. רוה פון אַ ווײַלע, אַ קורצער אָפּרוה.

**מְנוֹ'רָה**, הוו. (מ. מְנוֹ'רוֹת). אַ לייכטער מיט מעהרערע רעהרען. אַ קאַנדעלאַבער.

**מְנוֹ'רַת־הַמָ'אוֹר**, הם. "דער לייכטער פון ליכטיגקייט", דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען מאָראַלבוך.

**מִנְ'חָה**, הוו. (מ. מִנְ'חוֹת). אַ געוויסער זאָרט אָפּפער (פאַרצייטען בײַ אידען) וואָס איז באַשטאַנען פון מעהל און אויל; די תּפלה וואָס מע דאַווענט נאָכמיטאָג אָדער פאַרנאַכט איידער די זונן פאַרגעהט.

**מִנְ'חָה־גְדוֹ'לָה**, הוו. (תלמודיש). דאָס געבעט פון מנחה ווען עס ווערט געדאַווענט גלייך נאָכמיטאָג.

מִנְ'חָה־קְטַ'נָּה, הוו. (תלמודיש). דאָס געבעט פון מנחה ווען עס ווערט געדאַווענט שפּעט נאָכמי=טאָג אָדער פאַרנאַכט.

מְנַ'חֵם־זיין, צא. טרייסטען.

מְנַ'חֵם־אָב, הם. דער מאָנאַט אָב (דאָס וואָרט "מנחם" [אַ טרייסטער] ווערט צוגעשטעלט, ווייל "אָב" אין וועלכען תשעה באָב פאַלט אוים איז בּיי אידען אַ זעהר טרויעריגער מאָנאַט).

מְנַ'חֵם־אָ'בֵל־זיין, צא. (תלמודיש). "טרייסטען דעם טרויערער", באַ=זוכען דעם וואָס זיצט שבעה.

מְנִיה'־וּבִיה [וּבֵיה'], או. (תלמו=דיש). גלייך אויפ'ן אָרט, אויגענ=בּליקליך.

מִנְ'יָן, הם. (מ. מִנְיָ'נִים). די צאָהל (פון צעהן פּערזאָנען וועלכע מען מוז בּיי אידען האָבּען צום דאַוו=נען און צו אַנדערע רעליגיעזע צערעמאָניען); צעהן, אַ צעהנד=ליג. מאַכען אַ מ נ י ן, דאַווגען זאַלבע=צעהנט. "אַ סוד פאַר אַ מ נ י ן לייט" (ווער.). "בּעט אַ פאַרך צו אַ מ נ י ן ווערט ער בּיי זיך גרוים" (שפּוו). "ניין רבּנים קענען קיין מ נ י ן ניט מאַכען, אָבער צעהן שוסטערס יאָ" (שפּוו.).

מְנִי'עָה, הוו. (מ. מְנִי'עוֹת). הינ=דערנים, אָפּהאַלט, שטערונג,

מְנַ'כֶּה־זיין, צא. אַרונטעררעכענען, אַרונטערציהען.

מְנַצֵּ'חַ־זיין, צא. זיעגען, בּאַזיעגען, בּייקומען.

מְנַ'קֵּר, הם. (מ. מְנַקְּ'רִים). דער וואָס שניידט אַרוים די טרפ'ע אָדערען פון אַ בהמה'ס פלייש כּדי אידען זאָלען עס מעגען עסען, אַ טרייבּערער. זעה גִּיד־הַנָּ'שֶׁה.

מְנַ'שֶּׁה, אנמ. דער נאָמען פון איי=נעם פון די זיהן פון יוסף; דער שטאַם וואָס איז אַרויסגעקומען פון מנשה.

מַ"ס, אבּ. מוֹ'סֵר־סְפָ'רִים (ווז.).

מְסִ'בָּה, הוו. (מ. מְסִ'בּוֹת). קרייז, געזעלשאַפט, קאָמפּאַניע.

מַסְ'בִּיר־זיין, צא. ערקלערען, גע=בּען צו פערשטעהן.

מְסַ'דֵּר, הם. (מ. מְסַדְּ'רִים). איינער וועלכער בּריינגט אין אָרדנונג, איינער ויעלכער שטעלט צונויף.

מְסַ'דֵּר־זיין, צא. איינריכטען, צוזאַ=מענשטעלען, אַראַנזשירען. מסדר־זיין זיך, זיך צוגרייטען, זיך איינפּרובּירען, זיך איינאיבּען.

מְסַ'דֵּר־קִידוּ'שִׁין, הם. אַ רב אָדער אַזוי אַ פּערזאָן וואָס פיהרט דורך די צערעמאָניע פון קידושין.

מְסוּ'גָּל, א. צוגעפּאַסט, פּאַסיג, גע=איינגעט, פעהיג.

מְסוּ'כָּן, א. געפעהרליך קראַנק.

מְסוּ'פָּק, א. אין צווייפעל, צווייפעל=האַפט.

מָ'סוֹר, הם. זעה מוֹסֵר.

מְסוֹ'רָה, הוו. (מ. מְסוֹ'רוֹת). אַ זאַך וואָס ווערט איבּערגעגעבּען פון איין דור צום צווייטען; אַ גע=וויסעס בּוך אין וועלכען עס ווערט

געגווי אָנגעגעבען די ריכטיגע אויס־שפּראַכע און אויסלעגונג פון דעם ביבלישען טעקסט.

מְסַ'חָר, הם. (מ. מְסַחֲ'רִים). גע־שעפט, האנדעל.

מְסִי'בָּה, הוו. (מ. מְסִי'בּוֹת). זעה מְסִ'בָּה.

מַ'סִיג־גְבוּל־זיין, צא. (תלמודיש). "פאַרהאַפּען די גרענעץ", פאַר־נעהמען אַ שטיק פון אַ שכן'ס לאַנד; פאַרהאַפּען עפּעס אויף וואָס אַ'ן אַנדערער האָט אַ רעכט.

מְסַ'יֵּים־, מְסַ'יֵּם־זיין, צא. ענדיגען (שרייבען אַ ספר־תורה אָדער לער־נען ש"ס א. ד. ג.).

מְסִי'רָה, הוו. (מ. מְסִי'רוֹת). אַ דאָנאָס, באַשולדיגונג, אַ'ן אָנ־קלאַגע.

מְסִי'רַת־מוֹדָ'עָה, הוו. ערקלערונג, באַקאַנטמאַכונג.

מְסִי'רַת־נֶ'פֶשׁ, הוו. (תלמודיש). דאָס שטעלען זיך אין געפאַהר, זעלבסטאויפאָפּפערונג.

מֶ'סִית־וּמֵדִי'חַ, הם. (תלמודיש). אָנהעצער, אײנרעדער (צום שלעכ־טען), פאַרפיהרער.

מַסֶּ'כֶת, מַסֶּכְ'תָּא, הוו. (מ. מַסֶּכְ'תּוֹת). איינס פון די ביכער אָדער טראַקטאַטען פון תלמוד.

מְסַ'לֵּק־זיין, צא. אָפּצאָהלען.

מַסְ'עֵי, הוו. דער נאָמען פון דער דריי און פערציגסטער סדרה (ווז.).

מִסְ'פָּר, הם. צאָהל.

מִסְ'פָּר־גָ'דוֹל, הם. די גרויסע צאָהל, די געוועהנליכע אַרט פון רעכענען יעדען בוכשטאַב פאַר אַ צאָהל (א—1, ב—2, ג—3, א. א. וו.) אין געגענזאַץ צו "מספר־קטן" (ווז.).

מִסְ'פָּר־קָ'טָן, הם. די קליינע צאָהל, אַ געוויסער אַרט פון צעהלען לויט וועלכער די צעהנדליגער און הונ־דערטער ווערען באַרעכענט אלס איינציגע צאָהלען, צ. ב. ש.: "שמש" באַטרעפט אין מספר־קטן "גנב" (ווייל דער "ש" ווערט באַ־רעכענט אַלס 3, דער "מ" אלס 4 און דער "נ" אלס 5).

מַסְרִי'חַ־זיין, צש. שטינקען.

מַ'סְרִיעַ, צא. דאָנאָסעווען, פאַר־ראַטהען, באַשולדיגען.

מְסַ'רֵס־זיין, צא. מאַכען פאַר אַ סריס.

מִסְתָּ'מָא, או. ווי עס שיינט, קענ־טיג.

מִסְתַּ'פֵּק־בְּמוּ'עָט, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער שטעלט זיך צו־פריעדען מיט ווענינ.

מֵעַבְ'דוּת־לְחֵ'רוּת, (ליטורגיש). פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט.

מַעֲ'בִיר־נַחֲ'לָה־זיין, צא. (ביבליש). ענטערבען, אַוועקנעהמען דאָס רעכט פון ערבשאַפט פון.

מַעֲ'בִיר־סִדְרָה [סֶדְ'רָה]־זיין, צש. איבערלייענען מיט'ן טראָפּ די סדרה פון דער וואָך.

מַעֲ'בִיר עַל מִדּוֹ'תָיו, הם. (תלמו־דיש). איינער וועלכער איז גרויס־מוטהיג, איינער וועלכער לאָזט איבערגעהן דאָס זייניגע.

מְעֻ'בִיר־קְרִי'אָה־זיין, צש. זעה מַעֲ'בִיר־סְדָרָה־זיין.

מַעֲ'בַר־יַ'בּוֹק, הם. דער נאָמען פון א געוויסען בוך וואָס ענטהאלט די געבעטען וועלכע א גוסס דאַרף זאָגען און די געבעטען וואָס מע זאָגט נאָך א טויטען.

מֵעֵ'בֶר־לַיָם', או. (ביבליש). פון יענער זייט מעער.

מְעַ'גֵן־זיין, צא. פאַרלאָזען (א פרוי).

מַעֲדַ'נֵי־מֶ'לֶךְ, מ. קעניגליכע שפּייזען.

מְעוּבֶ'רֶת, א. שוואַנגער.

מָ'עֹז־צוּר, (ליטורגיש). "שטאַרקער פעלז", די ערשטע ווערטער פון א געבעט וואָס מע זינגט ווען מע צינדט אָן די חנוכה־ליכט. "אז דער שעפּס הערט מעוז־צור און די קאַלב אקדמות מעג מען זייער פלייש אָוועקטראָגען" (שפּוו. — ד. ה. שעפּסענ־פלייש נאָך חנוכה און קאַלב־פלייש נאָך שבועות טויגען ניט מעהר).

מִ'עוּט, הם. מינדערצאָהל, מינאָריטעט.

מִ'עוּט־מִן־הַמִ'עוּט, הם. (תלמודיש). זעהר ווינציגע צאָהל.

מְעוֹ'ר־אֶ'חָד, פון איין שטיק פעל. תפילין מעור־אחד, תפילין געמאַכט פון איין שטיק פאַרמעט (די פרומע טראָגען אַזעלכע תפילין).

מְעוּ'רָב־עִם־הַבְּרִ'יוֹת, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער איז דורכגעמישט מיט מענשען, געזעליגער אנגענעהמער מענש.

מְעוֹ'רֵר־זיין, צא. אויפוועקען, אויפטשוכען, אויפמונטערען, באגייסטערען.

מָ'עוֹת, מ. געלט. "אז מע האָט מעות איז מען בעל־הבית" (שפּוו.). "אז גאָט לאָזט לעבען מוז ער דערצו מעות געבען" (שפּוו.). "ווען כנים זאָל זיין מעות וואָלט איך געווען א גרויסער בעל־הבית" (ווער.).

מָ'עוֹת־חִ'טִּים, מ. "ווייץ־געלט", דאָס געלט וואָס ווערט אויסגעטהיילט צו אָרעמע פאַר פסח אויף צו קויפען מצה.

מָ'עוֹת־עֲנִ'יִּים, מ. געלט וואָס די שטאָדט אָדער די געמיינדע טהיילט צו אָרעמע.

מֵ'עִיד־זיין, צש. זאָגען עדות, דערצעהלען.

מֵ'עִיז־זיין, צש. זיך דערוועגען, זיך אַקעגען שטעלען.

מֵ'עִיז־פָּ'נִים־זיין, צש. (תלמודיש). האָבען די פרעכהייט, זיך דערוועגען.

מְעַ'יֵּין־, מְעַ'יֵּן־זיין, צש. אריינקוקען (אין א בוך), זיך אריינטראַכטען, זיך פאַרטיעפען.

מַעֲ'יָן־הַנּוֹבֵ'עַ, הם. (תלמודיש), א קוועלענדער ברונען, אונערשעפּליכער קוואַל.

מַעֲ'יָן־טָ'הוֹר, הם. "א ריינער קוואַל", דער נאָמען פון א געוויסען בוך פאַר אידישע פרויען וואָס ענטהאלט די מענסטרואַציאָנס־געזעצען.

מע"כ, אב. מַעֲ'לַת־כְּבוֹ'דוֹ (ווז.).

מְעַ'כֵּב־זיין, צא. פאַרהאַלטען, פאַר־הינדערען, שטערען.

מְעַ'כֵּב־הַגְאוּ'לָה־זיין, צא. פאַרהאַל־טען די אויסלייזונג (פון דעם אי־דישען פאָלק), פאַרהינדערען דאָס קומען פון משיח'ן (דורך זינד).

מְעַ'כֵּב־הַקְרִי'אָה־זיין, צא. פאַרהאַל־טען דאָס לייענען פון דער תורה (ווען איין איד האָט אַ געוויסע קלאָגע געגען אַ צווייטען מעג ער זיך באַנוצען מיט דעם דאָזיגען מיטעל אום צו ברייגגען די זאַך פאַר דער עפענטליכער אויפמערק־זאַמקייט און פאָדערען גערעכ־טיגקייט).

מְעַ'כֵּל־זיין, צא. פאַרדייען.

מעכ"ת, מַעְ'לַת כְּבוֹד תִּפְאַרְ'תּוֹ (ווז.).

מַעְ'לָה, הוו. (מ. מַעְלוֹ'ת). אַ פאָר־צוג, אַ'ן אויסצייכנונג, אַ גוטע אייגענשאַפט, אַ'ן אייגענשאַפט. "אַלע מ ע ל ו ת קענען ניט זיין אין איינעם" (שפוו.). "עס איז ניטאָ קיין מ ע ל ה אָהן אַ חסרון" (שפוו.).

מַעְ'לֶה־זיין, צא. אויפהויבען, הע־כערען. עס איז ניט מ ע ל ה און ניט מוריד, עס מאַכט קיין אונ־טערשייד ניט.

מַעְ'לֶה־גֵ'רָה־זיין, צא. ווידער אויפ־ברייגגען און איבערקייען די פאַר־שלונגענע שפייז (אַזוי ווי קיה א. ד. ג.), איינער פון די צייכענס דורך וועלכע מע דערקענט די טהירען וואָס אַ איד מעג עסען זייער פלייש.

מַעְ'לֶה־גֵ'רָה'ן, צא. זעה מַעְ'לֶה־גֵ'רָה־זיין.

מַעְ'לִים־זיין, צא. פאַרבערגען, פאַר־לייקענען.

מַעְ'לַת־כְּבוֹד־תִּפְאַרְ'תּוֹ, "די וויר־דע פון זיין פראַכטפולער עהרע", זיין הויכווירדיגע עהרע (אַ העפ־ליכע אַרט פון אַדרעסירען אַ פער־זאָן אין אַ בריף).

מַעְ'לַת־כְּבוֹ'דוֹ, "די ווירדע פון זיין עהרע", זיין ווירדיגע עהרע (אַ העפליכע אַרט פון אַדרעסירען אַ פערזאָן אין אַ בריף).

מַעְ'לָ'תוֹ, זיין ווירדע, (אַ העפליכע אַרט פון אַדרעסירען אַ פערזאָן אין אַ בריף).

מַעְ'מָד, הס. אַ באַשטאַנד, אַ גע־געשעפט; צושטאַנד.

מַעְמָ'דוֹת, מ. געוויסע צוזאַמענ־געשטעלטע פסוקים פון תנ"ך, אויסצוגען פון תלמוד און תפלות וואָס מע זאָגט נאָך דעם פריה־מאָרגעדיגען דאַוונען און נאָכדעם ווי מע האָט אָפּגעזאָגט אַ געווי־סע צאָהל פון קאַפּיטלעך תהלים. "מ ע מ ד ו ת (זאָגען) איז וועל־ווערלער פון תהלים" (שפוו.).

מַעְ'נֵה־לָ'שׁוֹן, הוו. (ביבליש). "די רייד פון דער צונג", דער נאָמען פון אַ בוך וואָס ענטהאַלט די תפלות וועלכע ווערען געזאָגט אויפ'ן בית־עולם; אַ געשליפענע צונג, אַ גרויס מויל.

מֵעִנְ'יָן־לְעִנְ'יָן, (תלמודיש). פון איין געגענשטאַנד צום אַנדערען.

מְעַ'נֵשׁ־זיין, צא. באַשטראָפען.

מְעַ'קֵר'ען [מַייקרן] , צא. "אוים=
ווארצלען", איבערקעהרען, צורו=
דערן.

מַעֲ'רָב, הם. וועסט וועסט=זייט,

מַעֲרָ'בִית, הוו. די תפלות וואָס
ווערען צוגעגעבען צום מעריב גע=
בעט אום יום טוב.

מַעֲרָ'בִית־דְרוֹ'מִית , (תלמודיש) .
וועסט=זידליך, אין אַ וועסט=זיד־
ליכער ריכטונג.

מַעֲרָ'בִית־צְפוֹ'נִית , (תלמודיש) .
וועס=נאָרדליך, אין אַ וועסט=נאָרד־
ליכער ריכטונג.

מְעָרָה [מַעֲ'רָה], הוו. (מ. מְעָרוֹת
מְעַ'רוֹת)). אַ הייהל; אַ געמויער=
טעס שטיבעל אויפגעשטעלט אויף
אַ קבר.

מַעֲ'רִיב, הם. אַבענד=געבעט.

מַעֲרָ'כָה, הוו. (מ. מַעֲרָ'כוֹת). שיק=
זאַל, דאָליע; שלעכטע דאָליע.
"אַ אידען'ס פרנסה איז יגון ואנחה
און זיין גליק איז אַ מ ע ר כ ה"
(שפוו.). "דער יצר הרע האָט
תמיד די מ ע ר כ ה" (שפוו.).

מְעָ'רַת־הַמַכְפֵּ'לָה, הוו. (ביבליש).
אַ געוויסע געמויערטע הייהל אין
פאַלעסטינאַ וואו עס ליגען באַ-
גראָבען די אורפאָטערס און אור=
מוטערס פון דעם אידישען פאָלק.

מַעֲ'שֶׂה, או. אלס, אין דער ראָלע
פון, אזוי ווי, אויף דעם שטיי=
גער פון. "זיך שטעלען מ ע ש ה
גביר".

מַעֲ'שֶׂה, הוו. (מ. מַעֲשִׂ'ים). אַ
טהאַט, אַ האַנדלונג, אַ'ן אויפ=
טהו; פאַסירונג, באַגעבענהייט,
פאַקט; אויפרוהר, בקאַנדאַל;
זאַך, געגענשטאַנד. וואָס איז די
מ ע ש ה?, וואָס איז דער מעהר?,
וואָס איז די אורזאַכע?. זיך אָנ=
טהאָן אַ מ ע ש ה, זיך מאַכען
דעם טויט. אַרבייטען אָדער אָנ=
געבען מ ע ש י ם, מאַכען סקאַנ=
דאַלען. יענע מ ע ש ה, דער
ווייבליכער געשלעכטס=אָרגאַן. קיין
מ ע ש ה ניט, ניט שלעכט, צימ=
ליך. געחאַפּט אין דער מ ע ש ה,
ניט אונשולדיג אין דער באַציהונג;
ניט פרום. "דער רב מיט דער
רבי'צען איז אַ גאַנצע מ ע ש ה,
דער רב אָחן דער רבי'צען איז אַ
האַלבע מ ע ש ה, און די רבי'צען
אַליין איז גאָר קיין מ ע ש ה ניט"
(שפוו.).

מַעֲ'שֶׂה , הוו. (מ. מַעֲ'שִׂיוֹת,
מַעֲ'שׂוֹת). ערצעהלונג, געשיכטע;
סקאַזקע, לעגענדע; קינדערשע
ערצעהלונג; אַ'ן אויסגעטראַכטע
זאַך, אַ ליגען. באָבע=מ ע ש ה
אָדער בבא=מ ע ש ה, קינדערשע
ערצעהלונג, אויסגעטראַכטע זאַך.
"אויף אַ מ ע ש ה פרעגט מען
קיין קשיא ניט" (שפוו.). "די
מ ע ש ה האָט שוין אַ באָרד"
(ווער. — ד. ה. זי איז שוין זעהר
אַלט). "פון מ ע ש ו ת דער=
צעהלען קאָכט מען קיין וויע=
טשערע ניט" (שפוו.).

מַעֲ'שֶׂה־נוֹ'רָא, הוו. אַ שרעקליכע
געשיכטע, אַ'ן ערצעהלונג פול
מיט וואונדערליכע פאַסירונגען.

מַעֲ'שֵׂה־נִ'סִים , הוו. (תלמודיש).
אַ וואונדערליכע פאַסירונג.

מַעֲ'שֵׂה־סְדוֹם [סְדָם], הוו. אויפ=פיהרונג פון סדום, שלעכטסקייט, גרויזאַמקייט.

מַעֲ'שֶׂה־שֶׁהָ'יָה, הוו. (תלמודיש). אַ זאַך וועלכע האָט פּאַסירט, אַ פאַקט.

מַעֲ'שֵׂה־שָׂ'טָן, או. "די אַרבייט פון טייוועל", צום אומגליק.

מַעֲ'שֵׂי־יָ'דַי (יָ'דָיו), מ. (ביבליש). די אַרבייט פון מיינע (זיינע) הענד.

מַעֲ'שִׂים־בְּכָל־יוֹם, מ. (תלמודיש). פאַקטען פון יעדען טאָג, טעגליכע פאַסירונגען.

מַעֲ'שִׂים־טוֹ'בִים, מ. (תלמודיש). גוטע מהאַטען. "מ ע ש י ם ט ו ב י ם העלפען ניט, מעשים רעים שאַדען ניט" (שפוו.).

מַעֲ'שִׂים־רָ'עִים, מ. (תלמודיש). שלעכטע טהאַטען.

מַעֲ'שִׂים־תַּעְתּוּ'עִים, מ. (ביבליש). ווילדע זאַכען, סקאַנדאַלען.

מַעֲ'שִׁיר־זיין, צא. רייך מאַכען.

מַעֲ'שֵׂר, הם. (מ. מַעַשְׂ'רוֹת). אַ צעהנטיל, דאָס צעהנטע טהייל פון די תבואה און פרוכטען וועלכע יעדער איד (פאַרצייטען אין פּאַ=לעסטינאַ) האָט לויט דעם אידי=שען דין געמוזט אָפּגעבען פאַר די לויים; אַ צעהנטעל פון די פאַרדיענסטען וואָס געוויסע פרומע אידען צוטהיילען רעגעלמעסיג פאַר וואָהלטהעטיגע צוועקען. פרעגען ווי מע גיט מ ע ש ר פון שטרוי, אַרויסווייזען פאַלשע פרומקייט (ווייל פון שטרוי דאַרף מען איי=גענטליך קיין מעשר ניט געבען).

מַעֲ'שֵׂר ען, צא. אַראָפּגעבען מעשר פון.

מֵעֵת־לְעֵת [מֵעת־לֶעת], הם. (מ. מֵעֵת־לְעֵת'ען), (תלמודיש). אַ נאַכט מיט אַ טאָג, פיער און צוואַנציג שטונדען.

מַעְ'תִּיק, הם. (מ. מַעְתִּי'קִים). אי=בערזעצער.

מַ'פָּה, חוו. (מ. מַ'פּוֹת). אַ טוך=דעקע וועלכע מע פאַרשפּרייט אויפ'ן עמוד אָדער אויף דעם טיש אויף וועלכען מע לייענט אין שוהל; אַ לאַנד=קאַרטע.

מַפּוֹ'לֶת הוו. אַ רואינע, אַ'ן איינ=געפאַלענעם הויז.

מְפוּ'נִ'יצע, הוו. (מ. מְפוּ'נִ'יצעס). זעה מְפוּ'נָק.

מְפוּ'נָק, הם. (מ. מְפוּנָ'קִים). אַ דעליקאַטנער אָדער פאַרצערטעל=טער מענש, אַ'ן אויסטראַכטער, אַ'ן אויסקלייבער.

מְפוּרְ'סָם, הם. (מ. מְפוּרְסָ'מִים). אַ באַוואוסטער, אַ באַריהמטער.

מְפוֹ'רָשׁ, או. אויסדריקליך, דייטליך.

מַפְ'טִיר, הם. דער וועלכער ווערט אויפגערופען צום לעצטען ביים לייענען אין שוהל און וועלכער לייענט פאַר די הפטורה. געבען מ פ ט י ר, אויפרופען אימיצען צו זאָגען די הפטורה (עס ווערט באַטראַכט אַלס אַ באַזונדער'ער כבוד צו קריגען מפטיר). "איינער האָט האָלט וויער=מילך, דער

צווייטער מפטיר" (שפוו.). "קוים פוצט זיך איינער אָפּ די שטיוועל רופט מען איהם שוין אויף צו מפטיר" (שפוו.). "ער האָט זיך שוין געקויפט מפטיר" (ווער. אויף אומיצען וואָס האָט זיך פארדרעהט אין אַ געשעפט אָדער באַגאַנגען אַ נאַ־רישקייט).

מִפִּיו־הַקָּדוֹשׁ, פון זיין הייליגען מויל.

מְפַיֵּס־זיין, צא. איבערבעטען.

מַ'פִּיל הט., מַ'פִּיל־קינד, חז. (מ. מ'פּיליעך, מַ'פִּיל־קינדער). אַ קינד געבוירען טויט (פאַר דער צייט).

מַ'פִּיל־זיין, צש. געבערען אַ טויטעס קינד (פאַר דער צייט).

מְפִי־צֵי־, המ. מ. די פאַרשפּרייטערס פון —.

מְפִי־צֵי־שְׂפַת־עֵ'בֶר, המ. מ. די פאַר־שפּרייטער פון דער העברעאישער שפראַך (מיט דעם נאָמען רופען זיך פיעלע פאַראיינען וואָס זייער צוועק איז צו פאַרברייטען דאָס שטודיום פון העברעאיש).

מַ'פִּיק, המ. דאָס פּינטעלע אין דעם בוכשטאַב "ה" (אין העברעאישע ווערטער).

מַפָּ'לָה, הוו. (מ. מַפָּ'לוֹת). נידער־לאַגע, דורכפאַל, אָפּשניט. "המן'ס מפלה". "אויף אַ שלעכטען פריץ טאָר מען קיין מפלה ניט בעטען" (שפוו.).

מְפוּלְ'פָּל, המ. שאַרפזיניגער תלמו־דיסט.

מְפַ'לִיג־זיין, צש. איבערטרייבען.

מְפַ'ליען, צא. ועה מַ'פִּיל־זיין.

מְפַלְ'פֵּל־זיין־זיך. צוו. אַרגומענטי־רען, דעבאַטירען, דיספּוטירען; זיך גריבלען, זיך פאַרטיעפען.

מְפַ'סִיק־זיין, צא. אונטערברעכען, אָפּהאַקען (אין מיטען); ריידען (אין דאַווענען).

מְפַ'צֶה־זיין, צא. איבערבעטען, פאַרגיטיגען.

מַפְ'קִיר־זיין, צא. אויפאָפּפערען; לאָזען אויפ'ן צופאַל, לאָזען גענן ווי עס געהט. זיך מפקיר זיין, זיך אויפאָפּפערען.

מְפַרְ'נֵס־זיין, צא. ערנעהרען.

מְפַרְ'סֵם־זיין, צא. פאַרעפענטליכען, באַקאַנטמאַכען, פּובליצירען.

מְפָרְ'שִׁים, המ. מ. די (הויפּט־) קאָמענטאַרען פון תלמוד.

מַפְתֵּ'חַ, המ. (מ. מַפְתְּ'חוֹת). שלי־סעל (צו אַ בוך).

מַ"ץ, אב. מוֹ'רֶה־צֶ'דֶק, "דער ריכ־טיגער לעהרער", אַ רב אָדער אַ דיין.

מְצָא'צֶע, הוו. (מ. מְצִא'צֶעס). איראָנישע פאַראָדיע אויף "מציאה".

מַ'צָב, המ. שטאַנד, צושטאַנד, אומשטאַנד, לאַגע, פאַרהעלטנים.

מַצֵ'בָה, הוו. (מ. מַצֵ'בוֹת). גראָב־שטיין, דענקמאָל. "אויף דער מצבה זיינען אַלע אידען שעהן" (שפוו.).

מְצַד־, פּ. פון דער זייט פון —.

מִצְ'דֵי־צְדָ'דִים, או. פון אלע זייטען.

מַצְ'דִיק־זיין, צא. רעכטפערטיגען, ערקלעהרען אלס גערעכט, פאר־טהיידיגען, פאַרענטפערען.

מַצְ'דִיק־הַדִין־זיין, צש. (תלמודיש). ערקלעהרען אָדער אָנעהמען אלס גערעכט דעם אורטהייל (פון גאָט).

מ'צָה, הוו. (מ. מַ'צוֹת). אַ דינער פלאַכער קוכען פון ניט־געזייערטען טייג וועלכע אידען עסען אום פסח. „איינער צו פראַצע, זיעבען צו מצה" (שפוו.). „וואָס קלעקט פאר אַ סאָלדאַט אַ מצה" (שפוו.).

מַ'צָה־בעקער, המ. (מ. מַ'צָה־בעקערס). איינער וואָס באַשעפטיגט זיך מיט באַקען מצות. זיצען ווי אַ מצה־בעקער, אַרומגעהן ליידיג אַ גאַנץ יאָהר.

מַ'צָה־וואסער, הו. דאָס וואַסער אין וועלכע מע פאַרמישט דאָס מעהל פון וועלכען די מצות ווע־רען געמאַכט. געהן ווי מצה־וואַסער, שנעל פערקויפט ווערען, האָבען אַ גרויסען אָפּ־גאַנג. לויפען ווי נאָך מצה־וואַסער, לויפען מיט אימפעט.

מַ'צָה־שְׁמוּ'רָה, הוו. מצה געמאַכט פון מעהל אויף וועלכע מע האָט באַזונדערע אַכט געגעבען עס זאָל ניט געזייערט ווערען. זעה חָ'מֵץ.

מִצְוָ'ה, הוו. (מ. מִצְ'וֹת). אַ גע־באָט, אַ רעליגיעזע פאָרשריפט; אַ פרומע טהאַט. אַ מצוה אויף איהם, רעכט אויף איהם. פאַר־קויפען מצוות, פאַרקויפען (אין שוהל) הגבה גלילה אָדער אַנדערע עהנליכע כבודים. „עס איז אַ מצוה אַ אידען צו באַגראָבען" (שפוו.). „דריי מצוות קריכען פון האַלז אַרוים: אַ צו גרויסער אַפיקומן, אַ ווינטערדיגער שלש־סעודות און די מציצה פון אַ גרוי־סען גר" (שפוו.).

מִצְוָ'ה־לְחַ'סֵר, עס איז אַ מצוה צו מאַכען ווייניגער (אַ ווערטעל וואָס מע זאָגט ווען מע נעהמט עפעס פון אַ קאַרגען).

מִצְוָה'ט'ניצע, הוו. (מ. מִצְוָה'ט־ניצעס). זעה מִצְוָה'ט'ניק.

מִצְוָה'ט'ניק, הוו. (מ. מִצְוָה'ט'ני־קעס). זעה בַּ'עַל־מִצְוָה'ט'ניק.

מִצְ'וָה, הוו. (מ. מִצְ'וֹת). זעה מִצְוָ'ה.

מְצוֹ'רָע, המ. (מ. מְצוֹרָ'עִים). אַ קרעציגער; הוו. דער נאָמען פון דער אַכט און צוואַנציגסטער סדרה.

מִצְוַת־לֹא־תַעֲשֶׂה, הוו. (מ. מִצְ'וֹת־לֹא־תַעֲשֶׂה). זעה לֹא־תַעֲשֶׂה.

מִצְוַת־עֲשֵׂה [עֲ'שֶׂה], הוו. (מ. מִצְ'וֹת־עֲשֵׂה [עֲ'שֶׂה]). זעה עֲשֵׂה.

מֵ'צַח־אִ'שָׁה־זוֹ'נָה, המ. (ביבליש). „דער שטערן פון אַ'ן אויסגעלאַ־סענער פרוי", אַ קופערנער שטערן, אונפאַר־שעמטקייט.

מְצִי'אָה, הוו. (מ. מְצִי'אוֹת). „אַ געפונענע זאַך", אַ ביליגער איינ־קויף. עס איז אַ מציאה פון אַ גנב, עס איז שפּאָט־ביליג. וואָס

איז די מציאה מיט איהם ?, וואָס נעהמט ער זיך איבער ? "דאָס גאַנצע געלט געהט אוועק אויף מציאות" (שפוו.).

מְצִי'אוּת, הוו. די ווירקליכקייט.

מַ'צִיל־זיין, צא. רעטען, העלפען.

מְצִי'צָה, הוו. דאָס אויסזויגען פון דעם בלוט נאָך דער באַשניידונג. געבען מציצה, באַעהרען אימיצען מיט דער צערמאָניע פון מציצה.

מַצְלִי'חַ־זיין, צש. האָבען גליק.

מְצַמְ'צֵם־זיין, צא. באַשרענקען; גענוי באַרעכענען, גענוי צופאַסען.

מִצְנֶ'פֶת. הוו. די קאָפּ־באַדעקונג פון א טויטען.

מְצַ'עֵר־זיין, צא. שמערצען, וועהטאָן, באַטריבען.

מְצָרֵף [מְצַ'רֵף]־זיין, צא. צוזאַמענרעכענען, אַריינרעכענען, צורעכענען. מצרף־זיין צום בענשען, צורעכענען (א זייטיגע פּערזאָן) כדי צו בענשען מיט מזומן.

מְקַ'בֵּל, הט. (מ. מְקַבְּ'לִים). א נעהמער; איינער וועלכער נעהמט צדקה.

מְקַ'בֵּל־פְּאַהֲ'בָה־זיין, צא. צונעהמען מיט ליבשאַפט, זיין צופרידען מיט, געדולדיג אויסשטעהן.

מְקַ'בֵּל־נַ'חַת־זיין, צא. האָבען פאַרגעניגען, אָנקווועלען.

מְקַ'בֵּל־פָּ'נִים־זיין, צא. (תלמודיש). אויפנעהמען, עמפפאַנגען, געהן אַנטקעגען.

מְקַ'בֵּל־קִנְ'יָן־זיין, צש. (תלמודיש). באַפעסטיגען א'ן אָפּמאַך אָדער קאָנטראַקט דורך דעם וואָס ביידע צדדים נעהמען אָן אין דער האַנד די עקען פון אַ פאַטשיילקע.

מְקַ'בֵּל־שַׁ'בָּת־זיין, צש. אויפנעהמען אָדער איינוויייהען דעם שבת, זאָגען לכו־נרננה. (ווז.).

מַקְ'דִים־זיין־זיך, צוו. זיך פערדערען, קומען פאָראויס, לויפען אַפריהער.

מַקְ'דִיש־זיין, צא. ווידמען, אָפּגעבען, אָפּפערען.

מִקַּדְמַת־דְּנָא', או. (תלמודיש). פון פריהער, פון לאַנגע צייטען.

מִקְ'דָשׁ, הוו. זעה בֵּית־הַמִּקְ'דָשׁ.

מְקַ'דֵּשׁ־זיין, צא. זיך פאַרלאָבען מיט (דורך דעם וואָס מע טהוט אָן דער פאַרלאָבטער אַ רינג אָדער מע גיט איהר אין דער האַנד אַ ווערטה־זאַך).

מְקַ'דֵּשׁ־הַשֵּׁם [הַשֶּׁם'] ־זיין, צש. (תלמודיש). "הייליגען דעם נאָמען (פון גאָט)", טהאָן אַ העלדישע טהאַט פון גאָטס וועגען, זיך אויפאָפּפערען.

מְקוּ'בָּל, הט. (מ. מְקוּבָּ'לִים). זעה בַּ'עַל־מְקוּ'בָּל.

מִקְ'וָה, הוו. (מ. מִקְ'וות, מִקְוָ'אוֹת). דאָס וואַסער אין וועלכען מע געהט טבילה. "אין מקוה לאָזט מען איבער אַלע עברות" (שפוו.).

מְקַ'יֵּם־ווערען, צל. פאַרווירקליכט ווערען, געשעהן.

מָ'קוֹם, הם. (מ. מְקוֹ'מוֹת) . אַ'ן אָרט, אַ פּלאַץ; אַ שטאָדט, אַ לאַנד. אין ווייטע מקומות, אין ווייטע לענדער.

מְקוֹם [מָ'קוֹם]־מְנוּ'חָה, הם. אַ'ן אָרט פון רוה.

מְקוֹם [מָ'קוֹם]־מִקְ'לָט, הם. אַ'ן אָרט וואו זיך צו רעטען, אַ צופלוכט, אַ היים.

מָ'קוֹם־קָ'דוֹשׁ, הם. „אַ הייליגער אָרט“, אַ שוהל.

מְקוֹ'נֵן, הם. דער קלאָגער, דער פאַרפאַסער פון איכה. „דאַרויף קלאָגט דאָך דער מ ק ו נ ן“ (ווער. — אָפּט פאַראָדירט: „דאַרויף קלאָגט דאָך דער ממקומך“).

מָ'קוֹר, הם. (מ. מְקוֹ'רִים) . קוואל, אורשפּרונג, אָנהויב.

מִקַּח [מֶ'קַח], הם. (מ. מְקָ'חִים) . פּרייז.

מִקַּח־וּמִמְכָּר [מֶ'קַח־וּמֶמְ'כָּר] . הם. (תלמודיש). קויף און פאַרקויף, האַנדעל.

מִקַּח [מֶ'קַח]־טָ'עוּת, הם. (תלמודיש). אַ'ן איינקויף אָדער אַ האַנדעל וועלכער איז געמאַכט געוואָרען דורך אַ'ן אירטהום אָדער אַ שווינדעל.

מְקַטְ'רֵג, הם. (מ. מְקַטְרְ'גִים) . באַשולדיגער, באַשולדיגענדער אַדוואָקאַט; באַשולדיגענדער ענגעל.

מְקַטְ'רֵג־זיין (אויף), צש. אָנרעדען שלעכטס, ברייגגען באַשולדיגונגען.

מֶ'קִיא'ן, צש. ברעכען, אויסברעכען (פון מאָגען).

מְקַ'יֵים־, צש. זעה מְקַ'יֵם־ .

מֵ'קִיל, הם. איינער וואָס איז שטענדיג געניינט צו ענטשיידען רעליגיעזע פראַגען אויף אַ גרינגער ארט. זעה מַחְ'מִיר.

מְקַ'יֵם־זיין, צא. ערפילען, אויספילען, טהאָן, פאַרריכטען.

מְקַ'יֵם־פְּסָק [פְּסַק]־זיין, צש. אויספיהרען דעם אורטהייל (פון געריכט).

מְקַ'נֵא, הם. (מ. מְקַנְ'אִים) . באַנייידער, ניט־פאַרגינער.

מְקַ'נֵא־זיין, צא. באַניידען, ניט פאַרגינען.

מַ'קַף, הם. אַ קורץ פאַסיקעל וואָס דיענט אַלס פאַרבינדונגס־צייכען צווישען צוויי ווערטער (אין העב־איש).

מַקְ'פִּיד, (מ. מַקְפִּי'דִים) . אַ קאַפּריזנער מענש; אַ'ן איבערקלייבער, אַ פּעדאַנט.

מַקְ'פִּיד־זיין, צש. זיין גענוי, גענוי אָפּהיטען, איבערקלייבען.

מִקֵּץ', הוו. דער נאָמען פון דער צעהנטער סדרה (ווז.).

מְקַ'צֵר־זיין, צא. פאַרקירצען, מאַכען קורץ; זיך פאַסען קורץ.

מְקַ'צֵר־יָ'מִים־(וְשָׁ'נִים)־זיין, פאַרקירצען (אימיצען) די טעג (און יאָהרען), פאַרביטערען דאָס לעבען.

מִקְ'צַת, הם. אַ קליינער טהייל, אַ ביסעל, אַ קלייניגקייט.

**מִקְ'צַת־מִן־הַמִּקְ'צָת**, הם. אַ גאַנץ קליינער טהייל, אַ קליין ביסעלע.

**מְקָרֵב [מְקַ'רֵב]־זיין**, צא. דערנע־הענטערען, באַפריינדען.

**מִקְ'רֶה**, הם. (מ. מִקְ'רִים). צופאַל.

**מַקְ'רִיב־זיין**, צא. אָפּפערען. זיך מקריב־זיין, זיך אויפאָפּפע־רען.

**מַקְ'שָׁן**, הם. (מ. מַקְשָׁ'נִים). איינער וועלכער האָט די געוואוהנהייט נאָכאַנאַנד צו פרעגען קשיות. "אַ מקשן פאַלט תמיד אין דער בלאָטע אריין" (שפוו.).

**מר־בַּר־רַב־אַ'שִׁי**, (תלמודיש). מר דער זוהן פון רב־אשי, אַ גרויסער געלעהרטער וועלכער האָט גע־לעבט גלייך נאָך דער אָפּשליסונג פון תלמוד. "ער מיינט ער איז אַ גאַנצער מר־בר־רב־אשי".

**מר־מִמָּ'וֶת**, (ביבליש). ביטערער פון טויט.

**מר־נֶ'פֶשׁ**, הם. (מ. מָ'רֵי־נֶ'פֶשׁ), (ביבליש). אַ פאַרביטערטער, אַ פאַראומערטער.

**מָ'רָא־דְאַתְ'רָא**, הם. (תלמודיש). דער דיין אָדער דער רב פון דער שטאָדט.

**מָ'רָא־דְעַלְ'מָא־כּוּ'לָּא**, הם. (תלמו־דיש). דער האַרר פון דער גאַנצער וועלט, גאָט.

**מַרְ'אֶה**, הם. געשטאַלט, געזיכט, אויסזעהן.

**מַרְ'אֶה־כֹהֵן [כּ'הֵן]**, הם. (ליטור־גיש). דאָס אויסזעהן פון דעם כהן (ווערטער גענומען פון די יום־כפור'דיגע תפלות וואו עס ווערט באַשריעבען ווי שעהן דער כהן־גדול האָט אויסגעזעהן. דער אויסדרוק ווערט געוועהנליך גע־ברויכט אין שפּאַס אויף אַ געזיכט וואָס איז אויסגעַרייטעלט פון שכרות).

**מַרְ'אֵה־מָ'קוֹם**, הם. אַ'ן אָנווייזונג אויף די שטעלע וואו אַ זאַך גע־פינט זיך.

**מַרְ'גִישׁ־זיין**, צא. פיהלען, דער־פיהלען, שפירען.

**מְרַגְּ'לִים**, הם. מ. די מענער וועלכע משה האָט געשיקט אויסצופאָרשען דאָס לאַנד פון כנען, ווי די בי־בעל דערצעהלט.

**מָרְדְּ'כַי**, אנמ. דער נאָמען פון דעם מאַן אין וועלכענס הויז אסתר איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען, ווי עס ווערט דערצעהלט אין בוך "אסתר".

**מָ'רָה־שְׁחוֹ'רָה**, הוו. (תלמודיש). מעלאַנכאָליע, באַטריבטקייט, פאַר־אומערטקייט, אומעט.

**מַרְווִי'חַ־, מַרְוִי'חַ־זיין**, צא. פראָ־פיטירען, פאַרדיענען.

**מְרוּ'צֶה**, א. צופריעדען, גערן, איינשטימענד.

**מָ'רוֹר**, הם. עפּעס ביטערס (אַזוי ווי חריין א. ד. ג.) וואָס מע עסט צום סדר אין אנדענק אָן די בי־טערע ליידען וואָס אידען זיינען אויסגעשטאַנען אין מצרים.

**מְרַ'חֵם־זיין־זיך**, צוו. זיך דערבאַר־מען, האָבען מיטלייד.

מַרְ'חִיק־זיין, צא. דערווייטערען, זיך האלטען פון דער ווייט.

מֶרְ'חָץ, המ. (מ. מֶרְחֶצָ'אוֹת, מֶרְ'חֶצ'יען). שוויץ=באָד.

מֶרְ'חָק, המ. (מ. מֶרְחָקִים [מֶרְחַ'קִים]). אַ ווייטקייט, אַ ווייטע שטרעקע, אַ ווייטער פאַרוואָרפענער פלאַץ. פאָהרען אין די מרחקים, פאָהרען אין ווייטע לענדער.

מֶרְ'חָק־רַב, המ. אַ ווייטע שטרעקע.

מַרחֶשְׁ'וָן, המ. זעה חֶשְׁוָן.

מְרִי'דָה, הוו. (מ. מְרִי'דוֹת). אַ'ן אויפשטאַנד, אַ בונד, אַ רעוואָלוציאָן.

מֶרְ'כָא־טִפְּ'חָא, געוויסע צוויי טראָפּ=צייכענס: "ֽ" (מרכא) און "֖" (טפחא). פיס ווי אַ מרכא־טפחא, קרומע פיס.

מַרְ'עִיש־עוֹ'לָם (עוֹלָ'מוֹת)־זיין, צש. (תלמודיש). איינלייגען די וועלט, מאַכען אַ ליארעם.

מַרְ'פֵּא־לָ'שׁוֹן, (ביבליש). די היי=לונג (ד. ה. די רייד) פון דער צונג. "אויף מרפא־לשון קומט אַ מתנת יד" (שפוו. — ד, ה. פאַר ריידען קריגט מען אָפּט קלעפּ).

מַרְשַׁ'עַת, הוו. אַ שלעכטע בייזע פרוי.

מָ'רַת, הוו. מאַדאַם, פרוי. מרת פרומע תחיה, פרוי פרומע זאָל לעבען.

מַ'שָּׂא, הוו. (מ. מַשָּׂ'אוֹת). לאַסט, שווערע לאַסט. "ברויט אונטער=וועגס איז קיין משא ניט" (שפוו.).

מַ'שָּׂא־וּמַ'תָּן, המ. (תלמודיש). נעה=מען און געבען, קויף און פאַר=קויף, האַנדעל. "דער בעסטער משא־ומתן איז מיט גאָט" (שפוו.).

מַ'שָּׂא־כְּבֵ'דָה, הוו. (ביבליש: כָּבֵד'). אַ שווערע לאַסט.

מַ'שֹּׂא־פָּנִים [פָּ'נִים], המ. (ביבליש). פאַרטייליכקייט.

מַשְׁבִּי'עַ־זיין, צא. באַשווערען (בייזע גייסטער א. ד. ג.).

מִשַּׁ'בָּת־לְשַׁ'בָּת, (תלמודיש). פון שבת צו שבת, איין מאָל אין וואָך.

מַשְׁגִּי'חַ, המ. (מ. מַשְׁגִּי'חִים). אויפזעהער, אַכטגעבער (אויף אַ רעליגיעזער אָדער וואָהלטהעטיגער אנשטאַלט).

מַשְׁגִּי'חַ־זיין, צש. אכטונג געבען, אויפפאַסען.

מְשַׁ'דֵּךְ־זיין, צא. פאַרהייראַטהען, צונויפברייננגען (אַ הייראַטהס-פאַר=טיי). משדך־זיין זיך, זיך פאַרבינדען (מיט אימעצען) דורך הייראַטה.

מֹ'שֶׁה, אנמ. דער נאָמען פון דעם זוהן פון עמרם און פון יוכבד, וועלכער האָט אַרויסגעפיהרט די אידען פון מצרים און האָט זיי גע=געבען די תורה וועלכע ער האָט געקריגען פון גאָט אויפ'ן בארג סיני, ווי די ביבעל דערצעהלט. אַ משה (אַמעריקאַניש), אַ פראָסטער אונוויסענדער איד. "רב

מ ש ח מעג מאָשקע טאָר ניט״ (שפוו.).

מ׳שֶה־רַבֵּ׳נוּ, הם. אונזער לעהרער משה. ״מ ש ה ־ ר ב נ ו האָט מיט די אידען אויך ניט געקענט אויסקומען״ (שפוו.).

מְשׁוּ׳גָע, א. (מ. מְשׁוּגָ׳עִים). פאַר־ריקט, וואַהנזיניג; ווילד, צו־רייצט, צוטראָגען, קאַפּריזנע. מ ש ו ג ע אויף טויט, זעהר פאַרריקט, זעהר ווילד. ״פריש און געזונד און מ ש ו ג ע״ (ווער.). ״אַז מע זאָגט מ ש ו ג ע גלויב״ (שפוו.). ״ביסטו מ ש ו ג ע לאָז דיך בינדען״ (שפוו.). ״מ ש ו ג ע מטורף און פאַרדרעהט נאָר יענעם די קאָפּ״ (שפוו.).

מְשׁוּגָ׳עִים־הוֹיז, הז. (מ. מְשׁוּגָ׳עִים־הייזער). דול־הויז, אירענהויז.

מְשׁוּ׳גֶעִ׳ן, א. פאַרריקט, וואַהנזיניג. ״מ ש ו ג ע נ ע גענז מ ש ו ג ע׳־נ ע גריווען״ (שפוו.). ״איטלי־כער מ ש ו ג ע׳נ ע ר וועוט אום תמוז קלאָר״ (שפוו.). ״אַלע מ ש ו ג ע׳נ ע שלאָגען יענעם די פענסטער אוים״ (שפוו.).

מְשׁוּגַ׳עַת, הוו. (מ. מְשׁוּגַ׳עַת׳עָן). פאַרריקטהייט, וואַהנזין; קאַפּריז, פאַרוועלענים, ווילדער געדאַנ־קען.

מַשְׁ׳וֶה־, מַשְׁ׳וֶוה־זיין, צא. אוים־גלייכען, באַפרידיגען, פאַרגיטי־גען, באַצאָהלען. מ ש ו ה ־ ז י י ן אימיצען פאַר זיין טרחה, באַצאָה־לען אימיצען פאַר זיין מיה.

מְשׁוּ׳לָח, הם. (מ. מְשׁוּלָ׳חִים). אַ געשיקטער, אַ געזאַנדטער; אַ רייזענדער אַגענט; איינער וועל־כער פאָהרט ארום קלייבען געלט פאַר אַ רעליגיעזע אָדער וואָהל־טהטיגע אַנשטאַלט.

מְשׁוּלַ׳חַת (אייגענטליך מְשֻׁלַּ׳חַת), הוו. (מ. מְשׁוּלַ׳חַת׳ען). אָנשיקע־נעס.

מְשׁוּ׳לָשׁ, א. דרייפאַכיג. אַ הדס וואָס איז מ ש ו ל ש, אַ הדס וואָס זיינע בלעטער וואַקסען צו דריי אין אַ רייה (די פרומע געברויכען בלויז אַזעלכע הדסים).

מְשׁוּ׳מָד, הם. (מ. מְשׁוּמָ׳דִים). אַ געטויפטער איד; אַן אוים־ווארף, אַ שורקע. ״בעסער צעהן מ ש ו מ ד י ם איידער איין שלעכ־טע ווייב״ (שפוו.). ״דעם אידען איז אַ מאָהל בעסער ווי דעם מ ש ו מ ד: דער איד קען זיך שמד׳ען, דער מ ש ו מ ד ניט״ (שפוו.). ״אַ מ ש ו מ ד אין דער משפחה קומט אַמאָל אויך צוניץ״ (שפוו.).

מְשׁוּ׳מָד־לְהַכְ׳עִים, הם. זעה מו׳מָר־לְהַכְ׳עִים.

מְשׁוּמַד׳יסקע, א. האָבענדיג די אייגענשאַפט פון אַ משומד; זעהר פאַרדאָרבען.

מְשׁוּמֶ׳דֶת, מְשׁוּמֶ׳דֶתיטע, הוו. (מ. מְשׁוּמֶ׳דֶת׳יטעס). זעה מְשׁוּ׳מָד.

מְשׁוּ׳נֶה, א. ווילד, פרעמד, אונגע־הייער.

מְשׁוּ׳נֶה׳דיג, א. זעה מְשׁוּ׳נֶה.

מְשׁוּ׳עְבָד, א. פאַרשקלאַפּט, אונ־טערוואָרפען, אונטעריאָכט; פאַר־פּליכטעט, געצוואונגען.

מְשוּ'פָּע, אַו. קרום, אין אַ קרומער ליניע.

מְשוּ'פָּע'דיג, אַ. זעה מְשוּ'פָּע.

מְשוֹ'רר, הם. (מ. מְשוֹרְרִים [מְשָׁר'רִים]). אַ זינגער, אַ כאָר־זינגער; אַ דיכטער, אַ פּאָעט.

מְשַ'חֵד־זיין, צא. באַשטעכען, אונ־טערקויפען, געבען חאַבאַר.

מַשְ'חִית, הם. (מ. מַשְחִי'תִים). צושטערער, פאַרניכטער, איינער וועלכער מאַכט אָן שאָדען; אַ טייוועל.

מַ'שִׂיג־זיין, צא. באַגרייפען, פאַר־שטעהן.

מָשִׁי'חַ, הם. (מ. מְשִׁי'חִים). "דער געזאַלבטער", דער דערלייזער אויף וועלכען דאָס אידישע פאָלק וואַרט (לויט דער טראַדיציאָן וועט ער אַרויסקומען פון דעם קעניג דוד'ס פאַמיליע). פאַלשער מ ש י ח, איינער פון די פיעלע פאַרפיהרערס וועלבע זיינען ערשינען פון צייט צו צייט צווישען דעם אידישען פאָלק און האָבען זיך אַרויסגע־געבען אַלס דערלייזערס געשיקט פון גאָט. "וואַרטען ווי אויף מ ש י ח'ן". "אַז מ ש י ח וועט קומען וועלען אַלע קראַנקע גע־היילט ווערען נאָר דער נאַרר וועט אַ קאַליעקע בלייבען" (שפּוו.).

מְשִׁי'חַ־בֶּן־דָ'וִד, הם. דער געזאַלב־טער (ערלייזער) דער זוהן פון דוד. זעה מָשִׁי'חַ.

מָשִׁי'חַ־בֶּן־יוֹ'סֵף, הם. דער געזאַלב־טער (דערלייזער) דער זוהן פון יוסף (עס ווערט געגלויבט אַז איידער עס וועט קומען דער ריכטיגער דערלייזער פון דעם אידישען פאָלק וועלכער וועט שטאַמען פון דוד'ס פאַמיליע וועט זיך צוערשט באַ־ווייזען אַ דערלייזער פון דעם שטאַם פון יוסף וואָס וועט פּרו־בירען אויסלייזען דאָס אידישע פאָלק, אָבער זיין אויסלייזונג וועט קיין האַפט ניט האָבען און ער וועט פאַלען באַזיעגט פון זיינע פיינד; ערשט נאָך איהם וועט קומען דער ריכטיגער דערלייזער "משיח בן דוד").

מְשִׁ'כַּב־זכור, הם. (תלמודיש). אונ־נאַטירליכער פאַרקעהר צווישען מענער.

מַשְׁ'כּוֹן, הם. (מ. מַשְׁכָּ'נוֹת). אַ פּפאַנד, אַ פאַרזעצטער געגענ־שטאַנד, אַ זאַלאָג, אַ זיכערהייט. "מ ש כ ו ן ביד שלום בקעשענע" (שפּוו.).

מַשְׁ'כִּיל, הם. (מ. מַשְׂכִּי'לִים). אַ'ן אויפגעקלעהרטער. זעה הַשְׂכָּ'לָה.

מִשְׁ'כָּן, הם. דאָס (גאָטעס) געצעלט וואָס אידען האָבען אויפגעשטעלט אין דער וויסטע, ווי די ביבעל דערצעהלט.

מְשַ'בֵּר־זיין, צא. באַרוישען.

מָ'שָׁל, הם. (מ. מְשָׁ'לִים). פאַבעל, אַלעגאָריע, אַנעקדאָטע; צוגלייך, ביישפּיעל. געבען אַ מ ש ל, גע־בען אַ ביישפּיעל. "יעדער מ ש ל האָט זיין נמשל" (שפּוו.).

מִשְׁלוֹ'חַ־מָ'נוֹת, (ביבליש). די איינ־פיהרונג צו שיקען איינער דעם אַנדערען עסען־זאַכען און געטראַנ־

קען אום פורים; פורים=געשאנק. זעה שַׁ'לַח־מָ'נות.

מְשַׁלִיחַ־זיין, צא. אוועקשיקען, ארויסשיקען.

מִשְׁ'לי, הם. דער נאָמען פון א ביב=לישען בוך וואָס ענטהאלט מאָ=ראל-לעהרען און שפריכווערטער פון קעניג שלמה.

מַשְׁ'ליש־זיין, צא. איינלעגען ביי א שליש.

מְשַׁ'לֵם'ען, צא. באצאָהלען.

מָשְׁ'לֶ'ען, צש. רעדען מיט פאבעלען אָדער מיט אנעקדאָטען.

מְשַׂמֵחַ־זיין, צא. דערפרעהען, מאכען לוסטיג. זיך משמח־זיין, זיך לוסטיג מאכען, הוליען.

מַשְׁמָ'עות, או. ווי עס זעהט אויס, ווי עס שיינט.

מְשַׁ'מֵש, הם. (מ. מְשַׁמְ'שִׁים). באַ=דיענער.

מְשַׁ'מֵש־זיין, צא. באדיענען.

מְשַׁ'מֵש־הַמִ'טָה־זיין, צש. (תַּ'למו=דיש). צוזאמענקומען געשלעכט=ליך.

מִשְׁ'נָה, הוו. א געוויסער טהייל פון תלמוד (ווז.); א'ן איינציגער פא=ראגראף פון דער משנה (מ. מִשְׁ'נות).

מְשַׁ'נֶה־זיין, צא. פארענדערען, ענדערען, בייטען; בייטען אָדער ניט האלטען וואָרט.

מְשַׁ'נֶה־בְּדִבּו'רו, הם. איינער וואָס בייט זיין וואָרט, איינער וואָס האלט ניט זיין צוזאָג.

מְשַׁ'נֶה מָ'קום מְשַׁ'נֶה מַ'זָל, (תל=מודיש). דער וועלכער ענדערט דעם פלאץ ענדערט זיין גליק.

מְשַׁ'נֶה־שֵׁם־זיין, צש. ענדערען דעם נאָמען (געוועהנליך: פון א גע=פעהרליך=קראנקען אלס א מיטעל צו ברעכען די קראנקהייט).

מִשְׁ'נֵה־תּו'רָה, הוו. (ביבליש). "די ווידערהאָלונג פון דער תורה", דאָס בוך דברים (ווז.).

מִשְׁנָיות [מִשְׁנַ'יות], הם. דער טעקסט פון דער משנה אָהן דער גמרא (זעה תַּלְ'מוּד); א באנד פון משניות (מ. מִשְׁנַ'יות'ען).

מְשַׁ'עֵר־זיין, צש. פארמוטהען, טרעפען, אויסרעכענען; זיך פאָר=שטעלען.

מִשְׁפָּ'חָה, הוו. (מ. מִשְׁפָּ'חות). פא=מיליע, פארוואנדשאפט; פארוואנד=טע פערזאָן. "איטליכע משפחה האָט זיך איהר גע'סרחה" (שפוו.). "עס בלייבט אין דער משפחה" (ווער.). "אָן דעם איז קיין ברכה וואָס רעדט אויף זיין משפחה" (שפוו). "ווער עס האָט א גע=האנגענעם אין דער משפחה פאר דעם זאָל מען קיין שטריק ניט דערמאָנען" (שפוו.). "אז מע האָט ליעב די ווייב האָט מען ליעב איהר משפחה" (שפוו.).

מִשְׁפַּח'יטע, הוו. (פארעכטליך). זעה מִשְׁפָּ'חָה.

מִשְׁ'פָּט, הם. (מ. מִשְׁפָּ'טִים). אור=טהייל, געריכטס=אורטהייל; פראָ=צעס. "גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט" (ווער.).

"ביי'ן משפט מוז מען ביידע צדדים אויסהערען" (שפוו.).

מִשְׁפָּ'טִים, הוו. דער נאָמען פון דער אכצעהנטער סדרה (ווז.).

מִשְׁ'פָּט'עָן, צא. ריכטען, אורטהיילען. זיך משפט'ען, זיך פּראָצעסירען, זיך סודיען. פאַר־משפט'ען, פאַראורטהיילען. צו'משפט'ען, פאַראורטהיילען.

מַשְׁפִּ'יעַ־זיין, צא. באַאיינפלוסען, איינפלוסען.

מַשְׁ'קֶה, הוו. (מ. מַשְׁ'קוֹת, מַשְׁקָ'אוֹת). אַ געטראַנק; שטאַרקעס געטראַנק. "עס איז ניטאָ קיין שלעכטע משקה פאַר אַ שיכור, קיין שלעכטע מטבע פאַר אַ סוחר און קיין מיאוס'ע נקבה פאַר אַ נואף" (שפוו.). "אַ יתומה איז אַ וואָלוועלע משקה" (שפוו.).

מִשְׁקוֹ'לֶת, הוו. גלייכגעוויכט, באַלאַנץ. שטעהן אויף משקולת, שטעהן אויף אַ וואַקעלדיגען פּלאַץ, זיך קוים האַלטען.

מִשְׁ'קָל, הם. געוויכט, וואַג; מאָס (אין פּאָעזיע).

מְשַׁ'קֵר־זיין, צש. זאָגען ליגען.

מְשָׁ'רֵת, הם. (מ. מְשָׁרְ'תִים). דיענער, באַדיענטער, אָנגעשטעלטער. "פון אַ שלעכטען משרת האָט דער בעל־הבית נאָר צרות" (שפוו.). "ווי די שררות אַזוי איז דער משרת" (שפוו.).

מְשָׁ'רֶת'טע, הוו. (מ. מְשָׁ'רֶת'טעס). זעה מְשָׁ'רֵת.

מְשָׁרְ'תֵי־קְהִ'לָּה, מ. די אָנגעשטעלטע פון דער געמיינדע.

מִשְׁתַּ'דֵּל־זיין־זיך, צוו. זיך באַמיהען, זיך איינשטעלען, חאָדאַטייסטוועו.

מִשְׁ'תֶּה, הוו. (מ. מִשְׁ'תּוֹת). מאָהלצייט, הוליאַנקע.

מִשְׁ'תֶּה־וְשִׂמְ'חָה, הוו, (ביבליש). אַ מאָהלצייט און אַ הוליאַנקע, אַ הוליאַנקע.

מַשְׁ'תִּין־זיין, צש. אָפּשלאָגען וואַסער.

מִשְׁתַּ'תֵּף־זיין־זיך, צוו. זיך באַטהייליגען, נעהמען אַ'ן אנטהייל.

מֵת [מֶת], הם. (מ. מֵ'תִים). אַ טויטער. "ווי די מתים עסען אַזאַ פּנים האָבען זיי" (שפוו.). "ווען צוויי מתים געהען טאַנצען ווער וועט שבת מאַכען" (שפוו.).

מֵת [מֶת]־מִצְ'וָה, הם. (מ. מֵ'תֵי־מִצְ'וָה). אַ טויטער וועלכען די געמיינדע מוז באַערדיגען אויף איהרע קאָסטען.

מִתְאַ'סֵף־זיין־זיך, צוו. זיך פאַרזאַמלען.

מִתְבּוֹ'דֵד־זיין־זיך, צוו. זיך אָפּזונדערען, לעבען אין איינזאַמקייט.

מִתְבּוֹ'נֵן־זיין־זיך, צוו. זיך באַטראַכטען, זיך אריינטראַכטען.

מִתְגַּ'בֵּר־זיין־זיך, צוו. זיך שטאַרקען (איבער'ן יצר־הרע א. א. וו.).

מִתְוַ'דֶּה־, מִתְוַ'דֶּה־זיין־זיך, צוו. באַקענען (אויף זינד), באַרייען;

וזאָגען דאָס געבעט פון ווידוי.

**מִתְוַכֵּ'חַ־זיין־זיך**, צוו. דיספּוטירען, דעבאַטירען, זיך שטרייטען, זיך האַמפּערען.

**מָ'תוֹן**, המ. אַ געלאַסענער אָדער רוהיגער מענש.

**מָ'תוֹק־מִדְּבַשׁ'**, (ביבליש). זיסער פון האָניג, זעהר זיס, זעהר אָנגענעהם.

**מָ'תוֹק־מִזֶּ'פֶת**, זיסער פון פעך (אַ פאַראָדיע אויף מָ'תוֹק־מִדְּבַשׁ', ווז.).

**מְתוּשֶׁ'לַח**, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען מאַן וועלכער האָט געלעבט פאַר'ן מבול און האָט ערררייכט דאָס עלטער פון 969 יאָהר, ווי די ביבעל דערצעהלט.

**מִתְחַ'יֵּב־, מִתְחַ'יֵּיב־זיין־זיך**, צוו. זיך פאַרפּליכטען, פאַרשפּרעכען.

**מִתְחַ'כֵּם־זיין־זיך**, צוו. זיך קליגען.

**מִתְחַ'תֵּן־זיין־זיך**, צוו. זיך פאַרבינדען דורך הייראַטה (מיט אימיצען).

**מִתְיָאֵשׁ [מִתְיַ'אֵשׁ]־זיין־זיך**, צוו. פאַרצווייפלען.

**מִתְיַ'חֵס־זיין־זיך**, צוו. שטאָלצירען, זיך ריהמען (מיט אַ געוויסען פאַרוואַנדטען).

**מִתְיִ'יאֵשׁ־**, זעה מִתְיָאֵשׁ־.

**מִתְיַ'יחֵס־**, זעה מִתְיַ'חֵס־.

**מִתְיַ'יעֵץ־זיין־זיך**, צוו. זיך באַראַטהען.

**מְתִ'יקוּת**, הוו. זיסקייט, אַנגענעהמקייט.

**מַתֶּכֶת [מַתְ'כֶת]**, הוו. (מַתְ'כוֹת). מעטאַל.

**מַ'תִּיר־זיין**, צא. ערלויבען, ערקלערען אַלס געזעצליך.

**מַ'תִּיר־אֲסוּ'רִים**, המ. (ביבליש). אַ באַפרייער פון געפאַנגענע.

**מַ'תִּיר־דָּם [דַם]־זיין**, צא. (תלמודיש). ערקלערען אימיצען בלוטפריי, ערקלערען אימיצנ'ס לעבען אויסער דעם שוץ פון דעם (אידישען) געזעץ.

**מַ'תִּיר־נֶדֶר [נֶ'דֶר]־זיין**, צא. אויפלייזען אַ נדר (ווז.), ערקלערען אַ נדר אַלס ניט בינדיג. זעה הַתָּ'רַת־נְדָ'רִים.

**מִתְכַּוֵּין־, מִתְכַּוֵּן־ [מִתְכַ'וֵן־]**, זעה מְכַ'וֵן־.

**מַתְ'מִיד**, המ. (מ. מַתְמִי'דִים). אַ פלייסיגער שילער, אַ פלייסיגער מענש.

**מֶ'ת'ן**, צש. (וואולגאַר) שטאַרבען, קראַפּירען.

**מַ'תַּן־בְּסֵתֶר**, המ. (ביבליש). אַ געהיימער געשאַנק (צו אָרעמע לייט); באַשטעכונג, חאַבאַר; אַ קלאַפּ אין די אונטערשטע טהיילען פון קערפּער.

**מַ'תַּן־תּוֹ'רָה**, המ. (תלמודיש). דאָס געבען פון דער תורה צו דעם אידישען פאָלק אויף דעם באַרג סיני. קומען נאָך מ ת ן ־ ת ו ר ה, קומען צו שפּעט.

**מִתְ'נַגֵּד**, המ. (מ. מִתְנַגְ'דִים). אַ געגנער; איינער וועלכער איז אַ געגנער פון אָדער געהערט ניט צו

דער סעקטע פון חסידים.

מִתְנַ׳גֵד־זיין־זיך, צוו. זיך שטעלען אנטקעגען, פראָטעסטירען.

מַתָּ׳נָה, הוו. (מ. מַתָּ׳נוֹת). געשאַנק, פרעזענט, גאָב.

מַתָּ׳נָה־לִדְרָ׳שָׁה, הוו. דרשה־געשאַנק. זעה דְרָ׳שָׁה.

מִתְ׳צַל־זיין־זיך, צוו. זיך ענטשולדיגען, זיך פאַרענטפערען.

מַתְּ׳נַת־יַד, הם. (ביבליש). געשאַנק, פרעזענט; באַשטעכונג; חאַבאַר; אַ זעץ מיט דער האַנד.

מִתְעַ׳סֵק־זיין־זיך, צוו. זיך באַשעפטיגען.

מְתַעַ׳סְקִים, הם. מ. די וועלכע גרייטען צו דעם טויטען צו דער באַערדיגונג.

מִתְפַּ׳לֵל, הם. (מִתְפַּלְ׳לִים). איינער וועלכער דאַווענט.

מִתְפַּ׳לֵל־זיין, צש. בעטען, דאַוונען.

מַתְ׳קֵן־זיין, צא. פאַרריכטען, ווידער אויפריכטען (אַ זינדיגע זעעלע דורך געוויסע מיסטישע אָדער קאַבאַליסטישע מיטלען).

מְתַקְ׳נֵא־זיין־זיך, צוו. קריגען קנאה (אויף אימיצען).

מַתְ׳רֶה־זיין, צא. אָנזאָגען, וואַרנען.

מִתְרַ׳חֵק־זיין־זיך, צוו. זיך דערווייטערען.

מִתְרַ׳עֵם־זיין, צוו. מורמלען אויף, זיך באַקלאָגען אויף, אונצופרידען זיין מיט.

---

# נ.

נ, הם. דער פערצעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אלף־בית; אין צעהלען גערעכענט אַלס 50. צום ענד פון אַ וואָרט געשריבען "ן". זעה נוּן.

נָא, "נ אָ האַלב־געבראָטען", "נ אָ איז איין און פופציג" (ווערטלאַך וואָס מע זאָגט צו אייבעם וועלכער זאָגט אָפט "נ אָ" אָדער "נו").

נְאוּם, (ביבליש). "דאָס וואָרט פון", אונטערצייכענט פון (אַ וואָרט וואָס מע שטעלט ביי אידען פאַר דער אונטערשריפט, אין אַ בריעף אָדער אַ דאָקומענט).

נִ׳אוּף, הם. בוהלעריי, געשלעכטליכע אויסגעלאַסענהייט, פראָסטיטוציאָן, זנות.

נאָכ־, די באַדייטונג פון העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאָרוואָרט "נאָכ־" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעלוואָרט.

**נֶאֱ'מָן**, חמ. (מ. נֶאֱמָ'נִים). "אַ'ן אָנפֿאַרטרויטער", איינער בײַ וועלכען מע לעגט איין געלט; אויפֿזעהער, אויפֿפּאַסער.

**נֶאֱמָ'נָה***, הוו. (מ. נֶאֱמָ'נוֹת). (ניט אידישער) גלויבען, רעליגיאָן.

**נֶאֱמָ'נוּת**, הוו. די שטעלע אָדער דאָס אַמט פֿון אַ נאמן; צוטרוי, פֿאַרטרויען; עהרליכקייט, עהרע. אויף מיינע נאמנות!, אויף מיין עהרע!. "דעם ליגנערס נאמנות איז ווי דעם מסור'ס רחמנות" (שפּוו.).

**נֶאֱ'מָנִיטע**, הוו. (מ. נֶאֱ'מָנִיטעס). זעה נֶאֱ'מָן.

**נאַפּקע**, הוו. (מ. נאַפּקעס). הורר, פּראָסטיטוטקע. זעה נַפְ'קָא.

**נאַפּקע־בַּ'יִת**, המ. (מ. נאַפּקע־בַּ'יִת'ען). הורר־הויז.

**נאַפּקעניק**, המ. (מ. נאַפּקעניקעס). הוררענ־יעגער, אויסגעלאַסענער מענש.

**נִבְ'הָל־וְנִשְׁתּוֹ'מֵם**, א. צושראָקען און פֿאַרטומעלט, איבערראַשט.

**נְבוּ'אָה**, הוו. (מ. נְבוּ'אוֹת). פֿאָראויסזאָגונג, פּראָפֿעצייהונג; די פֿעהיגקייט צו פּראָפֿעצייען. "בײַ אַ קינד איז די נבואה אין מויל" (שפּוו.).

**נְבוּכַדְנֶאצַּר**, אנמ. דער נאָמען פֿון אַ געוויסען באַבילאָנישען קעניג וועלכער האָט אײַנגענומען פּאַלעסטינא און פֿאַרטריבען די אידען אין בבל, ווי די ביבעל דערצעהלט.

**נְ'בוּלִיפֶה**, חמ. (תלמודיש). שמוציגע אויסגעלאַסענע רייד.

**נִבְ'זֶה**, המ. (מ. נִבְ'זִים). אַ'ן עקעלהאַפֿטער אָדער געמיינער מענש.

**נִבְ'זִייק**, המ. (מ. נִבְ'זִייקעס). זעה נִבְ'זֶה.

**נִבְ'זִיגקייט**, הוו. אַ'ן עקעלהאַפֿטע אָדער געמיינע פּערזאָן.

**נִבְ'חָר**, המ. (מ. נִבְחָ'רִים). אויסערוועהלטער, דעלעגאַט, דעפּוטאַט.

**נָ'בִיא**, המ. (מ. נְבִי'אִים). איינער וועלכער זאָגט פֿאָראויס די צוקונפֿט, אַ פּראָפֿעט. "דאָס האַרץ איז אַ האַלבער נביא" (שפּוו.). "ווען אַלע מענשען וואָלטען געווען נביאים וואָלטען ניט געווען קיין עניים" (שפּוו.). "אַ גאַנצער נאַרר איז אַ האַלבער נביא" (שפּוו.).

**נְבִי'אָה**, הוו. (מ. נְבִי'אוֹת). זעה נָ'בִיא.

**נְבִי'אָהִיטע**, הוו. (מ. נְבִי'אָהִיטעס). זעה נָ'בִיא.

**נְבִי'אוּת**, הוו. זעה נְבוּ'אָה.

**נְבִי'אִים**, המ. מ. "די פּראָפֿעטען", די ביכער פֿון די פּראָפֿעטען אין דער ביבעל (אײַנגעטהיילט אין "נביאים־ראשונים" און "נביאים־אחרונים", ווז.).

**נְבִי'אִים־אַחֲרוֹ'נִים**, המ. מ. (תלמודיש). "די שפּעטערע פּראָפֿעטען", מיט דעם נאָמען רופֿען זיך די פֿאָלגענדע ביכער פֿון דער ביבעל: ישעיה, ירמיהו, יחזקאל,

הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה, מלאכי (ווז.).

נְבִי'אִים־וכְתוּבִים [וּכְתוּ'בִים]. המ. מ "די פראָפעטען און די שריפ־טען", אַלע ביכער פון דער ביבעל אויסער די פינף ביכער פון משה.

נְבִי'אִים־רִאשׁוֹ'נִים, המ. מ. (תל־מודיש). "די ערשטע פראָפעטען", מיט דעם נאָמען רופען זיך די פאָלגענדע ביכער פון דער ביבעל: יהושע, שופטים, שמואל א', שמואל ב', מלכים א', מלכים ב' (ווז.).

נְבִי'אִ'יש, א. פראָפעטיש.

נְבֵי'לָה, הוו. (מ. נְבֵי'לוֹת). זעה נְבֵ'לָה.

נָ'בָל, המ. אַ נידערטרעכטיגער מענש.

נְבָ'לָה, הוו. (מ. נְבָ'לוֹת). אַ שענד־ליכע טהאַט, אַ סקאַנדאַל.

נְבֵ'לָה, הוו. (מ. נִבֵ'לוֹת). דער טויטער קערפער פון אַ טהיער; אַ פיה אָדער פלייש פון אַ פיה וואָס איז ניט געקוילעט געוואָרען לויט דעם אידישען דין אָדער וואָס האָט זיך ארויסגעוויזען נאָך דער אונטערזוכונג צו זיין טרף; מאָ־גערעס אָדער ניט געזונדעס פלייש; אַ'ן אָפגעלאָזענע אָדער אונציכטיגע פרוי.

נְבֵ'לוֹת־וּטְרֵ'פוֹת, מ. (תלמודיש). פארבאָטענע (לויט דעם אידישען דין) פליישען אָדער שפייזען.

נֶ'גֶד, פ. קעגען.

נגה"ש, אב. נֵס גָ'דוֹל הָ'יָה שָׁם (ווז.). זעה חֲנוּ'כָּה־דרעהדעל.

נִגוּ'לֶע [נִ'געלע], הז. (מ. נִגוּ'לעךְ [נִ'געלעךְ]). פארקלענערונג פון נִ'גוּן (ווז.).

נִ'גוּן, המ. (מ. נִגוּ'נִים). מעלאָדיע, געזאַנג.

נִגְ'זָל, המ. אַ בארויבטער, אַ גע־קריוודעטער. "ער איז נעבאַך אַ יון אַ נ ג ז ל" (איראָנישער אויס־דרוק):

נִגְ'זָר, א. באַשטימט, באַשערט.

נָ'גִיד, המ. (מ. נְגִי'דִים). אַ רייכער מאַן. "אַ נ ג י ד האָט פיינט כבוד ווי אַ קאַץ סמעטענע" (שפוו.). "אַז מע רייבט זיך אַרום אַ נ ג י ד רייבט מען זיך אויס אַ לאָך" (שפוו.). "אַ נ ג י ד קומט אָפּ און אַ'ן אָרעמאַן קומט אויף איז נאָך אַלץ ניט גלייך" (שפוו.).

נְגִי'דָה, הוו. (מ. נְגִי'דוֹת). זעה נָ'גִיד.

נְגִי'דוּת, הוו. רייכקייט.

נְגִי'דִ'יש, א. באַלאַנגענדיג צו אַ נגיד; רייך, גרויסאַרטיג.

נְגִי'דֶ'תִיטע, הוו. (מ. נְגִי'דֶת'טעס). זעה נָ'גִיד.

נְגִי'נָה, הוו. (מ. נְגִי'נוֹת). זינגען, מוזיק; מעלאָדיע, געזאַנג; אַק־צענט, טראָפּ.

נְגִישׂוֹת [נְגִי'שׂוֹת], מ. פייניגונגען, פארפאָלגונגען.

נִגְ'לֶה, המ. (קאַבאַליסטיש). דאָס

אַנטפּלעקטע, דאָס אָפענע, דעריעניגער טהייל פון רעליגיאָן וואָס האָט צו טהאָן בלויז מיט אַנטפּלעקטע אָפענע ערשיינונגען און איז דייטליך און פאַרשטענדליך אין געגענזאַץ צו "נסתר" (ווז.) וועלכער איז דער פאַרבאָרגענער אָדער מיסטישער טהייל.

נִגְ'מָר, א. אָפּגעשלאָסען, געענדיגט (פון אַ'ן אָפּמאַך).

נֶ'גַע, המ. (מ, נְגָ'עִים). אַ פּלאָג, אַ'ן אָנשיקעניש; אַ פּערזאָן וועלכע דערעסט און פון וועלכער מע קען ניט לויז ווערען.

נֶ'גַע־צָרַ'עַת, המ, (מ. נֶ'גַע־צָרַ'עַת'ען), (ביבליש). "אַ'ן אויסשלאָג פון קרעץ", אַ פּלאָג, אַ'ן אָנשיקעניש; אַ פּערזאָן פון וועלכער מע קען ניט לויז ווערען.

נֶ'גַע'ן, צא. פּלאָגען, דערעסען, גרישען, יאַדען.

נְדָ'בָה, הוו. (מ. נְדָ'בוֹת). געשאַנק, בייטראַג, שטיצע. "אַ גמילות־חסד איז ביי גאָט טהייערער ווי אַ נ ד ב ה" (שפּוו.). "אַ קאַליעקע גיט מען גיכער אַ נ ד ב ה ווי אַ תּלמיד־חכם" (שפּוו.).

נַדְ'בָן, המ. (מ. נַדְבָ'נִים). אַ פרייגיביגער אָדער וואָהלטהעטיגער מענש, אַ געבער.

נַדְבָ'נוּת, הוו. פרייגיביגקייט, וואָהלטהעטיגקייט.

נַדְ'בָנִ'טע, המ. (מ. נַדְ'בָנִ'טעס). זעה נַדְ'בָן.

נִ'דָה, הוו. (מ. נִ'דוֹת). אַ פרוי אין דער צייט פון איהרע מאָנאַטליכע.

נְדוּנְ'יָא, המ. זעה נָדָן.

נִדְ'חֶה, המ. "אַ'ן אָפּגעלעגטער", אַ אידישער פאַסט־טאָג וועלכער ווערט אָפּגעלעגט פון שבת אויף זונטאָג.

נָ'דיב, המ. (מ. נְדִי'בִים). זעה נַדְ'בָן.

נָדָן [נַ'דַן], הכ. (מ. נ'דַו'ים). געלט אָדער אַנדערע זאַכען וואָס עלטערען גיעבען זייער זוהן אָדער זייער טאָכטער אַלס הייראַטה־געשאַנק, אויסשטייער. "נ ד ן און ירושה געהען מיט'ן טייוועל אין חברותא" (שפּוו.). "אַ שעהן מיידעל איז אַ האַלבער נ ד ן" (שפּוו.). "נ ד ן קענען עלטערען געבען אָבער ניט קיין מזל" (שפּוו.). "נ ד ן און קעסט דויערען איבער די פּרעסט" (שפּוו.). "דער נ ד ן געהט אַוועק אויף שדכנות" (ווער.).

נֶדֶר [נ'דֶר], המ. (מ' נְדָ'רִים). אַ צוזאָג, אַ פאַרשפּרעך, אַ הייליגער פאַרשפּרעך.

נֶהֶ'נֶה־זיין, צש. געניסען, פּראָפּיטירען, ציהען נוצען אָדער פאַרגעניגען.

נֶהֱ'רָג־ווערען, צל. "געטייט ווערען", צוקאַליעטשעט אָדער פאַרקריפּעלט ווערען.

נֶהֱ'רָג'ען, צא. זעה הוֹ'רְג'ען.

נוֹ'אֵף, המ. (מ. נוֹ'אֲפִים). אַ געשלעכטליך אויסגעלאַסענער מענש. "דריי מענשען האָט גאָט פיינד: אַ'ן עושר אַ גנב, אַ'ן אָרעמאַן אַ בעל־גאווה און אַ'ן אַלטען נ ו א ף" (שפּוו.).

נוֹ'אָפיען, צש. בוהלען, הוררען.

נוֹגֵ'עַ־זיין, צא. אָנריהרען, באריהרען; אָנגעהן, אַארען, קימערען.

נוֹגֵ'עַ־בְּדָ'בָר, המ. (מ. נוֹגְ'עִים־בְּדָ'בָר), (תלמודיש). אַ פאראינטערעסירטער אין דער זאַך, איינער וועלכען די זאַך באריהרט.

נוֹגֵ'עַ־בְּכָבוֹד [בְּכָ'בוֹד]־זיין, צא. אָנריהרען די עהרע, באליידיגען.

נוֹ'גֵשׂ, המ. (מ. נ'גְ'שִׂים). אַ'ן אונטערדריקער, אַ פייניגער.

נוֹ'גֵשׂ־זיין, צא. פייניגען, אונטערטרייבען, צווינגען.

נוֹ'הֵג־זיין־זיך, צוו. זיך פיהרען, זיך אויפפיהרען, האָבען די געוואָהנהייט.

נוֹ'הֵג־כָּ'בוֹד־זיין, צש. (תלמודיש). אָפגעבען עהרע, רעספעקטירען.

נוֹ'חַ, אנמ. זעה נ'חַ.

נוֹ'טֶה, א. געניינט.

נוֹ'טֶה־לָ'מוּת, המ. (מ. נוֹ'טִים־לָ'מוּת). איינער וועלכער ליעגט צום שטאַרבען, אַ שטערבענדער, אַ געפעהרליך קראַנקער.

נוֹ'טֶה־לָ'מוּת'דיג, א. (תלמודיש). שטערבענד, געפעהרליך קראַנק.

נוֹטְרִיקִין [נוֹטְרִי'קִין], המ. (תלמודיש). "פאַרקירצונג", דאָס געבּינען אין אַ וואָרט אַ פאַרבאָרגענעם מיין דאדורך וואָס מע טייטשט אויס איטליכען בוכשטאַב אַלס אָנפאַנג פון אַ וואָרט, אזוי ווי: ש ב ת איז נ ו ט ר י ק י ן שֵׁ'נָה בְּשַׁ'בָּת תַּעֲ'נוּג (שלאָפען אום שבת איז אַ פאַרגעניגען).

נוֹ'לָד־ווערען, צל. געבאָרען ווערען.

נוֹ'לָד־מָ'הוּל, המ. (תלמודיש). איינער וועלכער איז געבאָרען אַ באַשניטענער.

נוּן, המ. (מ. נוּ'נ'ען). דער נאָמען פון דעם פערצעהנטען בוכשטאַב (נ) פון דעם אידישען אַלף־בית. לאַנגע־נ ו ן, שלוס־נ ו ן, דער בוכשטאַב "ן" (צום ענד פון אַ וואָרט).

נוֹסַח [נוּ'סַח], המ. (מ. נוּסְחָ'אוֹת). טעקסט, לעזעאַרט.

נוֹסַח [נוּ'סַח]־אַשְׁ'כְּנַז, המ. "דער דייטשער טעקסט", אַ געוויסער טעקסט פון די אידישע געבעטען געוועהנליך געברויכט צווישען די מתנגדים.

נוֹסַח [נוּ'סַח]־הָאֲרִ"י, המ. דער טעקסט פון די אידישע געבעטען לויט די פאַרשריפטען פון דעם גרויסען קאַבאַליסט יצחק לוריא וועלכער ווערט געברויכט צווישען אַ טהייל פון די חסידים.

נוֹסַח־סְפָרַד [נוּ'סַח־סְפָרַד], המ. "דער שפאַניאָלישער טעקסט", אַ געוויסער טעקסט פון די אידישע געבעטען, געוועהנליך געברויכט צווישען די חסידים.

נוֹסֵ'עַ, המ. (מ. נוֹסְ'עִים). רייזענדער.

נוֹצְ'רִי, המ. דער וועלכער קומט פון דער שטאָדט נַצְ'רֶת, קריסטוס; אַ קריסט (מ. נוֹצְ'רִים).

נו'קם־זיין־זיך, צוו. ראכע נעהמען, זיך אָפּרעכענען.

נו'קם־וְנו'טר, המ. (מ. נוקְ'מים־וְנוטְ'רים), (ביבליש). איינער וועלכער טראָגט לאַנג אַ האַס, אַ ראכזיכטיגער מענש.

נו'שא־חן־זיין, צש. (ביבליש). אויס־נעהמען, געפעלען.

נו'שא־פָּ'נים־זיין, צא. (ביבליש). זיין פריינדליך צו, ארויסווייזען פאַרטייליכקייט צו, שוינען, שאַ־נעווען.

נו'תן, המ. (מ. נותְ'נים). אַ געבער.

נו'תנ'טע, הוו. (מ. נו'תנ'טעס). זעה נו'תן.

נו'תנ'ען, צא. געבען.

נזְ'הר, א. אָפּגעהיט, באַהיט.

נ'זוק־ווערען, צל. געשעדיגט אָדער צוקאַליעטשעט ווערען.

נ'זוק'ען, צא. שעדיגען, קאַליע־טשען.

נְזיד־עֲדָשים [עֲדַ'שים], המ. (ביב־ליש). דאָס געקעכטס פון לינזען (פאַר וועלכען עשו האָט פאַר־קויפט זיין רעכט פון ערשט־געבאָ־רענשאַפט, ווי די ביבעל דער־צעהלט).

נְזי'קין, המ. "שאָדענס", דער נאָ־מען פון דער פיערטער אָפּטהיי־לונג פון תלמוד (ווז.) וועלכע ענטהאַלט די אידישע געזעצען וועגען שאָדע־ערזאַץ און אַנדערע ציוויל־געזעצען. זעה ש"ס.

נ'זיר, המ. (מ. נְזי'רים). איינער וואָס לעבט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, א'ן אסקעט.

נ'חַ, אנמ. דער נאָמען פון דעם מאַן וועלכען גאָט האָט גערעטעט פון דער פאַרפלייצונג, ווי די ביבעל דערצעהלט; הוו. דער נאָמען פון דער צווייטער סדרה (ווז.). שריי־בען נ ח מיט זיעבען גרייזען, זעהר שלעכט אויסלעגען (אין שרייבען). "נ ח מיט'ן קאַטצען־מח" (ווער. אויף איינעם וואָס הייסט נח און איז אַ גרויסער נאַרר).

נ"ח, אב. נִשְׁאָר־חַיָב (ווז.).

נַ'חום, אנמ. דער נאָמען פון אַ גע־וויסען אידישען פּראָפעט; דאָס ביבלישע בוך וואָס ענטהאַלט די פּראָפעצייהונגען פון נחום.

נְחות־דַרְ'גָא, המ. (תלמודיש). ני־דעריגער שטאַנד, נידעריגע אָפּ־שטאַמונג.

נַחְ'זור־לְעִנְיָ'נֵנוּ, לאָמיר זיך אומ־קעהרען צו אונזער געגענשטאַנד (פון געשפרעך).

נַחֲ'לָה, הוי. (מ. נַחֲ'לות, נַחֲלָ'אות). א'ן ערבשאַפט, הויז אָדער לאַנד וועלכע בלייבען נאָך אימיצענ'ס טויט; אייגענטהום, מאַיאָנטעק.

נֶחָ'מָה, הוו. (מ. נֶחָ'מות). אַ טרייסט, אַ טרייסטונג; אַ פרייד, אַ פאַרגעניגען. "איידער מע דער־לעבט די נ ח מ ה געהט אויס די נשמה" (שפּוו.).

נְחֶמְ'יָה, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען פּראָפעט; דאָס

בוך וואָס ענטהאַלט די פּראָפּע־
צייהונגען פון נחמיה.

**נָ'חָשׁ־הַקַדְמוֹ'נִי**, הס. (תּלמודיש).
די ערשטע שלאַנג (וועלכע האָט
איינגערעדט דעם ערשטען מענ־
שען צו עסען פון די פאַרבאָ־
טענע פרוכט ווי די ביבעל דער־
צעהלט.

**נַ'חַת**, הוו. פרייד, פאַרגעניגען,
שטאָלץ. קלייבען אָדער שעפּען
נ ח ת, אָנקוועלען, שטאָלצירען.

**נַ'חַת־רוּ'חַ**, הוו. (תּלמודיש). פרייד,
פאַרגעניגען.

**נַ'חַת'דיג**, א. פאַרשאַפענדיג פאַר־
געניגען, אַנגענעהם.

**נְטִ'יָה**, הוו. (מ. נְטִ'יוֹת). נייגונג.
ריכטונג, טענדענץ.

**נְטִי'לַת־יָדַיִם**, הוו. (תּלמודיש). דאָס
וואַשען פון די הענד (פאַר'ן עסען).

**נְטִי'לַת־לוּ'לָב**, הוו. (תּלמודיש).
די מצוה פון שאָקלען לולב.

**נ"י**, אב. נֵ'רוֹ־יָאִיר (ווז.).

**נִי'אוּף**, הס. זעה נִ'אוּף.

**נִי'גוּן**, הס. (מ. נִיגוּ'נִים). זעה נִ'גוּן.

**נִי'דָה**, הוו. (מ. נִי'דוֹת). זעה נִ'דָה.

**נִי'זוֹק־**, זעה נִ'זוֹק־.

**נִי'חָא**, א. (תּלמודיש). ליעב, רעכט.
"אַז איהם איז רעכט איז מיר
נ י ח א" (ווער.).

**נִי'טָל***, הס. זעה נִ'טָל.

**נִי'כָּר**, א. זעה נִ'כָּר.

**נִי'מוּס**, הס. מאָדע, זיטע, איינפיה־
רונג, עטיקעטע.

**נִיסָ'יוֹן**, הס. (מ. נִיסְיוֹ'נוֹת). זעה
נִסָ'יוֹן.

**נִי'סִים**, הס. מ. זעה נֵס.

**נִי'סָן**, הס. דער זיבענטער מאָנאַט
פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט
געוועהנליך אין מערץ־אַפּריל און
האָט דרייסיג טאָג. "אין נ י ס ן
איז גוט צו שטאַרבען אָבער נאָר
פאַר יענעם" (שפּוו.). "ראש חדש
נ י ס ן איז אַ טהייערער ביסען"
(שפּוו. — ווייל אין מאָנאַט ניסן
פאַלט פסח וועלכער קאָסט אַ
זעהר פּיעל).

**נִי'צוֹל־**, זעה נִ'צוֹל־.

**נִי'צוֹץ**, הס. אַ פונק, אַ שפּור. "ער
האָט אַ נ י צ ו ץ פון זיין זיידען".
"עס איז אין איהם קיין נ י צ ו ץ
אידישקייט ניטאָ".

**נִיצָ'חוֹן**, הס. (מ. נִיצְחוֹ'נוֹת). זעה
נִצָ'חוֹן.

**נִישְׁקָ'שֶׁה**, אוו. ניט שלעכט, מיט־
טעלמעסיג, ציעמליך; אר. נאָר
ניט געזאָרגט! עס מאַכט ניט
אויס! "נ י ש' ק ש ה ער וועט
שוין ביי מיר אויסגעריסען ווערען".

**נִישְׁקָ'שֶׁה'דיג**, א. ניט שלעכט, מיט־
טעלמעסיג.

**נַ"ךְ**, אב. נְבִיאִ'ים (ו)כְּתוּבִים (ווז.).

**נִכְ'בָּד**, א. (מ. נִכְבָּדִים [נִכְבַּ'דִים]).
אַ'ן אַנגעזעהנער מאַן.

**נִכְבַּ'דֵי־הָעִיר'**, הס. מ. די אָנגעזעה־
נע לייט פון דער שטאָדט.

**נֶ'כֶד**, הס. דער אייניקעל פון.
נ כ ד ־ הרב, דער אייניקעל פון
דעם רב.

נִבְ'לָל, א. איינגעשלאָסען, אריינגע־רעכענט

נִבְ'נָע, המ. (מ. נִבְנָ'עים). אַ'ן אונ־טערטהעניגער אָדער שוואַכמוטהי־גער מענש, איינער וועלכער איז ביי זיך אראָפּגעפאַלען.

נִבְ'נָע'דיג, אַו. אונטערטהעניג, שוואַכמוטהיג.

נִבְ'סִים, מ. גיטער, אייגענטהום.

נִבְ'פֶּה, הוו. די פאַליגע קראַנקהייט, עפּילעפּסיע.

נִבְ'פֶּה'ניק, המ. (מ. נִבְ'פֶּה'ניקעס). אַ קאַפּריזנער, פאַרביסענער אָדער בייזער מענש.

נִ'בָּר, א. קענטיג, באַמערקבאַר.

נִבְ'שָׁל, א. געשטרויכעלט.

נִבְ'תָּב, המ. (מ. נִבְתָּ'בִים). אַ'ן איינגעשריבענער (בירגער). „אַ געבאָרענער איז ער אַ קאָוונער אַ נ כ ת ב איז ער אין ס׳וצק און אַ נעלם אין קיידאַן“ (ווער.).

נִמְ'אָס (ומְ'אֹ'ס), א. זעהר עקעלדיג.

נִמְ'נוּ־וְנָמְ'רוּ, (תלמודיש). „ווי האָ־בען געצעהלט די שטימען און האָבען באַשלאָסען“, עס איז פעסט געבליבען.

נִמְ'צָא, או. עס קומט אַלזאָ אויס, אַלזאָ, פאָלגליך.

נִמְ'שָׁל, המ. (מ. נִמְשָׁ'לִים). די צוגעגליכענע זאַך, דער מיין פון אַ פאַבעל. זעה מָ'שָׁל.

נִנְתְּ'קָה, (ביבליש). זעה עַל־יְהֹוָה וְעַל־מְשִׁי'חוֹ.

נֵס [נֶס], המ. (מ. נִ'סִים). אַ'ן אי־בערנאַטירליכע ערשיינונג אָדער פּאַסירונג, אַ וואונדער; אַ וואונ־דערליכע רעטונג אָדער הילף. לעבען מיט נ ס י ם, לעבען פון ווינד. ניט האָבען קיין זיכערע עקזיסטענץ. עס האַלט זיך אויף נ ס י ם, עס האַלט זיך קוים. „גאָט'ס נ ס י ם — דריי לאָקשען־טעפּלאַך אין איינעם“ (ווער.—ווען איינער וואונדערט זיך איבער אַ קלייניגקייט).

נֵס־בְּתוֹך־נֵס [נֵס־בְּתוֹךְ־נֶס], המ. (תלמודיש). אַ וואונדער אין אַ וואונדער, אַ דאָפּעלטער וואונ־דער.

נֵס [נֶס]־גָ'דוֹל־הָ'יָה־שָׁם, (תלמו־דיש). זעה חַ'נוּכָּה־דרעהרעל.

נִסָ'יוֹן, המ. (מ. נִסְיוֹ'נוֹת). פּרוף. פּרופונג (מיט וועלכער גאָט פּרופט דעם מענשען). ביי־שטעהן אַ נ ס י ו ן, זיך ניט לאָזען פאַרפיה־רען.

נִ'סִים־וְנִפְלָ'אוֹת, מ. וואונדער און זעלטענע ערשיינונגען, גרויסע וואונדער.

נְסִי'עָה, הוו. (מ. נְסִי'עוֹת). אַ רייזע.

נֶ'סֶךְ, המ. זעה יַ'יִן־נֶ'סֶךְ.

נִבְתַּ'לֵק־ווערען, צל. אוועקגענומען ווערען, שטאַרבען (פון אַ זעהר הייליגען מאַן).

נִסְ'תָּר, המ. די לעהרע פון דאָס וואָס איז פאַרבאָרגען, קבלה (ווז.); אַ פאַרבאָרגענער, אַ פרו־

מער מאַן וועלכער וויזט זיך ניט אַרויס פאַר דער וועלט.

נ״ע, אב. נִשְׁמָ'תוֹ־עֵ'דֶן, זיין נשמה איז אין גן עדן (געשריבען נאָך דעם נאָמען פון אַ געשטאָרבענעם).

נָע־וְנָד [נַע־וְנַד'], א. (ביבליש). פאַרוואָגעלט, אַרומוואַנדערענדיג פון איין פלאַץ צום אַנדערען, אָהן אַ היים.

נַע־וְנַד'ניק, הם. (מ. נַע־וְנַד'ניר־קעס). איינער וועלכער וואַנדערט אַרום פון איין פלאַץ צום אַנדע־רען, אַ מענש אָהן אַ היים.

נַע־וְנַד'עווען, צש. אַרומוואָגלען, זיין נע־ונד.

נְעִי'לָה, הוו. דער לעצטער טהייל פון די געבעטען פון יום־כפור וועלכען מע זאָגט נאָהענט צום אָבענד.

נְעִי'מוּת, הוו. זאַנפטקייט, מילד־קייט.

נַעֲ'לֶה־מֵעַל־כָּל־סָ'פֵק, א. איבער יעדען צווייפעל, אָהן אַ צווייפעל.

נֶ'עֱלָם, הם. (מ. נֶעֱלָ'מִים). ״אַ פאַרבאָרגענער״, איינער וועלכער איז ניט איינגעשריבען אַלס בירגער. זעה נִכ'תָּב.

נֶעֱ'לָם־ווערען, צל. פאַרשוואונדען ווערען.

נְעַנוּ'עִים, מ. (ליטורגיש). די באַוועגונגען וועלכע מע מאַכט ביים שאָקלען לולב.

נֶעֱ'נָש־ווערען, צל. באַשטראָפט ווע־רען.

נֶעֱ'צָר, א. פאַרשטאָפּט, האַרט־לייביג.

נַעֲ'רָה־הַמְאוֹרָ'שָׂה, הוו. (ביבליש). אַ פערלאָבטע יונג־פרוי (וועלכע איז פאַרגוואַלטיגט געוואָרען). ״אַ קול פון אַ נ ע ר ה ־ ה מ א ו ר ש ה״ (ווער.).

נַעֲרִי'צְךָ, זעה כֶּ'תֶר.

נָפוּ'חַ, הם. (מ. נְפוּ'חִים). ״די אויפ־בלאָזונג״, דער אומפאַנג, דער פאַרנעהם, די גרויס. ״אַ פונט איזען האָט אַ גרעסערען נ פ ו ח ווי אַ פונט בליי״.

נִפְ'טָר, הם. (מ. נִפְטָ'רִים). אַ גע־שטאָרבענער.

נִפְ'טָר־ווערען, צש. שטאַרבען.

נְפִי'חָה, הוו. (מ. נְפִי'חוֹת). אַ פאָרץ.

נְפִי'לִים, הם. מ. (ביבליש). געוויסע ריעזען וועלכע האָבען געלעבט פאַר דער פאַרפלייצונג, ווי די ביבעל דערצעהלט.

נִפְ'לָא, א (מ. נִפְלָ'אִים; וו. נִפְלָ'אָה, מ. נִפְלָ'אוֹת). וואונדערבאַר.

נַפְ'קָא, הוו. (מ. נַפְ'קוֹת). (תלמו־דיש). הורר, פראָסטיטוטקע.

נַפְ'קָא־מִ'נָה, הוו. (מ. נַפְ'קָא־מִי'נָהִים). (תלמודיש). אונטערשייד.

נֶ'פֶשׁ, הוו. (מ. נְפָשׁוֹת [נְפָ'שׁוֹת], זעעלע, לעבען; אַ באַשעפעניס; אַ פערזאָן; אַ'ן עקעלהאַפטע פער־זאָן. ״דער נ פ ש איז זיבער״ (ווער. — ד. ה. קיין לעבענסגע־פאַהר איז עס ניט).

נַפְתָּ'לִי, אנם. דער נאָמען פון איי־

נעם פון יעקב'ס צוועלף זיהן ; דער שטאם וואָס קומט ארויס פון נפתלי .

נִצָּ'בִים , הזו. דער נאָמען פון דער איין און דרייסיגסטער סדרה (ווז.).

נִצָּ'בִים־וַיֵּ'לֶךְ , זעה סִדְ'רָה .

נִ'צוֹל־ווערען , צל. גערעטעט ווע־רען .

נִצָּ'חוֹן , חמ. (מ. נִצְחוֹ'נוֹת) . זיעג , טריאומף ; עהרגייץ , אמביציע . "עס געהט אין נ צ ח ו ן" .

נַצְּחָ'נוּת , הזו. עהרגייץ , אמביציע .

נִצְמַ'ח־ווערען , צש. ארויסשפּראָצען .

נִצְ'רָךְ , המ. (מ. נִצְרָ'כִים) . א באַ־דערפטיגער , א נויטה־באדערפטי־גער . "ער איז געביך א גרויסער נ צ ר ך" .

נְקֵ'בָה , הזו. (מ. נְקֵ'בוֹת) . א פרוי־ענצימער ; א שטארקע אָדער מוטהיגע פרויענצימער ; א'ן אויס־געלאסענע פרייענצימער , א פּראָס־טיטוטקע . "א מאנספערשוין איז ווי א גלאָז א נ ק ב ה איז ווי א טאָפּ" (וועלכען מע קען מיט ויא־שען ניט כשר מאכען נאָך דעם ווי ער ווערט טרף . — שפּוו.) .

נְקָ'בִים , מ. (תלמודיש) . "עפּע־נונגען", מענשליכע באדערפעניס , שטוהלגאנג . געהן אויף נ ק ב י ם , געהן אויפ'ן שטוהל .

נְקָ'בִים־גְדוֹ'לִים , מ. (תלמודיש) . שטוהל־גאנג .

נְקָבִים־קְטַ'נִים , מ. (תלמודיש) . דאָס אָפּשלאָגען וואסער .

נְקֻ'דִים־וּבְרֻ'דִים , זעה עֲקֻ'דִים .

נִ'קּוּד , המ. די גראמאטישע רעגלען פון די העברעאישע נקודות .

נְקוּ'דָה , הזו. (מ. נְקוּ'דוֹת) . "א פינטעלע", איינער פון די העב־רעאישע וואקאל־ קאָנזאָנאנט־ און אויסשפּראך־צייכענס (קמ"ץ , פּתח , צירה , סגול , חיריק , חולם , שורוק , קביץ , חטף , שוא , דגוש , ווז.) .

נָ'קִי , או. (תלמודיש) . "ריין", אָהן א פעניג געלט . "ער איז ארויס נ ק י פון געשעפט" .

נְקִי־כַּפַּ'יִם [כַּפַּ"ים] , המ. (ביבליש) . איינער וואָס האָט ריינע הענד , איינער וועלכער נעהמט ניט קיין כאבאר , א'ן עהרליכער מאן . "פון נ ק י ־ כ פ י ם ווערט מען ניט רייך" (שפּוו.) .

נְקִ'יבָה , הזו. (מ. נְקִי'בוֹת) . זעה נְקֵ'בָה .

נְקִ'יּוּת , הזו. "רייניגונג", שטוהל־גאנג .

נְקָ'מָה , הזו. (מ. נְקָ'מוֹת) . ראכע , ראכענעהמונג . "א נ ק מ ה איז א האלבע נחמה" (שפּוו.) .

נֵר , המ. (מ. נֵ'רוֹת) . א ליכט .

נֵר־תָּ'מִיד , המ. "דאָס שטענדיגע ליכט", דאָס ליכט וואָס ברענט שטענדיג פאר'ן ארון־קודש .

נִרְ'דָּף , המ. (מ. נִרְדָ'פִים) . א פאר־פאָלגטער , א'ן אונשולדיג פאר־פאָלגטער .

נֵ'רוֹ־יָ'אִיר , (ביבליש) . "זיין ליכט זאָל שיינען", ווערטער וועלכע

מע שטעלט נאָך דעם נאָמען פון א פערזאָן וואָס לעבט נאָך.

נְ'שׂא, הוו. דער נאָמען פון דער פינף און דרייסיגסטער סדרה (ווז.).

נְשְׂ'אָר, הם. דער רעשט, דער בי=לאַנץ.

נְשְׂ'אָר־חַ'יָב, א. געבליבען שולדיג, שולדיג.

נְשׂ'יאַת־פָּ'נִים, הוו. פּארטייליב=קייט.

נָ'שִׁים, הוו. מ. זעה אִ'שָׁה.

נָ'שִׁים, הם. "פרויען", דער נאָמען פון דער דריטער אָפּטהיילונג פון תלמוד וועלכע ענטהאלט די אי=דישע געזעצען וועגען הייראטה, שיידונג א. ד. ג. זעה שַ"ס.

נְשָׁ'מָה, הוו. (מ. נְשָׁ'מוֹת). זעעלע, לעבען. זיין גאָט די נשמה שולדיג, זיין אונשולדיג. "ניט האָבען קיין גראָשען ביי דער נשמה". מיר איז שיער די נשמה ארויסגעפאלען, איך האָב זיך זעהר שטארק דערשראָקען. "א ווייב איז גוט צום לייב אָבער ניט צו דער נשמה" (שפוו.). "א אידישע נשמה קען מען ניט שאצען" (שפוו.). "די נשמה קען מען ניט אויסשפייען" (שפוו.). "די נשמה ליגט טיעף" (שפוו.). "מיין נשמה איז אויך ניט קיין ראָזשעק" אָדער "— פון קלאָטשטע" (ווער. — ד. ה. איך האָב אויך א שטיקעל רעכט).

נְשָׁ'מָה־יְתֵ'רָה, הוו. (מ. נְשָׁ'מוֹת־יְתֵ'רוֹת). די צוגעלעגטע צווייטע נשמה (וועלכע יעדער איד קריגט אויף דעם טאָג פון שבת).

נְשָׁ'מָה־ליכט, הו. (מ. נְשָׁ'מָה־ליכט). דאָס ליכט וואָס מע צינדט אָן נאָך א טויטען.

נִשְׁ'מַת, "די זעעל פון", דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון א תפלה וואָס מע זאָגט שבת אין דער פריה.

נִשְׁ'מַת־חַ'יִים, הוו. (ביבליש). דער אָטהעם פון לעבען.

נֶשְׁ'רָף, הם. (מ. נִשְׂרָ'פִים). איינער וואָס זיין אייגענטהום איז פאר=ברענט געוואָרען, א'ן אָפּגעברענ=טער.

נִשְׁתּוֹ'מֵם, א. איבערראשט, פאר=וואונדערט.

נִתְבַּ'קֵשׁ־ווערען, צל. (חסידיש). "געבעטען ווערען", שטארבען (פון א זעהר הייליגען מאַן).

נִתְגַ'דֵל־ווערען, צל. דערגרוויסט ווערען.

נִתְגַ'לֶה־ווערען, צל. אנטפלעקט ווערען.

נִתְחַ'מֵץ־ווערען, צל. זויער ווערען, אויסגעלאסען ווערען.

נְתִי'נָה, הוו. (מ. נְתִי'נוֹת). א גאָב, א געשאַנק (צו אָרעמע אָדער פאר א וואָהלטהעטיגען צוועק).

נ'תֶל*, הם. די נאַכט ווען קריסטוס איז געבאָרען געוואָרען, ווייה=נאַכט, ראָזשדעסטווא (לויט א געוויסער מיינונג זאָל דאָס וואָרט שטאמען פון נִתְ'לֶה (זעה תָּ'לוּי), דער געהאנגענער. מעהר וואהר=

שיינליך איז אז דאָס וואָרט שטאַמט פון דעם לאַטייניישען : "Natalis", דער געבורטס=טאָג) .

גְתַ׳נֶה־תוֹ׳קֶף, הם. זעה וּנְתַ׳נֶה־תוֹ׳קֶף .

י׳תֶנִיעֶן, צא. געבען .

גִתְעַ׳שֵׁר־ווערען, צל. רייך ווערען, באַרייכערט ווערען .

גִתְפָּ׳עֵל, א. ענטציקט, באַגייס=טערט, איבערראַשט .

גִתְרַ׳כֶּה־ווערען, צל. פאַרמעהרט ווערען .

# ס.

ס , הם. דער פונפצעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף=בית ; אין צעהלען גערעכענט אַלס 60. זעה סַמֶךְ .

סְ׳בָּה, הוו. (מ. סִ׳בּוֹת) . אורזאַכע ; צופאַל ; שלעכטער צופאַל, אומ=גליק .

סְבִ׳יבָה, הוו. (מ. סְבִ׳יבוֹת) . אומ=געגענד, נאַכבאַרשאַפט ; אומגע=בונג .

סַבְ׳לָן, הם. (מ. סַבְלָ׳נִים) . אַ גע=דולדיגער אָדער טאָלעראַנטער מענש .

סַבְלָ׳נוּת, הוו. געדולד, דולדזאַמ=קייט, טאָלעראַנץ .

סַבְ׳לָנִיטע, הוו. (מ. סַבְ׳לָנִיטעס) . זעה סַבְ׳לָן .

סְבָ׳רָא, סְבָ׳רָה, הוו. (מ. סְבָ׳רוֹת) . מיינונג, געדאַנק, באַהויפטונג, טהעאָריע. עס איז אַ ס ב ר ה, מע דענקט. בויך־ס ב ר א, =אַ׳ן אונבאַגרינדעטע באַהויפטונג .

סֶ׳גוֹל, הם. (מ. סֶ׳גוֹליען) . דער נאָמען פון דעם העבּרעאישען וואָ=קאַל=צייכען " ֶ " אויסגעשפּראָכען ווי "ע" אין "געלט" .

סְגוּ׳לָה, הוו. (מ. סְגוּ׳לוֹת) . אַ הייל=מיטעל, אַ וואונדער=מיטעל ; אַ טאַליסמאַן .

סְגַ׳נוֹן, הם. סטיל,

סְדוֹם [סְדֹם], אַנמ. דער נאָמען פון אַ שטאָדט וועלכע איז צושטערט געוואָרען פון גאָט פאַר איהרע זינד, ווי די ביבעל דערצעהלט .

סְדוֹם־וַעֲמוֹ׳רָה, אנמ. מ. די נעמען פון צוויי שטעדט וועלכע זיינען צושטערט געוואָרען פון גאָט פאַר זייערע זינד, ווי די ביבעל דער=צעהלט .

סִ׳דוּר, הם. (מ. סִדוּ׳רִים) . דאָס אידישע געבעט=בוך . ניט אַרויס=געהן פון דער מאַמע׳ס ס ד ו ר, זיך האַלטען אָן אַלטע באַגריפען .

סֵ׳דֶר, הם. (מ. סְדָ׳רִים) . אָרדנונג ; די רעליגיעזע צערעמאָניע פון ד,

צוויי ערשטע נעכט פון פסח; איינע פון די זעקס אָפּטהיילונגען פון תלמוד (ווז,). „וואָס איז דעם אינדיק פאַר אַ חילוק צו מע קוי־לעט איהם אויף פורים צו דער סעודה, אָדער אויף פסח צום סדר“ (שפּוו.).

סֵ'דֶר־עָ'וֹלָם, המ. די איינפיהרונג פון דער וועלט, די מאָדע.

סִדְרָה [סֶדְ'רָה], הוו. (מ. סִדְרוֹת [סֶדְ'רוֹת]). איינער פון די פיער און פופציג אָפּשניטען אין וועלכע די פינף ביכער פון דער תורה זיי־נען איינגעטהיילט (אָנהויבענדיג פון שבת־בראשית ווערט יעדען שבת פאָרגעלייענט אין שוהל איין כדרה. די נעמען פון די סדרות זיינען פאָלגענדע: בראשית, נח, לך־לך, וירא, חיי־שרה, תולדות, ויצא, וישלח, וישב, מקץ, ויגש, ויחי, שמות, וארא, בא, בשלח, יתרו, משפּטים, תרומה, תצוה, כי־תשא, ויקהל, פקודי, ויקרא, צו, שמיני, תזריע, מצורע, אחרי־מות, קדושים, אמור, בהר, בתקותי, במדבר, נשא, בהעלותך, שלח, קרח, חקת, בלק, פינחס, מטות, מסעי, דברים, ואתחנן, עקב, ראה, שופטים, כי־תצא, כי־תבא, נצבים, וילך, האזינו, וזאת־הברכה. אום אויסצוגלייכען די צאָהל פון די וואָכען פון דעם אידישען יאָהר מיט דער צאָהל פון די סדרות ווערען אין געוויסע שבתים פאָרגעלייענט צוויי סדרות צוזאַמען, אַזוי ווי: ויקהל־פקודי, אחרי־מות־קדושים, בהר־בחקותי, מטות־מסעי, נצבים־וילך. דאָס אידישע דאַטום ווערט געוועהנליך גערעכענט נאָך דער סדרה פון דעם קומענדען שבת, אַזוי ווי: א׳ בראשית, זונטאג פאַר דעם שבת אין וועלכען מע לייענט די סדרה „בראשית“); אַ רייהע, אַ געשליעדער, אַ פאַרוויקעלטער אינטערעס. וועלכע סדרה געהט היינט?, וועלכע סדרה וועט מען פאָרלייענען נעקסטען שבת. „איז זיך די סדרה מישב און געהט גאָר ניט“ (ווער.).

סֵ'דֶר'עֵ', צש אָפּריכטען די רעליג־יעזע צערעמאָניע פון די ערשטע צוויי נעכט פון פסח.

סוֹ'בֵל זיין, צא. פאַרטראָגען, דולדען.

סוּג, המ. (מ. סוּ'גִים). זאָרט, אַרט.

סוּגְ'יָא, הוו. (מ. סוּגְ'יוֹת). (תלמו־דיש). אַ דעבאַטע, אַ׳ן אָפּהאַנד־לונג (אין תלמוד).

סוֹד [סָד], המ. (מ. סוֹ'דוֹת). געה־היימנים, סעקרעט. איינרוימען די מיין אַ סוד, ריידען זעהר שטיל. „דאָס פּנים זאָגט אויס דעם סוד“ (שפּוו.). „וואָס דריי וויסען איז קיין סוד ניט“ (שפּ.ו.). „זאָג דער ווייב אַ סוד און שנייד איהר אויס די צונג“ (שפּוו.). „פאַר אַ ווייב איז קיין סוד ניטאָ“ (שפּוו.).

סוֹ'דוֹת'דיג, א. געהיימניספול.

סוֹ'דען, צא. שושקען. זיך סוד'־ען, זיך שושקען.

סוֹ'חֵר, המ. (מ. סוֹחְרִים [סָחְ'רים]). געשעפטסמאַן, קויפמאַן, הענד־לער: אַ חיטרער קערל, אַ שורקע.

"באשעערט גאָט אַ סוחר שיקט דער רוח אַ מעקלער". (שפוו.).

סוֹ'חֵר־תְּבוּאָה, הם. (מ. סוֹחֲרֵי־ [סָחְ'רֵי] תְּבוּאָה). געטריידע הענ= דלער

סוֹ'חֶרְ'טע, הוו. (מ. סוֹ'חֶ'רטעס). זעה סוֹ'חֵר.

סוֹחְרִ'יש [סָחְ'רִ'יש], באלאנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענ= שאפטען פון אַ קויפמאַן, גע= שעפטסמעסיג. "תרמה איז ניט סוחריש" (שפוו.).

סוֹ'טָה, הוו. אַ פרוי וועלכער דער מאַן האָט פארדעכטיגט אַז זי איז איהם אונטריי און וועלכע האָט געמוזט לויט דעם אידישען געזעץ (פארצייטען) טרינקען אַ געטראַנק געמאַכט פון געוויסע ביטערע קרייטעכצער. אויב דאָס געטראַנק האָט אויף איהר ניט געהאַט קיין שלעכטע ווירקונג איז עס אָנגענו= מען געוואָרען אַלס באַווייז אַז זי איז אונשולדיג. זידלען ווי אַ סוטה, שטאַרק זידלען.

סוּ'כָּה, הוו. (מ. סוּ'כּוֹת). זעה סְ'כָּה.

סוּ'כּוֹת, הם. זעה סְ'כּוֹת.

סוֹ'מֵךְ־זיין־זיךְ, צוו. זיך שטיצען, זיך פאַרלאָזען, זיך באַציהען.

סוּס, הם. (מ. סוּ'סִים). אַ פערד. "אַז מע האָט ניט קיין סוס מוז מען געהן צו פוס" (שפוו.).

סוֹף [סָף], הם. ענד, שלוס, אויס= לאָז, רעזולטאַט. "אַז דער סוף איז גוט איז אַלעס גוט". (שפוו.).

סוֹף־חוֹ'דֶש, הם. ענד מאָנאַט. "זי לייבט ווי די לבנה סוף־ חודש" (איראָנישער אויסדרוק).

סוֹף־כָּל־סוֹף [סָף־כָּל־סָף], או. (תלמודיש). צום סאַמע ענד, ענדליך, נאָך אַלעמען.

סוֹ'פֵר, הם. (מ. סוֹפְרִים [סָ'פְרִים]). אַ שרייבער פון ספרי־תורות, תפלין און מזוזות.

סוֹפְרוּת [סָפְ'רוּת], הוו. די פראָ= פעסיאָן פון אַ סופר.

סוֹפְרִ'יש [סָפְ'רִ'יש], א. באַלאַנגענ= דיג צו אָדער האָבענדיג די איי= גענשאַפט פון אַ סופר. סופרי= שער טינט, אַ געוויסער זאָרט גלאַנציגער טינט וואָס די סופרים געברויכען.

סוֹ'רֵר־וּמוֹ'רֶה, הם. זעה בֵּן־סוֹ'רֵר־ וּמוֹ'רֶה.

סוֹ'תֵר־זיין, צא. ווידערשפרעכען.

סְחוֹ'רָה, הוו. (מ. סְחוֹ'רוֹת). וואַא= רע; אַ וונגאַטש; אַ פאַרשייטעס פרויענצימער. "תורה איז די בעס= טע סחורה" (שפוו.). "אַז אַ מויד פאַרזיצט איז זי ווי אַ'ן אָפּ= געלעגטע סחורה" (שפוו.). "איטליכער סוחר לויבט זיין סחורה" (שפוו.).

סַ'חֶר'עו, צש. זעה שאַכער'ען.

סִטְ'רָא־אַחֲ'רָא, הוו. (קאבאַליסטיש). "די פרעמדע (אונריינע) זייט", דער בייזער גייסט.

סִי'בָּה, הוו. (מ. סִי'בּוֹת). זעה סִ'בָּה.

סִי'דוּר, הם. (מ. סִידוּ'רִים). זעה סִ'דוּר.

סִי'וָן, הם. דער נײַנטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט געוועהנליך אין מאַי=יוני און האָט דרײַסיג טעג.

סִיטְ'רָא־, זעה סִטְ'רָא־.

סְיָיג, הם. (מ. סְיָי'גִים). זעה סְיָג.

סִיכְ'סוּךְ, (מ. סִיכְ'סוּכִים). זעה סִכְ'סוּךְ.

סִי'לוּק, הם. זעה סִ'לוּק.

סִי'מָן, הם. (מ. סִי'מָנִים). זעה סִ'מָן.

סִי'נַי, אנם. דער נאָמען פון דעם באַרג אויף וועלכען גאָט האָט געגעבען די תּורה צו משה'ן, ווי די ביבעל דערצעהלט. ער איז צום באַרג ס י נ י ניט דערגאַנגען, ער איז ניט קלוג.

סִי'פּוּר, הם. (מ. סִיפּוּ'רִים). זעה סִ'פּוּר.

סִיְר'כָא, הוו. (מ. סִיְר'כוֹת). זעה סִרְ'כָא.

סִיַעְ'תָּא־דִשְׁמַ'יָא, הוו. (תלמודיש). אַ חילף פון הימעל, אַ גאָט=זאַך.

סַךְ, הם. (מ. סַ'כִ'ען). סומע, בעטראַג; מאַסע.

סַךְ־הַכּוֹ'לֵל, הם. דער גאַנצער בעטראַג, די סומע.

סַךְ־הַ'כֹּל, הם. די געזאַמט=סומע, די אונטערשטע סומע. אין ס ך־ה כ ל, אין אַלגעמײנעם, אין גאַנצען גענומען. מאַכען דעם ס ך־ה כ ל, מאַכען די אונטערשטע רעכנונג. מאַכען אַ ס ך־ה כ ל (פון עפּ'ס), מאַכען צו גאָרנישט, פאַרשווענדערן.

סַךְ־הַ'כֹּל, או. אַלצדינג צוזאַמענגענומען, נאָך אַלעמען, איבערהויפּט.

סֻ'כָּה, חוו. (מ. סֻ'כּוֹת). אַ בײַדעל, אַ געצעלט; דאָס בײַדעל אין וועלכען אידען עסען אום סכּות. "זײַ אַ מענש וועסטו זיצען אין ס כּ ה" (ווער.).

סֻ'כָּה־שׂערר, הוו. אַ שׂערר מיט וועלכע מע שׂעררט די סכּה (אַ זאַך וועלכע איז גאָר ניט פאַראַנען). "מע מעג איהם שיקען נאָך אַ ס כּ ה־ש ע ר ר" (ווער. — ד. ה. ער איז אַ גרויסער נאַרר).

סְכוּם [סְכָם], הם. צאָלל, אָפּצאָלל, טאַקסע. "דער וואָס צאָהלט ניט קײן ס כ ו ם דאַרף קײן דעה ניט זאָגען" (שפּוו.).

סֻ'כּוֹת, הם. (מ. סֻ'כּוֹתיען). "דער פײַערטאָג פון געצעלטען", דער אַכט=טאָגיגער אידישער פּעסט (וועלכער הויבט זיך אָן דעם פערצעהנטען טאָג פון מאָנאַט תּשרי) ווען מע עסט אין אַ סכּה צום אנדענק אָן די בײַדלעך אין וועלכע אידען האָבען געוואוהנט ווען זיי זײַנען אַרוים פון עגיפּטען און האָבען געוואַנדערט אין דער וויסטע. "ס כּ ו ת עסט מען גוט און מע שלאָפט שלעכט" (שפּוו.).

סַ'כִּין, הם. מעסער.

סְכָך, המ. צווייגען פון פיכטענבוי=מער מיט וועלכע מע דעקט צו די סכה; דער דאך=צודעק פון דער סכה.

סַכָּ׳נָה, הוו. (מ. סַכָּ׳נוֹת). געפאהר. „אז עס ברענט ביי׳ם שכן ביסטו אויך אין סכנה" (שפוו.).

סַכָּ׳נַת־נְפָ׳שׁוֹת, הוו. (תלמודיש). לעבענסגעפאהר; א. שרעקליך, אונגעהייער, אונגעהייער גרויס.

סִכְ׳סוּךְ, המ. (מ. סִכְסוּ׳כִים). א פליאָנטער, א האמפעריי, א שטרייט, א דיספוט.

סְ׳לוּק, המ. (מ. סִלוּ׳קִים). אָפּרעכענונג, באצאָהלונג (פון א שולד). געבען א סלוק, שטארק זידלען. „א ריינער חשבון איז א האלבער סלוק" (שפוו.).

סַ׳לוּק׳ען, צא. באצאָהלען, אָפּצאָהלען.

סְלִי׳חָה, הוו. (מ. סְלִי׳חוֹת). פאר=געבונג, פארצייהונג; איינס פון געוויסע אידישע געבעטען וועלכע מע זאָגט אין פאסט=טעג און ביי אנדערע עהנליכע געלעגענהייטען; א בוך וואס ענטהאלט די דאָזיגע געבעטען; (וואולגאר) א דאָנאָס. די ערשטע סליחות, די סליחה=געבעטען וועלכע מע זאָגט גאַנץ באַגינען דעם זונטאָג פאר ראש־השנה. „א קאָסע מיט א לוח און א סליחה מיט א פייער=צייג" (ווער. פון צוויי זאכען וועלכע פאסען ניט איינע צו דער צווייטער).

סַם, המ. (מ. סַ׳מִים). גיפט. „א שלעכטע אם איז פאר׳ן קינד סם" (שפוו.).

סָ״ם, המ. (אב. סְטְ׳רָא־מְסָאֲבוּ׳תָא די אונריינע זייט), (קאבאליס=טיש). דער בייזער גייסט.

סַם־הַמָ׳וֶת, המ. (מ. סַם־הַמָ׳וֶת׳ען), (תלמודיש). טויטענדער גיפט, גיפט.

סַם־הַמָ׳וֶת׳דיג, א. גיפטיג.

סָמָ׳אֵל, אנמ. דער נאָמען פון דעם הויפט פון די בייזע גייסטער, דער שטן.

סַמְבַּטְ׳יוֹן, אנמ. דער נאָמען פון א לעגענדארישען טייך וועלכער ווארפט מיט שטיינער א גאַנצע וואָך און רוהט בלויז אין דעם טאָג פון שבת; א׳ן אומרוהיגער מענש. פון יענער זייט סמבטיון, ערגעץ ווייט פארוקט. „שבת האָט אפילו דער סמבטיון אויך רוה" (שפוו.).

סְמִי׳כָה, הוו. (מ. סְמִי׳כוֹת). א׳ן אטעסטאט אָדער א באשטעטיגונג אויף רבנות.

סְמִי׳כוּת, הוו. סמיכה; פארבינדונג, צוזאַמענהאַנג.

סְמִי׳כוּת־הַפַּרְ׳שָׁה, הוו. דער צוזא=מענהאַנג צווישען איין אָפּשניט פון דער תורה מיט דעם צווייטען; פארבינדונג, צוזאַמענהאַנג.

סַ׳מֶךְ, המ. (מ. סַ׳מֶכ׳ען). דער נאָמען פון דעם פונפצעהנטען בוכ=שטאב (ס) פון דעם אידישען אלף־בית.

סֶמֶךְ [סֶ׳מֶךְ, סְמַךְ], המ. שטיצע, גרונד, אורזאכע.

**ס׳מָן**, הם. (מ. סִמָ׳נִים). צייכען: אנדענק, סימבאָל; שפור. "דאָס איז אַ ס מ ן דצ"ך" (ווער. — ד. ה. עס איז אַ שלעכטער סמן). זעה דְצַ"ךְ־עַדַ"ש־בְּאַחַ"ב׳.

**ס׳מָן־דַ׳לוּת**, הם. אַ צייכען פון אָרעמקייט. "אַלע כמנים געהען אונטער נאָר דער ס מ ן ־ ד ל ו ת בלייבט" (שפוו.).

**ס׳מָן־מוּבְ׳הָק**, הם. (תלמודיש). קלאָ־רער צייכען, שטאַרקער באַווייז.

**סִמָ׳נֵי־בַ׳גְ׳רוּת**, מ. (תלמודיש). צייכענס פון רייפקייט אָדער דערוואַקסענקייט (פון אַ מיידעל).

**סִמָ׳נֵי־זַ׳כְ׳רוּת**, הם. מ. מענליכע געשלעכט-צייכענס.

**סִמָ׳נֵי־נַ׳עֲ׳רוּת**, מ. (תלמודיש). די ערשטע צייכענס פון רייפקייט (פון אַ מיידעל).

**סִמָ׳נִים**, מ. (תלמודיש). דער גאָרגעל און דער שלונד פון דער בהמה (וועלכע מע מוז דורכשניידען ביי דער שחיטה).

**ס׳מ׳ען**, צא. גיפטען, פאַרגיפטען.

**סַנְ׳דֵק**, הם. (מ. סַנְ׳דְקִים). דער וועלכער האַלט דאָס קינד אויף זיין שויס ביי דער צערעמאָניע פון באַשניידונג. געבען ס נ ד ק, באַעהרען אימיצען צו זיין דער סנדק.

**סַנְדֵ׳קְ׳אוּת**, הוו. די צערעמאָניע פון זיין סנדק.

**סְנֶ׳ה**, הם. דער דאָרן וואָס משה האָט געזעהן אַז ער ברענט און ווערט ניט פאַרצעהרט, ווי די ביבעל דערצעהלט.

**סַנְהֶדְ׳רִין (סַנְהֶ׳דְרִין)**, הם. מ. די מיטגליעדער פון דעם העכסטען געריכט וואָס איז געווען ביי אידען אין דער צייט פון דעם צווייטען טעמפעל, און וואָס איז באַשטאַנען פון איין און זיבעציג מיטגליעדער.

**סַנֵ׳יגוֹר**, הם. אַ "פאַרטהיידיגער", דער פאַרטהיידיגענדער ענגעל.

**סְעוּ׳דָה**, הוו. (מ. סְעוּ׳דוֹת). אַ מאָהלצייט; אַ פעסטליכע מאָהלצייט, אַ באַנקעט. „פורים נאָך דער ס ע ו ד ה איז קיין איד ניט הונגעריג" (שפוו.).

**סְעוּ׳דָה־הַמַפְ׳סֶ׳קֶת**, הוו. (תלמודיש). די לעצטע מאָהלצייט וועלכע מע עסט ביי אידען ערב יום כפור פאַר נאַכט, און נאָך וועלכער מע טאָהר מעהר ניט עסען.

**סְעוּ׳דַת־הַבְרָ׳אָה** הוו. (תלמודיש). די מאָהלצייט וועלכע די שכנים ברינגען דעם אָבל ווען ער קומט צוריק פון דער בעערדיגונג (נאָך דער אידישער איינפיהרונג מוז די ערשטע מאָהלצייט וואָס דער אָבל עסט נאָך דער בעערדיגונג פון טויטען זיין ניט זיין אייגענע).

**סְעוּ׳דַת־מִצְ׳וָה**, הוו. (מ. סְעוּ׳דוֹת־מִצְ׳וָה). אַ מאָהלצייט וועלכע מע עסט ביי אַ רעליגיעזער פעסטליכקייט.

**סְעוּ׳דַת־פוּ׳רִים**, הוו. (תלמודיש). די הויפּט־מאָהלצייט פון פורים, געוועהנליך געגעסען פאַר נאַכט אָדער אין דעם אָבענד נאָך פורים.

**סְעִיף**, הם. (מ. סְעִי׳פִים). פאראַגראַף.

**סִ׳פּוּר**, (מ. סִפּוּ׳רִים). ערצעהלונג, געשיכטע.

**סִפּוּ׳רֵי־מַעֲ׳שִׂיּוֹת**, הם. מ. "ערצעהלונגען פון פאַסירונגען", קינדערשע ערצעהלונגען, וואונדערגעשיכטען.

**סְפִי׳רָה**, הוו. "די צעהלונג", דאָס צעהלען ניין און פערציג טעג פון דעם צווייטען טאָג פון פסח ווען אַ׳ן עומר (ווז.) פון פרישע גערשטען פלעגט געבראַכט ווערען אַלס אָפּפער צו גאָט (פאַרצייטען) ביז דעם טאָג פון שבועות (אין די דאָזיגע טעג מוז יעדער איד ביי׳ן אָבענד געבעט זאָגען: "היינט איז דער און דער טאָג נאָכ׳ן עומר" און דאָס רופט מען: "צעהלען ס פ י ר ה". — די טעג צווישען פסח און שבועות, צוליעב געוויסע אומגליקען וועלכע האָבען אַ מאָל פאַסירט אין דער צייט, ווערען באַטראַכטעט אַלס טרויערטעג: מע טאָר אין זיי ניט חתונה האָבען, מע טאָר זיך ניט שערען א. ז. וו. די טרויער צייט ווערט אונטערבראָכען אויף איין טאָג — ל"ג־בעומר, ווז.); די טעג אין וועלכע מע צעהלט ספירה (ווי אויבען). "אַ סוחר איז אַזוי ווי דער איד אין ס פ י ר ה ער צעהלט און צעהלט און טאָר ניט אויכזאָגען וואו ער האַלט" (שפוו.). "אַז מע צעהלט ס פ י ר ה קומט אויף די כלי זמר אַ פגירה" (שפוו).

**סְפִי׳רָה**, הוו. סְפִי׳רוֹת), (קאַבאַליסטיש). איינע פון די צעהן "צאָהלען" אָדער מיסטישע אייגענשאַפטען פון דער גאָטהייט: כֶּ׳תֶר — קרוין; חָכְ׳מָה — קלוגהייט; בִּי׳נָה — פאַרנונפט; חֶ׳סֶד — גענאָד; גְבוּ׳רָה — שטאַרקייט; תִּפְאֶ׳רֶת — שעהנקייט; נֶ׳צַח — אויביגקייט; הוֹד — פרעכטיגקייט; יְסוֹד — באַפעסטיגונג; מַלְ׳כוּת — קעניגליכקייט.

**סָ׳פֵק**, הם. (מ. סְפֵ׳קוֹת). צווייפעל; אַ צווייפעלהאַפטע זאַך.

**סְפֵק [סְפֶ׳ק]־סְפֵ׳קָא**, הם. (מ. סְפֵק [סְפֵ׳ק]־סְפֵ׳קוֹת). (תלמודיש). אַ צווייפעל אין אַ צווייפעל, אַ זעהר צווייפעלהאַפטע זאַך.

**סְפֵ׳קוֹת**, הוו. צווייפעל, אונגעוויסהייט.

**סָ׳פֵק׳ען־זִיךְ**, צוו. זיך צווייפלען, זיין אין צווייפעל.

**סֵ׳פֶר**, הם. (מ. סְפָ׳רִים, סִפְ׳רֵי־). אַ בוך; אַ ספר־תורה. "אַ ס פ ר אָהן אַ הקדמה איז ווי אַ גוף אָהן אַ נשמה" (שפוו.).

**סֵ׳פֶר־הַזִּכְרוֹ׳נוֹת**, הם. (ביבליש). דאָס בוך פון ערא־נערונגען, כראָניק; דאָס הימלישע בוך וואו עס ווערען פאַרצייכענט די טהאַטען און פאַ־ירונגען פון איטליכען מענשען.

**סֵ׳פֶר־חוֹל**, הם. (מ. סִפְ׳רֵי־חוֹל). אַ וואָכעדיגעס בוך, אַ בוך וואָס איז ניט פון אַ רעליגיעזען אינהאַלט.

**סֵ׳פֶר־חֲקִי׳רָה**, הם. (מ. סִפְ׳רֵי־

חֲקִי'רָה). אַ בוך פון פילאָזאָפיע, אַ בוך פון אויפקלעהרונג.

סֵ'פֶר־פּראַלניק, המ. געבּרוֹיכט אין דעם שפּאַס־ווערטעל: "עס שטעהט אין ספר־פּראלניק".

סֵ'פֶר־תּוֹ'רָה, הוו. (מ. סִפְרֵי־תוֹ־וֹת, סֵ'פֶר־תוֹ'רָה'ס), (ביבּליש). די פינף ביכער פון משה געשריבּען אויף פּאַרמעט־ראָלען (ווּעלכע מע געברויכט געוועהנליך ביי'ם לייענען אין שוהל).

סִפְרָא', המ. אַ געוויסער קאָמענטאַר פון תלמודישע צייטען אויף דאָס בוך ויקרא צונויפגעזעצט פון מיינונגען און גזיצען־ענטשיידונגען פון פאַרשידענע תנאים.

סַפְּ'רָא־רַ'בָּא, המ. אַ גרויסער שרייבּער.

סְפָרַד [סְפַּרְד], המ. זעה נוֹסַח־סְפָרַד.

סְפָרַדִי [סְפַּרְ'דִי], המ. (מ. סְפָרַדִים [סְפַּרְ'דִים]). אַ שפּאַנישער אָדער פּאָרטוגעזישער איד, אַ שפּאַניאָל.

סְפַּרְ'דִ'יש, א. שפּאַניש אָדער פּאָרטוגעזיש (רעדענדיג פון אידען).

סִפְרֵי', המ. אַ געוויסער קאָמענטאַר פון תלמודישע צייטען אויף די ביכער במדבר און דברים צונויפגעזעצט פון מיינונגען און גזיצען־ענטשיידונגען פון פאַרשידענע תנאים.

סְפָ'רִים־חִיצוֹ'נִים, מ. (תלמודיש). ביכער פון אַ ניט־רעליגיעזען אינהאַלט, וועלטליכע ביכער.

סְקִי'לָה, הוו. פאַרשטייניגונג, איינע פון די פיער געריכטליכע טויט־שטראָפען ביי די אַמאָליגע אידען. זעה אַרְ'בַּע־מִי'תוֹת־בֵּית־דִין.

סְרָ'חָה, הוו. (מ. סְרָ'חוֹת). אַ געשטאַנק.

סַרְ'חִיעֶן, צש. (וואולגאַר). שטינקען. צא. פאַר'סרח'ען, אָנפילען מיט געשטאַנק.

סַרְ'טָן, המ. "ראַק" (קרעבס), דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערען־קרייז פאַר דעם מאָנאַט תמוז. זעה מַ'זָל.

סָ'רִיס, המ. (מ. סָרִי'סִים). אַ מאַן וועלכען מע האָט געמאַכט גע־שלעכטלאָז, אַ קאַסטרירטער, אַ'ן עוונוך. "אויסמאָהלען דעם סריס דעם טעם פון ביאה" (ווער.).

סִרְ'כָא, הוו. (מ. כרְ'כוֹת). אַ לע־בעל אָדער אַ ריס באַצויגען מיט אַ דינעם הייטעל וואָס מע גע־פינט אויף די לונגען פון אַ גע־קוילעטער בהמה (דורך אויפבלאָ־זען די לונגען געפינט מען אויס אויב דאָס לעבעל האָט זיך ווירק־ליך פאַרהיילט אָדער ניט. אין דעם לעצטערען פאַל איז דאָס פלייש טרף).

סַרְ'סָר, המ. (מ. סַרְסָ'רִים). מעקלער, פאַרמיטלער, פאַקטאָר.

סַרְ'סָרִיעֶן, צש. מעקלערן, פאַר־מיטלען.

ס"ת, אב. סֵ'פֶר־תּ'וֹרָה.

סְתִירָה [סְתִּי'רָה], הוו. (מ. סְתִירוֹת [סְתִּי'רוֹת]). ווידערשפּרוך.

סְתַם [סְתַּם], או. (תלמודיש). גלאַט, גלאַט אַזוי, גלאַט אין דער וועלט.

סת״ם, אב. סְפָ׳רים תְּפִ׳לִין מְזוּ׳זוֹת (ווז.). סופר סת״ם, איינער וועלכער שרייבט ספרי־תורות תפלין און מזוזות, א סופר.

סת׳ְרֵי־תוֹרָה [תוֹ׳רָה], מ. (תלמודיש). די פאַרבאָרגעניסען פון דער תורה, די פאַרבאָרגענע געדאנקען וועלכע שטעקען אין די ווערטער פון דער תורה; טיפע געהיימניסען, אונפאַרשטענדליכע זאַכען.

# ע.

ע, הם. דער זעכצעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; האָט אין דעם געוועהנליכען געברויך, צווישען דעם גרעסטען טהייל פון אידען, פאַרלאָרען זיין אַמאָליגען נאָז־לויט (אויסער אין דעם וואָרט יַעֲקֹב [יַאנ׳קֹב]), בלויז ביים לייענען אין שוהל ווערט נאָך דער דאָזיגער נאָז־לויט אַרויסגעשפּראָכען, זאָנסט איז דער בוכשטאַב שטום און ווערט אויסגעשפּראָכען ווי דער וואָקאַל מיט וועלכען ער ווערט באַצייכענט (אַזוי ווי ״א״, ווז.); אין צעהלען גערעכענט אַלס 70. זעה עַ׳יִן.

עֶ׳בֶד, הם. (מ. עֲבָ׳דִים). קנעכט, שקלאַף.

עֶ׳בֶד־כְּנַעֲ׳נִי, הם. (מ. עֲבָ׳דִים־כְּנַעֲ׳נִים), (ביבליש). אַ שקלאַף וועלכער שטאַמט פון די כנענים (געוויסע שטאַמען וועלכע האָבען באַוואוהנט פּאַלעסטינא איידער די אידען האָבען זיך דאָרט באַזעצט), אַ נידעריגער שקלאַף, אַ זעהר פאַרשקלאַפּטער מענש.

עֶ׳בֶד־לַעֲבָ׳דִים, הם. (מ. עֲבָ׳דִים־לַעֲבָ׳דִים), (תלמודיש). אַ קנעכט ביי קנעכט, אַ זעהר פאַרשקלאַפּטער מענש.

עַבְ׳דוּת, הוו. שקלאַפעריי, קנעכטשאַפט, פאַריאָכטקייט.

עֹבַדְ׳יָה, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען פּראָפעט; דאָס בוך וואָס ענטהאַלט די פּראָפעצייהונגען פון עבדיה.

עֲבָ׳דִים־הָיִ׳ינוּ (לְפַרְ׳עֹה בְּמִצְרָ׳יִם). (ליטורגיש). ״מיר זיינען געוועזען קנעכט (ביי פרעה׳ן אין מצרים)״, ווערטער גענומען פון דעם ענטפער אויף די פיער קשיות אין דער הגדה. ״איז דער תירוץ עבדים היינו״ (ווער.).

עֲבוֹ׳דָה, הוו. אַרבייט (מ. עֲבוֹ׳דוֹת); גאָטעסדיענסט; אַ געוויסער טהייל פון די תפלות וועלכע מע זאָגט אום יום־כפור און וועלכען עס

ווערט באַשריבען ווי די גאָטעסדיענסט פלעגט צוגעהן יום־כפור אין בית־המקדש.

**עֲבוֹ׳דָה־זָ׳רָה**, הוו. (מ. עֲבוֹ׳דוֹת־זָ׳רוֹת), (תלמודיש). געצענדיענסט; אַ פאַלשער גלויבען; אַ געץ, אַ׳ן אָפּגאָט. ער האָט שוין אויסגעדיענט אַלע עבודות־זרות, ער האָט זיך שוין באַשעפטיגט מיט אַלערליי זאַכען.

**עֲבוֹ׳דַת־אֲדָ׳מָה**, הוו. ערד=אַרבייט, אַגריקולטור.

**עֲבוֹ׳דַת־הַבּוֹ׳רֵא**, הוו. דאָס דיענען צום באַשעפער, גאָטעסדיענסט, דאַוונען.

**עֲבוֹ׳דַת־הַקּוֹ׳דֶשׁ**, הוו. הייליגע אַרבייט.

**עֲבוֹ׳דַת־פֶּ׳רֶךְ**, הוו. (מ. עֲבוֹ׳דוֹת־פֶּ׳רֶךְ). שווערע אַרבייט.

**עִ׳בּוּר**, הוו. אַ יאָהר וואָס האָט דרייצעהן מאָנאַטען און פאַלט אונגעפעהר איין מאָל אין דריי יאָהר אום אויסצוגלייכען די צייט-רעכענונג נאָך דעם גאַנג פון דער לבנה (לויט וועלכע די אידישע מאָנאַטען ווערען באַשטימט) מיט דער צייט־רעכענונג נאָך דעם גאַנג פון דער זונן (דער צוגעלעגטער מאָנאַט קומט נאָך דעם מאָנאַט "אדר" און רופט זיך וַאֲדָר, ווז.).

**עִ׳בּוּר־יאָהר**, הז. (מ. עִ׳בּוּר־יאָהרען). זעה עִ׳בּוּר.

**עֲבֵי׳רָה**, הוו. (מ. עֲבֵי׳רוֹת). זעה עֲבֵ׳רָה.

**עֵ׳בֶר**, המ. די פאַרגאַנגענע צייט, די פאַרגאַנגענהייט.

**עֲבֵ׳רָה**, הוו. (מ. עֲבֵ׳רוֹת). איבערטרעטונג פון אַ רעליגיאָנס=געזעץ, זינד; אומזיסטע אַרבייט, אַרויסגעוואָרפענע מיה. "עס איז אַ׳ן עברה די אַרבייט". "אַ׳ן עברה דאָס געלט". "אַ ליטוואַק טהוט תשובה נאָך פאַר דער עברה" (שפוו.).

**עִבְ׳רִי**, המ. (מ. עִבְ׳רִים). אַ העברעער, אַ איד.

**עִבְ׳רִי**, הוו. העברעאישע שריפט. "ער איז שטומפּיג אויף עברי". "אָהן פּאָדקאָווע (ד. ה. נקודות) קען ער קיין עברי ניט" (ווער.).

**עִבְ׳רִי־טײַטש**, הז. די אידישע שפּראַך אין וועלכער די ביבעל און אַנדערע הייליגע ביכער זיינען איבערזעצט.

**עִ׳גּוּל**, המ. (מ. עִגּוּ׳לִים). אַ קרייז; אַ רונדע זאַך.

**עָ׳גוּן**, המ. (מ. עֲגוּ׳נִים). אַ מאַן וועלכען זיין פרוי האָט פאַרלאָזען.

**עֲגוּ׳נָה**, הוו. (מ. עֲגוּ׳נוֹת). אַ פרוי וועלכע דער מאַן האָט פאַרלאָזען.

**עֵ׳גֶל**, המ. "דאָס קאַלב", דאָס גאָלדענע קאַלב צו וועלכען די אידען האָבען געדיענט ווען זיי זיינען געוועזען אין דער וויסטע אין דער צייט ווען משה איז אַרויף אויף דעם באַרג סיני, ווי די ביבעל דערצעהלט.

**עֵ׳גֶל־הַזָּ׳הָב**, המ. דאָס גאָלדענע קאַלב. זעה עֵ׳גֶל.

**עֶגְ'לָה**, הוו. (מ. עֲגָ'לוֹת). וואָגען, פוהר.

**עֶגְ'לָה־עֲרוּ'פָה**, הוו. (ביבליש). דאָס קאַלב וועלכע מע האָט צובראָכען דאָס גניק (נאָך דעם געזעץ פון דער תורה, ווען מען געפינט אַ'ן ערמאָרדעטען אויפ'ן פעלד און מע ווייסט ניט ווער עס האָט איהם ערמאָרדעט, מוזען די פאָרשטעהער פון דער דערבייאיגער שטאָדט, אַרויס פיהרען אַ יונגע קוה, צו דעם נאָהענסטען טייך, איהר איבערברעכען דעם נאַקען און זאָגען: אונזערע הענד האָבען דאָס דאָזיגע בלוט ניט פאַרגאָסען). ער וועט מוזען ברייננגען אַן ע ג ל ה ־ ע ר ו פ ה, ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דאָס אונרעכט. אַ קול פון אַ'ן ע ג ל ה ־ ע ר ו פ ה, אַ העסל־כע שטים.

**עֲגְ'מַת־נֶ'פֶשׁ**, הוו. (תלמודיש). פאַרדרוס, ערגענים, שמערץ, קומער. "צדקה זאָל קיין געלט ניט קאָסטען און גמילות־חסדים זאָל קיין ע ג מ ת ־ נ פ ש ניט מאַכען וואָלטען געוועז פיעל צדיקים" (שפוו.).

**עַד**, ב. ביז, ביז צו.

**עַד־הַ'יּוֹם**, או. ביז אַויף היינט, ביז היינטיגען טאָג.

**עַד־הַ'יּוֹם־הַזֶּ'ה**, או. (ביבליש). ביז אויף היינטיגען טאָג.

**עַד־וְעַד־בְּכְלָ'ל**, או. (תלמודיש). "ביז און דער ביז אַריינגערעכענט", אַיינשליסליך. ביז דעם צוואַנציגסטען ע ד ־ ו ע ד ־ ב כ ל ל, ביז דעם צוואַנציגסטען און דער צוואַנציגסטער אויך אַריינגערעכענט.

**עַד־חָרְ'מָה**, או. (ביבליש). "ביז דער שטאָדט חרמה". רידפ'ען ע ד ־ ח ר מ ה, שטאַרק פאַרפאָלגען.

**עַד־כַּ'אן**, או. (תלמודיש). ביז דאַנען (און ניט ווייטער).

**עַד־לֶב־הַשָּׁמַ'יִם**, או. (ביבליש). ביז'ן מיטען הימעל, ביז'ן סאַמע הימעל.

**עַד־לְחֶ'שְׁבּוֹן**, או. ביז צו דער רעכענונג, אום צו מאַכען אַ גלייכע סומע.

**עַד־עַ'תָּה**, או. ביז איצט.

**עַד־מָ'תַי**, (ביבליש). ביז ווי לאַנג? ביז וואַנען?

**עֵ'דָה**, הוו. (מ. עֵ'דוֹת). געמיינדע; פאַרזאַמלונג, געזעמעל, מאַסע.

**עֵ'דוּת**, הס. (מ. עֵ'דוּת). אייניער וועלכער דערצעהלט וואָס ער האָט געזעהן אָדער געהערט, אַ צייגע, אַ צושויער.

**עֵ'דוּת**, הוו. די ערצעהלונג פון דאָס וואָס מע האָט געזעהן אָדער געהערט, צייגניס. „ע ד ו ת מאַכט פסלות" (שפוו.). "אַז דער מענש פאַלט זאָגט אַפילו די שפין אויף דער וואַנד אויך ע ד ו ת געגען איהם" (שפוו.).

**עֵ'דוּת'ען־זיך־(מיט)**, צוו. אָנרופען אַלס עדות.

**ע"ה**, אב. עָ'לָיו־הַשָּׁ'לוֹם (ווז.).

**עוֹ'בֵד־גִלוּ'לִים**, הס. (מ. עוֹ'בְדֵי־

גלוּ׳לִים), (תּלמודיש). געצענדיגע־נער.

עוֹ׳בד־כּוֹכָ׳בים (וּמַזָ׳לוֹת), המ. (מ. עוֹבְ׳דֵי־כּוֹכָבִים [כּוֹכָ׳בִים] —), (תּלמודיש). איינער וועלכער דיענט צו די שטערען (און פּלאַנעטען), אַ געצענדינער.

עוֹ׳בֵד־עֲבוֹ׳דָה־זָ׳רָה, המ. (מ. עוֹבְ׳דֵי־עֲבוֹ׳דָה־זָ׳רָה), (תּלמודיש). אַ געצענדינער.

עוּבְ׳דָא, הוו. (מ. עוּבְ׳דוֹת). אַר־בייט, אויפגאַבע, פליכט; טהאַט, אויפטהו; פאַקט, פּאַסירונג.

עוּ׳בָּר, המ. דאָס קינד אין דער מו־טער׳ס לייב.

עוֹ׳בֵר־זיין, צא. בּאַגעהן; פאַרשפּע־טיגען. עובר־זיין אויף, אי־בערטרעטען, ברעכען. "עובר־זיין אַ׳ן עברה". "עובר־זיין אויף אַ דין". "עובר־זיין זמן מנחה".

עוֹ׳בֵר־בָּ׳טֵל, המ. (תּלמודיש). אַ׳ן אָפּגעלעבּטער מענש.

עוֹ׳בֵר־לַסוֹ׳חֵר, א. (ביבליש). גאַנג־באַר, גילטיג, קוראַנט.

עוֹג־מֶ׳לֶךְ־הַבָּ׳שָׁן, אנמ. (ביבליש). עוג דער קעניג פון לאַנד "בשן", אַ געוויסער ריעז וועלכער ווערט דערמאָנט אין ביבעל. "גרויס ווי עוג־מלך־הבשן".

עֲוִ׳לָה, הוו. (מ. עֲוִ׳לוֹת). זעה עַוְ׳לָה.

עָ׳וֹן, המ. (מ. עֲוֹ׳נוֹת). זעה עָ׳וֹ

עוֹ׳זֵר, המ. (מ. עוֹזְ׳רים). העלפער, געהילפע.

עוֹ׳בֵר־יִשְׂרָ׳אֵל, המ. (ביבליש). איינער וועלכער בריינגט שאַנד אויף דאָס אידישע פאָלק (פּראָ־דירענדיג דעם אויסדרוק זאָגט מען אָפּט אויף אַ הויך־געוואַקסענעם: "ער איז אַ הויכער־ישראל").

עוֹל [עָל], המ. אַ יאָך, אַ לאַסט.

עוֹ׳לָה, הוו. (מ. עוֹ׳לוֹת). בראַנד־אָפּפער, אַ פיה־אָפּפער וועלכען מע האָט אין גאַנצען פאַרברענט אויף דעם מזבח (פאַרצייטען ביי אידען).

עֲוִ׳לָה, הוו. (מ. עַוְ׳לוֹת). אונ־רעכט; אַ׳ן אומזיסטע מיה, אַ שאָד. "אַ׳ן עולה דאָס געלט וואָס עס קאָסט".

עוֹ׳לֶה־לִגְדוּ׳לָה־זיין, צש. דער הוי־בען ווערען, דערהויבט ווערען, ווערען גרויס אָדער באַריהמט.

עוֹ׳לֶה־לְתּוֹ׳רָה־זיין, צש. אַרויפגעהן (נאָך דעם ווי מע ווערט אויפגע־רופען) אויף די בימה צו הערען לייענען די תורה.

עוֹ׳לֶה־רֶ׳גֶל־זיין, צש. (תּלמודיש). געהן קיין ירושלים (אין אַמאָליגע צייטען ביי אידען) אויף אַ פּייער־טאָג; וואַנדערן צו אַ הייליגען מאַן אָדער אָרט.

עוֹ׳לָה־תְּמִי׳מָה, אַ ריינע פאָלקאָ־מענע עולה. אַ׳ן אונשולדיגער אָפּפער.

עוֹ׳לָם, המ. (מ. עוֹלָ׳מוֹת). וועלט; פּובליקום, פאַרזאַמלונג; מענגע, מאַסע. "אַז מע ריכט זיך אויף אַ

גרויסען עולם קומט קיין הונד ניט" (שפוו.). "א'ן עולם איז ניט קיין גולם" (שפוו.). "וואָס קלענער דער עולם אַלץ גרעסער די שמחה" (שפוו.).

**עו'לָם־גו'לָם**, המ. די מאַסע (אין אַ פאַרעכטליכען זינן).

**עו'לָם־הָאֶ'מֶת**, המ. די וועלט פון וואַרהייט, יענע וועלט. "ער איז שוין אויפ'ן עולם־האמת".

**עו'לָם־הַ'בָּא**, המ. (תלמודיש). די קומענדע וועלט, יענע וועלט, די פריידען און פאַרגעניגענס וועלכע זיינען אָנגעברייט פאַר די פרומע אויף יענער וועלט. אַרבייטען פאַר עולם־הבא, אַרבייטען אָהן אייגעננוציגע אַבזיכטען.

**עו'לָם־הַ'זֶה**, המ. (תלמודיש). די וועלט, די אירדישע וועלט, די גענוסען פון דער וועלט, קערפערליכע פאַרגעניגענס.

**עו'לָם־הַ'זֶה'ניצע**, הוו. (מ. עו'לָם־הַ'זֶה'ניצעס). איינע וועלכע איז איבערגעגעבען צו קערפערליכע פאַרגעניגענס.

**עו'לָם־הַ'זֶה'ניק**, חמ. (מ. עו'לָם־הַ'זֶה'ניקעס). איינער וועלכער איז איבערגעגעבען צו קערפערליכע פאַרגעניגענס.

**עו'לָם־הָעֶ'לְיון**, המ. (מ. עו'לָמות־הָעֶ'לְיו'נים). אויבערשטע אָדער העכערע וועלט.

**עו'לָם־הַתּו'הו**, המ. (קאַבאַליסטיש). די וועלט פון כאַאָס וואו די זינדיגע זעעלען טרייבען זיך אַרום; אַ וועלט פון אונאָרדנונג און כאַאָס. "לעבען אויפ'ן עולם־התוהו".

**עו'לָם־וּמְלו'או**, המ. (ביבליש). די וועלט און אַלצדינג וואָס אויף איהר. ווערטה א'ן עולם־ומלואו, זעהר טהייער, זעהר שעצבאַר.

**עו'לָם־קָ'טָן**, המ. אַ קליין וועלטעל. "יעדער מענש איז אַ גאַנצער עולם־קטן" (שפוו.).

**עו'לָמות**, מ. אויביגע פאָנדס פאַר וואָהלטהעטיגע צוועקען. לאָזען אויף עולמות, לאָזען פאַר אַ וואָהלטהעטיגען פאָנד. זעה עו'לָם.

**עו'מֶר**, המ. אַ געוויסע פאַרצייטיגע מאָס דערמאָנט אין דער ביבעל. זעה סְפִירָה.

**עָ'וֹן**, המ. (מ. עֲו'נות). אַ זינד. "יום־כפור איז אונס איז אויך מכפר עוונות" (שפוו.).

**עָ'וֹן־פְּלִי'לִי**, המ. (ביבליש). אַ גרויסע זינד.

**עו'נֶג**, המ. פאַרגעניגען.

**עו'נֶג־רוּחָ'נִי**, המ. גייסטיגעס פאַרגעניגען.

**עו'נֶג־שַׁ'בָּת**, המ. דאָס פאַרגעניגען פון שבת.

**עֲו'נות־רִאשו'נִים**, מ. (ביבליש). די ערשטע זינד, אַטאַליגע זינד.

**עו'נֶש**, המ. שטראָף, באַשטראָפונג.

**עו'סֵק־בְּמִצְוָ'ה**, המ. (מ. עוֹסְ'קים־בְּמִצְוָ'ה). איינער וועלכער איז

באַשעפטיגט מיט טהון אַ מצוה.

עוֹ׳סֵק־בְּצָרְ׳כֵי־צִ׳בּוּר (בֶּאֱמוּ׳נָה), המ. (מ. עוֹסְ׳קִים־ —), (תלמודיש). איינער וועלכער אַרבייט פאַר די אינטערעסען פון כלל (מיט איבערגעבענהייט).

עוֹף [עָף], המ. (מ. עוֹ׳פוֹת). פויגעל; געפליגעל, הויז־געפליגעל. „אַ קאַץ אָדער אַ׳ן אינדיק אַבי אַ׳ן עוף אויף שבת״ (שפּוו.).

עוֹ׳פִּ׳עלע, הז. (מ. עוֹ׳פִּ׳עלעך). פייגעלע, קליין קינד.

עוֹ׳קֵר־זיין, צא. אויסרייסען, אויסוואָרצלען; צ״ש. אָפּטרעטען, אנטלויפען.

עוֹ׳קֵר־מִ־הַשּׁוֹ׳רֶש־זיין, צא. אויסרייסען מיט די וואָרצלען, אויסוואָרצלען, פאַרטיליגען.

עוֹ׳שֶׂה־שָׁ׳לוֹם (בִּמְרוֹ׳מָיו), (ליטורגיש). „דער וואָס מאַכט פריעדען (אין זיינע הויכקייטען)״, געווינע ווערטער פון קדיש ביי וועלכע מע מאַכט אַ פּאָאַר טריט הינטערוועלכעטס. „צוריק געהט מען נאָר ביי עושה־שלום״ (שפּוו.).

עוֹ׳שֶׁר, המ. רייכטהום, רייכקייט; אַ רייכער מאַן. „אַ׳ן אויפגעקומענער עושר האָט פיינד אַ׳ן אַלטען מאַן״ (שפּוו.).

עֲזָא׳זֵל, אנמ. זעה לַעֲזָא׳זֵל.

עִזְ׳בּ׳וֹן, המ. נאַכלאַס, ערבשאַפט, ירושה.

עַ׳זוּת, המ. פרעכהייט, אונפאַרשעמטקייט.

עַ׳זוּת־מְחוּ׳צָף־פָּ׳נִים, המ. אַ זעהר פרעכער קערל.

עַ׳זוּת־פָּ׳נִים, המ. (מ. עַ׳זוּת־פָּ׳נִימ׳ער), (תלמודיש). פרעכער מענש. „אַ׳ן עזות־פנים קומט גלייך אין גן־עדן אריין״ (שפּוו.).

עַ׳זוּת׳דיג, א. פרעך, אונפאַרשעמט, פאַרשייט.

עַ׳זוּת׳ניצע, הוו. (מ. עַ׳זוּת׳ניצעס). אַ פרעכע פרוי.

עַ׳זוּת׳ניק, המ. (מ. עַ׳זוּת׳ניקעס). אַ פרעכער קערל.

עַ׳זוּת׳קייט, הוו. זעה עַ׳זוּת.

עֶזְ׳רָא, אנמ. עזרא־הסופר (ווז.); דער נאָמען פון אַ געוויסען ביבלישען בוך.

עֶזְ׳רָא־הַ׳סוֹפֵר, עזרא דער שרייבער, וועלכער האָט אין דער לעצטער צייט פון גלות־בבל אַרויסגעפיהרט אַ געוויסע צאָהל פון אידען פון בבל און האָט זיי באַזעצט אין ארץ־ישראל און איז אויך געווען דער ערשטער וועלכער האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט פון איבערשרייבען די תורה און זי פאַרשפּרייטען צווישען פאָלק.

עֲזָ׳רָה, הוו. (מ. עֲזָ׳רוֹת). פאָרהויף (פון בית־המקדש).

עֶזְ׳רַת־נָ׳שִׁים. הוו. (תלמודיש). פרויען־אָפּטהיילונג (אין שוהל).

ע״ט, אב. עִבְ׳רִי־טַ׳יְיטְשׁ (ווז.).

עֲטָ׳רָה, הוו. (מ. עֲטָ׳רוֹת). קרוין; פאָרהויט (ביי דער באַשניידונג); קאָלנער פון גאָלד־ אָדער זילבער־

פעדים צוגענייהט אלס א ציערונג צו א טלית.

עי׳גול, הם. (מ. עיגו׳לים). זעה עי׳גול.

עיו״ט, אב. עֶ׳רֶב־יום־ט׳ב (ווז.).

עיזָ׳בון, הם. זעה עזָ׳בון.

עי׳כוב, הם. (מ. עיכו׳בים). זעה ע׳כוב.

עי׳לוי, הם. (מ. עילו׳יים). זעה ע׳לוי.

עַ׳יִן, הם. (מ. עַ׳יְנים). דער נאָמען פון דעם זעכצעהנטען בוכשטאב (ע) פון דעם אידישען אלף־בית.

עַ׳יִן־הָ׳רַע, הוו. (תלמודיש). א בייז אויג. אָהן עין־הרע!, קיין בייז אויג זאָל ניט שאַדען!, אומבאשריען!. "א אידישע עין־הרע איז ערגער ווי א גוי׳אי־שער כשוף" (שפוו.).

עֵין־יַעֲקֹב [יַנְ׳קוֹב], הם. (ביבליש). דער נאָמען פון א געוויסען בוך וואָס ענטהאַלט אלע אגדות פון דעם תלמוד.

עי׳נוי, הם (מ. עינו׳יים). זעה ע׳נוי.

עֵינַ׳יִם, מ. אויגען.

עינְ׳יָן, הם. (מ. עינְ׳יָנים). זעה ענְ׳יָן.

עי׳פוש, הם. (מ. עי׳פוש׳ען). זעה ע׳פוש.

עי׳צָה, הוו. (מ. עי׳צות). זעה ע׳צָה.

עי׳קָר, הם. (מ. עיקָ׳רים). זעה עִ׳קר.

עי׳קֶש, הם. (מ. עיקְ׳שים). זעה עִ׳קֶש.

עיר־הַנִדַ׳חַת, הוו. (ביבליש). א פארשטויסענע אָדער פארזינדיגטע שטאָדט.

עיר־מִקְ׳לָט, הוו. (מ. עָ׳רֵי־מִקְ׳לָט), (ביבליש). "א שטאָדט פון רעטונג", איינע פון די דריי שטעדט וועלכע זיינען באשטימט געוואָרען (פארצייטען ביי אידען) אלס פליצער וואו דעריעניגער וועלכער האָט געטויט א מענשען אומגערן איז געווען באשיצט פון דער בלוט־ראַכע פון דעם טויטענ׳ס פאר־וואנדטע; א רעטונגס־פלאַץ.

עֵי׳רוּב, הם. (מ. עֵירוּ׳בים). זעה עֵ׳רוּב.

עַבְ׳בְרוֹשׁ *, הם. (מ. עַבְ׳בְרוֹשִׁים). א יונגאַטש (פיעלייכט פון עַבְ׳בָר־רָ׳שָׁע — שלעכטע מויז (נאָך דעם תלמודישען זאַץ: "הני עכברי רשיעי נינהו") ווי געוויסע באַהויפּ־טען. וועניגער וואהרשיינליך איז די באַהויפטונג אז דאָס וואָרט איז צוזאַמענגעשטעלט פון אַף־בְּראֹש— שטענדיג אויבען אָן, ד. ה. איי־נער וואָס שפּאַרט זיך אויבען אָן).

עִ׳כוּב, הם. (מ. עִכוּ׳בים). אָפּ־האַלט, הינדערניס, שטערונג.

עַכּו״ם, אב. עוֹ׳בֵד־כּוֹכָ׳בִים וּמַזָ׳לוֹת.

עַל־אַ׳חַת־כַּ׳מָּה־וְכַ׳מָּה [וְכַ׳מָה], אז. (ליטורגיש). אום אַזוי פיעל

מעהר, דעסטאָ מעהר, געוויס שוין.

עַל־אֵם־הַדֶּ׳רֶךְ, (ביבליש). אין מי־טען וועג.

עַל־אֱמוּנָ׳תִי, (תלמודיש). אויף מיין עהרליכקייט!, אויף מיין עהרען וואָרט!

עַל־אַ׳פּוֹ (אַ׳פִּי) וְעַל־חֲמָ׳תוֹ (חֲמָ׳תִי), אָו. (ביבליש). "צו זיין (מיין) פאַרדרוס און צו זיין (מיין) צאָרן", קעגען זיין (מיין) ווילען.

עַל־הַנִּ׳סִּים, (ליטורגיש). "פאַר די וואונדער", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ געוויסען געבעט וואָס מע זאָגט אום חנוכה און אום פורים.

עַל־הָעֵ׳צִים וְעַל־הָאֲבָ׳נִים, (ביב־ליש). "אויף בוימער און אויף שטיינער", גלאַט אין דער וועלט אריין (ווערט אויך פאַראַדירט: עַל־הָעֵ׳צִים וְעַל־הַבֵּ׳יצִים).

עַל־הַתּוֹ׳רָה וְעַל־הָעֲבוֹ׳דָה, (לי־טורגיש). אויף דער תורה און אויף גאָטעסדיענסט. "ער זיצט על־התורה ועל־העבודה".

עַל־חֵטְא (חֶטאו), המ. (ליטורגיש). "פאַר די זינד", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון אַ תפלה וואָס מע זאָגט אום יום-כפור אין וועל־כע מע בעט ביי גאָט פאַרציי־הונג פאַר די זינד, זיך שלאָגענדיג דערביי מיט דער האַנד אין האַר־צען. זיך שלאָגען על־חטא, באַרייהען, באַדויערן. "פון על־חטא ווערט מען ניט פעט" (שפּוו.).

עַל־יְהוָֹה וְעַל־מְשִׁיחוֹ, (ביבליש). אויף גאָט און אויף זיין געזאַלב־טען. רעדען על־יהוה ועל־משיחו, לעסטערען אַלצדינג וואָס איז הייליג. "ער רעדט על־יהוה ועל־משיחו און אויף נְנַתְ׳קָהין אויך" (שפּאַ־אויסדרוק. — דאָס וואָרט נְנַתְ׳קָה איז דער אָנהויב פון דעם זאַץ וועלכע שטעהט אין דעם ביבלי־שען טעקסט נאָך די ווערטער על־יהוה ועל־משיחו און האָט אייגענטליך מיט זיי קיין פאַרבינדונג ניט).

עַל־כָּל־פָּ׳נִים, אָו. אויף אלע פאַ־לען, יעדענפאַלס, דאָך, אַם ווע־ניגסטען.

עַל־כֵּ׳ן, אָו. (ביבליש). דעריבער, דערפאַר.

עַל־מְנָת (מְנַת), (תלמודיש). מיט דעם באַדינג.

עַל־פִּי, פ. (ביבליש). נאָך, לויט, דורך, אין. על־פי דין, לויט געזעץ. על־פי סבה, דורך אַ צופאַל. על־פי סוד, אין גע־היימניס.

עַל־צַד־הַיוֹ׳תֵר־טוֹב, אָו. אויף דער בעסטער אַרט.

ע׳לוי, המ. (מ. עִלוּיִים). איינער וואָס איז באַגאַבט מיט אונגע־וועהנליכע פעהיגקייטען, אַ זשעני.

עִלוּ׳יִיש, א. זעהר פעהיג; שאַרפ־זיניג, גייסטרייך.

ע׳לול, א. אָנגעברייט, פעהיג, קאַ־פאַוועל.

עָלַי־וְעַל־צַוָּאֹרִי, (תלמודיש). "אויף מיר און אויף מיין קאַרג", אויף מיין פאַראַנטוואָרטליכקייט.

עֲלִיָּה, הוו. (מ. עֲלִ׳יוֹת). דאָס אויפגערופען ווערען צום לייענען אין שוהל. געבען אַ׳ן עליה, אויפרופען צום לייענען. געבען אַ פעטע עליה, אויפרופען צו איינעם פון יענע טהיילען פון לייענען וועלכע ווערען באַטראַכט אַלס אַ באַזונדערער כבוד. זעה שְׁ׳שִׁי.

עָלֶי׳הָ־הַשָּׁ׳לוֹם, (מ. עֲלֵי׳הֶן —), (תלמודיש). פרידען אויף איהר, פרידען צו איהר אנדענקען.

עָ׳לָיו־הַשָּׁ׳לוֹם, (מ. עֲלֵי׳הֶם —), (תלמודיש). פרידען אויף איהם, פרידען צו זיין אנדענקען. "ער איז שוין עליו־השלום". "אַלע עליו־השלום׳ס זיינען גוט" (שפוו.).

עֲלִיָּיה, הוו. (מ. עֲלִ׳ייוֹת). זעה עֲלִיָּה.

עֲלֵיכֶם־וַעַל־בְּנֵי׳כֶם, אר. (ביבליש). אויף אייך און אויף אייערע קינדער, פאַראָדיע אויף "עליכם־שלום" (ווז.).

עֲלֵי׳כֶם־שָׁ׳לוֹם, אר. (תלמודיש). אויף אייך זאָל זיין פרידען! (אַ׳ן ענטפער אויף די באַגריסונג "שלום־עליכם", ווז.).

עֲלִי׳לַת־דָּם [דַם], הוו. "די באַשולדיגונג פון בלוט", די באַשולדיגונג אַז אידען געברויכען קריסטליבעם בלוט אויף פסח.

עָלֵי׳נוּ, המ. (ליטורגיש). דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון אַ געוויסע תפלה וואָס מע זאָגט צום ענד פון דאַווענען. קומען צו עלינו, קומען נאָך אַלעמען. "בעסער אָנצוקומען צו עלינו ווי צום בעסטען מענשען" (שפוו.).

עַם־הָאָרֶץ [אָ׳רֶץ], המ. (מ. עַ׳מֵי־הָאֲרָצִים [עַמָרַ׳צִים], אייגענטליך: עַמֵי־הָאֲרָצוֹת), (תלמודיש). "דאָס פאָלק פון לאַנד", אַ׳ן אונוויסענדער מענש. "אַז גאָט וויל שטראָפען אַ׳ן עם־הארץ לעגט ער איהם אַ לשון־קודש־וואָרט אין מויל אַריין" (שפוו.). "אַ׳ן עם־הארץ טאָר ניט הויך דאַווענען" (שפוו.).

עַם־הָאֲרָצוּת [עַמָרַ׳צוּת], הוו. אונוויסענהייט.

עַם־הארצייש [עַמָרַ׳צִיש], א. אונוויסענהייט.

עַם־חָ׳כָם־וְנָ׳בוֹן, המ. (ביבליש). אַ קלוג פאַרשטענדיג פאָלק (אָפטע באַצייכענונג פון דעם אידישען פאָלק).

עַם־לֹא־הָ׳יָה, המ. (ביבליש). "אַ פאָלק וואָס איז ניט געווען", אַ ווילד פאָלק.

עַם־קְשֵׁה־עוֹ׳רֶף, המ. (ביבליש). אַ האַרטנעקיגעס פאָלק (אָפטע באַצייכענונג פון דעם אידישען פאָלק).

עַמוּד [עָ׳מוּד], המ. (מ. עַמוּ׳דִים). "אַ זייל", אַ זייט (פון אַ בוך); דער סטענדער פאַר וועלכען דער

פאַרבעטער שטעהט אין שוהל. ראוונען פאר׳ן עמוד, פאַר־בעטען.

עָ׳מוֹס, אנמ. דער נאָמען פון א גע־ווייסען פראָפעט; דאָס ביבלישע בוך וואָס ענטהאַלט די פראָפע־צייהונגען פון עמוס.

עֲמָ׳לֵק, אנמ. דער נאָמען פון א געוויסען פאָלק וואָס האָט גע־וואָלט פאַרטיליגען די אידען, ווי די ביבעל דערצעהלט; א פיינד פון אידען (מ. עֲמָלֵ׳קִים); א שלעכטער מענש.

עַמְ׳קוּת, הוו. טיעפקייט, טיעפזי־ניגקייט.

עָ׳נָו, הם. (מ. עֲנָ׳וִים). א באַשיי־דענער מענש.

עִ׳נּוּי, הם. (מ. עִנּוּ׳יִים). פייניגונג, וועהטאָג.

עִנּוּ׳יִים־קָ׳שִׁים, מ. שווערע ליידען, גרויסע שוועריגקייטען.

עָ׳נִי, הם. (מ. עֲנִ׳יִים). אַ׳ן אָרע־מאַן.

עָ׳נִי־וְאֶבְ׳יוֹן, הם. (ביבליש). א גרויסער אָרעמאַן.

עָ׳נִי־מְרוּ׳דָּא, הם. א גרויסער אָרע־מאַן.

עָ׳נָיו, הם. (מ. עֲנָ׳וִים). זעה עָ׳נָו.

עֲנִ׳וּוּת, הוו. באַשיידענהייט. "צו־פיעל עניוות איז א האלבער שטאָלץ" (שפוו.).

עֲנִ׳וּוּת׳דיג, א. באַשיידען.

עֲנִ׳יוּת, הוו. אָרעמקייט.

עִ׳נְיָן, הם. (מ. עִנְיָ׳נִים). זאַך, אינטערעס, געשעפט; אינהאַלט, טהעמא.

עֲנֵ׳נוּ, הם. (ליטורגיש). "ענטפער אונז", דאָס ערשטע וואָרט און דער נאָמען פון א געוויסע תפלה וואָס מע זאָגט אין פאַסט־טעג. מע דאַרף מיט איהם קיין עננו ניט זאָגען, ער איז שוין פאַרזאָרגט, ער באַדאַרף ניט קיינעם׳ס מיטלייד.

עֵ׳סֶק, הם. (מ. עֲסָ׳קִים). א גע־שעפט; א פאַרקעהר. "מיט׳ן בעסטען הונד איז ניט גוט קיין עסקים צו האָבען" (שפוו.).

עַסְ׳קָן, הם. (מ. עַסְקָ׳נִים). א טהע־טיגער מענש, א טהוער.

עֵ׳סֶק׳ען, צש. האַנדלען, מאַכען געשעפטען. זיך עסק׳ען, זיך באַשעפטיגען, זיין באַשעפטיגט, זיין פאַרטהאָן.

עִ׳פּוּשׁ, הם. געשטאַנק; עפידעמיע.

עִ׳פּוּשׁ׳ען, צש. שטינקען. פאַר־עפוש׳ען, אָנפילען מיט גע־שטאַנק.

עָ׳פָר־וָאֵ׳פֶר, מ. (ביבליש). שטויב און אַש. מאַכען עפר־ואפר, מאַכען צו גאָרנישט, פאַרניכטען, רואינירען.

עַפְ׳רָא־דְאַרְ׳עָא, הם. (תלמודיש). שטויב פון דער ערד.

עֵץ־הַדַ׳עַת, הם. (ביבליש). דער בוים פון וויסען (פון וועלכע דער ערשטער מענש האָט געגעסען קע־גען דעם פאַרבאָט פון גאָט, ווי די ביבעל דערצעהלט). "ער וויים שוין פון עץ־הדעת" (וועד.

אויף איינעם וועלכער איז ניט מעהר אונשולדיג.

עֵץ־הַחַיִים, המ. (ביבליש). דער בוים פון לעבען (פון וועלכען דער ערשטער מענש איז באַפוי־לען געוואָרען ניט צו עסען כדי ער זאָל ניט לעבען אויביג, ווי די ביבעל דערצעהלט).

עֵץ־חַיִים, המ. (מ. עֲץ־חַיִים). איינס פון די צוויי שטענגלאַך אויף וועלכע אַ ספר־תורה איז אויפגעוויקעלט.

עַצְ'בוּת, הוו. באַטריבטקייט, או־מעט, מעלאַנכאָליע.

עֵ'צָה, הוו. (מ. עֵ'צוֹת). ראַטה. אַ'ן עצה פון אַ תלמיד־חכם, אַ קלוגער ראַטה. "דאָס לייכטסטע איז צו געבען יענעם אַ'ן עצה, דאָס שווערסטע — זיך אַליין" (שפוו.). "מיט עצות בין איך פערזאָרגט" (ווער.). "פרעג אַ'ן עצה יענעם און האָב דיין שכל ביי דיר" (שפוו.).

עֵ'צָה'ן, צש. געבען אַ ראַטה, ראַטהען. עצה'ן זיך, זיך באַ־ראַטהען.

עצהיו"ט, אכ. עַל־צַד־הַיוֹ'תֵר טוֹב (ווז.).

עֲצִי'רוּת, הוו. פאַרשטאָפּונג, האַרט־לייביגקייט.

עָ'צֵל, המ. אַ פוילער מענש, אַ פוילענצער.

עַצְ'לוּת, הוו. פוילקייט, נאַכלעסיג־קייט.

עֶ'צֶם, המ. קערן, אינהאַלט, עיקר.

עֶ'צֶם־הַדָ'בָר, המ. קערן פון דער זאַך, עיקר.

עֲצָ'מוֹת, מ. די ביינער. ציהען די עצמות, פייניגען, מאַכען וואַרטען. "מיט גוטע רייד קען מען אויך די עצמות אַרויס־נעהמען" (שפוו.).

עֵ'קֶב, הוו. דער נאָמען פון דער זעקס און פערציגסטער סדרה (ווז.).

עֲקֵ'דָה, הוו. "די בינדונג" פון יצחק'ן וועלכען זיין פאָטער אַברהם האָט געוואָלט ברייננען אַ'ן אָפּ־פער צו גאָט, ווי די ביבעל דער־צעהלט. געהן ווי צו דער עקדה, געהן מיט דעם באַשלוס זיך אַליין אויפצואָפּפערן.

עֲקֻ'דִים־נְקֻ'דִים־וּבְרֻ'דִים, א. (ביב־ליש). געשטרייפט געפינטעלט און געפלעקט, פון אַלערליי קאָלירען.

עֲקֵ'דַת־יִצְ'חָק, הוו. זעה עֲקֵ'דָה.

עֲקֵי'דָה, הוו. זעה עֲקֵ'דָה.

עִ'קָר, המ. (מ. עִקָ'רִים). הויפּט־זאַך; הויפּט־לעהרע, דאָגמא (פון גלויבען). "ניט דאָס שעהנע פנים איז דער עקר נאָר דאָס שעהנע האַרץ" (שפוו.). "ניט דער טשוואָק איז דער עקר נאָר דער הענג־לייכטער. (שפוו.).

עָ'קָר, המ. (מ. עֲקָ'רִים). איינער וועלכער קען קיין קינדער ניט האָבען, אַ בעזדיעטניק.

עִ'קָר־שָׁבַחְ'תִּי, די הויפּט־זאַך האָב איך פאַרגעסען! גוט וואָס איך האָב זיך דערמאָנט!

עַקְ'רָב, הם. (תלמודיש). סקאָרפּיאָן, דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערען־קרייז פאַר דעם מאָנאַט חשון.

עֲקָ'רָה, הוו. (מ. עֲקָ'רוֹת). זעה עָ'קָר.

עֲקֶ'רֶת־הַבַּ'יִת, הוו. (ביבליש). די הויז־פרוי, די ווירטהין, די אויפטהוערין.

עִ'קֵשׁ, הם. (מ. עִקְ'שִׁים). איינער וועלכער טהוט זאַכען קאַפּויר, אַ'ן איינגעשפּאַרטער.

עַקְ'שָׁן, הם. (מ. עַקְשָׁ'נִים). אַ האַרטנעקיגער, אַ'ן איינגעשפּאַרטער. "אַ'ן ע ק ש ן איז ערגער ווי אַ קאַליעקע" (שפּוו.). "אַ'ן ע ק ש ן פאַלט תמיד אין דער בלאָטע אַריין" (שפּוו.).

עַקְשָׁ'נוּת, הוו. האַרטנעקיגקייט, איינגעשפּאַרטקייט.

עַקְשָׁ'נוּת'דיג, א. איינגעשפּאַרט.

עַקְ'שָׁנ'טע, הוו. (מ. עַקְ'שָׁניטעס). זעה עַקְ'שָׁן.

עַקְ'שָׁנ'ען־זיך, צוו. זיך איינשפּאַרען. איינ'עקשנ'ען־זיך, זיך איינשפּאַרען.

עֶ'רֶב־, הם. (תלמודיש). "פאַראָבענד פון", דער טאָג אָדער מעהרערע טעג פאַר (אַ פייערטאָג). "דאָס גאַנצע יאָהר איז זי ליידיג געזעסען און ע ר ב יום־כפור האָט זי אַ זאָק אָנגעהויבען" (שפּוו.).

עָ'רֵב, הם. (מ. עֲרֵ'בִים). אַ גוטזאָגער, אַ גאַראַנטירער, אַ זשיראַנט. "זיי מיר ניט קיין קרוב און איך וועל ניט זיין דיין ע ר ב" (שפּוו.).

עָ'רֵב־זיין, צש. גוטזאָגען, גאַראַנטירען.

עֶ'רֶב־וָבוֹ'קֶר (וְצָהֳרָ'יִם), או. (ביבליש). אָבענדס און מאָרגענס (און מיטאָג צייט). "אַ מויד מיט אַ הויקער מאַכט זאָרג ע ר ב ־ ו ב ו ק ר" (שפּוו.).

עֶ'רֶב־יוֹם־טוֹב [יָנְ'טוֹב], הם. (תלמודיש). דער טאָג אָדער איניגע טעג פאַר יום־טוב.

עֶ'רֶב־פֶּ'סַח [פֵּ'סַח], הם. (תלמודיש). דער טאָג אָדער איניגע טעג פאַר פסח.

עֶ'רֶב־רַב, הם. (ביבליש). אַ געמישט פאָלק, אַ פּעָבעל.

עֶ'רֶב־שַׁ'בָּת, הם. (תלמודיש). פרייטאָג.

עֲרָ'בָה, הוו. (מ. עֲרָ'בוֹת). איינס פון די ווערבע־ריטלעך וועלכע ווערען צוגעבונדען צו דעם לולב אָדער מיט וועלכע מע שלאָגט הושענות.

עַרְבוּת [עָרְ'בוּת], הוו. גאַראַנטי, גוטזאָגעריי, זיכערהייט, זאַלאָג.

עַרְ'בִית, הוו. זעה מַעֲרִיב.

עֵ'רוּב, הם. (מ. עֵרוּ'בִים). ערוב תחומין (ווז.); ערוב תבשילין (ווז.); דאָס עסענוואַרג וואָס מע לעגט אויף אַ געוויסען פּלאַטץ אום פרייטאָג אום די צוויי טוּזענד איילען (ווייטער פון וועלכע אַ איד טאָר ניט געהן אום שבת)

זאָלען זיך רעכענען פון דאָרטען אָן.

עָ׳רוֹב, הם. אַ׳ן אָנשיקעניש פון אַלערליי חיות, איינע פון די צעהן פּלאָגען וועלכע גאָט האָט אָנגעשיקט אויף די עגיפּטער, ווי די ביבעל דערצעהלט. זעה עֶ׳שֶׂר־מַ׳כּוֹת.

עִ׳רוּב־תַּבְשִׁ׳ילִין, הם. (תלמודיש). אַ׳ן עסענוואַרג וואָס מע קאָכט אָפּ ערב־יום־טוב ווען דער ערב־יום־טוב פאַלט אום פרייטאָג אום מע זאָל דערנאָך מעגען אין דעם טאָג פון יום־טוב קאָכען אויף שבת (קאָכען אום יום־טוב מעג מען בלויז פאַר דעם געברויך פון דעם זעלביגען טאָג; דורך די איינריכטונג אָבער פון ערוב-תבשילין הייסט עס אַז דאָס עסען אויף שבת איז שוין צוגעגרייט פון פריהער און אַלץ וואָס ווערט געקאָכט אים יום־טוב איז בלויז פאַר יום־טוב אַליין, אָבוואָהל עס ווערט איינענטליך געגעסען אין דעם פאָלגענדיגען טאָג).

עִ׳רוּב־תְּחוּ׳מִין, הם. (תלמודיש). אַ דראָהט אָדער אַ שטריק אָנגעצויגען אויף הילצערנע סלופּעס, מיט וועלכע מע צאַהמט אַרום ביי אידען די שטאָדט אום מע זאָל מעגען טראָגען זאַכען אום שבת (לויט דעם אידישען דין מעג מען אום שבת אומטראָגען זאַכען בלויז אין אַ׳ן איינגעשלאָסענעם רוים אָבער ניט אויף אַ׳ן עפענטליכען פּלאַטץ. דער ערוב אָבער ווערט באַטראַכטעט אַלס אַ געוויסע אַרט אַרומצאַמונג, און דער רוים וועלכען ער געהמט אַרום ווערט באַטראַכטעט ווי איינגעשלאָסען).

עֶרְ׳וָה, הוו. (מ. עֶרְ׳ווֹת). "די שאַנד", דער געשלעכט־אָרגאַן.

עָ׳רוּךְ, הם. דער נאָמען פון אַ געוויסען תלמודישען לעקסיקאָן.

ער"ח, אב. עֶ׳רֶב־ראֹש־חוֹ׳דֶשׁ, דער טאָג פאַר ראש־חודש.

עֲרָיוֹת [עֲרָ׳יוֹת], מ. בלוט-פאַרוואַנדשאַפטען, די בלוט-פאַרוואַנדטע מיט וועלכע מע טאָר ניט הייראַטהען לויט דעם אידישען דין.

עֲרֵ׳ילָה, הוו. (מ. עֲרֵ׳ילוֹת). זעה עֲרֵ׳לָה.

עֵרֶךְ [עֶ׳רֶךְ], הם. אָפּשאַצונג; פאַרגלייך; פּראָפּאָרציאָן. אַ׳ן ערך, אונגעפעהר. נאָכ׳ן ערך, פּראָפּאָרציאָנעל. אָהן אַ׳ן ערך, אונגעהייער, ניט אָפּצושאַצען. ניט דער ערך גרעסער, פיעל גרעסער.

עָ׳רֵל, הם. (מ. עֲרֵ׳לִים). אַ׳ן אונבאַשניטענער, אַ ניט־איד.

עֲרֵ׳לָה, הוו. (מ. עֲרֵ׳לוֹת). אַ ניט־אידישע פרוי.

עָרְ׳לָה, הוו. די פאָרהויט, די ניט־באַשניטענע פאָרהויט; די פרוכט פון אַ בוים אין די ערשטע דריי יאָהרען נאָך דער פלאַנצונג וועלכע מע טאָר ניט אַרונטערקלייבען, לויט דעם אידישען דין.

עָ׳רֵלִ׳יטע, עֶרל׳יטע, הוו. (מ. עָ׳רֵלִ׳יטעס, עֶרל׳יטעס). זעה עֲרֵ׳לָה.

עָרְ'מָה, הוו. באַטרוג.

ע"ש, אב. עֶ'רֶב־שַׁ'בָּת (ווז.).

עֲשֵׂה [עְ'שֶׂה], הם. (מ. עֶ'שֶׂה'ם). אַ געבאָט צו טהאָן אַ געוויסע זאַך (אין געגענזאַץ צו אַ פאַרבאָט ניט צו טהאָן אַ געוויסע זאַך). זעה לֹא־תַעֲשֶׂה.

עֵ'שָׂו, אנמ. דער נאָמען פון יעקב'ס ברודער פון וועלכען די ביבעל דערצעהלט אַז ער האָט פאַרקויפט זיין רעכט פון ערשט=געבורט פאַר אַ טאָפּ לינזען; אַ ניט=איד. "רויט און שטאַרק ווי עשו".

עָ'שִׁיר, הם. (מ. עֲשִׁי'רִים). אַ רייכער מאַן.

עֲשִׁ'ירָה, הוו. (מ. עֲשִׁי'רוֹת). אַ רייכע פרוי.

עֲשִׁי'רוּת, הוו. רייכקייט, רייכטהום. "אידישע עשירות איז ווי אַ מאַרצאָווער שניי" (שפוו.).

עֶ'שֶׂר־מַ'כּוֹת, מ. (תלמודיש). די צעהן פּלאָגען (דם, צפרדע, כנים, ערוב, דבר, שחין, ברד, ארבה, חשך, מכת־בכורות, ווז.) וועלכע גאָט האָט אָנגעשיקט אויף די עגיפּטער אום זיי זאָלען אַרויס=לאָזען די אידען פון זייער לאַנד, ווי די ביבעל דערצעהלט.

עֲשָׂ'רָה, צ. צעהן.

עֲשָׂ'רָה־בְּטֵ'בֵת, הם. דער צעהנטער טאָג אין דעם מאָנאַט טבת, אַ פאַסט=טאָג אין טרויער אויף די ערשטע באַלאַגערונג פון ירושלים.

עֶשְׂ'רִים, צ. צוואַנציג.

עֶשְׂרִים־וְאַרְבָּעָה [עֶשְׂרֶ'נְ'בְּעַ, שְׂ'וָר'בֶּע], צ. די פיער און צוואַנ=ציג (ביכער פון דער ביבעל), נביאים און כתובים (ווז.).

עֲשֶׂ'רֶת־בְּנֵי־הָ'מָן, מ. (ביבליש). די צעהן זיהן פון המן.

עֲשֶׂ'רֶת־הַדִּבְּ'רוֹת, מ. (תלמודיש). די צעהן געבאָטען וועלכע גאָט האָט די אידען געגעבען אויף דעם באַרג סיני, ווי די ביבעל דער=צעהלט.

עֲשֶׂ'רֶת־הַשְּׁבָ'טִים, מ. (ביבליש). די צעהן פאַרלאָרענע אידישע שטאַמען וועגען וועלכע עס געהען אַרום פיעלע לעגענדען צווישען דעם אידישען פאָלק.

עֲשֶׂ'רֶת־יְמֵי־תְשׁוּבָה [תְּשׁוּ'בָה], מ. "די צעהן טעג פון בארייאונג", די טעג פון ראש־השנה ביז יום־כפור.

עֵת־חֶדְ'וָה, הוו. אַ צייט פון פרעה=ליכקייט, אַ הוליאַנקע.

עֵת־צָ'רָה, הוו. (ביבליש). אַ שלעכ=טע צייט.

עָ'תִיד, הם. די צוקונפט.

# פ.

פ (פּ), המ. דער זיבעצעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; מיט אַ פּינטעלע אינעווייניג (פּ) אויסגעשפּראָכען ווי אין "פּלאַטץ", אָהן אַ פּינטעלע (פ) אויסגעשפּראָכען ווי אין "פאַלען"; צום ענד פון אַ וואָרט געשריבען "ף"; אין צעהלען גערעכענט אַלס 80. זעה פֵּא.

פֵּא (פֵּא), המ. (מ. פֵּא'ען, פֵּא'יען). דער נאָמען פון דעם זיבעצעהנטען בוכשטאַב (פּ, פ) פון דעם אידישען אַלף־בית, דערזעלביגער בוכשטאַב רופט זיך איך "קרומער פא". צום ענד פון אַ וואָרט (ף) רופט זיך "לאַנגע" אָדער "שלוס פא". צוויי פא'ען, פאַר־פאַלען.

פֵּאָה, הוו. די האָאר־לאָק וועלכע הייננגט אַרונטער פון דער שלייף און וועלכע אַ פרומער איד טאָר קיינמאָל ניט אָפּשעערען (מ. פֵּאוֹת, פֵּאוֹת'ע'); דער ווינקעל פון אַ תבואה־פעלד וועלכען מע פלעגט לאָזען ניט אָפּגעשניטען פאַר אָרעמע (פאַרצייטען ביי אידען). ניט ליעגען אין פאה, ניט אינטערעסירען. ניט ליעגען אין דער לינקער פאה, ניט אינטערעסירען אין מינדעסטען גראַד.

פאַר־, די באַדייטונג פון די צייט־ווערטער מיט דער פאָרזילבע "פאַר־" (וועלכע געפינען זיך ניט דאָ) מוז געזוכט ווערען אונטער דעם צייט־וואָרט אָהן דער פאָר־זילבע, צ. ב. ש.: "פאַר'מסר'ען" — אונטער "מסר'ען". זעהר פיעל צייט־ווערטער און אייגענשאַפט־ווערטער ווערען געבילדעט דירעקט פון העברעאישע הויפּטווערטער און אייגענשאַפט־ווערטער מיט דער צולעגונג פון דער פאָרזילבע "פאַר־" און די נייטהיגע ענדונגען ("־'ען", "־'ט" א. א. וו.), אַזוי ווי פאָלגענדע: פאַר'גלגול'ען [פאַרגילגלען]־זיך, זיך פאַרוואַלגערן, זיך פאַר־גלוסטען. "ס'האָט זיך איהם פאַר־גלגול'ט". פאַר'חוש'ט, פאַרטראַכט, פאַרטראָגען. פאַר־טענה'ן־זיך, זיך פאַרשמועסען. פאַר'יתום'ט, עלענד. פאַר־מוח'ט, פאַרקלערט, פאַר־טראַכט. פאַר'מיאוס'ען, מאַכען עקעלדיג, פאַרעקלען. פאַר'מרה־שחורה'ט, באַ־טריבט, מעלאַנכאָליש. פאַר־משכונ'ען, פאַרזעצען. פאַר־צרה'ט, פאַראומערט, נידער־געשלאָגען (פון נויטה אָדער אָרעמ־קייט).

פאַראויס־, די באַדייטונג פון די העברעאישע ווערטער מיט דער פאָרוואָרט "פאָראויס־" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

פאַרביי־, די באַדייטונג פון די

העברעאישע ווערטער מיט דער פאַרוואָרט "פאַרביי־" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל=וואָרט.

**פאַרצע** *, הוו. (מ. פאַרצעס), (פאַרעכטליך). געזיכט (וואהר=שיינליך פאַרגרייזט פון פַּרְצוּף, (ווז.).

**פאַריקְנַ'סיען** (פאַרקנאַסען), צא. פאַרלאָבען (דער אויסדרוק שטאַמט פון דער פאַרצייטיגער איינפיהרונג אז דעריעניגער וועלכער האָט אָפּ=געלאָזען א הייראַטה=פּאַרטיי נאָך דער פאַרלאָבונג האָט געמוזט באַ=צאָהלען דער צווייטער זייט א גע=וויסען קנס).

**פְּגִי'מָה**, הוו. (מ. פְּגִי'מוֹת). אַ ריץ, אַ קאַרב, אַ טשערב (פון אַ מעסער); א פעהלער. "ער זוכט פ ג י מ ו ת אויף א זעג" (ווער.).

**פְּגִי'רָה**, הוו. (מ. פְּגִי'רוֹת). טוי=טער קערפּער (פון אַ טהיער); טויט. איינגעהמען א פ ג י ר ה, קראַפּירען.

**פְּגָם** [פְּגַם], המ. א פעהלער.

**פֶּ'גַע**, המ. (מ. פְּגָ'עִים). א'ן אָנ=שיקעניש, א פּלאָג.

**פֶּ'גַע־רַ'ע**, המ. (מ. פְּגָ'עִים־רָ'עִים), (ביבליש). א בייזע אָנשיקענים.

**פֶּגֶר** [פֶּגֶר], המ. (מ. פְּגָרִים), (פאַרעכטליך) טויטער קערפּער;טויט. "אז מע קלינגט איז ענטוועדער א חזא אָדער א פ ג ר" (שפוו.).

**פֵּ'גֶר'ען**, צש. שטאַרבען, קראַפּירען. "א בער אין וואלד האָט ג ע '=פ ג ר ' ט" (ווער. צו א גאַסט וועלכען מע האָט א לאַנגע צייט ניט געזעהן).

**פִּדְ'יוֹן**, המ. (מ. פִּדְיוֹ'נוֹת). "אויס=לייזונג", אויסלייז=געלט, דאָס געלט וואָס מע גיט א חסידישען רבי'ן צו ווען מע קומט פרעגען א'ן עצה אָדער קריגען א ברכה; לייזונג, איינגאַהמע פאַר פאַר=קויפטע סחורה.

**פִּדְ'יוֹן־הַבֵּן** [הַבֶּ'ן], המ. (מ. פִּדְ'יוֹן־הַבָּנִ'ים), (תלמודיש). "די אויס=לייזונג פון דעם זוהן", דאָס אויס=לייז-געלט וואָס מע גיט א כהן פאַר א'ן ערשט=געבאָרענעם זוהן וועלכעם באַשטעהט פון פינף געלט=שטיקער פון א געוויסען באַ=שטימטען ווערטה (ערשט-געבאָ=רענע זיינען לויט דעם אידישען דין הייליג צו גאָט און מוזען דאַ=דיבער אויסגעלייזט ווערען); די צערעמאָניע פון פדיון־הבן וועלכע ווערט געפייערט ווען דאָס קינד איז דרייסיג טעג אַלט.

**פִּדְ'יוֹן־שְׁבוּיִים**, המ. (תלמודיש). די אויסלייזונג אָדער די באַפריי=אונג פון געפאַנגענע (באַטראַכטעט ביי אידען אַלס איינע פון די גרעסטע וואָהלטהאַטען).

**פֶּה־אֶ'חָד**, אוּ. (ביבליש). "איין מויל", איינשטימיג.

**פֶּה־אֶל־פֶּ'ה**, אוּ. (ביבליש). "מויל צו מויל", פּערזענליך.

**פה־נִקְ'בָר**, דאָ איז באַגראָבען גע=וואָרען (אויפשריפט אויף א גראָב=שטיין).

**פוּגִ'יַ־זִ'ין**, צא. באַריהרען, באַלייריגען.

פוֹגֵ'עַ־בְּכָבוֹד [כּבָ'בוֹר]־זיין, צא. אָנריהרען די עהרע פון, באַליידיגען.

פּוֹטִיפֶ'רַע*, אנוו. דער נאָמען פון דער פרוי פון פּוֹטִי'פַר אָדער פּוֹטִיפֶ'רַע, פון וועלכער די ביבעל דערצעהלט אַז זי האָט געוואָלט פאַרפיהרען יוסף'ן (אין דער ביבעל ווערט דער פרוי'ס נאָמען אייגענטליך ניט דערמאָנט, אָבער צווישען פאָלק ווערט זי גערופען מיט דעם מאַנ'ס נאָמען).

פונאַנדער־, די באַדייטונג פון די העברעאישע ווערטער מיט דעם אידישען פאַרוואָרט "פונאַנדער־" מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

פּוֹ'סֵק, המ. (מ. פּוֹסְ'קִים [פָּסְ'קִים]). "ענטשיידער", איינע פון די נאָכתלמודישע געזעץ־זאַמלונגען וואָס באַשטעהען פון אויסטייטשונגען און בעאַרבייטונגען פון תלמוד.

פּוֹסְקִים [פָּסְ'קִים]־אַחֲרוֹ'נִים, המ. מ. די לעצטערע אָדער שפּעטערע ראַבּינישע געזעץ־ביכער. זעה פּוֹ'סֵק.

פּוֹסְ'קִים [פָּסְ'קִים]־רִאשׁוֹ'נִים, מ. די ערשטע אָדער פריהערע ראַבּינישע געזעץ־ביכער. זעה פּוֹ'סֵק.

פּוֹ'עֵל, המ. (מ. פּוֹ'עֲלִים). אַ'ן אַרבייטער.

פּוֹ'עַל־יוֹ'צֵא, המ. רעזולטאַט.

פּוֹ'עֵל־צִ'יוֹן, המ. (מ. פּוֹ'עֲלֵי־צִ'יוֹן). "די אַרבייטער פון ציון", אַ'ן אָנהענגער פון אַ געוויסער פּאַרטיי וועלכער זוכט צו פאַראייניגען ציוניזמוס מיט סאָציאַליזמוס.

פּוֹ'עֲלִ'ען, צא. ווירקען, אויסווירקען, אויספיהרען.

פּוע"צ, אב פּוֹ'עֵל־צִ'יוֹן (ווז.).

פּוֹ'קֵד־עֲקָ'רוֹת־זיין, צש. אויסווירקען (דורך קאַבּאַליסטישע מיטלען) אַז אַ קינדערלאָזע פרוי זאָל האָבען קינדער.

פּוֹ'קֵר, המ. (מ. פּוֹקְ'רִים). איינער וועלכער לייקענט אין גאָט.

פּוּ'רִים, המ. (מ. פּוּ'רִים'ס). דער פערצעהנטער טאָג פון דעם מאָנאַט אדר וועלכער איז אַ האַלבער יום־טוב צום אַנדענק אָן דער ישועה וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט אין דער צייט פון קעניג אַחשורוש, ווי עס ווערט באַשריבען און דעם בוך "אסתר". "אַז מע האָט אויף פּ ו ר י ם יסורים איז אויף פסח חשך" (שפּוו.). "אַ שלעכטער פּ ו ר י ם איז אַ גוטער שושן־פּורים" (שפּוו.). "אַ גאַנץ יאָהר שכור און פּ ו ר י ם ניכטער" (שפּוו.). "ניט אַללע פּ ו ר י ם טרעפט זיך אַ נס" (שפּוו.). "פּ ו ר י ם איז קיין יום־טוב ניט און קדחת איז קיין קריינק ניט" (שפּוו.). "פּ ו ר י ם זיינען אַלע שכורים ניכטער" (שפּוו.). "פּ ו ר י ם נאָך דער סעודה איז אַפילו קיין הונד ניט הונגעריג" (שפּוו').

פּוּ'רִים־שפּיעל, הז. (מ. פּוּ'רִים־שפּיעלען). אַ פאָרשטעלונג וועלכער ווערט געגעבען (געוועהנליך פון ביבלישע סצענען אַזוי ווי "מכירת־יוסף", "עקדת־יצחק" א. א. וו.) אין דעם טאָג פון פּורים

פון ליבהאָבער וועלכע נעהן אַרום פאַרמאַסקירט פון הויז צו הויז ; א לעכערליכע זאַך , א פיאַסקאָ .

פו'רים־שפּיעלניק, הם. (מ. פו'רים־שפּיעלניקעס). איינער וועלכער נעהמט אנטהייל אין א פורים פאָרשטעלונג; א שפּאַס מאַכער, א מאַרשאַליק .

פו'רים־קָ'טָן , הם. (מ. פו'רים־קְ'טַ'ים). דער קליינער פורים, דער פערצעהנטער טאָג אין דעם מאָנאַט אָדר אין אַ'ן עבור־יאָהר ווען דער אייגענטליכער פורים ווערט געפייערט אין דעם פאָלגענדען מאָנאַט (ואָדר). "פורים־קטן דארף מען זיך אָנ'שיכור'ען אָבער יום־כפור־קטן דארף מען ניט פאַסטען" (שפּוו.).

פורְעָנות [פורְעָנְ'יות], הוו. (מ. פורְעָנְ'יות'ען). שטראָף, פּלאָג, אָנשיקענים.

פו'רֵיק־גֶ'דֶר־זיין, צש. (תלמודיש). "דורכברעכען די צאַהם", איבערטרעטען די גלויבענס־געזעצען.

פו'רֵש־בִּשְׁמו'־זיין, צש. (מ. — בִּשְׁמָם'; וו. — בִּשְׁמָה', מ. — בִּשְׁמָן'). איהם דערמאָנען מיט'ן נאָמען.

פו'רֵש־מִן־הַצִ'בּור, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער זונדערט זיך אָפּ פון דער געמיינדע, איינער וועלכער וויל ניט טהאָן די פליכטען וועלכע די געמיינדע לעגט אַרויף.

פו'שֵׁעַ־בֵּאלהֵי [פָּ'שַׁע־בְּלוֹקֵי']־יִשְׂרָ'אֵל, איינער וועלכער ברעכט אָן דעם אידישען גאָט, איינער וועלכער האַלט ניט די אידישע גלויבענס־געזעצען.

פו'שֵׁעַ [פָּ'שַׁע]־יִשְׂרָ'אֵל, הם. (תלמודיש). "א פאַררעטהער פון דעם אידישען פאָלק", איינער וועלכער האַלט ניט די אידישע גלויבענס־געזעצען.

פו'תֵר־זיין, צא. אויסטייטשען, ערקלעהרען (א טרוים).

פו'תֵר־חָ'לוֹם, הם. (תלמודיש). דער וואָס טייטשט אויס א טרוים. ניט וויסען פון קיין פותר־חלום (פאַרגרייזט פון: פּתְ'רוֹן־חָ'לוֹם, וו.), ניט וויסען פון וואָס צו זאָגען.

פו'תְרחָ'לוֹם־זיין, צש. ערקלערען די באַדייטונג פון א טרוים.

פְּזָ'מוֹן, הם. (מ. פְּזָמ'נִים). א געוויסער זאָרט רעליגיעזער געזאַנג אָדער לויב־געזאַנג.

פָּ'זֵר, הם. א געוויסער געדרעהדעלטער טאָן (אין טראָפּ).

פְּזָ'רָן, הם. (מ. פְּזְרָ'נים). א פרייגיביגער מענש.

פְּזָ'רְנות, הם. פרייגיביגקייט.

פְּזָ'רְנִ'טע, הוו. (מ. פְּזְרָנִיטעס). זעה פְּזָ'רָן.

פַּ'חַד, הם. (פְּחָ'דים). אנגסט, פורכט, שרעק, גרויל.

פְּחָ'דים'דיג, א. שרעקליך, פורכטערליך.

פַּחְ'דָן, המ. (מ. פַּחְדָ'נִים). אַ שרעַ־קעדיגער, אַ טרוס.

פַּחְדָ'נוּת, הוו. שרעקעדיגקייט.

פַּחְדָ'נִ'טע, הוו. (מ. פַּחְ'דָנִ'טעס). זעה פַּחְ'דָן.

פָּ'חוּת־מִ־, או. וועניגער ווי.

פָּ'חוּת־מִכְּזַ'יִת, המ. (תלמודיש). וועניגער ווי די גרייס פון אַ'ן איילבערט.

פחוּ'תֵי־עֶ'רֶךְ, מ. מענשען פון נידעריגען שטאַנד.

פְּחִי'תוּת־הַכָּ'בוֹד, "אַ פאַרמינדערונג פון עהרע", ערנידעריגונג, באַליידיגונג.

פְּחָת [פְּחַת], המ. דאָס וואָס געהט אָפּ פון געוויכט אָדער מאָס.

פִּ'טוֹם, המ. (מ. פִּ'טוֹמ'ס). דער שפּיץ (פון אַ'ן אתרוג).

פָּ'טוּר, א. (תלמודיש). פריי, לויז, באַפרייט.

פָּ'טוּר, פָּ'טוּר־נוֹ, אר. געוויס! נאַטירליך! וואָס דאַרף מען דאָ נאָך פרעגען.

פְּטִי'רָה, הוו. (מ. פְּטִי'רוֹת). טויט.

פַּ'טֶר'נִים, הוו. דאָס לויז ווערען (פון אימיצען). "פּטר'נים איז געלט ווערטה" (שפּוו.).

פַּ'טֶר'עו, צא. באַפרייען, פרייםאַכען; אָפּפאַרטיגען, ענדיגען; פאַרשווענדען, אויסברייננגען; רואינירען. אַרויס'פּטר'ען, ארויס־שיקען, אַוועקשיקען.

פּי־תָּ'מִיד, טרינק שטענדיג (דאָס וואָרט "פּי" הייסט אין פוילישער שפּראַך: "טרינק"). חברה פּי־תמיד, געזעלשאַפט פון טרינקערם.

פֵּי'אָה, זעה פֵּ'אָה.

פִּידְ'יוֹן, זעה פִּדְ'יוֹן.

פִּיוּט [פִּ'יוּט], המ. (מ. פִּיוּ'טִים). אַ געוויסער וואָרט געבעט־געזאַנג וואָס מע זאָגט אין פייערטעג.

פִּיזְ'מוֹן, זעה פִּזְ'מוֹן.

פִּי'טוּם, זעה פִּ'טוּם.

פִּיְ'טָן, פַּיי'טָן, המ. (מ. פַּיְטָ'נִים, פַּיְיטָנִים). דער פאַרפאַסער פון אַ פיוט (ווז.).

פִּילְ'אֵי־, זעה פִּלְ'אֵי־.

פִּילֶ'גֶש, זעה פִּלֶ'גֶש.

פִּילְ'פּוּל, זעה פִּלְ'פּוּל.

פִּינְ'חָס, אנמ. דער נאָמען פון דעם זוהן און נאָכפאָלגער פון דעם כהן־גדול אֶלְיעֶ'זֶר; הוו. דער נאָמען פון דער איין און פערציגסטער סדרה.

פִּינְ'חָס בֶּן־אֱלִיעֶ'זֶר בֶּן־אַהֲ'רֹן הַכֹּהֵן, (ביבליש). פינחס דער זוהן פון אליעזר דעם זוהן פון אהרן דעם פריסטער. "פינחס בן אליעזר בן אהרן הכהן און אַז ער האָט קיין געלט ניט איז ער פּאָרט אַ פאַרך" (ווער.).

פִּינְ'קָס, זעה פִּנְ'קָס.

פִּיקְ'דוֹן, זעה פִּקְ'דוֹן.

פִּיקוּ'חַ־, זעה פְּקוּ'חַ־.

פִּי'קְחַ, זעה פִּקֵ'חַ.

פִּי'רוּשׁ, זעה פֵּ'רוּשׁ.

פִּירְ'קֵי־, זעה פִּרְקֵי־.

פִּי'תוֹם־, זעה פִּ'תֹם־.

פִּיתְ'חוֹן־, זעה פִּתְ'חוֹן־.

פִּית'רוֹן־, זעה פִּתְ'רוֹן.

פֶּ'לֶא, הם. (מ. פְּלָ'אִים). א וואונ־דער, א וואונדערליכע זאַך.

פִּלְ'אֵי־פְּלָ'אִים, — פְּלָ'אוֹת, מ. וואונדערס איבער וואונדערס, גרוי־סע וואונדערס.

פִּלֶ'גֶשׁ, הוו. (מ. פִּלַגְ'שִׁים). קעפּס־ווייב, מעטרעסע.

פִּלֶ'גֶשׁ־בְּגִבְ'עָה, (ביבליש). הוו. די קעפּס־ווייב פון אַ געוויסען מאַן פון דעם שטאַם פון לוי וועלכע איז געשענדעט און ער־מאָרדעט געוואָרען אויף אַ זעהר שווידערליכער אַרט פון געוויסע לייטע פון דעם שטאַם בנימין אין דער שטאָדט "גבעה" פאַר וועלכע גרויזאַמע טהאַט די איבעריגע אי־דישע שטאַמען האָבען ראַבע גע־נומען פון דעם שטאַם בנימין.

פְּלוּגְ'תָּא, הוו. (מ. פְּלוּגְ'תּוֹת). שטרייט, דיספּוט, מיינונגס־פאַר־שיעדענהייט.

פְּלוֹ'נִי, הם. דער און דער, א גע־וויסער. פלוני־בן־פלוני, דער און דער — דער זוה; פון דעם און דעם.

פְּלוֹ'נִית, הוו. די און די, א געווי־סע. פלונית־בת־פלונית, די און די — די טאָכטער פון דער און דער.

פְּלוֹ'נִית'טע, הוו. (מ. פְּלוֹ'נִית'־טעס). ווייב.

פָּ'לוּשׁ *, הם. פאָרהויז אָדער קאָרי־דאָר פון אַ שוהל.

פְּלֵ'יטָה, פְּלֵ'יטָה, הוו. אנטרינונג, פאַרשווינדונג. מאַכען פלטה, אַנטלויפען (מיט פרעמדע געלט).

פִּלְ'פּוּל, הם. (מ. פִּלְפּוּ'לִים). שאַרפזיניגער אָדער פאַרפלאָנטער־טער וכוח; אַ שטרייט פון ווער־טער וועלכער פיהרט צו קיין זאַך ניט, פוסטער וכוח; אַ תלמודי־שער פאָרטראַג פון אַ זעהר שאַרפ־זיניגען אָדער פאַרדרעהטען אינ־האַלט.

פִּלְפּוּ'לְען [פִּילְ'פִּלְ'ען]־זיך, צוו. שטרייטען, דעבאַטירען, זיך ויכוח'ען; פיהרען פוסטע דעבאַ־טען.

פְּלִשְׁ'תִּים, אנט. מ. דער נאָמען פון אַ געוויסען פאָלק אָפט דערמאָנט אין דער ביבעל.

פַּמַלְ'יָא־שֶׁל־מַעְ'לָה, הוו. (תלמו־דיש). "די פאַרזאַמלונג פון אויי־בען", דאָס הימלישע געריכט.

פ"נ, אב. פּה־נִקְ'בַּר (ווז.).

פָּנוּ'י, הם. (מ. פְּנוּ'יִים). אַ פריי־ער, אַ'ן אונפאַרהייראַטהעטער.

פְּנוּיָ'ה, הוו. (מ. פְּנוּ'יוֹת). אַ פרייע, אַ'ן אונפאַרהייראַטהעטע.

פְּנֵ'י, מ. די פאָרשטעהערס, די פיה־רערס, די גרויסע לייט.

פְּנֵי־הָעִיר', מ. (ביבליש). די פאָרשטעהערס אָדער די אָנגעזעהענע לייט פון דער שטאָדט. פאַראָדירט אין ווערטעל: „פּיאַני (רוסיש: טרינקערס) העיר".

פְּנִיָּה, הוו. (מ. פְּנִיּוֹת). פאַרבאָרגענע אַבזיכט, הינטערגעדאַנק.

פְּנִים, המ. „דאָס אינעווענינסטע", דער טעקסט (אָהן די קאָמענטאַרען).

פָּ'נִים, המ. און הז. (מ. פֶּ'נִימ־ער). געזיכט; אויסזעהן; אנגעזעהעניקייט. האָבען אַ פּנים פון חוזק, אויסזעהען לעכערליך. עס האָט קיין פּנים ניט, עס זעהט ניט אויס שעהן. "דער פּנים איז אַ מסור" (שפּוו.). "מיט וואָס פאַר אַ'ן אויג מע קוקט איינעם אָן אַזאַ פּנים האָט ער" (שפּוו.) "אַז דאָס ברויט פאַלט מיט'ן פּנים אַראָפּ איז אַ סימן אַז די כלה איז הונגעריג" (שפּוו.). "גאָט זאָל וועלען צוהערען די נאַראָנים וואָלט די וועלט געהאַט אַ'ן אַנדער פּנים" (שפּוו.). "דער דלות לעגט זיך צוערשט אויפ'ן פּנים" (שפּוו.). "אַז ער דערזעהט זיין פּנים דערקענט ער איהם אַן קול" (ווער.). "אַלע הינד און אַלע רבנים האָבען איין פּנים" (שפּוו.). "ווי די טויטע עסען אַזאַ פּנים האָבען זיי" (שפּוו.). "אַ נאַר געהט אין באָד אַריין און פאַרגעסט זיך דאָס פּנים אָפּצוואַשען" (שפּוו.). "אַז מע שפּייט דעם ציגיינער אין פּנים זאָגט ער עס רעגענט" (שפּוו.). "דער קוגעל ליגט איהם אויפ'ן פּנים" (ווער.).

פָּ'נִים־חֲדָ'שׁוֹת, המ. (תלמודיש). "אַ נייעס געזיכט", אַ נייע־אָנגעקומענער, אַ גאַסט.

פָּ'נִים־חֲלָ'שׁוֹת, המ. פאַראָדיע אויף פָּ'נִים־חֲדָ'שׁוֹת (ווז.). זעה חֲלָ'שׁוֹת.

— פֶּ'נִימ'דיג, זעה צוויי־פֶּ'נִימ־דיג.

פְּנִי'מִיּוּת, הוו. די אינערליכקייט.

פֶּ'נִימ'על, הז. (מ. פֶּ'נִימ'לעך). פאַרקליינערונג אָדער פאַרצערטלונג פון פנים (ווז.), געזיכטעלע.

פִּנְ'קֵס, המ. (מ. פִּנְקְ'סִים, פִּנְ'קֵסיען). אַ בוך וואו עס ווערען פאַרצייכענט רעכענונגען, נעמען פון זאַכען, פאַסירונגען א. א. וו.; דאָס בוך אין וועלכען די אידישע קהלות אַמאָל פלעגען פאַרצייכענען אַלע זייערע אַנגעלעגענהייטען ווי אויך אַלע וויכטיגע פאַסירונגען.

פְּסוּל, המ. אַ פעהלער, אַ בראַק, אַ פלעק. "אַ פּסול אין דער משפחה".

פָּ'סוּל, א. ניט־טויגליך, ניט־גילטיג, ניט־געזעצליך. אַ פּסול'ע סוכה, אַ סוכה וועלכע איז ניט געמאַכט געוואָרען לויט'ן דין. אַ פּסול'ער עדות, איינער וואָס זיין עדות ווערט ניט באַגלויבט. אַ פּסול'ע הושענא, אַ הושענא־ריטעל פון וועלכען די בלעטלעך זיינען אַרונטערגעקלאַפּט; אַ ווערטהלאָזע זאַך אָדער פּערזאָן.

**פְּסוּל־לְעֵדוּת־וְלִשְׁבוּעָה**, א. (תל־מודיש). ניט באַגלויבט ביים זאָגען עדות און ניט ביים שווערען.

**פְּסוֹלֶת**, הוו. אָבפאַל.

**פָּסוּק**, המ. (מ. פְּסוּקִים). א זאַץ פון דער ביבעל; די ביבעל (אויסער די פינף ביכער פון דער תורה). דער פסוק, דער זאַץ פון דער ביבעל וועלכען יעדער איד זאָגט אין מאָרגענדיגען דאַווענען און וועלכער הויבט זיך אָן מיט דעמזעלביגען בוכשטאַב מיט וועלכען זיין נאָמען הויבט זיך אָן (אַלס אַ מיטעל צו געדענקען דעם נאָמען וועלכען דער מלאך־הדומה פרעגט ביי דעם געשטאָרבענעם). ווי דער פסוק זאָגט, ווי די ביבעל זאָגט. אַ פסוק מיט אַ שטעקען, זיכערע אָדער ווירקזאַמע מיטלען (אונטער דעם וואָרט "פסוק" ווערט דאָ געמיינט דער ביבלישער זאַץ: לֹא יֶחֱרַץ כֶּלֶב לְשׁוֹנוֹ — קיין הונד זאָל ניט שאַרפען זיין צונג. דאָס זאָגען פון דעם דאָזיגען זאַץ פלעגט געהאַלטען ווערען פאַר אַ מיטעל קעגען אַ בייזען הונד).

**פֶּסַח (פּסח)**, המ. (מ. פְּסָחִים). דער אַכט־טאָגיגער פייערטאָג וואָס הויבט זיך אָן דעם פופצעהנטען טאָג פון מאָנאַט ניסן און ווערט געפייערט צום אַנדענק אָן דעם אידישען פאָלק'ס באַפרייאונג פון מצרים, און אין וועלכען מע טאָר ניט עסען קיין חמץ; דער קריסט־ליכער אָסטער־פעסט. די צווייטע טעג פסח, די צוויי לעצטע טעג פון פסח (וועלכע, אזוי ווי די ערשטע צוויי, זיינען די הויפט־פייערטעג. די מיטעל־סטע פיער טעג זיינען בלויז האַלבע פייערטעג. זעה חוֹל־הַמּוֹעֵד). "מע האָדעוועט דעם אינדיק ביז פסח נאָר צוליעב דעם קראָפּ" (שפּוו.).

**פֶּסַח'דיג**, א. באַלאַנגענדיג צו אַ־ער האָבענדיג די אייגענשאַפט פון פסח, צוגעגרייט לויט די געזעצען פון פסח. אַ פסח'דיג געזיכט, אַ בלאַס געזיכט (געקריגען פון עסען מצה אום פסח).

**פַּסְלוּת**, הוו. אונעהרליכקייט. "דלות מאַכט פסלות" (שפּוו.).

**פַּסְלָנוּת**, הוו. פאַרדאָרבענהייט.

**פַּסְל'ען**, צא. ערקלערען אַלס פסול; פאַראונרייניגען אָדער היילען דורך דעם וואָס מע מאַכט אונריין. פסל'ען אַ קינד, היילען אַ קינד פון אַן עין־הרע דורך דעם וואָס מע רייבט אויס זיין געזיכט מיט השתנה. פסל'ען אַ קאַץ, אָפּהאַקען דעם עק ביי אַ קאַץ (כדי מע זאָל זי קענען האַלטען אין הויז אָהן געפאַהר פון בייזע גייסטער).

**פְּסָק (פּסק)**, המ. (מ. פְּסָקִים). ענטשיידונג, אורטהייל; שטראָף, באַשטראָפונג. חאַפּען אַ פסק, קריגען געזידעלט. געבען אַ פסק, זידלען.

**פְּסַק־געלט**, הו. ענטשיידונגס־געלט, דאָס געלט וואָס מע גיט דעם רב אָדער דעם דַיָּן פאַר ענשיידען אַ געלט דיספוט.

פְּסַק־דִּין', המ. ענטשיידונג, געריכט־אורטהייל.

פַּסְקִ'ען, פַּסְקִ'ענען ז"ו. ענטשיידען.

פְּעוּ'לָה, הוו. (מ. פְּעוּ'לוֹת). וויר־קונג, אויפטהו, פאָרטשריט; רעזולטאַט, צוועק. טהאָן אַ פעולה מיט, גוט אונטער־ריכטען, גוט לערנען מיט. טהאָן אַ פעולה, מאַכען פאָרטשריט. וואָס איז די פעולה?, וואָס איז דער צוועק.

פַּעַם־אַ'חַת־בַּיּוֹ'בֵל, איין מאָהל אין פופציג יאָהר, זעהר זעלטען.

פִּקָּ'דוֹן, המ. אַ זאַך וועלכע מע גיט אימיצען צו היטען.

פְּקוּ'דֵי, הוו. דער נאָמען פון דער דריי און צוואַנציגסטער סדרה (ווז).

פִּקּוּ'חַ־נֶפֶשׁ אָדער נפ'שות, המ. (תלמודיש). די רעטונג פון אַ לעבען; קוויקונג, פאַרגעניגען.

פִּקֵ'חַ, המ. (מ. פִּקְ'חִים). אַ קלו־גער.

פִּקְ'חִית, הוו. (מ. פִּקְ'חוֹת). אַ קלוגע.

פֶּ'רֶא, המ. (מ. פְּרָ'אִים). אַ וויל־דער מענש, אַ באַרבאַר.

פֶּ'רֶא־אָ'דָם, המ. (ביבליש). אַ וויל־דער מענש.

פָּ'רָה־אֲדוּ'מָה, הוו. (ביבליש). די רויטע קוה (וועלכע גאָט האָט געהייסען משה'ן פאַרברענען און איהר אַש געברויכען פאַר צוועקען פון רעליגיעזער רייניגונג); אַ נאַ־איווער נאַרר.

פֵּרוּד־[פֵּי'רוּד] הַלְּבָ'בוֹת, המ. צו־שיידונג פון די הערצער, שטריי־טיגקייט.

פְּרוֹזְ'דוֹר, המ. פאָרצימער.

פְּרוּ'טָה, הוו. (מ. פְּרוּ'טוֹת). אַ קופערנע מינצע פון אַ גאַנץ קליי־נעם ווערטה אָפט דערמאָנט אין תלמוד.

פָּרוֹ'כֶת, הוו. (מ. פָּרוֹ'כֶתִיעֶן). דער פאָרהאַנג וועלכער דעקט צו דעם אָרון־קודש.

פָּ'רוּץ, המ. אויסגעלאַסענער מענש.

פֵּ'רוּשׁ, המ. (מ. פֵּרוּ'שִׁים). באַדיי־טונג; אויסטייטשונג, ערקלערונג, קאָמענטאַר. מאַכען אַ פרוש פון אימיצען, מאַכען אַ פאַראַד פון אימיצען.

פָּ'רוּשׁ, המ. (מ. פּרוּ'שים). אַ'ן אָפּגעזונדערטער, איינער וועלכער לעבט אָפּגעזונדערט פון זיין ווייב און פון דער וועלט אום צו לער־נען און דיענען גאָט, אַ קלויזניק. „אַ גרוש איז ניט קיין פרוש" (שפוו.).

פּ'רוּשׁ־הַמִּ'לּוֹת, המ. די באַדייטונג פון די ווערטער.

פרוּ'שִׁי, המ. (מ. פרוּ'שים). אנ־הענגער פון אַ געוויסער זעהר פרומער אידישער סעקטע וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון דעם צווייטען בית־המקדש.

פָּרְ'חָה־נִשְׁמָ'תוֹ, (תלמודיש). זיין זעעלע איז (פון שרעק) אַרויסגע־פלויגען. „עס איז פרחה־נשמתו געוואָרען".

פְּרָט [פְּרַט], הם. (מ. פְּרָ'טִים). אַ'ן
איינצעלהייט, אַ'ן איינצעלנער
פאַקט; אַ'ן איינצעלנע פערזאָן,
אַ'ן אינדיווידואום; הינזיכט, באַ=
ציהונג; צייט=רעכנונג. "מיט אַלע
פרטים". "דער פרט מוז
זיך אָפּפערן פאַר'ן כלל". "אין
איין פרט בלויז".

פְּרָט [פְּרַט]־גָ'דוֹל, הם. די גרויסע
צייט=רעכנונג. זעה לִפְ"ג.

פְּרָט [פְּרַט]־קָטָן, הם. די קליינע
צייט=רעכנונג. זעה לִפְ"ק.

פֵּ'רִי, הוו. (מ. פֵּ'רוֹת). פרוכט.

פְּרִיָּה־וּרְבִיָּה, הוו. (תלמודיש).
"פרוכפערונג און פאַרמעהרונג",
דאָס האָבען קינדער; דאָס רעליג=
יעזע געבאָט צו האָבען קינדער.
"טענו בחטין והודה לו בפריה
ורביה". זעה טָ'עֲנוֹ בְּח'טִין.

פְּרִי'עָה, הוו. אַרונטעררייסונג פון דער
פאָרהויט ביי דער באַשניידונג.

פָּ'רִיץ, הם. (מ. פְּרִי'צִים). "אַ
פאַרשייטער", אַ גרויסער (ניט=
אידישער) לאַנד=באַזיצער (הויפּט=
זעכליך געברויכט אויף די פוילישע
שלאַכציצעס); הערר, אַריסטאָ=
קראַט. "אויף אַ שלעכטען פריץ
טאָר מען קיין מפלה ניט בעטען"
(שפוו.). "אַז דער פריץ איז
גוט איז דער גאַנצער הויף גוט"
(שפוו.). "אַליין פריץ און
אַליין הונד איז לעבען אָהן גע=
זונד" (שפוו.). "אַ פריץ האָט
אין זינן פערד און הינט און אַ
איד האָט אין זינן ווייב און קינד"
(שפוו.). "וואָס דער פריץ איז
גרעסער אַלץ קלענער איז ער ביי
זיך" (שפוו.). "ווי דער פריץ
אַזוי זיינע הינט און זיין געזינד"
(שפוו.).

פְּרִי'צוּת, הוו. פאַרשייטקייט, אויס=
געלאַסענקייט.

פְּרִיצִ''טַע, הוו. (מ. פְּרִיצִ''טעס).
זעה פָּ'רִיץ.

פְּרִי'צִים, מ. די אנהענגער פון אַ
געוויסער אידישער פאַרטיי אין
דער צייט פון דעם צווייטען בית־
המקדש וועלכע האָבען געזוכט זיך
צו דערנעהנטערן ווי ווייט מעגליך
צו די גריכען.

פְּרִי'צִיש, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער
האָבענדיג די אייגענשאַפט פון אַ
פריץ; אַריסטאָקראַטיש, גרויס=
אַרטיג.

פַּרְ'נָס, הם. (מ. פַּרְנָ'סִים). פאַר=
שטעהער פון אַ אידישער געמיינדע.
"אַ פרנס מעג זיין גרויס ווי
אַ האָהן זיצט ער פאָרט אויבען=
אָן" (שפוו.).

פַּרְ'נֵס־חוֹ'דֶש, הם. דער מאָנאַטלי=
כער פאָרשטעהער פון דער גע=
מיינדע (אין אַמאָליגע צייטען
פלעגען די אידישע געמיינדען
אויסקלייבען אַ געוויסע צאָהל פון
פאָרשטעהערס וועלכע פלעגען זיך
בייטען אַלע מאָנאַט), פאָרשטע=
הער.

פַּרְנָ'סָה, הוו. (מ. פַּרְנָ'סוֹת). ער=
נעהרונג, לעבענסמיטעל; גע=
שעפט, באַשעפטיגונג; פּראָפיט,
פאַרדיענסט. "אַלע מיאוס'ע
פרנסות האָבען שענע מזלות"

(שפוו.) . ״פרנסה איז אין מאנ׳ם מול און קינדער זיינען אין דער ווייב׳ם מול״ (שפוו.) . ״פרנסה היילט אלע מכות״ (שפוו.) .

פָּ׳רַס, אנוו. פערסיען.

פַּרְ׳עֹה, אנמ. דער אלגעמיינער נאָמען פון די אַלטע עגיפטישע קעניגען ; דער נאָמען פון דעם עגיפּטישען קעניג וועלכער האָט פאַרשקלאַפט די אידען, ווי די ביבעל דערצעהלט.

פַּרְ׳צוּף, המ. (מ. פַּרְצוּ׳פִים) . געזיכט, פיזיאָגנאָמיע.

פַּרְ׳צוּף־פָּ׳נִים, המ. (תלמודיש) . זעה פַּרְ׳צוּף.

פֶּ֫רֶק [פֵּ֫רֶק], המ. (מ. פְּרָ׳קִים) . אַ׳ן אָבשניט אָדער אָבהאַנדלונג פון תלמוד ; פרקי־אבות (ווז.) .

פִּרְ׳קֵי־אָ׳בוֹת, מ. (תלמודיש) . ״די לעהרען פון די פאָטערס״, אַ בוך פון זעקס אַבשניטען וועלכע ענטהאַלטען שפּרוכען און לעבענסרעגעלען פון די תנאים (עס איז איינגעפיהרט ביי די פרומע אידען צו זאָגען אין די זומער מאָנאַטען יעדען שבת נאָכמיטאָג איינעם פון די דאָזיגע אַבשניטען) .

פַּרְ׳שָׁה, הוו. (מ. פַּרְ׳שׁוֹת) . אַבשניט אָדער קאַפּיטעל פון דער תורה, סדרה ; איינס פון די שטיקלעך פּאַרמעט באַשריבען מיט געוויסע זאַצען פון דער תורה וועלכע מע לעגט אריין אין די בתים פון תפלין.

פָּ׳שׁוּט, א. פּראָסט, איינפאַך, אָהן קונצען ; באַשיידען.

פְּשׁוּ׳טוֹ־כְּמַשְׁמָ׳עוֹ, או. (תלמודיש) . ״די באַדייטונג אַזוי ווי עס לויטעט״, בוכשטעבליך, גאַנץ איינפאַך.

פְּשָׁט [פְּשַׁט], המ. (מ. פְּשָׁ׳טִים) . באַדייטונג ; אויסטייטשונג, ערקלערונג, קאָמענטאַר ; די אויסטייטשונג פון אַ טעקסט לוימ דער איינפאַכער באַדייטונג פון די ווערטער אין געגענזאַץ צו דרש (ווז.) וועלכער זוכט צו געפינען אַ זייטיגע באַדייטונג אָדער רמז וועלכער זוכט צו געפינען דעם טיעפען מיסטישען זינן.

פַּשְׁ׳טוּת, הוו. איינפאַכקייט, קלאָרקייט. אין פשטות גענומען, איינפאַך גענומען, בוכשטעבליך.

פְּשֶׁטְ׳לען־זִיךְ, צוו. מאַכען געקינסטעלטע אויסטייטשונגען פון אַ טעקסט.

פַּשְׁ׳טָן, המ. (מ. פַּשְׁטָ׳נִים) . איינער וועלכער טייטשט אויס אַ טעקסט לויט דער איינפאַכער באַדייטונג פון די ווערטער.

פְּשֶׁ׳טִ׳על, הז. (מ. פְּשֶׁטְ׳לעךְ) . אַ געקינסטעלטע אויסטייטשונג פון אַ טעקסט.

פְּשֶׁ׳טִ׳עלדיג, שאַרפזיניג, פול מיט איינפאַלען.

פְּשִׁי׳טָא, או. (תלמודיש) . געוויס. אָהן צווייפעל.

פְּשָׁ׳רָה, הוו. (מ. פְּשָׁ׳רִ׳ית) . אָפּמאַך, פריעדליבער אָפּמאַך, קאָמפּראָמיס.

פַּשְׁ׳רוּת, הוו. דאָס מאַכען פון אַ קאָמפּראָמיס.

פְשְ'רָן, הם (מ. פַשְרָ'נִים). איינער וואָס מאַכט אַ קאָמפּראָמיס.

פְּ'תַח, המ. (מ. פְּ'תַחיען). דער נאָמען פון דעם העברעאישען וואָקאַל־צייכען "ַ" געשריבען אונטער דעם קאָנזאָנאַנט (מיטלויט) און אויסגעשפּראָכען ווי "אַ" אין "קאַטץ". "פתח שין שאַ!" (ווער.).

פְּת'חוֹן־פֶּה, המ. (ביבליש). "אַ'ן עפענונג פון מויל", אַ געלעגענהייט אָדער מעגליכקייט צו ריידען אָדער זיך צו פאַרטהיידיגען.

פֶּ'תִי, המ. (מ. פְּתָ'אִים). אַ נאַרר.

פְּתִי'חָה, הוו. זעה פְּתִי'חַת־הָאָ'רוֹן.

פְּתִי'חַת־הָאָ'רוֹן, הוו. דאָס עפענען פון ארון־קודש אום אַרויסצונעהמען די ספר־תורה ביים דאַווענען (מיט וועלכער מע איז אימיצען מכבד).

פִּ'תֹם־וְרַעַמְ'סֵס, אנ. מ. (ביבליש). די צוויי שטעדט אין עגיפּטען וועלכע די פאַרשקלאַפּטע אידען זיינען געצוואונגען געוואָרען צו בויען, ווי די ביבעל דערצעהלט. אויפטהאָן פּתם־ורעמסס, פאַררינכטען פיעל אַרבייט.

פִּתְ'רוֹן, המ. (מ. פִּתְרוֹ'נִים). אויסטייטשונג (ערקלערונג פון אַ טרוים אדער אַ רעטהזעל).

פִּתְ'רוֹן־חֲלוֹם [חָ'לוֹם], המ. (ביבליש). אויסטייטשונג פון אַ טרוים.

# צ.

צ, חמ. דער אַכצעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; צום ענד פון אַ וואָרט געשריבען "ץ"; אין צעהלען גערעכענט אַלס 90. זעה צַ'דִי.

צְאֶי'נָה־וּרְאֶי'נָה, המ. (ביבליש) "געהט אַרויס און זעהט", דער נאָמען פון אַ פאַרצייטיגער איבערזעצונג און אויסטייטשונג פון חומש אין אידיש הויפּטזעכליך געמאַכט פאַר פרויען. צאינה־וראינה שפּראַך, אַלט מאָדישעס אידיש. "אַ אידענע אָהן אַ צאינה־וראינה איז ווי אַ שייגעץ אָהן אַ פּייפעל" (שפּוו.).

צֹאן־קָדָ'שִים, מ. (ביבליש). "די הייליגע שאָף" (געברויכט אָפט צו באַצייכענען דאָס אידישע פאָלק באַזונדערס קליינע אידישע קינדער).

צֵאת־הַכּוֹכָ'בִים, המ. (ביבליש). "דער אַרויסגאַנג פון די שטערען", די צייט ווען די שטערען הויבען זיך אָן באַווייזען (און אַ צייכען אַז דער טאָג איז געענדיגט).

צָבוּ'עַ, המ. (מ. צְבוּ'עִים). "אַ געפאַרבטער", אַ פאַרמאַסקירטער, אַ היפּאָקריט.

צְבוּעִ'יאַטשען [צְבוּ'יאַט'שען], צש.
זיין פאַרמאַסקירט, מאַכען פרומע
אָגשטעלען.

צְבוּעִ'יאַצטוואָ [צְבוּ'יאַצט'וואָ], הוו.
פאַרמאַסקירטקייט, פאַלשקייט, הי=
פאָקריטסטוואָ.

צְבוּעִ'יאַצקע [צְבוּ'יאַצ'קע], א.
בּאַלאַנגענדיג צו אַ צבוע'יאַק.
צ ב ו ע ' י אַ צ ק ע שטיק, פאַל=
שע פרומע שטיק.

צְבוּעִ'יאַק [צְבוּ'יאַק'], המ. (מ.
צְבוּעִ'יאַקעס [צְבוּ'יאַ'קעס]). איי=
נער וועלכער מאַכט פרומע אָנ=
שטעלען, אַ היפאָקריט.

צִ'בּוּר, המ. געמיינדע, כלל.

צבע"ח, צַ'עַר־בַּ'עֲלֵי־חַ'יִים (ווז.).

צַד, המ. (מ. צְדָ'דִים). זייט; פאַר=
טיי; איינער פון די פאַראינטערע=
סירטע פערזאָנען אין אַ פראָצעס,
געשעפט, אָפמאַך, היראַטה=פאַר=
בּינדונג א. אַ. וו.. חתן'ס צ ד,
די פאַרוואַנדטע פון דעם ברוי-
טיגאַם. האָבּען אַ צ ד אין טיש,
האָבען אימיצען וואָס זאָל פאַר=
טהיידיגען אָדער זיך איינשטעלען.
"חוץ דעם נדן מוז אַ מיידעל נאָך
האָבּען אַ גוטען צ ד" (שפּוו.).
"בּיי'ם משפט מוז מען בּיידע
צ ד ד י ם אויסהערען" (שפוו.).

צַד־שֶׁכְּנֶגְ'דוֹ, המ. "די זייט וואָס
איז קעגען איהם", די אַנדערע
פאַרטיי. יעדער צד האָט זיין
צ ד ־ ש כ נ ג ד ו. (שפוו.).

צֵ'דָה־לַדֶ'רֶךְ, הוו. (בּיבּליש). שפּייז
אויפ'ן וועג, פראָוויאַנט (געווענ-
ליך געבּרויכט מען דעם אויסדרוק
אויף מצוות וועלכע מע גרייט אָן
פאַר יענע וועלט).

צָדוֹק [צָ'דוּק]־הַדִּין', המ. (תלמו=
דיש). "די רעכטפערטיגונג פון
(גאָט'ס) אורטהייל", דער נאָמען
פון געוויסע תּפלות וואָס מע
זאָגט נאָך דער בּעערדיגונג פון אַ
טויטען.

צַ'דִי, המ. דער נאָמען פון דעם אַכ=
צעהנטען בּוכשטאַבּ (צ) פון דעם
אידישען אַלף־בּית. זעה צַ'דִיק.

צַ'דִיק*, המ. (מ. צַ'דִיק'ען). דער
נאָמען פון דעם אַכצעהנטען בּוכ=
שטאַבּ (צ) פון דעם אידישען
אַלף־בּית. שלעכטע= אָדער לאַנ=
גע= צ ד י ק, דער נאָמען פון דעם=
זעלביגען לויט ווען געשריבּען צום
ענד וואָרט (ץ). "אַ ציעג אָדער אַ
פערציגער אַבי בּיידע זיינען מיט
אַ צ ד י ק" (שפוו.).

צַ'דִיק, המ. (מ. צַדִּ'יקִים). אַ גע=
רעכטער גאָטספאָרכטיגער מאַן;
אַ הייליגער מאַן צו וועמען מע
געהט פרעגען אַ ראַטה אָדער זיך
לאָזען פון איהם בּענשען. אַ
צ ד י ק אין פעלץ, איינער וועל=
כער מאַכט פרומע אָנשטעלען.
(געוויסע דענקען אַז דער אויס=
דרוק שטאַמט פון דעם וואָס דער
בּוכשטאַב "ץ" אין דעם וואָרט
"פעלץ" רופט זיך "שלעכטע=
צ ד י ק". זעה אויבּען). איהם
געהט ווי אַ צ ד י ק אויף דער
וועלט, איהם געהט שלעכט.

צַ'דִיק־תָּ'מִים, המ. (בּיבּליש). אַ
זעהר גאָטספאָרכטיגער מאַן.

צְדָקָה, הוו. (מ. צְדָ'קוֹת). וואָהל־טהעטיגקייט ; אַ וואָהלטהאַט ; אַ נדבה ; אַ וואָהלטהעטיגער צוועק אָדער אנשטאַלט. "דער גוטער ווילען איז די בעסטע צדקה" (שפּוו). "צדקה צו געבען און ליעב צו האָבען קען מען ניט נייטהען" (שפּוו).

צְדָ'קָה־גְדוֹ'לָה, הוו. אַ צענטראַל־פאָנד פאַר פאַרשיעדענע וואָהל־טהעטיגע צוועקען.

צְדָ'קָה־פּוּשקע, הוו. (מ. צְדָ'קָה־פּוּשקעס). די פושקע אין וועל־כער מע קלייבט געלט פאַר אָרעמע אָדער פאַר וואָהלטהעטיגע צווע־קען.

צְדָ'קָה־תַּ'צִיל־מִמָּ'וֶת, (ביבליש). וואָהלטהעטיגקייט ראַטעוועט פון טויט (ווערטער וועלכע ווערען אויסגערופען ווען דער טויטער ווערט געפיהרט צו דער באַערדי־גונג אויפפאָדערנדיג די אַרומיגע צו שענקען עפּעס פאַר אַ וואָהל־טהעטיגען צוועק).

צְדִ'קוּת, הוו. פרומקייט, גאָטס־פאָרכטיגקייט.

צַדְקָ'נִית, הוו. (מ. צַדְקָ'נִיוֹת). אַ פרומע גאָטספאָרכטיגע פרוי.

צַדֶּקֶת [צַדְ'קֶת], הוו. (מ. צַדְ'קוֹת). אַ פרומע גאָטספאָרכטיגע פרוי.

צַדֶ'קֶת'טע, הוו. (מ צַדְ'קֶת'טעס). זעה צַדֶּקֶת.

צוֹ, הוו. דער נאָמען פון דער פינף און צוואַנציגסטער סדרה (וויז.).

צו״, די באַדייטונג פון די העברע־אישע ווערטער מיט דער פאַרזילבע „צו־״ (וועלכע געפינען זיך ניט דאָ) מוז געזוכט ווערען אונטער דעם וואָרצעל־וואָרט.

צוּ'לְהַכְעִים [צוּ'לְהָכְ'עִים], אַו. זעה לְהַכְ'עִים.

צוּ'לְהָכְ'עִים'ניצע, הוו. (מ. צוּ־לְהָכְ'עִים'ניצעס). זעה לְהַכְ'עִים־ניק.

צוּ'לְהָכְ'עִים'ניק, המ. (מ. צוּ־לְהָכְ'עִים'ניקעס). זעה לְהַכְ'עִים־ניק.

צוֹ'אָה, הוו. דרעק, מיסט.

צַוָ'אָה, צַוָּ'אָה, הוו. (מ. צַוָ'אוֹת, צַוָּ'אוֹת). טעסטאַמענט (וועלכען איינער לאָזט נאָך זיין טויט).

צוויי־פָּ'נִים'דיג, א. האָבענדיג צוויי געזיכטער, צוויינייטיג. זעה פָּ'נִים.

צוֹם־גְדַלְ'יָה, המ. "דער פאַסט־טאָג פון גדליה", דער דריטער טאָג פון מאָנאַט תשרי וועלכער איז אַ פאַסט־טאָג צום אנדענק אן דעם טויט פון אַ געוויסען אידי־שען פאָרשטעהער מיט'ן נאָמען גדליה וועלכער איז געטויט גע־וואָרען אין דער צייט ווען קיניג נבוכדנאצר האָט געוועלטיגט אי־בער פאַלעסטינא, ווי די ביבעל דערצעהלט.

צוּ'רָה, הוו. (מ. צוּ'רוֹת). געזיכט, געשטאַלט, אויסזעהן.

צוֹ'רֶךְ, המ. באַדערפעניס, באַדערפ־טיגקייט (מ. צְרָ'כִים); שטוהל־גאַנג.

צוֹ'רֵר, המ. (מ. צוֹרְ'רִים). פייגד, פאַרפאָלגער, אונטערדריקער ;

איינער וועלכער פאַרפאָלגט אָדער האָט פיינד אידען; אַ שלעכטער מענש.

צוֹ'רֵר־הַיהוּ'דִים, המ. (מ. צוֹרְ'רֵי־הַיהוּ'דִים), (ביבליש). איינער וועלכער האָט פיינד אידען, אַ'ן אנטיסעמיט.

צוּ'רַת־אוֹ'ת [אָת], הוו. (תלמודיש). די געשטאַלט פון אַ בוכשטאַב. "ער קען ניט קיין צורת־אות".

צוּ'רַת־מַטְבֵּ'עַ, הוו. די געשטאַלט פון אַ געלט־שטיק. ער ווייס ניט פון קיין צורת־מטבע, ער ווייס גאָר ניט פון געלט־אַנגעלע־גענהייטען.

צִידְ'קוֹת, הוו. זעה צִדְקוֹת.

צִ'יוֹן, אנמ. דער נאָמען פון אַ גע־וויסען טהייל פון ירושלים; דאָס אידישע לאַנד, פּאַלעסטינאַ.

צִיוֹנִ'יזְמוּס, המ. אַ באַוועגונג וואָס איהר צוועק איז צו באַזעצען אי־דען אין פּאַלעסטינאַ און זיי פאַר־שאַפען פּאָליטישע זעלבסטשטענ־דיגקייט.

צִיוֹ'נִיסט', המ. (מ. צִיוֹ'נִיס'טען). אַנהענגער פון ציונ'יזמוס.

ציוני'ס'טיש, א. באַלאַנגענדיג צו דער פּאַרטיי פון די ציונ'יסטען.

צִ'יוּר, המ. (מ. צִיוּ'רִים). בילד, געמעלד.

צִי'צָה, הוו. (מ. צִי'צוֹת). אַ פּראַנז פון וואָלענע אָדער זיידענע פע־דעם וואָס ווערט אַיינגעמאַכט אין איטליכען עק פון אַ טלית אָדער אַ'ן ארבע־כנפות. "ער ווייס ניט גאָר גאָט און ציצית" (ווער.).

צִי'צִית*, המ. (מ. צִי'צִיתען). אַ'ן ארבע־כנפות (ווז.).

צִי'צִית־כַּנְ'פוֹת, המ. (מ. צִי'צִית־כַּנְ'פוֹתען). אַ'ן ארבע־כנפות (ווז.).

צִי'רֶה, חמ. (מ. צִי'רֶה'ס). דער נאָמען פון דעם העברעאישען וואָקאַל־צייכען "‥"; ווערט גע־שריבען אונטער דעם בוכשטאַב און אויסגעשפּראָכען אַזוי ווי "יו" אין "קליין".

צְ'לֶם, המ. דאָס בילד, די געשטאַלט.

צֶ'לֶם [צ'לֶם], המ. (מ. צְלָ'מִים). אַ קרייץ. "ער ווייס ניט קיין צלם פון קיין אלף" (ווער.). "אַ ליטוואַק האָט אַ צלם אי קאָפּ" (שפּוו.).

צֶ'לֶם־אֱלֹהִים [אֶלֹקִים'], המ. (ביב־ליש). דאָס בילד פון גאָט (וואָס דער מענש טראָגט אויף זיין גע־זיכט). עס איז אַראָפּ פון איהם דער צלם־אלהים, ער האָט פאַרלאָרען זיין אידישעס אויס־זעהן.

צֶ'לֶמ'ען־זִיךְ, צוו. מאַכען איבער זיך דעם צייכען פון קרייץ, זיך שווערען.

צַמְ'חִים, מ. שפּראָצונגען, פלאַנצען.

צָנוּ'עַ, המ. (מ. צְנוּ'עִים). אַ שטי־לער, פרומער אָדער באַשיידענער מענש.

צְנוּ'עֲדיג, א. באַשיידען, זיטליך.

צְנוּ'עָה, הוו. (מ. צְנוּ'עוֹת). אַ באַ־שיידענע אָדער פרומע פרוי; אַ ריינע זיטליכע פרוי.

צְנִי׳עות, הוו. באַשיידענהייט, ריינ־קייט, זיטליכקייט.

צְנִי׳עות׳דיג, א. באַשיידען, זיט־ליך.

צַ׳עַר, המ. פּאַרדרוס, שמערץ, קו־מער; מיטגעפיהל, מיטלייד. "מיט אַ נאַרר איז אַ׳ן אויביגער צ ע ר" (שפּוו.).

צ׳עַר־בַּעֲ׳לֵי־חַ׳יים, המ. (תלמודיש). מיטלייד מיט לעבענדיגע בעשע־פּעניסען.

צָ׳פון, המ. נאָרד, נאָרדווייט.

צָ׳פוֹנ׳דיג, א. נאָרדליך, קעגען נאָרד.

צְפַנְ׳יָה, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען פּראָפעט; דאָס בוך וואָס ענטהאַלט די פּראָפעציי־הונג פון צפניה.

צָ׳רָה, הוו. (מ. צָ׳רוֹת). אונגליק, קאַטאַסטראָפע, אָנשיקענים; נויט, פּיין. זיין אויף צ ר ו ת, זיין אין גרויסער נויט. "אַבי יאָהרען צ ר ו ת קומען אַליין" (שפּוו.). "דער ים איז אָהן אַ גרונד און אידישע צ ר ו ת אָהן אַ ברעג" (שפּוו.). "די האַלבע וועלט לעבט ווי שררות די אַנדערע לעבט אין צ ר ו ת" (שפּוו.).

"דער טויט דערלייזט פון אַלע צ ר ו ת" (שפּוו.). "הוליע קבצן צ ר ו ת קאָסטען קיין געלט ניט" (שפּוו.). "וואָס ירש׳ען אידען צ ר ו ת און מערידען" (שפּוו.). "שלאָף וועסטו די צ ר ו ת פאַר־געסען" (שפּוו.). "צ ר ו ת נעה־מען אַראָפּ דעם קאָפּ" (שפּוו.). "צ ר ו ת לעגען זיך צוערשט אויפ׳ן פּנים (שפּוו.).

צָ׳רָה׳דיג, א. טרויעריג, שלעכט, יאָמערליך.

צרוֹ׳פִים, מ. מיסטישע צוזאַמענ־שטעלונגען פון געוויסע הייליגע בוכשטאַבען אָדער ווערטער פאַר קאַבאַליסטישע צוועקען.

צָ׳רות־צרוֹ׳רוֹת, מ. גרויסע ליידען.

צָרְ׳כֵי־צִ׳בּור, מ. (תלמודיש), די באַדערפעניסען אָדער אינטע־רעסען פון דער געמיינדע אָדער פון דעם כלל.

צָרְ׳כֵי־רַ׳בִּים, מ. "די באַדאַרפע־ניסען פון פיעלע", די אינטערעסען פון כלל.

צָרַ׳עַת, הוו. (מ צָרַ׳עַתיען) "אויסשלאַג פוי קרעץ", אַנשיקע־נים.

# ק.

ק, המ. דער נײַנצעהנטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; אין צעהלען גערעכענט אַלס 100. זעה קוף.

קאַטאָוועס, הוו. זעה כַּתָּ׳בות.

קַב־הַיָ׳שָׁר, המ. "די ריכטיגע מאָס" דער נאָמען פון אַ געוויסען אידי־

שען מאָראַל־בוך פיער געלעזען צווישען פאָלק.

קִבּוּץ, המ. (מ. קִבּוּצִים). פאַר־זאַמלונג; געמיינדע.

קִבּוּץ, המ. (מ. קִבּוּצִען). דער נאָמען פון דעם העברעאישען וואָ־קאַל-צייכען "ֻ" אויסגעשפּראָ־כען אונגעפעהר ווי "או". זעה שׁוּרֶק.

קְבוּרָה, הוו. (מ. קְבוּרוֹת). באַ־ערדיגונג. "אַז מע קומט נאָך ירושה מוז מען אָפּט באַצאָהלען די קבורה" (שפּוו.).

קַבָּלָה, הוו. (מ. קַבָּלוֹת). קוויי־טונג; זאַגע, טראַדיציאָן; דער נאָמען פון אַ געוויסער מיסטישע פילאָזאָפיע (ביי אידען); אַ פּאַפּיער אָדער אַטעסטאַט אויף שחיטה; דאָס נעהמען.

קַבְּלָן, המ. (מ. קַבְּלָנִים). אַ נעהמער

קַבָּלַת־הַתּוֹרָה, הוו. (דעם אידי־שען פאָלקס) אָננעהמונג פון דער תורה.

קַבָּלַת־פָּנִים, המ. (תלמודיש). אויפנאַהמע (פון אַ גאַסט); די פאַרזאַמלונג פון די געסט אין דעם חתן'ס הויז פאַר דער חופּה.

קַבָּלַת־קִנְיָן, המ. "די אָננעהמונג פון דעם קויף", די באַפעס־טיגונג פון אַ'ן אָפּמאַך דורך דעם וואָס די באַטרעפענדע פּער־זאָנען נעהמען איטליכער אָן מיט דער האַנד דעם ברעג פון אַ טי־כעל; דער ערשטער אָפּמאַך פון אַ שדוך.

קַבָּלַת־שַׁבָּת, המ. "די אויפ־נאַהמע פון שבת", די תפלות וועלכע מע זאָגט אין שיהל פרייטאָג צו נאַכט באַגריסענדיג דעם שבת.

קַבְּצָן, המ. (מ. קַבְּצָנִים). אַ בעטלער, אַ שנאָרער; אַ'ן אָרע־מאַן. "אַ ק ב צ ן איז אַ בעל-צדקה אויף אַ פרעמדענ'ס קעשע־נע" (שפּוו.). "אַ ק ב צ ן איז די בעסטע שמירה" (שפּוו.). "ביי אַ ק ב צ ן וואַקסען די קינדער געדיכטער" (שפּוו.). "מעהר ק ב צ ן מעהר הוליאַק מעהר נגיד סוויניאַק" (שפּוו.).

קַבְּצָנוּת, הוו. אָרעמקייט.

קַבְּצָנ'טע, הוו. (מ. קַבְּצָנ'טעס). זעה קַבְּצָן.

קַבְּצָנ'ען, צש. שנאָרען, בעטלען.

קֶבֶר [קֶ'בֶר], המ. (מ. קְבָרִים, קְבָרוֹת). גרוב, טויטענגרוב; גראָב. רייסען ק ב ר י ם, מאַכען געוואַלדען, איינלעגען וועלטען. אויף אַ באָבע'ס ק ב ר, פאַר־לאָרען, פאַרפאַלען. קריכען אויף פרעמדע ק ב ר י ם, געהן אַהין וואו מע באַלאַנגט ניט. "אויף פרעמדע ק ב ר י ם וויינט מען זיך די אויגען ניט אויס" (שפּוו.).

קֶבֶר [קֶ'בֶר]־אָבוֹת, המ. (תלמו־דיש). דער אָרט וואו עלטערען זיינען באַגראָבען. געהן אויף ק ב ר ־ א ב ו ת, באַזוכען דעם גראָב פון געשטאָרבענע עלטערען אָדער פאַרוואַנדטע און דאָרט זאָ־גען געוויסע געבעטען.

קֶבֶר [קֶ'בֶר]־יִשְׂרָ'אֵל , אַ קבר אויף אַ אידישען בית-עולם. "וואָלסט צו קבר-אבות ניט קומען" (פלוב=וואָרט).

קֶבֶר [קֶ'בֶר]־שטיבעל , הז. (מ. קֶ'בֶר־שטיבלעך). אַ געמויערט שטיבעל אויף דעם גראָב פון אַ טויטען, וואו די באַזוכער געהן אריין צו זאָגען תפלה.

קְבָ'רוֹת־בלעטלעך, הו. מ. "גראָב= בלעטלעך", גראָע האָאר.

קְבָ'רוֹת־מאַן, המ. (מ. קְבָ'רוֹת־לייט). איינער וועלכער איז אָנ= געשטעלט צו גראָבען קברים אָדער אבטונג צו געבען אויפ'ן בית־עולם.

קְבָ'רוֹת־שטיבעל, הז. (מ. קְבִ'רוֹת־שטיבלעך). אַ הויז אויפ'ן בית־עולם וואו מע פיהרט אריין דעם טויטען איידער ער ווערט בעער= דיגט און וואו דער קברות מאַן וואָהנט געוועהנלוך.

קְבָ'רוֹתניק, המ. (מ. קְבָ'רוֹתניקעס). זעה קְבָרוֹת־מאַן.

קַבְּ'רָן, המ. (מ. קַבְּרָ'נִים). טויטענ= גרעבער.

קַבְּרָ'נִיש, א. באַלאַנגענדיג צו אַ קברן.

קִ'דּוּשׁ, המ. "הייליגונג", דאָס גע= בעט וואָס מע זאָגט אום שבת און אום יום=טוב איבער ברויט אָדער וויין איינגווייהענדיג דעם פייערטאָג. מאַכען קדוש, זאָ= גען דאָס געבעט פון קדוש. "ניט טויגען ניט צו קדוש ניט צו הבדלה" (ווער.).

קִ'דּוּשׁ, המ. (מ. קְדוּ'שִׁים). "אַ הייליגער", אַ מאַרטירער; אַ'ן אונשולדיג ערמאָרדעטער. מאַכען פאַר אַ קדוש, מערדערן אָדער מערדערליך שלאָגען. שפּרינגען קדוש צו, האַלטען הייליג, פאַרגעטערען.

קִ'דּוּשׁ־הַחוֹ'דֶשׁ, המ. (תלמודיש). די איינווייהונג פון דעם מאָנאַט, קדוש=לבנה (ווז.).

קִ'דּוּשׁ־[הַשֵּׁם] הַשֵּׁ'ם, המ. (תלמו= דיש). הייליגונג פון גאָט'ס נאָמען, מאַרטירערטהום. אויף קדוש־השם, אויף גאָט'ס בארואָט.

קִ'דּוּשׁ־וְטָ'הוֹר, המ. (מ. קְדוֹ'שִׁים־וּטְהוֹ'רִים). אַ הייליגער און ריי= נער מאַן.

קִ'דּוּשׁ־חַ'לָּה, הוו. (מ. קִ'דּוּשׁ־חַ'לּוֹת). דאָס ברויט איבער וועל= כען מע זאָגט דאָס געבעט פון קדוש.

קִ'דּוּשׁ־לְבָ'נָה, המ. "די איינווייהונג פון דער (נייער) לבנה", דאָס גע= בעט אין וועלכען אידען ווייהען איין די געבורט פון דער נייער לבנה שטעהענדיג אונטער דעם פרייען הימעל מיט דעם געזיכט קעגען איהר.

קְדוּ'שָׁה, הוו. (מ. קְדוּ'שׁוֹת). היי= ליגקייט; אַ געוויסע תפלה פון שמונה־עשרה אין וועלכער מע הייליגט דעם נאָמען פון גאָט. אַ הויכע קדושה, אַ געוויסע פאַרקירצטע פאָרמע פון דאַווגען שמונה־עשרה פאַר'ן עמוד, ווען דער חזן זאָגט בלויז ביז קדושה.

קְדו'שִׁים, הוו. דער נאָמען פון דער דריי און צוואַנציגסטער סדרה (ווז.).

קִדו'שִׁין, המ. מ. "הייליגונגען", טרויאונג, הייראַטה-צערעמאָניע. געבען קדושין, אויספיהרען די הייראַטה-צערעמאָניע.

קִדו'שִׁין-פינגערל, הז. דער רינג וועלכען דער חתן גיט דער כלה צו די קדושין.

קַדַחַת [קַדָ'חַת], הוו. פיעבער. גע-בען קדחת, גאָרנישט געבען. קדחת מיט כשר'ע פעדים, גאָרנישט מיט גאָרנישט. "עס וואַרפט איהם ווי אין ניין-יאהרי-גער קדחת" (ווער.). "אַז מע לעגט אַריין קדחת נעהמט מען אַרויס קרענק" (שפוו.). "מאַיאָווע קדחת אין גוט יענער זאָל עס האָבען" (שפוו.). "מיר קדחת אבי איהם צו להכעיס" (שפוו.).

קַדַחַת [קַדָ'חַת]-רבי'עית, הוו. אַ פיעבער וועלכער ווידערהאָלט זיך אַלע פיער טעג.

קַדַחַת [קַדָ'חַת]-שלי'שית, הוו. אַ פיעבער וועלכער ווידערהאָלט זיך אַלע דריי טעג.

קַדִיש, המ. (מ. קַדִי'שִׁים). אַ גע-וויסעס געבעט וואָס דער זוהן אָדער אַ'ן אַנדער מענליכער פאַר-וואַנדטער פון דעם געשטאָרבענעם זאָגט אין פערלויף פון דעם טרויער-יאָהר און אין דעם טאָג פון יאָהר-צייט; אַ זוהן.

קַדִיש'ניק, המ. (מ. קַדִיש'ניקעס). אַ זוהן וועלכער זאָגט קדיש אין פערלויף פון טרויער-יאָהר נאָך זיין פאָטער.

קַדְ'מון, המ. (מ. קַדמו'נִים). "אַ פאָרצייטיגער", אַ פילאָזאָף אָדער געלעהרטער פון פאָרצייטען. פון קדמונים אָן, פון די פריה-סטע צייטען.

קַ'דֶר, המ. (מ. קַדָ'רִים). אַ טאָפּ; איינער וועלכער שפרעכט אָפּ קראַנקהייטען, אַ זגאָבער.

קַ'דֶשׁ, זעה קו'דֶשׁ.

קְד'שָׁה, הוו. הורר, גאַסענפרוי.

קָדְ'שֵׁי-קָדָשִׁים [קָ דְ' שִׁ ים], המ. (תלמודיש). "דאָס הייליגסטע פון די הייליגע", דאָס אינעוועייניגסטע און הייליגסטע צימער פון דעם בית-המקדש וואו עס זיינען גע-שטאַנען די כרובים און וואו בלויז דער כהן-גדול און נאָר אום יום-כפור פלעגט מעגען אַריינגעהן.

קָדָשִׁים [קָדְ'שִׁים], המ. "הייליגע זאַכען", די פינפטע אָפּטהיילונג פון תלמוד (ווז.) וועלכע ענט-האַלט די געזעצען וועגען הייליגע זאַכען, קרבנות א. ד. ג.

קָדָשִׁים [קָדְ'שִׁים] קַ'לִים, מ. (תל-מודיש). (אייגענטליך: "הייליג-קייטען פון אַ גרינגען גראַד"). דער נאָמען פון אַ געוויסען שפיעל וועלכער געהט צו אויף דער פאָל-גענדער אַרט: איינער פון די טהיילנעהמער אין דעם שפיעל מיט פאַרבונדענע אויגען בויגט זיך איין און איינער פון די מיטשפיעלערס גיט איהם אַ פּאַטש אויפ'ן הינטען. דער געפּאַטשטער מוז דאַן טרעפען

וועד עס האָט איהם געפּאַטשט, אויב ער טרעפט דעם ריכטיגען מוז יענער פאַרנעהמען זיין פּלאַטץ א. א. וו.

קְהִי'לָה, הוו. (מ. קְהִי'לוֹת). זעה קְהִ'לָה.

קָ'הָל, הם. פאַרזאַמלונג, געמיינדע; אַ אידישע געמיינדע; די פאָרשטעהער פון דער געמיינדע. "ווער עס גיט ניט צו קהל האָט ניט מיטצורעדען ביי קהל" (שפוו.). "מיט קהל איז זיך שלעכט צו משפט'ען" (שפוו.). "קהל איז ניט קיין גזלן" (שפוו.). "קהל קריגט זיך און דעם שמש שמייסט מען" (שפוו.). "קהל'ס קערבעל האָט אין זיך אַ מאַגנעט" (שפוו.).

קָ'הָל-שטיבעל, הו. (מ. קָ'הָל-שטיבלעך). דאָס צימער וואו די די פאָרשטעהער פון אַ אידישער געמיינדע האַלטען זייערע באַראַטהונגען.

קָ'הָל-שַׁמָּש [שַׁ'מָשׁ], הם. (מ. קָ'הָל-שַׁמָּשִׁים [שַׁמָ'שִׁים]). אַ באַדיענטער פון קהל.

קְהִלָּה, הוו. (מ. קְהִ'לּוֹת). אַ (אידישע) געמיינדע.

קְהִ'לָה-קְדוֹ'שָׁה, הוו. "אַ הייליגע געמיינדע", אַ אידישע געמיינדע.

קָ'הָלִיסמאַן הם. (מ. קָ'הָלִיסלייט). איינער פון די פיהרערס פון אַ אידישער געמיינדע.

קָ'הָלִ'יען-זיך, צוו. זיך מישען אין קהל'שע זאַכען.

קָ'הָלִ'יש, א. באַלאַנגענדיג צו דער געמיינדע. אַ קהל'שער יורש, איינער וועלכער דענקט אַז אַלצדינג וואָס האָט קיין אייגענטהימער ניט געהערט צו איהם. "אַ קהל'שע קלויסטקע" (פאַרעכטליך. געזאָגט אויף איינעם וועלכער איז אַ טהוער אין געמיינדעזאַכען פאַר אייגענע נוצען).

קֹהֶ'לֶת, אנמ. דער נאָמען פון דעם פאַרפאַסער פון אַ געוויסען ביבלישען בוך וואָס ענטהאַלט לעהרזאַצען, לעבענס-רעגעלען און מאָראַל-לעהרען און רופט זיך מיט דעם זעלביגען נאָמען (מע פלעגט גלויבען אַז קהלת איז בלויז אַ'ן אַנדער נאָמען פון דעם קעניג שלמה).

קוֹ'בֵ'עַ-זיין, צא. באַשטימען.

קוֹ'דֶם, או. פריהער, פאַר אַלצדינג, ערשטענס.

קוֹ'דֶם-הַמַּעֲ'שֶׂה, או. פאַר דער זאַך, איידער די זאַך האָט פּאַסירט.

קוֹ'דֶם-כֹּ'ל [כָּל], או. פאַר אַלצדינג, איידער אַלצדינג.

קוֹ'דֶם-כָּל-דָ'בָר, או. פאַר יעדער זאַך, צום אַללערערשטען.

קוֹ'דֶם-לַ'כֹּל, או. איידער אַלצדינג. "קודם-לכל איז גוט שהכל" (שפוו.).

קוֹ'דֶשׁ, א. הייליג.

קוֹ'דֶשׁ-קָדָ'שִׁים, א. זעהר הייליג, אַם הייליגסטען.

קוֹ'טֶב, הם. "דער אַקס", דער קערן, דער עקר.

קוֹל [קָל], המ. (מ. קוֹלוֹת). שטים; הויכע שטים; געשריי, ליאַרם; אַ קלאַנג. "רעדען אויפ'ן קול". "מאַכען קולות". "עס איז אַרוים אַ קול אין שטאָדט". אויבער-קול, אויבערסטער טענער. אונטער-קול, באַס-שטים. ביי-קול, הויכע דינע שטים, פאַלצעטא. "אַ חזן אָהן אַ קול איז ווי אַ שאָף אָהן וואָלל" (שפּוו.).

קוֹל־בֶּ'בִי, המ. אַ וויינענדיגע שטים.

קוֹל [קָל]־נְגִי'נָה, המ. אַ שטים צו זינגען, אַ שטים.

קוֹל־קוֹ'רֵא, המ. (ביבליש). "אויסרופענדע שטים", אויפרוף, פּראָקלאַמאַציאָן.

קוּ'לָא, הוו. (מ. קוּ'לוֹת), (תלמודיש). "פאַרגרינגערונג", אַ מילדע אָדער פאַרלייכטענדע אויסטייטשונג פון אַ דין.

קוֹ'לוֹת־וּבְרָ'קִים, מ. (ביבליש). "(דונער-) קלאַנגען און בליצען", ליאַרעם און געפּילדער.

קוֹ'ליכעל [קעלי'כעל], הז. (מ. קוֹ'ליכלעך [קעלי'כלעך]). אַ שטימעלע, זעה קול.

קוֹ'לֵי־קוֹ'לוֹת, מ. (תלמודיש). הויכע געשרייען.

קוֹמְמִ'יוּת, או. אויפגעשטעלט, שטאָלץ אויפגעשטעלט.

קוּנְ'דס*, המ. (מ. קוּנְדְ'סִים). יונגאַטש, שטיפער (דאָס העברעאיש וואָרט "קונדס" פון נאָכביבלישען אורשפּרונג הייסט "אַ דראָנג" און ס'איז מעגליך אַז די באַדייטונג וועלכע דאָס וואָרט האָט אין אידיש האָט זיך ענטוויקעלט דערפון. אַנדערע באַהויפּטען אַז דאָס וואָרט איז פּויליש, באַדייטענדיג: "אַ הונד", און האָט אין מעהרצאָהל אָנגענומען אַ העברעאישע פאָרמע).

קוֹ'נֶה, המ. (מ. קוֹ'נִים). קויפער, קונד.

קוֹ'נֶה־זיין, צא. זיך איינקויפען, ערווערבען, קריגען.

קוֹ'נֶה־הַכֹּל, המ. (ליטורגיש). איינער וועלכער קויפט אַלצדינג.

קוֹ'נֶהיטע, המ. (מ. קוֹ'נֶהיטעס). אַ קויפערין אַ קונד.

קוֹ'נֶה־זְכוּת־זיין, צש. זיך ערווערבען דאָס רעכט.

קוֹ'נֶה־שֵׁם [שֶׁם]־זיין, צש. ערווערבען אַ נאָמען, זיך מאַכען באַריהמט.

קוּנְ'טְרֵס*, המ. (מ. קוּנְ'טְרְסִים). אַ געשריבענער אָדער געדרוקטער בויגען פּאַפּיער; אַ בראָשורקע.

קוֹף, המ. (מ. קוּפִ'ין). דער נאָמען פון דעם נייינצעהנטען בוכשטאַב (ק) פון דעם אידישען אַלף־בית.

קוֹרֵ'עַ־זיין, צש. איינרייסען (דאָס קלייד אין צייכען פון טרויער); צא. צורייסען. מע דאַרף דאַרויף קורע זיין, עס איז אַ שרעקליכע זינד אָדער פאַרברעכען.

קַטֵ'גוֹר, המ. דער באַשולדיגער, דער באַשולדיגענדער ענגעל.

קְטוֹ'רֶת, הוו. ווייהרויך; דער טהייל פון דעם מאָרגענדיגען דאַוונען וואו עס ווערען אויסגערעכענט די פאַרשיידענע קרייטעכצער און

געווירצען וואָס פלעגען געברויכט ווערען אין דער צובאַרייטונג פון ווייהרויך פאַרצייטען אין בית־המקדש. "אין די קטורת איז דאָ חֶלְבְּנָה (אַ געוויסע קרייטעכץ וואָס האָט געהאַט אַ שלעכטען גערוך און איז דאָך געברויכט געוואָרען אין דער מישונג פון ווייהרויך)" (שפוו.).

קָ'טָן, המ. (מ. קְטַ'נִים). אַ קליינער, אַ אינגעל, אַ ניט־מינדיגער.

קַטְ'נוּת, הוו. אַ קלייניגקייט.

קַטְ'נוּת־דְמוֹ'חִין, הוו. (קאַבאַליסטיש). קליינקעפּעלדיגקייט.

קְטַ'נֵי־אֲמָ'נָה, המ. מ. (תלמודיש). ווייניג גלויבענדע, צווייפלערס.

קִטְ'נִיוֹת, מ. אַרבעס. געברויכט אין דעם ווערטעל: "אַלערליי מיני קטניות", ד. ה. אַלערליי זאַכען.

קְטַ'נִים, המ. מ. זעה נְקָ'בִים־קְטַ'נִים.

קִטְ'רוּג, המ. באַשולדיגונג, אָנקלאַגע (פאַר דעם הימלישען געריכט).

קִי'בּוּץ, המ. (מ. קִיבּוּ'צִים). זעה קִ'בּוּץ.

קִי'דוּשׁ, זעה קִ'דוּשׁ.

קִידוּ'שִׁין, זעה קִדוּ'שִׁין.

קִ'יוּם, המ. פעסטקייט, דויערהאַפטיגקייט, באַשטאַנד.

קִי'חָה, הוו. דאָס צונעהמען דאָס קינד פון דעם ג'פאַטער'ס הענד ביי דער צערעמאָניע פון באַשניידונג.

קַי'מָא־לָן, המ. (תלמודיש). "אונז איז באַשטימט", דער בעטראַג, די סומע.

קַ'יִן, אנמ. דער נאָמען פון אָדם'ס ערשטען זוהן וועלכער האָט ערמאָרדעט זיין אינגערען ברודער הבל; ברודער־מערדער (מ. קַ'יִנ'ים). "קין (קייען) איז ניט הבל", ד. ה. עסען איז ניט קיין פוסטע זאַך (ווערטעל. געבויט אויף דעם וואָרט־שפּיעל צווישען "קין" און "קייען" און אויף די צוויידייטיגקייט פון דעם וואָרט "הבל", ווז.).

קִי'נָה, הוו. (מ. קִי'נוֹת). אַ קלאָג, אַ קלאָגליעד; איינס פון די קלאָגגעבעטען וואָס אידען זאָגען אום תשעה־באב; דאָס בוך וואָס ענטהאַלט די קינות.

קֵי'סָר, המ. (מ. קֵיסָ'רִים). קייזער, קיניג.

קִינְ'יָן, זעה קִנְ'יָן.

קִיצְ'בָה, זעה קִצְ'בָה.

קִי'צוּר, זעה קִ'צוּר.

קִירְ'בוּת, זעה קִרְ'בוּת.

קִי'שׁוּר, זעה קִ'שׁוּר.

קַל, המ. (מ. קַ'לִים). אַ'ן אויסגעלאַסענער מענש.

קַל־וָחוֹ'מֶר, המ. (מ. קַל־וָחוֹ'מָרִים), (תלמודיש). דאָס דרינגען פון דעם גרינגען אויף דאָס האַרבערע, אָדער פון דעם קליינעם אויף דאָס גרויסע אָדער פאַרקעהרט — איינע פון די דרייצעהן הויפּט־מעטהאָדען

פון דער תלמודישער לאָגיק. די אַרט פון דעם דרינגען איז פאָלגענדע: "אויב אַ קינד וואָס איז שוואַך קען עס טהאָן קען עס אַ דערוואַקסענער וועלכער איז שטאַרק געוויס טהאָן".

קַל־שֶׁבְּקַ'לִים, הם. (תלמודיש). אַ זעהר אויסגעלאַסענער מענש.

קלאָמפּערשט, קלאָמפּערשטען, או. זעה כְּלוֹ'מַ'רשׁט.

קַ'לּוּת־דַ'עַת, הוו. (תלמודיש). לייכטזיניגקייט.

קַ'לוּת־ראֹש [רָאשׁ], הוו. (תלמודיש). לייכטזיניגקייט, פאַרשייטקייט.

קְלִיפָּה, זעה קְלִ'פָּה.

קְלָ'לָה, הוו. (מ. קְלָ'לוֹת). אַ פלוך. שילטען מיט טויטע קללות, שטאַרק פלוכען.

קְלָ'לֶהן, צש. שילטען, פלוכען.

קְלָ'לוֹת־וַחֲרָמוֹת [וּחְרָ'מוֹת], מ. פלוכען און שילט־ווערטער.

קְלַסְ'תַּר־פָּ'נִים, הם. (תלמודיש). געזיכט, אויסדרוק פון געזיכט.

קְלִ'פָּה, הוו. (מ. קְלִ'פּוֹת). אַ בייזער גייסט; אַ צוצעפּעניס, אַ'ן אָנשיקעניס; אַ מענש פון וועלכען מע קען ניט לויז ווערען.

קַלְ'פִּי [קַלְ'פִּי], הוו. (תלמודיש). דאָס קעסטעל וואו מע וואַרפט אריין די שטים־צעטלעך ביי אַ וואהל; וואַהל, אָפּשטימונג (פאַר בעאַמטע פון דער געמיינדע).

קֶ'מַח־פֶּ'סַח, הם. פסח'דיג מעהל; מעהל וואָס מע שענקט אָרעמע לייט אויף פסח.

קָמֵ'יעַ, הוו. (מ. קָמֵ'יעוֹת). אַ שטיקעל פאַפּיער אָדער פאַרמעט אויף וועלכען עס זיינען אויפגעשריבען געוויסע הייליגע מיסטישע ווערטער און בוכשטאַבען אַלס אַ באַשיצונג קעגען קראַנקהייטען, אונגליקען אָדער בייזע גייסטער.

קְמִ'יצָה, הם. דער צווייטער פינגער פון דעם קלענסטען.

קָ'מַץ, חם. (מ. קָ'מַצִ'יעַן). דער נאָמען פון דעם העברעאישען וואָקאַל־צייכען "ָ", געשריבען אונטער דעם בוכשטאַב און אויסגעשפּראָכען ווי "אָ" אין "גאָט". "אז דער שלימזול וויל מאַכט קמץ בית בע" (שפּוו.).

קַמְ'צָן, הם. (מ. קַמְצָ'נִים). אַ קאַרגער.

קַמְצָ'נוּת, הוו. קאַרגשאַפט.

קַמְ'צָניטע, הוו. (מ. קַמְ'צָניטעס). זעה קַמְ'צָן.

קַמְצָ'נִייש, א. קאַרג.

קַ"ן, צ. הונדערט און פופציג.

קִנְ'אָה, הוו. (מ. קִנְ'אוֹת). נייד, ניט־פאַרגינערייו.

קִנְ'אָה־שִׂנְ'אָה, הוו. (מ. קִנְ'אוֹת־שִׂנְ'אוֹת). נייד און האַס, פיינדשאַפט.

קִנְ'אָה'דיג, א. נייִדיש, ניט־פאַרגינענדיג.

קַנָ'אִי, הוו. (מ. קַנָ'אִים). אַ פאַנאַטיקער

קְנוּנְ'יָא, הוו. (מ. קְנוּנְ'יוֹת). אַ'ן אָפּמאַך צווישען צוויי אָדער מעה= רערע פערזאָנען צו באַשווינדלען אימיצען, אַ שווינדעל.

קְנִיָ'ה, הוו. (מ. קְנִ'יוֹת). אַ'ן איינ= קויף.

קִנְ'יָן, הם. (מ. קִנְיָ'נִים). איינקויף; קבלת־קנין (ווז.).

קַנְ'ייען, צא. (וואולגאַר). קויפען.

קְנָס [קְנַס], (מ. קְנַ'ס'ען). שטראָף, באַשטראָפונג, שטראָף=געלט.

קְנָס [קְנַס]־מאָהל, הוו. פאַרלאָ= בונגס-מאָהלצייט. זעה פאַר= קְנַ'ס'ען.

קַנְ'ס'ען, קַנְ'ס'ענען, צא. שטראָ= פען, באַשטראָפען.

קְעָ'רָה, הוו. (מ. קְעָ'רוֹת). אַ שי= סעל וואָס מע שטעלט ערב־יום־ כפור אין שוהל ביי דער טהיר און אין וועלכען די וואָס קומען דאַוונען וואַרפען אַריין נדבות.

קַפְּ'דָן, הוו. (ט. קַפְּדָ'נִים). אַ קאַפּ= ריזנער בייזער מענש.

קְפִי'צַת־הַדֶּ'רֶךְ, הוו. (תלמודיש). דאָס אַריבערשפּרינגען אַ גרויסע שטרעקע אין איין מאָמענט (דורך וואונדער=קראַפט).

קַפְּרִי'סִינ'דיג, א. צאַצקעדיג, אויס= געצייכענט. זעה יין־קַפְּרִי'סִין.

קֵץ [קֶץ], הם. דאָס ענד (פון גלות).

קַ'צָב, הם. (מ. קַצָ'בִים). אַ פליי= שער. "אַ קצב בעט אויף כשר און אַ בעדער בעט אויף טרף" (שפוו.).

קִצְ'בָה, הוו. (מ. קִצְ'בוֹת). רעגעל= מעסיגע געלט=שטיצע וועלכע מע גיט אַ'ן אָרעמאַן, אַ פענסיע.

קַצָ'בוּת, הוו. די אַרבייט אָדער דאָס געשעפט פון אַ קצב.

קַ'צָבִ'טע, הוו. (מ. קַ'צָבִ'טעס). די פרוי פון אַ קצב.

קַצָ'בִ'יש, א. באַלאַנגענדיג צו אַ קצב אָדער צו דעם געשעפט פון אַ קצב.

קִ'צוּר, הם. פאַרקירצונג.

קִצוּר־הַדָּ'בָר, הם. די פאַרקירצונג פון דער זאַך, די עסענץ פון דער זאַך.

קִ'צוּר־יָמִים, הם. "פאַרקירצונג פון טעג", קורצע יאָהרען.

קָ'צִין, הם. (מ. קְצִי'נִים). רייכער מאַן; מאַגנאַט. "אַ קצין האָט תמיד אַ שענע טאָכטער" (שפוו.).

קְצַת־חוֹ'לֶה, הם. אַ ליַיכט=קראַנקער, אַ קרענקליכער.

ק"ק, קְהִ'לָה־קְדוֹ'שָׁה (ווז.).

קַרָ'אִי, הם. (מ. קַרָ'אִים). אַ'ן אַנ= הענגער פון אַ געוויסער סעקטע וועלכער האָט זיך אָפּגעטהיילט פון דעם אידישען פאָלק אין אַכ= טען יאָהרהונדערט און וועלכע גלויבט נאָר אין תורת־משה אָבער ניט אין תלמוד, אַ קאַראַאים.

קְרֵ'בוּת, הוו. פריינדשאַפט, פריינד= ליכקייט.

קָרְ'בָּן, הם. (מ. קָרְבָּ'נוֹת). אַ'ן אָפּפער.

קָרְ'בַּן־מִנְ'חָה, הם. (ביבליש). גע=

שאַנק=אָפּפער, שפּייז=אָפּפער; דער נאָמען פון אַ געוויסער אויסגאַבע פון סדור מיט העברעאישען טעקסט און אידישער איבערזעצונג הויפּט=זעכליך געמאַכט פאַר פרויען (מ. קָרְ'בַּן־מִנְ'חָהים).

קְרוּ'אִים, מ. די אייינגעלאַדענע, די געסט.

קָ'רוֹב, הם. (מ. קְרוֹ'בִים). אַ פאַר=וואַנדטער; דאָס וואָרט ווערט אויך אָפט געברויכט ווען מע ווענדט זיך צו איינעם ווענמעג'ס נאָמע מע וויים ניט: "וואָס מאַכט איהר רב קרוב?". "אַ גוטער שכן איז בעסער ווי אַ שלעכטער קרוב" (שפּוו.).

קָ'רוֹב, א. נאָהנט.

קָ'רוֹב־לְמַלְ'כוּת, הם. (מ. קְרוֹ'בִים־לְמַלְכוּת). (תלמודיש). איינער וועלכער שטעהט נאָהנט צום קיניג, איינער וועלכער האָט אַ'ן איינפלוס אין קיניגליכען הויף.

קָ'רוֹב־לְמֶ'קַח, א. נאָהנט (צו דער אָפּשליסונג) פון אַ האַנדעל. עס איז קרוב למקח, עס האַלט נאָהנט דער ביי, עס געהט אויף אַ גאַנג.

קְרוֹ'בָה, הוו. (מ. קְרוֹ'בוֹת). אַ פאַרוואַנדטע.

קְרוֹ'בָה'טע, הוו. (מ. קְרוֹ'בָהי־טעס). זעה קְרוֹ'בָה.

קְרוֹ'בָה'שאַפט, הוו. פאַרוואַנד=שאַפט.

קְרוּ'ע־בְּלוּ'יע, (ענטוועדער פון קָרוּעַ־וּבָלוּי אָדער קְרוּעֵי־בְלוּיי) ז. צוריסען און צושליסען, וועהר אָפּגעריסען.

קֹ'רַח, אנם. אַ געוויסער מאַן פון וועלכען די ביבעל דערצעהלט אַז ער האָט זיך געבונטעוועט געגען משה'ן און איז באַשטראָפט גע=וואָרען דערמיט וואָס די ערד האָט זיך פּלוצלונג אויפגעעפענט און האָט איינגעשלונגען איהם מיט זיינע אנהענגער (דער תלמוד דערצעהלט אויך אַז קרח איז גע=ווען זעהר רייך); הוו. דער נאָמען פון דער אַכט און פערציגסטער סדרה (ווז.). געהן אַלס קרח, איינגעזונקען ווערען. "רייך ווי קרח". "קרח'ס אוצרות".

קֶ'רִי, הם. זעה שִׁכְ'בַת־זֶ'רַע.

קְרִי, הם. "לעז", אַ וואָרט וואָס ווייזט אָן ווי מע דאַרף לעזען אַ טעקסט (אַנדערש ווי עס ווערט געשריבען). זעה כְּתִיב.

קְרִי'אַת־הַתּוֹ'רָה, הוו. דאָס לייענען פון דער תורה אין שוהל.

קְרִיאַת־שְׁמַע [קְרִי'שְׁמַע], הוו. (תל=מודיש). "דאָס לעזען פון שמע", געוויסע זאַצען פון דער תורה וועלכע הויבען זיך אָן מיט די ווערטער: שְׁמַע יִשְׂרָ'אֵל יְהֹוָה אֱלֹהֵי'נוּ יְהֹוָה אֶ'חָד (העׇר צו ישראל גאָט אונזער האַרר, איז דער איינציגער גאָט) און וועלכע ווערען געזאָגט אין מאָרגענדיגען און אָבענדיגען דאַווענען און אויך פאַר'ן שלאָף (אַלס אַ באַשיצונג קעגען בייזע נאַכט=גייסטער). "האָסט מורא טאָ לייענען קריאת־שמע" (ווער.).

קְרִיעָה, הוו. דער ריס אין די קליידער וועלכען מע מאַכט ביי אַ טויט. ריישען קריעה, איינרייסען די קליידער נאָך אַ טויטען; אַרבייטען זעהר שווער. "דער מענש האָט צוויי ברירות אָדער קריעה צו רייסען אָדער פאַרשוואַרצט צו ווערען" (שפוו.).

קְרִיעַת־יַם־סוּף, הוו. (תלמודיש). די צושפּאַלטונג פון דעם רויטען מעער ווען די אידען זיינען אַרויס פון עגיפּטען. אָנקומען מיט קריעת־ים־סוף, אָנקומען זעהר שווער.

קֶרֶן, הם. קאַפּיטאַל. אַרויס מיט'ן קרן, אַרויס מיט בלויז דעם (אַריינגעלעגטען) קאַפּיטאַל. "ביי איהם איז אַ קרן אַ שמעק טאַבּאַק". "דער אָרימאַן איז נערן אַז ער בלייבט ביים קרן" (שפוו.).

קֶרֶן־קַיֶמֶת, הוו. (תלמודיש). אַ שטענדיג־בלייבענדער קאַפּיטאַל, אַ פאָנד פון וועלכען די ציגזען אָדער איינקונפטען געהען פאַר אַ וואָהלטהעטיגען צוועק.

קַרְקַע, הוו. "ערד", פּלאַטץ פאַר בעערדיגונג.

קַרְקַשְׁקָא*, (פון: קַרְקַשְׁתָּא). זעה כַּרְכַּשְׁתָּא.

קָשֶׁה, א. שווער (צו פאַרשטעהן).

קְשׁוּי־אֵבֶר, הם. די פאַרהאַרטונג פון דעם (מענליכען) גליעד.

קַשְׁיָא [קָשָׁה], הוו. (מ. קַשְׁיוֹת [קָשׁוֹת]), (תלמודיש). אַ פראַגע. די פיער קשיות, די פיער פראַגען וועלכע מע זאָגט אין דער הגדה. "פאַרוואָס איז קיין קשיא ניט און וואָרום איז קיין תּרוץ ניט" (שפוו.). אַ קלאָץ־קשיא, אַ האַרבע פראַגע.

קֶשֶׁר, הם. (מ. קְשָׁרִים). אַ קנופּ (וואָס מע מאַכט אין די רצועות).

קֶשֶׁר־שֶׁל־יַד [יָד], הם. דער קנופּ אין די רצועות פון די תּפילין של־יד.

קֶשֶׁר־שֶׁל־רֹאשׁ [רֹאשׁ], הם. דער קנופּ אין די רצועות פון די תּפלין של־ראש.

קֶשֶׁת, הם. (תלמודיש). "דער פּיי־לענבויגען", דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערען־קרייז פאַר דעם מאָנאַט כסלו. זעה מַזָל.

# ר.

ר, הם. דער צוואַנציגסטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית; אין צעהלען געדעכענט אַלס 200. זעה רֵישׁ.

ר', אב. רַב (ווז.).

ר'־יַעֲקֹב־מְשֻׁלָּם, (תלמודיש). רב יעקב מוז באַצאָהלען, ד. ה. דו

(איהר א. א. וו.) מוסט באצאָהלען.
אורשפרינגליך מיינט דער זאץ:
רב יעקב (אַ געוויסער געלעהר=
טער) זאָגט: אַז ער (דער שאָדענ=
טהוער פון וועלכען דאָרט האַנ=
דעלט זיך) מוז באצאָהלען.

רְאוּבֵן, אנמ. דער נאָמען פון דעם עלטסטען פון יעקב'ס צוועלף זיהן; דער שטאַם וועלכער קומט אַרויס פון ראובן.

רָאוּי, א. פאַסיג, פעהיג, טויגליך, ווערטה.

רָאוּי־לְהוֹרָאָה, או. פעהיג צו פּסק'ען שאלות, פעהיג צו זיין אַ רב.

רְאִיָה, הוו. (מ. רְאִיוֹת). דאָס זעהן, די פעהיגקייט צו זעהן. קורצע ראיה, קורצזיכטיגקייט.

רְאָיָה, הוו. (מ. רְאָיוֹת). באַוויז, צייכען.

רְאָיָה־לְדָבָר, הוו. (תלמודיש). אַ באַווייז צו דער זאַך, אַ באַוויז.

ראֹש [רָאש], המ. קאָפּ; הויפּט, שפּיץ.

ראֹש־הַגוֹלָה, המ. (מ. רָאשֵׁי־הַגוֹלָה), (תלמודיש). דער פאָר=שטעהער פון די אידען אין גלות (אַזאַ אַמט האָט עקזיסטירט אין די תלמודישע צייטען).

ראֹש־הַמְדַבְּרִים, המ. (מ. רָאשֵׁי־הַמְדַבְּרִים), (תלמודיש). דער הויפּט=רעדנער, דער אָנפיהרער, דער רעדעל=פיהרער.

ראֹש־הַקָהָל, המ. (מ. רָאשֵׁי־הַקָהָל). דער פאָרשטעהער פון דער געמיינדע.

ראֹש [רָאש] הַשָׁנָה, המ. (ביבליש). דער אָנהויב פון יאָהר, דער ערשטער און דער צווייטער טאָג פון מאָנאַט תשרי מיט וועלכע עס הויבט זיך אָן דאָס אידישע יאָהר און וועלכע ווערען באַ=טראַכט אַלס זעהר הייליגע פייער=טעג און אַלס טעג אין וועלכע דאָס שיקזאַל פון איטליכען מענ=שען פאַר אַ גאַנץ יאָהר ווערט פאַרשריבען אין הימעל.

ראֹש־וְרִאשׁוֹן, המ. דער הויפּט און דער ערשטער, דער אָנפיהרער.

ראֹש [רָאש]־חוֹדֶשׁ, המ. (מ. רָאשֵׁי־חֳדָשִׁים), (ביבליש). דער ערשטער טאָג אָדער די ערשטע צוויי טעג פון אַ אידישען מאָנאַט וועלכע זיינען האַלבע פייער=טעג. בענטשען ראש־חודש, זאָגען אין דעם שבת פאַר ראש־חודש אַ געוויסע תפלה אין וועל=כער מע בעט אויף אַ גליקליכען מאָנאַט. "ווען עס וועט זיין דריי טעג ראש־חודש" (ווער.— ד. ה. קיין מאָל ניט).

ראֹש [רָאש]־חוֹדֶשׁ־געלט, הז. געלט=געשאַנק וואָס עלטערען שי=קען ראש־חודש צו דעם לעהרער פון זייערע קינדער.

ראֹש־יְשִׁיבָה [רָאשִׁישִׁיבָה], המ. (מ. רָאשֵׁי־יְשִׁיבוֹת [רָאשִׁישִׁיבוֹת], (תלמודיש). דער הויפּט לעהרער אָדער דער פיהרער פון אַ העבע=רער תלמודישער שולע.

ראֹש־כְּבֶשׂ, המ. אַ שעפּסען=קאָפּ (וועלכען עס איז איינגעפיהרט געוואָן צו עסען אום ראש=השנה).

**ראָשוֹ־וְרוּבּוֹ**, (תלמודיש). דער קאָפּ און דער גרעסטער טהייל פון קערפּער, דער גרעסטער טהייל.

**ראִשוֹן**, צ. (מ. ראִשוֹנִים). ערשטער; איינער פון די גאָר פאַרצייטיגע ראַבינישע אויטאָריטעטען; דער ערשטער וועלכער ווערט אויפגערופען צום לייענען אין שוהל. געבען ראשון, אויפרופען דעם ערשטען.

**ראָשֵׁי־פְּרָקִים** [פּרָקִים], מ. (תלמודיש). די ערשטע באַדינגונגען אָדער דער ערשטער אָפּרייד אין אַ געשעפט אָדער הייראַטה־אָפּמאַך.

**ראָשֵׁי־תֵּבוֹת** [תֵּבוֹת], הם (מ. ראָשֵׁי־תֵּבוֹת׳ען). איינער אָדער מעהרערע אָנפאַנג = בוכשטאַבען וועלכע שטעהען אָנשטאָט גאַנצע ווערטער.

**רֵאשִׁית**, או. ערשטענס.

**רֵאשִׁית־חָכְמָה**, או. (ביבליש). "דער אָנהויב פון קלוגהייט", צום אַלער־ערשטען, איידער אַלצדינג; הם. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען מאָראַל־בוך.

**רַב** [רֶב], הם. הערר. רב זרח, הערר זרח. "וואָס וועט זיין מיט כל־ישראל וועט זיין מיט רב ישראל" (ווער. — ד. ה. וואָס וועט זיין מיט אַלעמען וועט זיין מיט איהם אויך).

**רַב** [רָב], הם. (מ. רַבָּנִים). אַ ראַבינער. "אַ פעטער רב און אַ מאָגערער גלח טויגען ביידע ניט" (שפּוו.). "ניין רבנים קענען קיין מנין ניט מאַכען און צעהן שוסטערס יאָ" (שפּוו.).

**רַב־הַכּוֹלֵל**, הם. אויבער־ראַבינער, אַ ראַבינער איבער מעהרערע געמיינדען.

**רַבָּה־בַּר־בַּר־חָנָה׳ס־געננז**, הם. מ. (תלמודיש). די וואונדערליך גרויסע געננז פון וועלכע אַ געוויסער רבה־בר־בר־חנה דערצעהלט אין תלמוד.

**רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם**, הם. (תלמודיש). האַרר פון דער וועלט, גאָט.

**רבּוֹש״ע**, אב. רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם (ווז.).

**רְבוּתָא**, הוו. (תלמודיש). גרויסקייט, אויסצייכנונג, וואונדער. "עס איז קיין רבותא ניט", "וואָס איז די רבותא?".

**רַבּוֹתַי**, אר. מיינע העררען.

**רַבּוֹתִים** *, אר. זעה רַבּוֹתַי.

**רַבִּי** [רֶבִּי], הם. (געניטיוו: דעם־רֶבִּין׳ס; מ. רַבֵּיִים *). לעהרער; אַ גוטער איד.

**רַבִּי** [רֶבִּי]־געלט, הז. לעהר=געלט. באַצאָהלען גוטע רבי־געלט, באַצאָהלען טהייער פאַר די ערשטע ערפאַהרונג.

**רַבִּים**, מ. די פיעלע, די מאַיאָריטעט.

**רַבִּים**, הם. "די פיעלע", דאָס פובליקום; די מעהרצאָהל (אין גראַמאַטיק). "מיט אַ רבים טאָר מען זיך ניט אָנהויבען".

רְבִי'עִי, צ. דער פיערטער, דער פיערטער וועלכער ווערט אויפגערופען צום לייענען אין שוהל. געבען ר ב י ע י, אויפרופען דעם פיערטען.

רְבִי'עִית, הוו. קדהת־רביעית (ווז.); אַ געוויסע מאָס וואָס דער בעכער איבער וועלכען מע מאַכט קדוש מוז ענטהאַלטען.

רֶ'בִּיצִין, הוו. (מ. רֶ'בִּיצִינס). די פרוי פון אַ רב; אַ זעהר פרומע פרוי אָדער איינע וועלכע איז גוט געלערנט אין רעליגיאָנס=זאַכען. "אַז דער מאַן איז אַ רב איז דאָס ווייב אַ ר ב י 'צ י ן" (שפוו.). "בעסער אַ זוהן אַ בעדער איידער אַ טאָכטער אַ ר ב י 'צ י ן" (שפוו.).

ר'בִּית, הוו. פראָצענט, וואָכער.

רַ'בָּן־שֶׁל־כָּל־בְּנֵי־הַגּוֹ'לָה, דער פאָרשטעהער אָדער דער גרעסטער פון אַלע אידען אין גלות (עהרענטיטול אויף זעהר אַ גרויסען מאַן).

רַבֵּ'נוּ, הם. אונזער האַרר (טיטולוואָרט).

רַבֵּ'נוּ־תַּם־'ס־תְּפִ'לִין, מ. תפלין געמאַכט לויט די פאָרשריפטען פון אַ געוויסען אידישען געלעהרטען וועלכער איז באַקאַנט אין דער ראַבינישער ליטעראַטור אַלס "רבנו־תם" (די תפלין וועלכע ווערען געוועהנליך געטראָגען זיינען געמאַכט לויט די פאָרשריפטען פון דעם גרויסען געלעהרטען רש"י. די גאָר=פרומע אידען אום אויסצוקומען נאָךביידע מיינונגע טהוען ביי'ם דאַווענען אָן צוערשט איין זאָרט תפלין און דאַן דעם אַנדערן).

רַבָּ'נוּת, הוו. דאָס אַמט פון אַ רב.

רַבָּ'נִי, הם. דער געלעהרטער (טיטול-וואָרט).

רַבָּ'נִים, הם. מ. זעה רָב.

רַבָּ'נִיש, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון אַ רב אָדער פון רבנות. "מאַכען ר ב נ י ש ע העוויות".

רַבָּ'נָן־קַ'דִּיש, הם. אַ געוויסער קדיש אין וועלכען מע בעט אויך פאַר די געלעהרטע און וועלכען מע זאָגט געוועהנליך נאָך דעם ווי מע האָט אָפּגעלערנט אַ שטיק פון תלמוד. זאָגען ר ב נ ן־ק ד י ש, אויפגעבען יעדע האָפנונג.

רֶ'בֶּ'על, הז. (מ. רֶבִּ'לעך). אַ קליינער אָדער אונבאַדייטענדער רב.

רִבְ'קָה, אנוו. דער נאָמען פון איינער פון די אורמוטערס פון דעם אידישען פאָלק, די פרוי פון יצחק'ן.

רַגְ'זָן, הם. (מ. רַגְזָ'נִים). אַ בייזער צאָרניגער מאַן.

רַגְ'זָנִיטע, הוו. (מ. רַגְ'זָנִיטעס). זעה רַגְ'זָן.

רָ'גִיל, הם. אַ געניטער, אַ'ן ערפאַהרענער.

רְגִ'ילוּת, הוו. געוואוהנהייט.

רֶ'גֶל, הם. (מ. רְגָ'לִים). איינער פון די דריי אידישע הויפט-פייערטעג (פסח, שבועות און סוכות).

רֶ'גֶל־געלט, הז. געלט וואָס מע שיקט אַ רבּ אויף יום־טוב.

רַגְלַ'יִם, מ. פיס.

רֶ'גַע, הוו. אַ סעקונדע, אַ מאָמענט.

רְדִי'פָה, הוו. (מ. רְדִי'פוֹת). פאַרפאָלגונג.

ר"ה, אב. ראָש־הַשָּׁ'נָה (ווז.).

רוֹ'אֶה־וְאֵי'נוֹ־נִרְ'אֶה, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער זעהט און ווערט (אַליין) ניט געזעהן פון אַנדערע.

רוֹב [רָב], הם. און הז. מעהרהייט, מעהרצאָהל.

רוֹב[רָב]־דֵ'עוֹת, הם. די מעהרסטע מיינונגען, די מעהרהייט.

רוֹ'גֶז, הם. צאָרן, בייזקייט, פאַרביטערטקייט. "בעסער דער ערשטער רוגז איידער דער צווייטער" (שפוו.).

רוּגְ'זָה, הוו. זעה רוֹ'גֶז.

רוּגְ'זָה'דיג, א. צאָרניג, בייז.

רוֹ'דֵף־זיין, צא. פאַרפאָלגען.

רוֹ'דֵף־אַ'חַר־הַכָּ'בוֹד, חם. (תלמודיש). איינער וועלכער יאָגט זיך נאָך עהרע.

רוֹ'דֵף־שָׁ'לוֹם, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער יאָגט זיך נאָך פריעדען, אַ פריעדענמאַכער.

רוֹ'דְפִי'ען, צא. פאַרפאָלגען.

רֶ'וַח, רֶ'יַח, הם. (מ. רְוָ'חִים, רְוָ'חִים). פאַרדינסט, פראָפיט.

רוּ'חַ, הם. (מ. רוּ'חוֹת). אַ גייסט; אַ בייזער גייסט, אַ טייוועל. "ער האָט איהם געחאַפּט ווי דער רוח חאַפּט דעם מלמד" (ווער.). "געה צו אַלדי רוחות" (אַ פלוכוואָרט). "קלוג ווי דער רוח".

רוּ'חַ־הַקוֹ'דֶש, הם. (תלמודיש). דער הייליגער גייסט, די געטליכקייט.

רוּ'חַ־חַ'יים, הם. (ביבליש). לעבענס-אטהעם, לעבען.

רוּ'חַ־רָ'עָה, הם. (מ. רוּ'חוֹת־רָ'עוֹת), (ביבליש). אַ בייזער גייסט.

רוּ'חַ־שְׁטוּת, הם. (תלמודיש). "אַ גייסט פון וואַהנזינן", אַ ווילדער געדאַנקען, אַ נאַרישקייט.

רוּחֲ'נִיוּת, הוו. גייסטיגקייט, גייסטיגע זאכען. "ער לעבט פון רוחניות" (געזאָגט אויף אַ'ן אידעאַליסט וואָס האָט ניט קיין זיכערע מאַטעריעלע עקזיסטענץ).

רו"כ, אב. רוּבּעל־כֶּ'סֶף, הם. אַ זילבערנער רובעל, אַ רובעל.

רוֹ'פֵא, הם. (מ. רוֹפְ'אִים). אַרצט, דאָקטאָר; פעלדשער. "ניט פרעגט דעם רופא פרעגט דעם חולה" (שפוו.).

רוֹ'פֵא־חוֹ'לִים, הם. דער היילער פון די קראַנקע.

רוֹ'פְאִ'יטע, הוו. (מ. רוֹ'פֵאיטעס). זעה רוֹ'פֵא.

רוֹ'צֵחַ, הם. (מ. רוֹצְחִים [רָצ'חִים]). אַ מערדער; אַ שלעכטער גרויזאַמער מענש.

רוֹצְ'חַ־הַיַּ'עַר, הם. וואַלד=מערדער.

רוֹ'צַחַ'טע, הוו. (מ. רוֹ'צַח'טעס). זעה רוֹ'צֵחַ.

רו'שֶׁם, הם. צייכען, איינדרוק. מאַכען אַ רושם, מאַכען אַ'ן איינדרוק אָדער אַ פוראָר.

רות, אנוו. דער נאָמען פון אַ געוויסער ביבלישער פרוי; דאָס בוך פון דער ביבעל וואו עס ווערט דערצעהלט די געשיכטע פון רות.

ר"ח, אב. ראֹש־חוֹ'דֶש (ווז.).

רָ'חָב־הַזוֹ'נָה, אנוו. (ביבליש). אַ געוויסע פרוי פון וועלכער די ביבעל דערצעהלט אַז זי האָט געהאָלפען אַנטלויפען די שפּיאָנען וועלכע יהושע האָט געשיקט אין די שטאָדט יריחו.

רַחֲ'בוּת, הוו. ברייטקייט, באַקוועמליכקייט.

רַחֲ'בוּת'דיג, א. ברייטליך, באַקוועם,

רַ'חוּם, המ. אַ באַרמהערציגער. "גאָט איז אַ רחום".

רָ'חוֹק, א. ווייט.

רָ'חֵל, אנוו. דער נאָמען פון איינער פון די אורמוטערס פון דעם אידישען פאָלק, די פרוי פון יעקב (וועלכע נעהמט, ווי עס ווערט געגלויבט, אַ באַזונדערן אַנטהייל אין דעם שלעכטען שיקזאַל פון דעם אידישען פאָלק). רחל'ס־קבר, דער גראָב פון רחל אין פאַלעסטינאַ וועלכער ווערט געהאַלטען זעהר הייליג.

רַחֲ'מִים, מ. מיטלייד, באַרמהערציגקייט.

רַחֲ'מָן, המ. (מ. רַחֲמָ'נִים). אַ באַרמהערציגער.

רַחֲמָ'נָא־לִיצְלַ'נוּ, אר. זעה רַחֲמָ'נָא־לִצְלָן'.

רַחֲמָ'נָא־לִצְלָן [לִצְלַן'], אר. (תלמודיש). דער באַרמהערציגער (גאָט) זאָל אונז באַהיטען!.

רַחֲמָ'נוּת, הוו. מיטלייד, באַרמהערציגקייט. אַ גאָט'ס רחמנות, אַ גרויסער מיטלייד. "רחמנות איז אַמאָל אכזריות" (שפוו.). "אויף אַ שלאַנג טאָר מען קיין רחמנות ניט האָבען" (שפוו.).

רַחֲמָ'נוּת־פָּ'נִים, הז. אַ געזיכט וואָס ערוועקט מיטלייד, אַ נעבעך.

רַחֲמָ'נוּת־פֶּ'נִימ'על, הז. (מ. רַחֲמָ'נוּת־פֶּ'נִימ'לעך). אַ נעבעכעל.

רַחֲמָ'נוּת'דיג, א. ערוועקענדיג מיטלייד, טרויעריג.

רַחֲמָ'נִים־בְּנֵי־רַחֲמָ'נִים, המ. מ. (תלמודיש). באַרמהערציגע און זיהן פון באַרמהערציגע (אַזוי ווערען אידען באַצייכענט).

רַחַ"ש, אב. רָב חַ'זָן שַׁ'מָש (ווז.). המ. דאָס געלט וואָס מע באַצאָהלט דעם רב, דעם חזן און דעם שמש; באַלויהנונג.

רֵי'אָה, הוו. (מ. רֵי'אוֹת). די לונג (פון אַ געקוילעטע בהמה).

רֵי'בִית, הוו. זעה רִ'בִּית.

רֶי'וַח, המ. זעה רֶ'וַח.

רֵי'חַ, המ. (מ. רֵי'חוֹת). גערוך, דופט.

רֵי'חַ־נִיחוֹ'חַ, המ. (ביבליש). אַנגענעהמער גערוך.

**ריסוק־**, זעה ר'סוק־.

**ריש**, הם. (מ. רי'שי'ען). דער נאָמען פון דעם צוואַנציגסטען בוכשטאַב (ר) פון דעם אידישען אלף־בית.

**ריש־בּריו'נֵי**, הם. (תלמודיש). דער אָנפיהרער פון די באַנדיטען.

**רִישְ'עות**, הוו. זעה רְשְ'עות.

**רך־לֵב** [לֶב], הם. (ביבליש). אַ ווייכהערציגער מענש.

**רכי'לות**, הוו. פאַרלוימדונג, באַריידעריי. רכילות טרייבען, באַריידען, פאַרלוימדען.

**רְכִי'לות'ניצע**, הוו. (ג. רְכִי'לות'ניצעס). זעה רְכִי'לות'ניק.

**רְכִי'לות'ניק**, הם. (מ. רְכִי'לות'ניקעס). פאַרלוימדער, באַריידער.

**ר"ל**, אב. רַחֲמָ'נָא־לִצְלָן' (ווז.).

**רמָ'אות**, הוו. שווינדלעריי, באַטריגעריי.

**ר'מַאי**, הם. (מ. רַמָ'אִים). שווינדלער, באַטריגער. "אַ געלער איז אַ רמאי" (שפוו.).

**רַמְבַּ"ם**, אב. רַבֵּ'נו מ'שֶׁה בֶּן־מַיְ'מון, אנמ. אַ גרויסער אידישער געלעהרטער און פילאָזאָף וועלכער האָט געלעבט אין צוועלפטען יאָהרהונדערט; דאָס ווערק פון דעם דאָזיגען געלעהרטען (יָד־הַחֲזָ'קָה) וואו ער האָט צונויפגעשטעלט אין קלאָרער אָרדענונג די פערשיעדענע תלמודישע געזעצע.

**רֶ'מֶז**, הם. (מ. רְמָ'זִים). אַ וואונק, אַ'ן אָנצוהערענים; אַ פאַרבאָרגערנער מיין; אַ געוויסע אַרט אויסטייטשונג פון אַ הייליגען טעקסט וועלכע זוכט אין די ווערטער צו געפינען אַ פאַרבאָרגענעם מיסטישען זינן. זעה דְּרָ'שׁ און פְּשָׁט.

**רַמַ"ח־אֵבָרים** [אֵבְ'רים], הם. (תלמודיש). די צוויי הונדערט אַכט און פערציג גליעדער וועלכע געפינען זיך אין דעם מענשליכען קערפּער (לויט די פאַרצייטיגע באַגריפען). "אַ נאַר איז קראַנק אויף אַלע רמ"ח אברים" (שפוו.). זעה תַּרְיַ"ג'.

**ר'סוק־אֵבָרים** [אֵבְ'רים], הם. (תלמודיש). צורייסונג פון גליעדער. האָבען רסוק־אברים, קריצוברעכען די ביינער; אויסגעריסען ווערען.

**רַ'ע**, הם. אַ שלעכטער מענש.

**רַע**, א. (מ. רָ'עִים; וו. רָ'עָה, מ. רָ'עות). שלעכטער.

**רע־לַ'כֹּל**, הם. איינער וועלכער איז צו אַלעמען שלעכט.

**רָ'עָה**, הוו. (מ. רָ'עות). אַ שלעכטסקייט, אַ שאָדען.

**רַעֲ'יון**, הם. (מ. רַעֲיו'נות). געדאַנק, אידעע; זינן.

**רַעֲיָ'תו, רַעֲיָ'תִי**, הוו. זיין (מיין) פרוי (געברויכט אין בריעף).

**רַ'עַשׁ**, הם. שמורעם, ליאַרעם, טומעל, געפילדער; פוראַר.

ר'עַש'ידיג, א. שטורעמדיג, ליארעמ=
דיג.

ר'עַש'יען, צש. שטורעמען, ליארע=
מען, טומלען, פילדערען.

רְפָ'אֵל, אנמ. דער נאָמען פון אַ גע=
געוויסען (היילענדען) מלאך.

רְפוּ'אָה, הוו. (מ. רְפוּ'אוֹת). היי=
לונג; הייל=מיטעל, מעדיצין. צו
רפואה!, צו געזונדהייט! (אַ
וואונש וואָס מע זאָגט צו איינעם
וועלכער נעהמט איין מעדיצין
אָדער קומט אַרויס פון אַ שוויץ=
באָד). עס איז ניטאָ אויף אַ
רפואה, עס איז ניטאָ צו קרי=
גען. "גאָט שיקט די רפואה
פאַר דער מכה" (שפוו.).

רְפוּ'אָה־בְּדוּ'קָה, הוו. אַ'ן אויס-
פרובירט הייל=מיטעל, אַ זיכער
הילף=מיטעל.

רְפוּ'אָה־שְׁלֵ'מָה, הוו. (ליטורגיש).
אַ פאָלשטענדיגע היילונג.

רָ'צוֹן, המ. ווילען, באַגעהר.

רְצוּ'עָה, הוו. (מ. רְצוּ'עוֹת). אַ
לאַנגער שמאָלער לעדערנער רימען
צוגעבונדען צו די תפלין מיט
וועלכען מע באַפעסטיגט זיי אויף
דער האַנד אָדער אויפ'ן קאָפּ.

רַצְ'חָן, המ. (מ. רַצְחָ'נִים). מער=
דער, גרויזאַמער מענש.

רַצְ'חָנִ'טע, הוו. (מ. רַצְ'חָנִ'טעס).
זעה רַצְ'חָן.

רַצְחָ'נוּת, הוו. מערדעריי, גרויזאַמ=
קייט.

רְצִי'חָה, הוו. (מ. רְצִי'חוֹת). מער=
דעריי; גרויזאַמע טהאַט; גרימ=
צאָרן, וואוטה.

רַק, א. נאָר, נאָכאַנאַנד. "רק
ער רעדט".

רְקִי'דָה, הוו. (חסידיש). אַ טאַנץ.

רְשׁוּת, המ. ערלויבניס, רעכט
פאַרוואַלטונג, קאָנטראָלע.

רְשׁוּת־הָיָ'חִיד, המ. (תלמודיש). אַ
פלאַטץ וועלכער געהערט צו אַ
פריוואַט=מענשען.

רְשׁוּת־הָרַ'בִּים, המ. (תלמודיש). אַ
פלאַטץ וואָס געהערט צום פובלי=
קום, אַ'ן עפענטליכער פלאַטץ.

רשכבה"ג, אב. רַ'בָּן שֶׁל כָּל בְּנֵי
הַגּוֹ'לָה (ווז.).

רַ'שִׁ"י, אב. רַבִּי שְׁלֹמֹה יִצְחָ'קִי (דער
זוהן פון יצחק), אנמ. אַ גרויסער
אידישער געלעהרטער וועלכער
האָט געלעבט אין 12=טען יאָהר=
הונדערט און וועלכער האָט גע=
מאַכט קאָמענטאַרען אויף ביבעל
און תלמוד וועלכע זיינען איבע=
ראַל אָנגענומען; דער קאָמענטאַר
פון רש"י.

רַ'שִׁ"י־כְּתָב [כְּתַב], המ. אַ געוויסער
זאָרט העברעאישע שריפט וועלכע
ווערט געוועהנליך געברויכט פאַר
קאָמענטאַרען און ראַבינישע ביכער.

רְשִׁי'מָה, הוו. (מ. רְשִׁי'מוֹת). פאַר=
צייכנונג, ליסטע, צעטעל; באַ=
שטעלונג.

רָ'שָׁע, המ. (מ. רְשָׁ'עִים). איינער
וועלכער היט ניט אָפּ די אידישע
גלויבענס=געזעצען, אַ גאָטלאָזער
מענש; אַ שלעכטער בייזער מענש;

איינער פון די אַרבעה־בנים (ווז.). איהם געהט ווי אַ רשע אויף יענער וועלט, איהם געהט שלעכט. איהם געהט ווי אַ רשע אויף דער וועלט, איהם געהט גוט. "אַז אַ רשע קוקט אין וואַסער אַריין פגר'ען די פיש" (שפּיו.). "בעסער אַ קלוגער רשע איידער אַ גו־טער שוטה" (שפּוו.).

**רָ'שָׁע־מְרוּ'שָׁע** *, הס. אַ זעהר שלעכטער מענש.

**רִשְׁ'עוּת**, הוו. שלעכטסקייט, בייז־קייט.

**רִשְׁ'עַת** *, הוו. (מ. רִשְׁ'עַת'ען). זעה מִרְשַׁ'עַת.

**ר"ת**, אב. רָא'שֵׁי־תֵּבוֹת (ווז.).

---

# שׂ.

(דער בוכשטאַב שׂ (אויסגעשפּראָכען ווי "ס") קומט באַזונדער — נאָך דעם בוכשטאַב שׁ).

**ש**, דער איין און צוואַנציגסטער בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית. מיט אַ פּינטעלע אויף דער רעכטער זייט (שׁ) אויסגעשפּראָכען ווי אין "שלאָגען"; מיט אַ פּינטעלע אויף דער לינקער זייט (שׂ) אויס־געשפּראָכען ווי "ס"; אין צעהלען (ש) גערעכענט אלס 300. זעה שִׁין.

**שָׁ'אוּל**, אנמ. דער נאָמען פון דעם ערשטען אידישען קעניג.

**שְׁאוֹל־תַּחְתִּ'יָה**, הס. (ביבליש). אונטערערד, טיעפער אָבגרונד. ליעגען אין שאול־תחתיה, זיין זעהר נידעריג געפאַלען.

**שְׁאֵי'נוֹ־יוֹדֵ'עַ־לִשְׁ'אוֹל**, הס. (תלמו־דיש). איינער וועלכער ווייס ניט ווי צו פרעגען, איינער פון די ארבעה־בנים (ווז.); אַ נאַרר.

**שאַבערען** (אייגענטליך: סַ'חֶר'ען), צ״ש. מאַכען געשעפטען, האַנדלען.

**שְׁאֵ'לָה**, הוו. (מ. שְׁאֵ'לוֹת). פראַגע; רעליגיאָנס־פראַגע; אַ קראַנקהייט אָדער אַ פעהלער וואָס מע געפינט אין אַ געקוילעטער בהמה אָדער עוף און וועגען וועלכע מע מוז געהן פרעגען אַ שאלה. "אַז מע פרעגט אַ שאלה איז טרף" (שפּוו.).

**שְׁאֵ'לָה־(ו)תְשׁוּ'בָה**, הוו. (מ. שְׁאֵ'לוֹת־(ו)תְשׁוּ'בוֹת). פראַגע און אַנט־וואָרט, אָפּהאַנדלונג אין וועלכער ביידע זייטען פון אַ רעליגיעזער פראַגע ווערען אַרומגערעדט ביז אַ'ן ענטשיידונג ווערט אַרויסגע־בראַכט.

**שְׁאֵ'לַת־נָ'שִׁים**, הוו. "אַ פראַגע פון פרויען", אַ פראַגע וועגען די ריינקייט פון פרויען (לויט די אַי־דישע מענסטרואַציאָן־געזעצען).

שַׁאֲ'לַת * תְּשׁוּ'בָה , הוו. זעה שַׁאֲ'לָה־(ו)תְּשׁוּ'בָה.

שאַסקען, זעה שַׁתְ'קִיען.

שְׁאֵר־בָּ'שָׂר , הס. (ביבליש). אַ פאַרוואַנדטער.

שְׁאָר [שְׁאַר]־יָרָ'קוֹת, מ. (ליטור־גיש). "(אַלע) איבעריגע קרייטעכ־צער", אַלערליי זאַכען.

שֶׁבַ־ (צוזאַמענגעשטעלט אין אָנהויב פון אַ וואָרט), צווישען אַלע, פון אַלע. עָ'נִי־שֶׁבָּעֲנִ'יִּים, דער אָרעמסטער פון די אָרעמע.

ש"ב, אב. שְׁאֵר־בָּ'שָׂר (ווז).

שְׁבוּ'עָה, הוו. (מ. שְׁבוּ'עוֹת). אַ שוואור. געבען אַ שבועה, שווערען. שווערען מיט טויטע שבועות, פייערליך שווערען.

שָׁבוּ'עוֹת, הס. (מ. שָׁבוּ'עוֹת'ען). "דער פעסט פון די וואָכען", דער אידישער פייערטאָג וועלכער פאַלט אין דעם 6־טען און 7־טען טאָג פון דעם מאָנאַט סיון אָדער זיעבען וואָכען נאָך דעם ערשטען טאָג פון פסח און ווערט געפייערט אַלס דער פעסט פון די ערשטע פרוכ־טען און אויך אין אָנדענק אָן מתן תורה. זעה סְפִי'רָה.

שְׁבוּ'עֵי * שְׁבוּ'עוֹת, מ. פיעל אָדער הייליגע שבועות. שווערען מיט שבועי־שבועות, זעהר הייליג שווערען.

שְׁ'בּוּשׁ, הס. (אייגענטליכע באַדײ־טונג: פעהלער, גרייז), אַ'ן אונ־וויכטיגע זאַך, אַ קליינינקייט.

שֶׁבַח [שְׁבַח], הס. (מ. שְׁבָ'חִים). לויב, לויב־וואָרט. דערצעהלען אימיצענ'ס שבחים, דערצעה־לען אימיצענ'ס גוטע טהאַטען אָדער אייגענשאַפטען.

שֶׁ'בַח, הס. (מ. שְׁבָ'חִים). לויב, דאַנק. "אָפּגעבען אַ שבח צום באַשעפער".

שְׁבָט [שְׁבַט], הס. דער פינפטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט אין יאַנואַר־פעברואַר און האָט דרייסיג טעג.

שֵׁ'בֶט, הס. (מ. שְׁבָ'טִים). אַ שטאַם; איינער פון די צוועלף אידישע שטאַמען.

שְׁבִי'עִי, צ. "דער זיבעטער", דער וואָס ווערט אויפגערופען דער זי־בעטער צום לייענען אין שוהל. געבען שביעי, אויפרופען דעם זיבעטען.

שְׁבִי'עִי־שֶׁל־פֶּ'סַח, הס. דער זיבע־טער טאָג פון פסח.

שְׁבִי'עִית, הוו. דאָס זיבעטע יאָהר (פאַרצייטען ביי אידען) אין וועל־כען מע האָט ניט געטאָרט בע־אַרבייטען דאָס לאַנד און וועלכעס איז געוועזען אַ פעסט־יאָהר.

שֶׁ'בַע־בְּרָ'כוֹת, מ. די זיבען ברכות וועלכע מע זאָגט אין דעם הויז פון די ניי־פאַרהייראַטהעטע אין דער וואָך פון דער חתונה ביי יעדער מאָהלצייט.

שֶׁ'בַע־בְּרָ'כוֹת, הס. (מ. שֶׁ'בַע־בְּרָ'כוֹת'ען). די פאַרזאַמלונג פון געסטע אין דעם הויז פון די ניי־

פאַרהייראַטהעטע פרייטאָג צו נאַכט
נאָך דער חתונה. זעה אויבען.

שֶׁ׳בַע־חָכְ׳מוֹת, מ. „די זיבען ווי־
סענשאַפטען“, אַלע וויסענשאַפטען.
ער קען אַלע שבע־חכמות,
ער איז זעהר געבּילדעט.

שִׁבְ׳עָה, צ. זיבען; די זיבען טרויער־
טעג נאָך אַ טויטען אין פאַרלויף
פון וועלכע די טרויערערס זיצען
אויף אָדער נאָהנט צו דער ערד.
זיצען שבעה, האַלטען די
טרויער טעג.

שִׁבְ׳עָה־דְבָ׳רִים־בְּגוֹ׳לֶם, (תלמו־
דיש). זיבען שלעכטע אייגענשאַפ־
טען זיינען פאַראַן ביי אַ׳ן אידיאָט
(ער ענטפערט ניט צו דער זאַך,
ער שטעקט זיך אַריין אין אַ פרעמ־
דען געשפרעך, א. א. וו.).

שִׁבְ׳עָה־יָ׳מִים, מ. (תלמודיש). די
זיבען מערען. אויף אַלע שבעה
ימים, צווייהט און צוואָרפען.

שִׁבְ׳עָה־מְדוּ׳רֵי־גֵיהִנּוֹם [גֶהֶ׳נֶם], מ.
די זיבען אָפּטהיילונגען אין וועלכע
דער גיהנום איז אייגעטהיילט.
דורכמאַכען אַלע שבעה־
מדורי־גיהנום, זעהר
פיעל אויסשטעהן.

שִׁבְ׳עָה־עָשָׂ׳ר־בְּתַמּוּז [בְּתַ׳מוּז], המ.
דער זיבענצעהנטער טאָג פון מאָ־
נאַט תמוז, אַ פאַסט־ און טרויער־
טאָג אין אנדענק אן נבוכדנאצר׳ס
באַלאַגערונג פון ירושלים

שִׁבְ׳עִים, צ. זיבעציג.

שִׁבְ׳עִים־לָ׳שׁוֹן (לְשׁוֹ׳נוֹת), מ. (תל־
מודיש). „די זיבעציג שפראַכען“,
אַלע שפּראַכען פון דער וועלט;
פיעל שפּראַכען.

שֶׁ׳בֶר, המ. אַ ברוך, אַ פּילע.

שִׁבְ׳רוֹת־הַלֶּב [הַלֶּ׳ב], הוו. האַרץ־
בּרעכענים, גרויסער פאַרדרוס,
קומער.

שִׁבְ׳רֵי־כֵלִי [כֵּ׳לִי], הוו. (מ. שִׁבְ׳רֵי־
כֵ׳לִיים), (תלמודיש). אַ צובראָ־
כענער שאַרבען.

שִׁבְ׳רֵי*־לֵב, זעה שִׁבְ׳רוֹת־הַלֵּב.

שִׁבְ׳רֵי־לוּ׳חוֹת, מ. (תלמודיש).
די ברוכשטיקער פון די ערשטע
לוחות וועלכע גאָט האָט געגעבען
משה׳ן אויף דעם באַרג סיני (די
ביבעל דערצעהלט אַז משה אַרונ־
שטייגענדיג פון באַרג און אויס־
געפינענדיג אַז אין זיין אַבוועזענ־
הייט האָט דאָס פאָלק געדיענט
צו אַ גאָלדענעם קאַלב, האָט די
דאָזיגע לוחות צובראָכען).

שְׁבָ׳רִים, מ. געוויסע אָפּגעהאַק־
טע טענער פון אַ שופר. זעה
תְּקִי׳עָה.

שַׁ׳בָּת, המ. (מ. שַׁבָּ׳תִים. אייגענט־
ליך שַׁבָּ׳תוֹת). אַ רוהע־טאָג,
דער זיבענטער טאָג פון וואָך;
דער נאָמען פון אַ געוויסער
מסכתא. האַלטען שבת ערגעץ
וואו, זיין ערגעץ וואו איבער
שבת. מאַכען שבת, פאַרבע־
רייטען אַלצדינג וואָס איז נייטהיג
אויף שבת. אַריינפאַהרען מיט׳ן
דייקסעל אין שבת אַריין, קו־
מען צופאָהרען פרייטאָג שפּעט
פאַרנאַכט. „גוט שבת!“, גרוס
ווערטער וועלכע מע גיט זיך אום

שבת. גוט שבת נאַ דיר!, אָט האָסטו דיר אַ געשיכטע!. "וואָס האָט אַ פּאַטש צו גוט־שבת" (ווער.). "פאַר נויטה טהוט מען אָן דעם שבת אָן דערוואָכען" (שפּוו.). "שבת האָט אַפילו דער סמבטיון אויך רוה" (שפּוו.). "שבת לערנט ער און מכות קען ער" (ווער. — דער וויץ באַשטעהט אין דער צווייידייטיגקייט פון דעם וואָרט "מכות" וואָס איז, אויסער זיין געוועהנליכער באַדייטונג, דער נאָמען פון אַ געוויסער מסכתא).

שַׁ'בָּת־בְּרֵא'שִׁית, המ. (תּלמודיש). דער שבת אין וועלכען מע לייענט בראשית. זעה סֵדְ'רָה.

שַׁ'בָּת־גוֹי (גָ'ן), המ. (מ. שַׁ'בָּת־גוֹיִים (גָ'יים)). אַ ניט־איד וועלכער טהוט פאַר אידען אום שבת יענע אַרבייטען וועלכע זיי טאָרען אַליין ניט טהאָן; אַ איד וועלכער היט ניט אָפּ די געזעצען פון שבת.

שַׁ'בָּת־הַגָ'דוֹל, המ. דער גרויסער שבת, דער שבת פאַר פּסח.

שַׁ'בָּת־חֲזוֹן (חַזָן'), המ. דער שבת פאַר תשעה־באב אין וועלכען מע לייענט אין שוהל דאָס קאַפּיטעל וואָס הויבט זיך אָן: חֲזוֹן' יְשַׁעְיָ'הוּ (די פּראָפעצייהונג פון ישעיהו).

שַׁ'בָּת־ליכט, הז. איינס פון די ליכט וועלכע מע צינדט אָן פריי־טאָג צו נאַכט צו ליכט־בענשען.

שַׁ'בָּת־מְבָרְ'כִים, המ. דער שבת אין וועלכען מע בענשט ראש־חודש.

שַׁ'בָּת־נַחֲ'מוּ, המ. דער שבת נאָך תשעה־באב אין וועלכען מע לייענט אין שוהל דאָס קאַפּיטעל פון ישעיהו וואָס הויבט זיך אָן: נַחְ'מוּ נַחֲ'מוּ עַ'מִּי (טרייסטעט, טרייסטעט מיין פאָלק).

שַׁבָּת (שַׁבּוֹת') ־צו־נאַכט, המ. דער אָבענד נאָך שבת.

שַׁ'בָּת־קוֹ'דֶשׁ, המ. דער הייליגער שבת, שבת.

שַׁ'בָּת־שוּ'בָה, המ. זעה שַׁ'בָּת־תְּשׁוּ'בָה.

שַׁ'בָּת־שְׁטעךְ, מ. שטעך געמאַכט פרייטאָג פאַר נאַכט ווען מע אײַלט זיך צו מאַכען שבת. "שבת־שטעך האַלטען ניט" (שפּוו.).

שַׁ'בָּת־שִׁי'רָה, המ. דער שבת אין וועלכען מע לייענט אין שוהל די סדרה וואָס ענטהאַלט דאָס לויב־געזאַנג וואָס משה האָט געזונגען ווען די אידען זיינען אַריבער דעם ים־סוף.

שַׁ'בָּת־תְּשׁוּ'בָה, המ. "דער שבת פון באַרייאונג", דער שבת וועלכער פאַלט צווישען ראש־השנה און יום־כּפּור.

שַׁ'בָּתדיג, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער האָבענדיג די אייגענשאַפטען פון שבת; הייליג, רוהיג; אויסגעפּוצט, אויפגעראַמט, פרעהליך.

שַׁבְּ'תַי־צְבִי', אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען קאַבאַליסט וועלכער האָט געלעבט אין דעם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט און האָט זיך אַרויסגעגעבען אַלס דער משיח פון

דעם אידישען פאָלק און האָט גע=
האַט פיעלע אנהענגער.

**שַׁבְּתַי־צְבִי׳ניק**, המ. (מ. שַׁבְּתַי־צְבִי׳ניקעס). איינער פון די אנ=
הענגער פון שבתי־צבי אָדער פון
דער סעקטע וועלכער ער האָט
איבערגעלאָזען נאָך זיין טויט.

**שְׁגִיאָה**, הוו. (מ. שְׁגִיאוֹת). פאַר=
זעהן, אירטהום, דרוק=פעהלער.

**שִׁגָּעוֹן**, המ. וואהנזין; וואהנזיני=
גער געדאַנקען; קאַפּריז (מ.
שִׁגְעוֹנוֹת); איינער וועלכער האָט
וואהנזיניגע אָדער ווילדע געדאַנ=
קען. "איטליכער איד האָט זיין
שגעון" (שפּוו.).

**שֵׁד** [שֵׁד], (מ. שֵׁדִים). אַ טייוועל.
"אַז פאָטער און מוטער זיינען
ש ד י ם קומען אַרויס קינדער ווי
די רוחות" (שפּוו.). "אַ שנור
מיט אַ׳ן איידעם זיינען אַ פּאָר
שדים" (שפּוו.).

**שִׁדּוּךְ**, המ. (מ. שִׁדּוּכִים). אַ היי=
ראַטה-פּאַרטיע. ריידען אַ ש ד ו ך,
פאַרשלאָגען אַ הייראַטה=פּאַרטיע.
"אַ ש ד ו ך איז ווי אַ לייטער אַז
מע שטעלט איהם קרום קריכט מען
אַרויף גלייך" (שפּוו.). "אַ ש ד ו ך
זאָל מען טהאָן אין דער היים אַ
גנבה אין דער פרעמד" (שפּוו.).
"פון קרומע ש ד ו כ י ם קומען
אַרויס גלייכע קינדער" (שפּוו.).

**שַׁדַּי**, המ. אַ געוויסער נאָמען פון
גאָט (דאָס וואָרט ווערט געוועהנ=
ליך אויפגעשריבען אויף דער דרוי=
סענדיגער זייט פון דער מזוזה).

**שַׁדְכָן**, המ. (מ. שַׁדְכָנִים). אַ
הייראַטה=פאַרמיטלער; אַ מעקלער.
אַ לאַנד=ש ד כ ן, איינער וועל=
כער ברענגט צונויף הייראַטה-פּאַר=
טייען צווישען פערזאָנען וועלכע
וואוהנען אין פאַרשידענע שטעדט
אָדער געגענדען. "אַ ש ד כ ן מוז
זיין אַ ליגנער" (שפּוו.).

**שַׁדְכָנוּת**, הוו. די פּראָפעסיאָן פון
אַ הייראַטה=פאַרמיטלער; די באַ=
באַלוינונג וועלכע מע גיט דעם
הייראַטה=פאַרמיטלער, מעקלעריי=
געלט.

**שַׁדְכָנִיטע**, הוו. (מ. שַׁדְכָנִיטעס). זעה שַׁדְכָן.

**שַׁדְכָנִיש**, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער
האָבענדיג די אייגענשאַפט פון אַ
שדכן.

**שַׁדְכָנ׳ען**, צא. פאַרשלאָגען (אימי=
ציען) אלס אַ הייראַטה-פּאַרטיע;
צש. פאַרשלאָגען אַ פּאַרטיע.
ש ד כ נ ׳ע ן־זיך, זיך פריינדלען
(צו אַ פערזאָן) מיט דער אבזיכט
זי צו הייראַטהען.

**שֶׁדְרָה**, הוו. (מ. שֶׁדְרוֹת). זעה
חוּט־הַשֶּׁדְרָה.

**שֶׁהֶחֱיָנוּ**, המ. (ליטורגיש). "פאַר
וואָס ער האָט אונז געלאָזט דער=
לעבען", אַ וואָרט און דער נאָמען
פון אַ געוויסער ברכה וועלכען מע
זאָגט ווען עס קומט אַ פייערטאָג,
ווען מע עסט אַ נייע פרוכט אָדער
ווען מע דערלעבט אַ פרעהליכע
פאַסירונג. מאַכען ש ה ח י נ ו,
זאָגען די ברכה פון שהחינו; פאַר=
זוכען צום ערשטען מאָל. עס איז

איבער איהם שהחינו צו מאַכען, ער זעהט אויס זעהר שען.

שְׁ׳הִי־פְּ׳הִי, מ. (תלמודיש). לעדיג געהן, פוּ־טעפאַ־עווען (די ווער־טער "שהי־פהי" ווינען די אָנפאַנג-בוכשטאבען פון די ווערטער: שַׁבָּת הַיּוֹם׳ פֶּ׳סַח הַיּוֹם׳, הייגט איז שבת היינט איז פסח—די גע־וועהנליכע ענטשולדיגונג פון א פוילענצער). לעבען פון שהי־פהי, לעבען פון דער לופט, ניט האָבען קיין באַשטימטע באַ־שעפטיגונג.

שְׁהִ׳יוֹת, מ. פאַרזאַמונג, פאַרוויי־לונג, לאַנגזאַמקייט. מאַכען שהיות, זיין זעהר לאַנגזאַם.

שֶׁהַ׳כֹּל, המ. (ליטורגיש). אַ וואָרט און דער נאָמען פון א ברכה וואָס מע זאָגט איידער מע טרינקט וואַ־סער אָדער אַנדערע געטראַנקען (אויסער וויין). "קודם־לכל איז גוט צו מאַכען אַ שהכל" (שפוו.).

שֶׁהָ׳לַךְ־לְעוֹלָ׳מוֹ, (ליטורגיש). "וועל־כער איז אַוועק אויף זיין וועלט", וועלכער איז געשטאָרבען. "ער איז שוין אַ שהלך־לעולמו".

שְׁוָא, המ. (מ. שְׁוָא׳ען). דער העב־רעאישער קאָנזאָנאַנט־צייכען ":" געשריבען אונטער יעדען בוכשטאַב וועלכער ווערט אויסגעשפּראָכען אָהן א וואָקאַל (אויסער צום ענד פון א וואָרט).

שָׁוְא [שַׁו]־וָשֶׁ׳קֶר, מ. באַטרוג און ליגען, ליגען.

שְׁוָא־נָח, המ. אַ שוא אונטער אַ קאָנזאָנאַנט וואָס געהערט צו דער פאָריגער זילבע.

שְׁוָא־נָע, המ. אַ שוא אונטער אַ קאָנזאָנאַנט וואָס געהערט צו דער פאָלגענדער זילבע.

שוֹ׳אֵל־כְּעִ׳נְיָנוֹ־זיין, צש. פרעגען אַ ראַטה.

שו״ב, אב. שוֹ׳חֵט־וּבוֹ׳דֵק [וּבוֹ׳דק], איינער וועלכער קען קוילען און בדק׳ען (בהמות אָדער עופות) לויט דעם אידישען דין, אַ שוחט.

שוֹ׳גֵג, המ. איינער וועלכער באַ־געהט אַ זינד אָדער אַ פאַרברעך אומגערן.

שָׁ׳וֶה־בְּשָׁ׳וֶה, א. גלייך אויף גלייך. ניט זיין שוה־בשוה, זיין צוקריגט.

שָׁ׳וֶה־כֶּ׳סֶף, המ. (תלמודיש). עפּעס וואָס איז ווערטה געלט, אַ ווערטה־זאַך.

שָׁ׳וֶה־פְּרוּ׳טָה, המ. (תלמודיש). דער ווערטה פון א פרוטה, א קלייניגקייט.

שוֹ׳חַד, המ. באַשטעכונג, כאַבאַר.

שוֹ׳חֵט, המ (מ. שוֹחֲטִים [שָׁח׳טִים]). אַ שעכטער, איינער וועלכער איז אָנגעשטעלט צו קוילען בהמות אָדער עופות לויט דעם אידישען דין. אויסבייטען אַ שוחט אויף אַ שינדער, מאַכען אַ שלעכטען בייט. אַרומגעהן ווי אַ שוחט אין די ניין טעג, אַרומגעהן לע־דיג. "מעהר שוחטים ווי היהנער" (ווער.).

שוֹחֲטוּת [שָׁח׳טוּת], הוו. די שטעלע אָדער אַמט פון אַ שוחט.

**שו׳חט׳יש** [שָׁח׳טִ׳יש], א. באַלאַנגענדיג צו אַ שוחט.

**שו׳חֵט׳יקע**, הוו. (מ. שו׳חֵטיקעס). די פרוי פון אַ שוחט.

**שו׳טֶה**, המ (מ. שו׳טִים). אַ נאַרר. שוטה בן פיקהאָלץ, גרויסער נאַרר.

**שו׳כְן־עָ׳פָר**, המ. (מ. שוכְ׳נִי־עָ׳פָר), (ביבליש). "דער וועלכער רוהט אין שטויב", אַ געשטאָרבענער.

**שוּלְ׳חָן**, המ. דער טיש אויף וועלכען מע לייענט אין שוהל.

**שוּלְ׳חָן־עָ׳רוּךְ**, המ. "אַ געגרייטער טיש", דער נאָמען פון אַ געוויסען בוך וואָס ענטהאַלט אַלע אידישע דינים און מנהגים אין סיסטעמאַטישער אָרדנונג.

**שו׳לט־זיין**, צש. געוועלטיגען, האָבען אַ ווירקונג. "קיין בייז אויג זאָל אויף איהם ניט שולט־זיין".

**שוּלַ׳מִית**, אנוו. דער נאָמען פון דער הירטהין וועלכע ווערט באַזונגען אין שיר־השירים.

**שום**, א. אירגענד וועלכער (וועלכע, וועלכעס). קיין שום זאַך ניט, אַבסאָלוט קיין זאַך ניט.

**שו׳מו־שָׁמַ׳ים**, אר. (ביבליש). שטוינט איהר הימלען! שרעקליך!

**שו׳מר**, המ. (מ. שוֹמְרים [שָׁמ׳רים]). היטער, וועכטער, אויפפאַסער; די דריטע פערזאָן אין אַ צימער וואו עס געפינען זיך פרעמדע מאַן און פרוי (לויט אַ תלמודישען פאַרזאָג איז ניט ערלויבט אַ מאַן צו זיין אין איין צימער מיט אַ פרעמדער פאַרהייראַטהעטער פרוי סיידען אַ דריטע פערזאָן געפינט זיך דערביי). "דער גנב פאַר דער טהיר איז דער בעסטער שומר" (שפוו.).

**שו׳מר־ומַ׳ציל־זיין**, צא. היטען און באַשירמען, אָפהיטען.

**שו׳מר־ומְשַׁ׳מר־זיין**, צא. אויפפאַסען און באַהיטען, אָפהיטען.

**שו׳מֵר־ח׳נָם**, המ. (תלמודיש). אַ׳ן אומזיסטער היטער, איינער וועלכער נעהמט פון אַ צווייטען אַ זאַך צו באַהאַלטען אָהן אַ באַלויהנונג און איז דאַריבער ניט פאַראַנטוואָרטליך ווען די זאַך ווערט פאַרלאָרען.

**שו׳מר־פְּתָ׳אִים**, המ. (ביבליש). דער וועלכער באַשיצט די נאַררען (גאָט). "איהם קען אפילו דער שומר־פתאים ניט העלפען" (ווער.).

**שו׳מֵר־שָׂ׳כָר**, המ. (תלמודיש). אַ היטער פאַר באַלויהנונג, איינער וועלכער נעהמט פון אַ צווייטען אַ זאַך צו באַהאַלטען פאַר אַ געוויסען לויהן און איז דאַריבער פאַראַנטוואָרטליך ווען די זאַך ווערט פאַרלאָרען.

**שו׳מר־תַּקָ׳נָה**, המ. איינער וועלכער פאַסט אויף דאָס געזעץ זאָל אָפּגעהיט ווערען. "וואָס ביזטו עפּעס דער שומר־תקנה געוואָרען?".

**שו׳פט**, המ. (מ. שוֹפְטים [שָׁפְ׳טִים]). אַ ריכטער. "צווישען מאַן און ווייב

איז נאָר גאָט אַ שופט" (שפוו.).

**שוֹפְטִים**, המ. "די ריכטער", דער נאָמען פון אַ געוויסען בוך פון דער ביבעל; הוו. דער נאָמען פון דער אַכט און פערציגסטער סדרה (ווז.).

**שוֹפֵךְ־דָם [דַם]־זיין**, צש. (ביבליש). צאַפּען דאָס בלוט, פאַרשעמען, באַליידיגען.

**שוֹפָר**, המ. (מ. שוֹפָרוֹת). דער האָרן פון אַ באָק אין וועלכען מע בלאָזט אום ראש־השנה און ביי אַנדערע פייערליכע געלעגענהייטען. "אַ'ן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קען קיין שופר ניט בלאָזען" (שפוו.).

**שוֹפַר־שֶׁל־מָשִׁיחַ**, המ. (תלמודיש). דער לעגענדאַרישער האָרן אין וועלכען עס וועט געבלאָזען ווערען, ווען דער אידישער דערלייזער וועט קומען. "איך זאָל אַזוי הערען שופר־של־משיח" (אַ'ן אויסדרוק פון שווערען).

**שוֹר**, "דער אָקס", דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערענקרייז פאַר דעם מאָנאַט אייר. זעה מַזָל.

**שוֹר־הַבָּר**, המ. (תלמודיש). דער ווילדער אָקס, דער לעגענדאַרישער אָקס וועלכער צוגלייך מיט דעם לויתן און דעם יין־המשומר איז אָנגעגרייט אַלס שפייז פאַר די פרומע אין דער צייט ווען משיח וועט קומען.

**שוֹר־הַנִסְקָל**, המ. (תלמודיש). אַ'ן אָקס וועלכער האָט געטויטעט אַ מענשען און איז פאַראורטהיילט געוואָרען (פאַרצייטען ביי אידען) פאַרשטיינט צו ווערען. "ער האָט אַ פּיסקעל ווי אַ שור־הנסקל" (ווער.).

**שוּרָה**, הוו. (מ. שוּרוֹת). אַ רייהע, אַ רייהע פון קברים אויף אַ טויטענפעלד; אַ ליניע, אַ ציילע (פון אַ בוך). גיבען די צוועלף שורות, געבען אַ גט.

**שוּרֶק**, המ. (מ. שוּרְקִ'ען). דער נאָמען פון דעם העברעאישען וואָקאַל־צייכען "ּ" (ווען לאַנג); ווערט געשריבען אונטער דעם בוכשטאַב און אויסגעשפּראָכען ווי "ו" אין "קומען".

**שוֹרֶשׁ**, המ. (מ. שָׁרָשִׁים). וואָרצעל, אורשפּרונג, אָפּשטאַמונג; דער וואָרצעל־שטאַם פון אַ וואָרט.

**שׁוּשַׁן**, אנוו. זעה שׁוּשַׁן־הַבִּירָה.

**שׁוּשַׁן־הַבִּירָה**, אנוו. (ביבליש). די רעזידענץ־שטאָדט שושן, דערמאָנט אין דעם בוך אסתר.

**שׁוּשַׁן־פּוּרִים**, המ. דער טאָג אין וועלכען די אידישע איינוואָהנער פון דער שטאָדט שושן האָבען געפייערט דאָס פעסט פון פורים, דער טאָג נאָך פורים (וועלכער ווערט אויך באַטראַכטעט ווי אַ שטיקעל יום־טוב).

**שׁוֹשַׁנַת־יַעֲקֹב [יַנְקֹב]**, המ. (ליטורגיש). "די ליליע פון יעקב", דער נאָמען פון אַ רעליגיעזען פרייד־געזאַנג וואָס ווערט געזונגען מיט אַ געוויסער מעלאָדיע אום פורים.

**שו"ת**, אב. שְׁאֵלָה־(ו)תְשׁוּבָה (ווז.).

שׁוּ'תָּף, המ. (מ. שׁוּתָּפִים [שׁוּתְ'פִּים]). מחײלנעהמער, טהײלהאבער (אין א געשעפט אָדער אונטערנעהמונג).
שׁוּתָּפוּת [שׁוּתְ'פוּת], הוו. געזעל־שאפט, קאָמפּאַניע (אין א גע־שעפט).
שׁוּתְ'פוּתִ'דיג, א. געהערענדיג צו צװײ אָדער מעהרערע פּערזאָנען, געמײנשאַפטליך.
שׁוּ'תָּפִ'טע, הוו. (מ. שׁוּ'תָּפִ'טעס). זעה שׁוּ'תָּף.
שׁוּתְ'פִ'יש, א. זעה שׁוּתְ'פוּתִ'דיג.
שָׁ'חוֹ'ר, המ. (מ. שְׁחוֹ'רִים), (אַמע־ריקאַניש). א שװאַרצער, א נעגרא.
שָׁ'חוֹ'רִ'טע, הוו. (מ. שָׁ'חוֹ'רִ'טעס). זעה שָׁ'חוֹ'ר.
שֶׁ'חְ'טִ'ען (גע'שָׁחְ'טִ'ען), צא. שלאַכ־טען, אויסשלאַכטען; קויהלען (בהמות אָדער עופות) לויט דעם אידישען דין. "דער מלאך־המות ש ה ט און בלײבט גערעכט" (שפּוו.).
שְׁחִ'יטָה, הוו. (מ. שְׁחִ'יטוֹת). דאָס קוילען פון בהמות און עופות לויט דעם אידישען דין; די אידישע דינים פון קוילען; אויסשלאַכטונג, בלוט־באָד.
שְׁחִ'יטָה־געלט, הז. דאָס געלט װאָס מע גיט דעם שוחט פאַר דאָס קוילען.
שְׁחִ'יטַת־עוֹ'פוֹת, הוו. דאָס קוילען פון עופות לויט דעם אידישען דין.
שַׁחֲ'רִית, המ. (מ. שַׁחֲרִי'תִים *). דאָס פריה־מאָרגענדיגע דאַװנען.

שְׁ'טָה, הוו. (מ. שְׁ'טוֹ'ת). גאַנג, שטײגער, מעטהאָדע, טהעאָריע.
שְׁטוּת, הוו. (מ. שְׁטוּ'תִים *, שְׁטוּ'תִ'ען). נאַרישקײט, דומהײט.
שְׁטוּתִ'ערײ', הוו. נאַרישקײט.
שֶׁ'טַח, המ. א שטרעקע.
שט"ח, אב. שְׁטַר־חוֹב (װז.).
שְׁטַר, המ. א װעקסעל, א צעטעל, א דאָקומענט.
שְׁטַר־חוֹב, המ. (תלמודיש). א װעקסעל.
שְׁטַר־מְכִי'רָה, המ. א פאַרקויף־שײן, א פאַרקויף־דאָקומענט.
שְׁטַר־עִסְ'קָא, המ. א װעקסעל װעל־כער איז אויסגעמאַכט מיט א התיר־עסקא (װז.); א התיר־עסקא.
שְׁטַר־קַבָּ'לָה, המ. א קװיטונג־צע־טעל, א קװיטונג.
שַׁ"י־עוֹ'לָמוֹת, מ. די דרײ הונדערט מיט צעהן װעלטען װעלכע זײנען אָנגעברײט פאַר יעדען צדיק נאָך זײן טויט.
שִׁ'בּוּשׁ, זעה שִׁ'בּוּשׁ.
שִׁיבְ'רוֹת־, זעה שִׁבְ'רוֹת־.
שִׁינְ'עוֹן, זעה שִׁגָ'עוֹן.
שִׁי'דוּךְ, זעה שִׁ'דוּךְ.
שִׁי'טָה, זעה שִׁ'טָה.
שײגעץ (פון: שֶׁ'קֶץ), המ. (מ. שְׁקָ'צִים, שײגאָצים). א ניט־אידיש אינגעל; א פרעכער קערל, א יונגאַטש; אײנער װעלכער היט ניט אָפּ די אידישע גלויבענס.

געזעצען. „ווי א שייגעץ אָהן א פייפעל“ (ווער.).

שייגעצדיג, א. פרעך, פארשייט.

ש׳ייך, א. געהערענדיג, באַלאַנגענ־דיג; גילטיג, וויכטיג. דאָס איז ניט שייך צום ענין, דאָס האָט ניט צו טהאָן מיט דער זאַך. ביי אידם איז ניט שייך אַ פרעמ־דער אָדער אַ׳ן אייגענער, ביי איהם איז ניט קיין אונטערשיעד צווישען אַ פרעמדען אָדער אַ׳ן אייגענעם. שייך?, וואָס הייסט?

שַיי׳כ׳ית, הוו. פאַרבינדונג, פאַר־וואַנדשאַפט, באַציהונג.

שִׁכ׳בַת־, זעה שִׁכְבַת־.

שִׁי׳כּוֹר, זעה שִׁ׳כּוֹר.

שִׁיכְ׳חָה, זעה שִׁכְחָה.

שִׁי׳לוּשׁ, זעה שִׁ׳לוּשׁ.

שִׁילְ׳שׁוּל, זעה שִׁלְ׳שׁוּל.

שִׁין, המ. (מ. שִׁי׳נ׳עָן). דער נאָ־מען פון דעם איין און צוואַנציג־סטען בוכשטאַב פון דעם אידישען אלף־בית. זען געשריבען מיט אַ פינטעלע אויף דער רעכטער זייט (שׁ).

שִׁין־יְמָ׳נִית, אַ שין מיט אַ פינטעלע אויף דער רעכטער זייט (שׁ). זעה שִׁין־שְׂמָא׳לִית.

שִׁי׳נוּי, זעה שִׁ׳נוּי.

שִׁי׳עוּר, זעה שִׁ׳עוּר.

שִׁיפְ׳חָה, זעה שִׁפְ׳חָה.

שִׁיפְ׳לוּת, זעה שִׁפְ׳לוּת.

שיקסע, הוו. (פון: שייגעץ, ווז.), (מ. שיקסעס). אַ ניט־אידישע מיידעל; אַ פאַרשייט מיידעל. „אַ שיקסע ביי אַ רב קען אויך פסק׳ען שאלות“ (שפוו.).

שִׁיר, המ. (מ. שִׁי׳רִים). אַ ליעד, אַ געדיכט.

שִׁיר־הַמַּעֲ׳לוֹת, המ. (מ. שִׁיר־הַמַּעֲ׳לוֹת׳ען), (ביבליש). „דאָס ליעד פון די טרעפּען“, די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון גע־וויסע קאַפּיטלעך תהלים; אַ צע־טעל אויף וועלכען עס זיינען אויפגעשריבען אָדער אויפגעדרוקט דאָס הונדערט און איין און צוואַנציג־סטע קאַפּיטעל תהלים און געוויסע קאַבאַליסטישע ווערטער און זאַ־צען און וועלכעס ווערט אויפגע־קלעפּט אין דעם הויז וואו עס גע־פינט זיך אַ קינפּעטאָרין אום זי און דאָס קינד צו באַשיצען קעגען בייזע גייסטער; ווערטהלאָזעס פּאַ־פּיער אָדער וועקסעל.

שִׁיר־הַשִּׁי׳רִים, המ. (ביבליש). „דאָס ליעד פון אַלע ליעדער“, דער נאָמען און די ערשטע ווערטער פון אַ געוויסען ביבלישען בוך וואָס ענטהאַלט די ליעבעס־געזאַנגען פון קעניג שלמה.

שִׁי׳רָה, הוו. (מ. שִׁי׳רוֹת). געזאַנג, לויב־געזאַנג (פון די מלאכים); דאָס לויב־ליעד וואָס משה האָט געזונגען ווען די אידען זיינען אריבער דעם ים־סוף. זעה אָז־יָשִׁיר.

שִׁירַ'יִים, מ. "די איבערגעבליבענע", דער רעשט. כאַפּען דעם רבי'נס שיריים, כאַפּען דאָס וואָס איז איבערגעבליבען פון אַ גוטען=אידענ'ס מאָהלצייט (אַ חסידישער איינפיהר).

שִׁי'שִׁי, זעה שִׁ'שִׁי.

שִׁכְ'בַת־זֶ'רַע, הוו. (ביבליש). פּאָ=לוציאָן.

שְׁכוּ'נָה, הוו. (מ. שְׁכוּ'נוֹת). נאָכ=באַרשאַפט, אומגעבונג.

שִׁ'כּוֹר, המ. (מ. שִׁכּוֹ'רִים). אַ טרינ=קער, אַ פּיאַניצע. "אַז צוויי זאָגען שכור דאַרף זיך דער דריטער לעגען שלאָפען" (שפּוו.). "דער שענקער האָט דעם שכור האָלט אָבער די טאָכטער וועט ער איהם ניט געבען" (שפּוו.). "עס איז ניטאָ קיין שלעכטער בראַנפען פאַר אַ שכור, קיין שלעכטע מטבע פאַר אַ סוחר און קיין מיאוס'ע נקבה פאַר אַ נואף" (שפּוו.).

שִׁ'כּוֹר, א. באַרוישט, באַטרונקען. "וואָס ביי אַ ניכטערען אויף דער לונג איז ביי אַ שכור'ען אויף דער צונג" (שפּוו.).

שִׁ'כּוֹ'רטע, הוו. (מ. שִׁ'כּוֹ'רטעס). אַ טרינקערקע, אַ פּיאַניצע.

שִׁכּוֹר'ניצע [שִׁכֶּר'ניצע], הוו. (מ. שִׁכּוֹר'ניצעס [שִׁכֶּר'ניצעס]). זעה שִׁ'כּוֹר'טע.

שִׁכּוֹר'ניק [שִׁכֶּר'ניק], המ. (מ. שִׁכּוֹר'ניקעס [שִׁכֶּר'ניקעס]). אַ טרינקער, אַ פּיאַניצע.

שִׁ'כּוֹריען, צש. טרינקען, פּיאַנע=ווען. פאַר'שכור'ען, באַ=רוישען; פאַרטרינקען. אָנ'=שכור'ען, באַרוישען. אוים'שכור'ען־זיך, זיך אויסניכטערען.

שִׁ'כּוֹ'ריקייט, הוו. באַטרונקענהייט.

שִׁכְחָה [שִׁכְחָה], הוו. פאַרגעסליכ=קייט, דאָס פאַרגעסען; די פאַר=געסענע זאַנגען אויף אַ פעלד פון תבואה וועלכע פלעגען געהערען (פאַרצייטען ביי אידען) צו די אָרעמע.

שְׁכִי'חַ, א. אָפט פאָרקומענדיג, אָפט פאַסירענדיג.

שְׁכִי'נָה, הוו. דער שטראַהלענדער גלאַנץ פון דער גאָטהייט, די גאָטהייט. די שכינה רוהט אויף איהם, זיין געזיכט שטראַהלט, ער זעהט אוים זעהר שען. "די שכינה רוהט אויף איהם ווי אויף אַ גזלן" (פּאַראָדיע).

שָׁ'כֵן, המ. (מ. שְׁכֵ'נִים). אַ נאָכ=באַר; איינער וועלכער וואוהנט אין אַ געדונגענער וואָהנונג, אַ לאָקאַטאָר. "בעסער אַ רייכער שכן איידער אַ'ן אָרעמער בעל־הבית" (שפּוו.).

שְׁכֵ'נָה, הוו. (מ. שְׁכֵ'נוֹת). זעה שָׁ'כֵן.

שְׁכֵ'נוּת, הוו. נאַכבאַרשאַפט; דאָס וואוהנען אין אַ געדונגענער וואוה=נונג. וואוהנען אין שכנות, וואוהנען אין אַ געדונגענער וואוה=נונג.

שָׁ׳בֶנ׳טע, הוו. (מ. שָׁ׳בֶנ׳טעס). זעה שָׁ׳כֵן.

שִׁכְּרוּת [שִׁכְּ׳רוּת], הוו. טרינקעריי, פיאַנסטווא.

שֶׁל־, פ. פון, פאַר, אויף.

שֶׁל־יָד [יַד], הם. די תפלין וועלכע מע טראָגט אויף דער האַנד.

שֶׁל־פֶּ׳סַח, א. (שפייז) צובאַרייט לויט די געזעצען פון פסח.

שֶׁל־ראֹשׁ [רָאשׁ], הם. די תפלין וועלכע מע טראָגט אויפ׳ן קאָפּ.

שֶׁלֹא־כְּדֶ׳רֶךְ־הַטֶ׳בַע, א. ניט ווי דער שטייגער פון דער נאַטור, אוננאַטירליך.

שֶׁלֹא־עָשַׂ׳נִי, "פאַר וואָס ער האַט מיר ניט באַשאַפען", ווערטער גענומען פון אַ ברכה וועלכע מע זאָגט אין דער פריה ביי׳ם דאַוונען און אין וועלכער מע דאַנקט גאָט פאַר וואָס מע איז ניט באַשאַפען געוואָרען אַ פרויענצימער. שפּאַסהאַפט ווערט דער אויסדרוק אָפט געברויכט צו באַצייכענען אַ פרויענצימער.

שַׁלְוָה, הוו. רוהיגקייט, פרידען.

שְׁלוּ׳חִים, מ. זעה שָׁלִי׳חַ.

שָׁ׳לוֹם, הם. פריעדען; די באַגריסונג פון שלום־עליכם. געבען שלום, דערלאַנגען די האַנד צום שלום־עליכם.

שְׁלוֹם [שָׁ׳לוֹם]־בַּ׳יִת, הם. (תלמודיש). פרידען אין הויז, פאַמיליען־פרידען. "צוליעב שלום־בית מעג מען זאָגען אַ ליגען" (שפוו.).

שָׁ׳לוֹם־וְשַׁלְוָ׳ה, מ. פרידען און רוה.

שְׁלוֹם [שָׁ׳לוֹם]־זָ׳כָר, הם. (מ. שָׁ׳לוֹם־זָ׳כָרים). די פאַרזאַמלונג פון געסט אין דעם הויז וואו עס איז געבאָרען געוואָרען אַ אינגעל אין דעם פרייטאָג־צו־נאַכט פאַר דעם טאָג פון דער באַשניידונג.

שָׁ׳לוֹם־עֲלֵ׳יכֶם, הם. (תלמודיש). "פרידען אויף אייך", ווערטער מיט וועלכע מע באַגריסט אַ פרעמדען אָדער איינעם וועמען מע האָט אַ לאַנגע צייט ניט געזעהן (דער באַגריסטער ענטפערט דאַן: "עליכם־שלום"). געבען שלום־עליכם, דערלאַנגען די האַנד אַלס אַ באַגריסונג. אַ ברייטער שלום־עליכם, אַ פריינדליכע באַגריסונג. "דער איד ענטפערט תמיד פאַרקעהרט, זאָגט מען איהם שלום־עליכם ענטפערט ער עליכם־שלום" (שפוו.).

שְׁלוֹמִ׳יאֵל, הם. (מ. שְׁלוֹמִ׳יאֵלים). נאַרר, אונפייהיגער מענש, טויגעניכטס.

שִׁ׳לוּשׁ, הם. דריי־פעלטיגקייט, דריי־איינגיגקייט.

שָׁ׳לוֹשׁ, זעה שָׁ׳לֹשׁ.

שְׁלוֹ׳שָׁה, זעה שְׁלֹ׳שָׁה.

שְׁלוֹ׳שִׁים, זעה שְׁלֹ׳שִׁים.

שְׁלַח־לְךָ, הוו. "שיק דיר", דער נאָמען פון דער זיבען און דרייסיגסטער סדרה (ווז.). זעה לֶךְ־לְךָ.

שַׁ׳לַח־מָ׳נוֹת, הם. (מ. שַׁ׳לַח־מָ׳נוֹת׳ען). דאָס געשאַנק פון

שפייזען אָדער געטראַנקען וועל־
כעס מע שיקט איינער צום צוויי־
טען אום פורים. „מיט אַ קאָין
שיקט מען ניט קיין שלח־
מנות“ (שפּוו.). זעה מִשְׁלוֹחַ־
מָנוֹת.

שְׁלְחָן, זעה שׁוּלְחָן.

שֶׁלִי, א. מיינס.

שָׁלִיחַ, המ. (מ. שְׁלוּחִים). אַ גע־
שיקטער, אַ געזאַנדטער, אַ שטאַ־
פעט; אַ פּאַרטרעטער. „אַ פוילער
שליח צורייסט נאָר די שיך“
(שפּוו.).

שְׁלִיחַ־מְיוּחָד, המ. אַ ספּעציעל
געשיקטער, אַ'ן עקסטרא שטאַפעט.

שְׁלִיחַ־צִבּוּר, המ. (מ. שְׁלִיחֵי־
צִבּוּר), (תלמודיש). „דער גע־
שיקטער פון דער געמיינדע“, דער
וואָס דאַווענט פאַר'ן עמוד.

שְׁלִיחוּת, הוו. גאַנג, אויפטראַג,
אויפגאַבע, מיסיאָן.

שְׁלִיטָ״א, אב. שֶׁיִחְיֶה לְיָמִים
טוֹבִים אָמֵן, וועלכער זאָל דער־
לעבען גוטע יאָהרען אמן (ווער־
טער וועלכע מע שטעלט נאָך
דעם נאָמען פון אַ גרויסען מאַן).

שְׁלִיטָה, הוו. געוועלטיגונג, מאַכט,
איינפלוס.

שלים־מַזָל, המ. (מ. שלים־מַזָלים).
אומגליק; איינער וועלכער האָט
קיין גליק ניט צו קיין זאַך; טווי־
געניכטס. צום שלים־מזל,
צום אונגליק.

שלים־מַזָלדיג, א. אומגליקליך.

שלים־מַזָל־ניצע, הוו. (מ. שלים־
מַזָל־ניצעס). איינע וועלכע האָט
קיין גליק ניט צו קיין זאַך; אַ
טויגעניכטס.

שלים־מַזָל־ניק, המ. (מ. שלים־
מַזָל־ניקעס). איינער וועלכער
האָט קיין גליק ניט צו קיין זאַך;
אַ טויגעניכטס.

שלים־שלים־מַזָל, המ. (מ. שלים־
שלים־מַזָלים). גרויס אונגליק:
אַ פערזאָן וועלכע האָט קיין גליק
ניט צו קיין זאַך; גרויסער טויגע־
ניכטס.

שלימעזאַלניק, המ. (מ. שלימע־
זאַלניקעס). זעה שלים־מַזָל־
ניק.

שְׁלִישׁ, המ. אַ דריטעל.

שָׁלִישׁ, המ. אַ דריטע פערזאָן וועל־
כע ווערט אויסגעקליבען צו ענט־
שיידען צווישען די צוויי שיידעס־
ריכטער ביי אַ'ן אָפּמאַך ווען זיי
קענען זיך ניט אייניגען; איינער
ביי וועמען מע לעגט איין געלט
(אין אַ'ן אָפּמאַך).

שְׁלִישׁוּת, הוו. דאָס אַמט פון אַ
שליש; געלט אָדער ווערטה־זאַכען
איינגעלעגט ביי אַ שליש.

שְׁלִישִׁי, צ. דער דריטער, דער
וואָס ווערט אויפגערופען דער דרי־
טער ביי'ם לייענען אין שוהל.
געבען שלישי, אויפרופען דעם
דריטען (באַטראַכטעט אלס אַ באַ־
זונדערע עהרע).

שֶׁלְךָ, א. דיינס.

שָׁלָל [שְׁלָלוֹ], המ. אַ גרויסער הוי־
פען, זעהר פיעל (געלט).

**שְׁל'מֹה**, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויסען אידישען קעניג אַ זוהן פון דוד, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין גרויסער קלוגהייט און זיינע פיעל קענטעניסען.

**שָׁ'לש**, צ. דריי.

**שָׁ'לש־סְעוּ'דוֹת**, מ. (תלמודיש). די דריי מאָהלצייטען וועלכע אַ איד מוז עסען אין דעם טאָג פון שבת.

**שָׁלש־סְעוּדוֹת** [שַׁלֶשׁוּ'דוֹת], הם. די דריטע מאָהלצייט פון שבת וועלכע מע עסט געוועהנליך פאַרנאַכט. אַ פּראָסטער שלש־סעודות, אַ פּראָסטער מענש. זעה אויבען.

**שָׁ'לש־רְגָ'לִים**, מ. (תלמודיש). די דריי אידישע הויפּט־פייערטעג (פסח, שבועות און סכות).

**שְׁלֹ'ישָׁה**, צ. דריי.

**שְׁלִ'ישָׁה־דְבָ'רִים**, מ. (תלמודיש). דריי זאַכען. "שלשה־דברים צוויי ווערטער" (ווער.).

**שְׁלְ'שׁוּל**, הם. לאַקסירונג, לויז־לייב.

**שְׁלֹ'שִׁים**, צ. דרייסיג, די ערשטע דרייסיג טרויער־טעג נאָך אַ טויטען ביי אידען. "זי מעג שוין חתונה האָבען זי איז שוין נאָך שלשים" (ווער. — אויף אַ'ן אַלטע מויד).

**שַׁלְשֶׁ'לֶת**, הם. אַ געוויסער געדרעהדעלטער טאָן (אין טראָפּ).

**שַׁלְשֶׁ'לֶת־הַיוֹחֲ'סִין**, הוו. "אַ קייט פון יחוס", אַ'ן אַלטע אַריסטאָקראַטישע אָפּשטאַמונג.

**שְׁלֹ'שֶׁת־יְמֵי־הַגְבָּ'לָה**, מ. "די דריי טעג פון באַגרענעצונג", די דריי טעג פאַר מתן־תורה אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק איז באַפוילען געוואָרען פון משה'ן זיך צוצוגרייטען און זיך צו האַלטען ווייט פון דעם באַרג סיני; די דריי טעג פאַר שבועות.

**שֵׁם** [שֶׁם], הם. (מ. שֵׁ'מוֹת). נאָמען; רעפּוטאַציאָן; איינער פון די הייליגע נעמען פון גאָט.

**שֵׁם** [שֶׁם']־דָבָר, הם. אַ באַריהמטע זאַך, אַ באַריהמטהייט.

**שֵׁם** [שֶׁם]־הַמְפוֹ'רָשׁ, הם. (תלמודיש). "דער דייטליכער נאָמען (פון גאָט)", דאַס וואָרט יְהוָֹה (ווז.) אויסגעשפּראָכען ווי עס שטעהט און ניט אין פאַרשטעלטער פאָרם (עס ווערט געגלויבט אַז מיט דעם שם־המפורש קען מען אויפטהון גרויסע וואונדער).

**שֵׁם** [שֶׁם]־טוֹב, הם. (ביבליש). אַ גוטער נאָמען, אַ גוטע רעפּוטאַציאָן.

**שֵׁם** [שֶׁם]־רַע], הם. (ביבליש). אַ שלעכטער נאָמען, אַ שלעכטע רעפּוטאַציאָן.

**שְׁמָד** [שְׁמַד], הם. "פאַרטיליגונג", אַ גזרה אַרויסגעגעבען אויף אידען אַז זיי מוזען זיך טויפען; דאָס טויפען זיך.

**שְׁמַד־שְׁטִיק**, מ. שטוקעס; שטיפּערייען.

**שְׁמַד'יעל'ניצע**, חוו. (מ. שְׁמַד'יעל'ניצעס). זעה שְׁמַד'יעל'ניק.

**שְׁמַד'יעל'ניק**, הם. (מ. שְׁמַד'יעל'ניקעס). אַ פאַרדאָרבענער אָדער אויסגעלאַסענער יונג.

שְׁמַד'ען, צא. טויפען. גע'= שמד'טער האלו (אָדער: גע'שמד'טע קישקע), אַ פרע= סער.

שְׁמוּ'אֵל, אנמ. דער נאָמען פון אַ געוויינען אידישען פראָפעט; דער נאָמען פון אַ געוויסען ביבלישען בוך איינגעטהיילט אין צוויי טהיי= לען, דער ערשטער פון וועלכע הייסט "שמואל א'" און דער צווייטער — "שמואל ב'".

שְׁמוֹ'נֶה, צ. אַכט.

שְׁמוֹנֶה־עֶשׂ'רֵה [שְׁמוֹנֶשׂ'רֵה], הוו. (מ. שְׁמוֹנֶה־עֶשׂ'רֵהים [שְׁמוֹנֶשׂ'רֵהים]), (תלמודיש). "אַכצעהן", דאָס געבעט וואָס באַ= שטעהט פון אַכצעהן ברכות וועל= כעס מע זאָגט צו יעדען דאַווגען (דאָס געבעט ווערט צוערשט גע= זאָגט פון דעם עולם שטעהענדיג אויף איין פלאַטץ און שטילער= הייד, דאַן ווערט עס ווידערהאָלט אין דער הויך פון דעם וואָס דאַ= ווענט פאַר'ן עמוד. צום ענד פון דעם דאָזיגען געבעט מאַכט מען אַ פּאָאר טריט הינטערוועלאַכטס און דאָס הייסט: "אויסגעהן שמונה־עשרה").

שְׁמוֹ'נִים, צ. אַכציג.

שְׁמוּ'עָה, הוו. (מ. שְׁמוּ'עוֹת). קלאַנג, גערייד; נאַכריכט.

שְׁמוּ'עָה־טוֹ'בָה, הוו. (מ. שְׁמוּ'עוֹת־טוֹ'בוֹת), (ביבליש). גוטע נאַכ= ריכט.

שְׁמוּ'עָה־רָ'עָה, (מ. שְׁמוּ'עוֹת־רָ'עוֹת), (ביבליש). שלעכטע נאַכריכט.

• שמועס *, (פון: שְׁמוּ'עוֹת). חמ. (מ. שמוּ'עס'ען). גערייד, גע= שפּרעך, פּלוידעריי.

שמוּ'עסען, צש. ריידען, פּלוידערן.

שמוּ'עסער, המ. (מ. שמועסערס). אַ פּלוידערער.

שְׁמוּ'רָה, הוו. זעה מַ'צָה־שְׁמוּ'רָה.

שְׁמוֹת, המ. "די נעמען", דאָס צווייטע פון די פינף ביכער פון דער תורה; הוו. דער נאָמען פון דער דרייצעהנטער סדרה (ווז.).

שְׁמִי'טָה, היו. (מ. שְׁמִי'טוֹת). דאָס יאָהר פון שביעית; זיבען יאָהר. איין מאָל אין אַ שמיטה, זעהר זעלטען.

שְׁמַיי'ען, צש. אַרומלויפען פּאַרהאַ= וועט. אַ ר ו מ'ש מ י י ע ן, אַרומ= לויפען פּאַרהאַוועט. פּ אַ ר'= ש מ י י ע ט, פּאַרהאַוועט, פּאַר= טהאָן. זעה שְׁמַעְ'יָה'ן.

שְׁמִי'נִי, הוו. דער נאָמען פון דער זעקס און צוואַנציגסטער סדרה (ווז.).

שְׁמִינִי־עֲצֶ'רֶת [שְׁמִינְעַצֶ'רֶת], המ. (מ. שְׁמִינִי־עֲצֶ'רֶתיען [שְׁמִינִי־עֲצֶ'רֶעת'ען]) דער אַכטער טאָג פון סכות.

שְׁמִי'נִית־שֶׁבִּשְׁמִי'נִית, המ. (תלמו= דיש). אַ'ן אַכטעל פון אַ'ן אַכטעל, אַ גאַנץ קליינער טהייל.

שְׁמִי'עָה, הוו. דאָס געהער.

שְׁמִירָה, הוו. (מ. שְׁמִירוֹת). היטונג, אויפפּאַסונג, באַוואַכונג.

שֶׁמֶן־זַיִת, הט. (ביבליש). בוימאייל.

שֵׁמ'ע, הוו. (מ. שֵׁמ'עס). אַ'ן אָבגעריסען בלאַט פון אַ הייליגען בוך (אַ וועלכע בלעטער ווערען געהאַלטען הייליג און צונויפגעזאַמעלט און פון צייט צו צייט באַגראָבען אויף'ן טויטען פעלד. דאָס וואָרט "שמ'ע" האָט אורשפּרינגליך געהייסען אַ שטיק פּאַפּיר אויף וועלכען דער נאָמען פון גאָט איז געשריבען. זעה שֵׁם); אַ ווערטהלאָזעס פּאַפּיר.

שְׁמַע־יִשְׂרָאֵל, "הער, ישראל"! די ערשטע ווערטער פון קריאת־שמע; אַ'ן אָפטער אויסרוף ווען מע שרעקט זיך פאַר עפּעס אָדער ווען מע רופט נאָך הילף. שרייען ש מ ע־י ש ר א ל, פּראָטעסטירען, מאַכען אַ סקאַנדאַל.

שמַעְיָהוּ, צש. אַרומלויפען פאַרהאַוועט (וואַהרשיינליך פון שְׁמַעְיָה (אייגענאָמען) — אַ געוויסע פּערזאָן וועלכע פּלעגט אימער אַרומלויפען פאַרהאַוועט).

שֶׁמֶען, צש. האָבען אַ נאָמען, זיין באַוואוסט, קלינגען. עס ש מ 'ט מיט איהם די וועלט. ער איז זעהר באַריהמט.

שמע"צ, אב. שְׁמִינִי־עֲצֶרֶת (ווו.).

שַׁמָּשׁ [שַׁ'מָשׁ], הט. (מ. שַׁמָּשִׁים [שַׁמָּ'שִׁים]). באַדיענטער, דיענער; איינער וועלכער איז אָנגעשטעלט פון אַ'ן אידישער געמיינדע צו האַלטען אָרדנונג אין שוהל און צו טהאָן אַנדערע עהנליכע אַרביטען פאַר דער געמיינדע; איינער וועלכער ריכט אויס דעם טויטען צו דער בעערדיגונג; דאָס ליכטעל מיט וועלכען מע צינדט אָן די ליכט פון חנוכה. "דער ש מ ש קלאַפּט אין שוהל אַריין און אַליין געהט ער שלאָפען" (שפּוו.). שלאָפען ש מ ש, אַ באַדיענטער פון דער געמיינדע. "איך בין ניט דיין שלאָפען ש מ ש" (ווער.).

שַׁמָּשׁ [שַׁ'מָשׁ]־קָטָן, הט. דער געהילף פון אַ שמש, אונטער=שמש.

שַׁמָּשׁוּת [שַׁמָּ'שׁוּת], הוו. די שטעלע פון אַ שמש.

שַׁ'מָשׁ'טע, הוו. (מ. שַׁ'מָשׁ'טעס). די פרוי פון אַ שמש; איינע וועלכע האַלט אין אָרדנונג די ווייבערשע שוהל.

שֶׁנְדְרִיען, צא. צוואָגען, זיך פאַרפליכטען צו געבען (עפּעס אויף אַ וואָהלטהעטיגען צוועק ווען מע ווערט אויפגערופען צום לייענען אין שוהל. שטאַמט פון די ווערטער "מי-שנדר" (דער וועלכער האָט געשאָנקען) גענומען פון דעם זעגען געבעט וואָס מע זאָגט פאַר דעם געבער).

שָׁנָה, הוו. (מ. שָׁנִים). אַ יאָהר. "אַזאַ ש נ ה זאָלסטו האָבען" (פלוכ=וואָרט).

שֵׁנָה [שֵׁ'נָה]־בְּשַׁבָּת־תַּעֲנוּג, (תלמודיש). שלאָפען אום שבת איז אַ פאַרגעניגען.

שָׁנָה־מְעוּבֶּרֶת, הוו. (תלמודיש). זעה עִבּוּר־יאָהר.

שְׁ'נוּי, חמ. (מ. שְׁנוּ'יים). ענדע־רונג, פֿאַרענדערונג.

שְׁ'נוּי־מָ'קוֹם, חמ. (תלמודיש). ענ־דערונג פֿון פּלאַטץ, ענדערונג פֿון וואוהנאָרט.

שְׁ'נוּי־שֵׁם [שֶׁם], המ. (תלמודיש). ענדערונג פֿון נאָמען.

שְׁנֵי, צ. צוויי.

שֵׁ'נִי, צ. דער צווייטער, דער וואָס ווערט אויפֿגערופֿען דער צווייטער ביי'ם לייענען אין שוהל. געבען שׁ נ י, אויפֿרופֿען דעם צווייטען.

שֵׁ'נִי־בְּשְׁלִ'ישִׁי, מ. "אַ צוויי־טער מיט אַ דריטען", צווייטע קוזינס. זיין מיט אימיצען שׁ נ י־ב שׁ ל י שׁ י, זיין אימיצענס פֿאָ־טער'ס אָדער מוטער'ס שוועס־טער־קינד, אָדער זיין אַ שוועס־טער־קינד פֿון אימיצענס פֿאָטער אָדער מוטער.

שֵׁ'נִי־בְּשֵׁ'נִי, מ. "אַ צווייטער מיט אַ צווייטען", שוועסטער־קינדער.

שְׁנֵי־לוּ'חוֹת־הַ'בְּרִית, מ. די צוויי טאָוולען פֿון בונד (צווישען גאָט און אידען), די לוחות.

שֵׁ'נִי־לַמֶּ'לֶךְ, המ. דער צווייטער צום קעניג, וויצע־קעניג, הויפּט־מיניסטער.

שְׁנַ'יִם, צ. צוויי.

שְׁנָיִם [שְׁנַיִים, שְׁנָיִם], מ. צייה־נער.

שְׁנַ'יִם־מִקְ'רָא־וְאֶ'חָד־תַּ'רְגוּם, (תל־מודיש). צוויי מאָהל דעם טעקסט אין העברעאיש און איין מאָל די

פֿראַמעאישע איבערזעצונג (אזוי איז מען געוועהנליך מעביר די סדרה).

שֵׁ'נִית, או. צווייטענס.

שַׁ"ס, (אב. שִׁ'שָּׁה סְדָ'רִים — די זעקס אבטהיילונגען פֿון תלמוד: זרעים, מועד, נשים, נזיקין, קדשים, טהרות), המ. (מ. שַׁ"ס'ען). דער תלמוד (ווז.). קליין שׁ"ס, קאָרטען.

שַׁ"ס־תְּחִ'ינָּה, הוו. (מ. שַׁ"ס־תְּחִ'ינּוֹת). אַ געוויסע זאַמלונג פֿון געבעטען אין אידיש פֿאַר פֿרויען.

שְׁסַ"ה־גִּי'דִין, מ. (תלמודיש). די דריי הונדערט און פֿינף און זעכציג אָדערען פֿון דעם מענשליכען קער־פּער (לויט די פֿאַרצייטיגע באַגרי־פֿען). זעה תַּרְיַ"ג מִצְ'וֹות.

שַׁ"סִּ'יל, הז. (מ. שַׁ"סִ'לעך). אַ קליינע אויסגאַבע פֿון תלמוד (ווז.); אַ טאַש קאָרטען.

שָׁ'עָה, הוו. (מ. שָׁ'עָה'ן). אַ שטונ־דע. די שׁ ע ה זאָל ניט זיין!, ניט פֿאַסירען זאָל עס.

שִׁ'עוּר, המ. אַ מאָס, אַ גרענעץ; אַ לעקציאָן אָדער פֿאָרטראַג פֿון תלמוד (מ. שִׁעוּ'רִים). אָהן אַ שׁ ע וּ ר און אַ'ן ערך, אָהן אַ מאָס און אָהן אַ'ן אָבשאַצונג, אונגע־הויער, זעהר פֿיעל.

שַׁ'עַטְנֵז, המ. אַ געמיש פֿון וואָלל און פֿלאַקס, וואָס טאָר זיך ניט געפֿינען אין די קליידער וואָס

אַ איד טראָגט ; אַ'ן איבעריגע אָדער שעדליכע פּערזאָן.

שעכטען, צא. זעה שֶׁח'טיען.

שֵׂ'עַר, המ. (מ. שְׂעָ'רִים). טויער ; פאָדערבלאַט.

שַׂ'ער־בלאַט, הז. (מ שַׂ'עַר־בלעטער). פאָדערבלאַט.

שַׂ'עֲרֵי־רַחֲ'מִים, מ. (תלמודיש). די טויערען פון בארמהערציגקייט.

שַׂ'עַת־הַדְחָק [הַדְ'חַק], הוו. (תלמודיש). נויטה־צייט, נויט.

שַׂ'עַת־הַכּוֹ'שֶׁר, הוו. (תלמודיש). פאַסענדע שטונדע, פאַסענדע געלעגענהייט.

ש"פ, אב שֶׁל־פֶּ'סַח (ווז.).

שְׁפוֹךְ־חֲמָתְ'ךָ, המ. (ליטורגיש). "גיס אויס דיין צאָרן", די ערשטע ווערטער און דער נאָמען פון געוויסע ביבלישע זאַצען וועלכע מע זאָגט אין דער ערשטער נאַכט פון פסח (דערביי ווערט די טהיר צו דער גאַס געהאַלטען אָפען). אויסלאָזען דעם גאַנצען ש פ ו ך ־ ח מ ת ך , אויסלאָזען דעם גאַנצען צאָרן.

שִׁפְ'חָה, הוו. (מ. שְׁפָחוֹת [שִׁפְ'חוֹת]) דיענסט, שקלאַפין.

שְׁפִ'יכוּת־דָ'מִים, (תלמודיש). בלוט־פאַרגיסונג ; בלוט־צאַפּענים, באַליידיגונג.

שָׁ'פֵל, המ. (מ. שְׁפֵ'לִים). אַ נידעריגער געמיינער קערל.

שָׁ'פָל, א. נידעריג, געמיין; געפאַלען, געפאַלען ביי זיך.

שְׁפֵ'לָה, הוו. (מ. שְׁפֵ'לוֹת). זעה שָׁ'פֵל.

שִׁפְ'לוּת, הוו. נידעריגקייט, געפאַלענקייט, פאַרשקלאַפטקייט, פאַראַכטקייט.

שֶׁ'פַע, המ. איבערפלוס, רייכטהום ; אַ גוט־געהענדעס געשעפט.

ש"ץ, אב. שְׁלִ'יחַ־צִ'בּוּר (ווז.).

שְׁקִ'יעָה, הוו. זעה שְׁקִ'יעַת־הַחַ'מָה.

שְׁקִ'יעַת־הַחַ'מָה, הוו. (תלמודיש). זונג־אונטערגאַנג (פון וועלכען שבת און יום־טוב הויבען זיך אָן).

שֶׁ'קֶל, המ. (מ. שְׁקָ'לִים). אַ געוויסע אַלט־העברעאישע מינצע ; אַ באַשטימטער געלט־ביטראַג וועלכען יעדער ציוניסט מוז איינצאָהלען איין מאָל אַ יאָהר אין דעם ציוניסטישען פאָנד.

שֶׁ'קֶל־טאָג, המ. אַ באַשטימטער טאָג אין וועלכען די ציוניסטען מוזען איינצאָהלען דעם שקל.

שַׁקְ'לָא־וְטַרְ'יָא, הוו. (מ. שַׁקְ'לָא־וְטַרְ'יָאִים), (תלמודיש). איבערלעגונג, פאַרהאַנדלונג, דיסקוסיאָן. עס איז נאָך אַ ש ק ל א ־ ו ט ר י א, מע דאַרף עס נאָך גוט באַקלערען.

שֶׁ'קֶץ [שְׁקָץ], המ. (מ. שְׁקָ'צִים). יונגאַטש.

שְׁקָ'צִים־וּרְמָ'שִׂים, מ. (תלמודיש). עקעלהאַפטע באַשעפעניסען און ווערעם.

**שְׁקָצִי'עריי'**, הוו. (מ. שְׁקָצִי'עריי־ען). פרעכהייט, פרעכע אויפפיהרונג.

**שֶׁ'קֶר**, הם. (מ. שְׁקָ'רים). א ליגען.

**שֶׁ'קֶר אֵין לוֹ רַגְלַ'ים**, (תלמודיש). דער ליגען האָט קיין פיס (באַשטאַנד) ניט.

**שַׁקְ'רָן**, הם. (מ. שַׁקְרָ'נִים). א ליגנער.

**שַׁקְרָנוּת**, הוו. ליגען־זאָגעריי.

**שַׁקְ'רָנ'טע**, הוו. (מ. שַׁקְ'רָנ'טעס). זעה שַׁקְ'רָן.

**שָׁ'רוּי־בְּצַ'עַר**, הם. (תלמודיש). איינער וואָס איז אין טרויער אָדער אין אַ'ן אומגליק.

**שָׁ'רוֹ'ן**, אנם. דער נאָמען פון אַ געוויסען זעהר פרוכטבאַרען טהאָל אין פּאַלעסטינא, אָפט דערמאָנט אין דער ביבעל.

**שֶׁ'רֶץ**, הם. (מ. שְׁרָ'צִים). אַ קריכענדעס טהיער; אַ ראַין; אַ פרעך אינגעל.

**שֹׁ'רֶשׁ**, הם. (מ. שָׁרָ'שִׁים). זעה שׁוֹ'רֶשׁ.

**שִׁ'שָּׁה**, צ. זעקס.

**שִׁ'שִּׁי**, צ. דער זעקסטער, דער וואָס ווערט אויפגערופען דער זעקסטער ביי'ם לייענען אין שוהל. געבען ששי, אויפרופען דעם זעקסטען (ווערט באַטראַכטעט אלס אַ באַזונדערע עהרע).

**שִׁ'שִּׁים**, צ. זעכציג.

**שִׁ'שִּׁים־רִ'בּוֹא**, צ. (ביבליש). זעקס מאָל הונדערט טויזענד.

**שֵׁ'שֶׁת־יְמֵי־בְּרֵא'שִׁית**, מ. די זעקס טעג אין וועלכע גאָט האָט באַשאַפען די ערד.

**ש"ת**, אב. שַׁ'בָּת־תְּשׁוּ'בָה (ווז.).

**שְׁתַּדְ'לָן**, הם. (מ. שְׁתַּדְלָ'נִים). איינער וועלכער שטעלט זיך איין אָדער מיהט זיך פאַר אימיצען, אַ חאדאַטאַי (באַזונדערס געברויכט צו באַצייכענען אַ אידישען פאָרשטעהער וועלכער נעהמט זיך אָן פאַר אידען ביי דער רעגירונג). אָפשיקען מיט דעם בראָדער שתדלן, קיינמאָל ניט אָפשיקען.

**שְׁתַּדְלָ'נוּת**, הוו. דאָס איינשטעלען זיך פאַר אימיצען, חאדאַטאַיסטווא.

**שְׁתַּדְ'לָנ'טע**, הוו. (מ. שְׁתַּדְ'לָנ'טעס). איינע וועלכע מיהט זיך אָדער שטעלט זיך איין פאַר אימיצען.

**שְׁתַּדְ'לָנ'ען־זיך**, צוו. זיך מיהען, חאדאַטייסטווען.

**שֶׁ'תִי־וָעֵ'רֶב**, הם. "לייגג און ברייט (אין וועב־פעדים)", אַ קרייץ.

**שְׁתֵּי־שַׂעֲרוֹ'ת**, מ. (תלמודיש). "צוויי האָאר", די קענ־צייכענס פון דערוואַקסענקייט ביי אַ פרויענצימער.

**שְׁתִיָּה, שְׁתִיָּיה** [שְׁתִּ'יָה], הוו. (מ. שְׁתִיּוֹת [שְׁתִּ'יוֹת]). אַ טרונק (בראַנפען); דאָס טרינקען (בראַנפען).

**שְׁתִיקָה** [שְׁתִּ'יקָה], הוו. שווייגען, שווייגענים.

**שַׁתִּ'יקען** (פון שָׁתָה), צש. טרינקען, פיאַנעווען.

# ש.

ש, זעה ש.

שְׂאוּ־יְדֵי'כֶם, המ. די ערשטע ווער־טער און דער נאָמען פון אַ גע־בעט וואָס מע זאָגט ווען מע ווישט די הענד ביי'ם אויפשטעהן און דער פריה אָדער פאַר'ן עסען.

שׂו'נֵא, המ. (מ. שׂו'נְאִים [שָׂנ'אִים]). אַ פיינד. „בעסער אַ גוטער שונא איידער אַ שלעכטער פריינד" (שפוו.).

שׂו'נֵא־יִשְׂרָ'אֵל, המ. (מ. שׂו'נְ'אֵי־יִשְׂרָ'אֵל). אַ פיינד פון אידען, אַ'ן אַנטיסעמיט.

שׂו'נֵא־מְ'וֶת, המ. אַ טויטליכער פיינד, אַ ביטערער פיינד.

שׂוֹנְאֵי [שָׂנְאֵ'י]־צִ'יּוֹן, מ. די פיינד פון ציון, די פיינד פון אידישען פאָלק. „שונאי־ציון (פאַר־קירצט פון: שונאי־ציון זאָלען עס פאַרמאָגען) וואָס ער פאַרמאָגט" (ווער.).

שָׂ'טָן, המ. דער בייזער גייסט, דער פאַרפיהרער, דער טייוועל.

שָׂ'טָן־הַמְקַטְ'רֵג, המ. דער בייזער מלאך וועלכער רעדט אָן שלעכ־טעס אויפ'ן מענשען פאַר גאָט.

שָׂ'טָן־הַמַשְׁ'חִית, המ. דער בייזער שלעכט־שהוענדער גייסט.

שִׂ'יחַת־חוּ'לִין. הוו. (תלמודיש). וואָכעדיגע רייד, ניט וויכטיגעס געשפרעך. ניט וויסען די שיחת־חולין פון איטיצען, זיך ניט קענען פאַרגלייכען מיט איטיצען אין די מינדערסטע קענטעניסען.

שִׂ'ין, המ. (מ. שִׂ'י'נ'ען). דער נאָמען פון דעם איין און צוואַנציגסטען בוכשטאַב פון דעם אידישען אַלף־בית ווען געשריבען מיט אַ פינ־טעלע אויף דער לינקער זייט (שׂ).

שִׂ'ין־שְׂמָאלִ'ית, אַ „ש" מיט אַ פינ־טעלע אויף דער לינקער זייט (שׂ).

שְׂכִיר־יוֹם [יָם], המ. (תלמודיש). אַ טאָג־לויהנער, איינער וועלכער איז געדונגען צו אַרבייטען פון טאָג.

שְׂכִ'ירוּת, הוו. געהאַלט, לויהן.

שֵׂ'כֶל, המ. (מ. שְׂכ'לִיען). פאַר־שטאַנד, פאַרנונפט; זינן; קלוג־הייט; געדאַנקען, איינפאַל, אידעע. „ווייבער האָבען לאַנגע האָאר און קורצען שכל" (שפוו.). „מע באַגריסט נאָך די קליידער מע באַגלייט נאָך דעם שכל" (שפוו.). „שכל און חרטה קומען שטענדיג צו שפעט" (שפוו.). „די ווייבער'ס שכל איז זייער צירונג, די מענערס צי־רונג איז זייער שכל" (שפוו.).

שֵׂ'כֶל־הַיָּ'שָׁר, המ. דער גלייכער פאַרשטאַנד.

שְׂכֵלִידיג, א. פאַרנינפטיג, קלוג, וויציג, גייסטרייך.

שֶׂכְלִ׳ען־זיך, צוו. זיך קליגען, זיך וויצלען.

שָׂכָר [שְׂכַר], הם. לויהן, באלויה=נונג; לויהן=געלט; די באלויהנונג אויף יענער וועלט.

שְׂכַר־הֲלִיכָה, הם. (תלמודיש). דער לויהן וועלכער איז אָנגעברייט אויף יענער וועלט פאַר דאָס געהן (טהון אַ גוטע זאַך).

שְׂכַר־טִרְחָה, (תלמודיש). דער לויהן פאַר (אימיצענס) מיה.

שְׂכַר־לִימּוּד, הם. (תלמודיש). לעהר=געלט.

שְׂכַר־מְלָאכָה, הם. ארבייטס=לויהן, אַרבייט=געלט.

שָׂמֵחַ־בְּחֶלְקוֹ, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער איז צופריעדען מיט זיין טהייל (שיקזאל).

שִׂמְחָה, הוו. (מ. שְׂמָחוֹת [שִׂמְחוֹת]). פרייד; פעסטליכקייט, מאָהלצייט אָדער אונטערהאַלטונג פאַר געסט. "אויף יענעמ׳ס אַ שמחה האָט מען אפּעטיט" (שפּוו.).

שִׂמְחָה־וְשָׂשׂוֹן, מ. (ביבליש). פרייד און לוסטיגקייט.

שִׂמְחַת־בֵּית־הַשּׁוֹאֵבָה, הוו. (תל=מודיש). די פרעהליכקייט פון בית־השואבה — "דאָס הויז פון ברונען" (דער נאָמען פון אַ גע=וויסען איינגעשלאָסענעם רוים אין דעם הויף פון בית־המקדש), וואו עס פלעגען אין די מיטעלסטע טעג פון סכות אָפּגעהאַלטען ווע=רען זעהר לוסטיגע פעסטליכקיי=טען (די זעלביגע פעסטליכקייטען ווערען נאָך יעצט, אין אַ פיעל גע=ענדערטער און שוואַכערער פאָרם, אָפּגעהאַלטען אין די אָבענדען פון חול־המועד סכות).

שִׂמְחַת־מִצְוָה, הוו. אַ רעליגיעז=זע פעסטליכקייט.

שִׂמְחַת־תּוֹרָה, הם. דאָס פרעהען זיך מיט דער תורה, דער פייער=טאָג אויף מאָרגען פון דעם לעצ=טען טאָג פון סכות אין וועלכען מע ענדיגט לייענען די תורה. זעה סִדְרָה.

שִׂנְאָה, שִׂנְאַת־, הוו. (מ. שִׂנְאוֹת). האַס, פיינדליכקייט.

שִׂנְאַת־חִנָּם, הוו. (תלמודיש). אומזיסטער האַס, פיינדשאַפט אָהן אַ׳ן אורזאַך.

שִׂנְאַת־מָוֶת, הוו. טויטליכער האַס, ביטערע פיינדשאַפט.

שָׂעִיר־הַמִּשְׁתַּלֵּחַ, הם. (תלמודיש). דער זינד=באָק, דער באָק וועלכער פלעגט ארונטערגעשליידערט ווע=רען (אין די צייטען פון בית־המקדש) פון דעם פעלז עזאזל אום יום־כפור אַלס אַ׳ן אָפּפער פאַר די זינד פון דעם אידישען פאָלק; אַ׳ן אָפּפער פאַר אַנ׳אַנדע=רענ׳ס זינד; אַ׳ן אונשולדיגער אָפּ=פער.

שַׂר, הם. אַ הערר; דער מלאך וועלכען יעדער מענש האָט אין הימעל אַלס זיין פאַרטהיידיגער אָדער באַשיצער, לויט דעם תלמוד.

**שׂר־הַמַשְׁ'קִים**, המ. (ביבליש). טראַנקמייסטער, דער וועלכער דערלאַנגט די געטראַנקען, אַ סאַרווער.

**שָׂ'רָה**, אנוו. דער נאָמען פון דער ערשטער אור=מוטער פון דעם אידישען פאָלק, די פרוי פון אברהם.

**שָׂ'רִיד־וּפָ'לִיט**, המ. (ביבליש). אַ'ן איבערגעבליבענער, אַ'ן אנטרונע=נער.

**שָׂ'רָף**, המ. (מ. שׂרָ'פִים). אַ גע=ווּיסער זאָרט מלאך.

**שְׂרֵ'פָה**, הוו. (מ. שְׂרֵ'פוֹת). אַ פיי=ער, אַ בראַנד; אונטערצינדונג. מאַכען אַ שׂ ר פ ה, אונטערצינ=דען. "נאָך אַ שׂ ר פ ה ווערט מען רייך" (שפוו.).

**שׂרְ'פ'ען**, צש. ברענען. פ אַ ר ' = שׂ ר פ ' ע ן, פאַרברענען.

**שְׂרָ'רָה**, המ. (מ. שְׂרָ'רוֹת). אַ זעהר וויכטיגער אָדער פאָרנעה=מער הערר, אַ מאַגנאַט. "ווי די שׂ ר ר ו ת אַזוי דער משרת" (שפוו.).

**שׂרָ'רָה'סטע**, הוו. (מ. שׂרָ'רָה'ס־טעס). די פרוי פון אַ שׂררה; אַ וויכטיגע אָדער פאָרנעהמע דאַמע.

# ת.

**ת**, המ. דער צוויי און צוואַנציג=סטער בוכשטאַב פון דעם אידי=שען אַלף־בית. מיט אַ פינטעלע אינעווּעניג אויסגעשפּראָכען אונ־געפעהר ווי "ט" אָדער "טה", אָהן אַ פינטעלע — אויסגעשפּראָ=כען אונגעפעהר ווי "ס"; דער זיבען=געשטירען, דער גרויסער בער (אין אַסטראָנאָמיע); אין צעהלען גערעכענט אַלס 400. זעה תָּו.

**תַּאֲ'וָה**, **תַּאֲ'וָוה**, הוו. (מ. תַּאֲ'וֹות). באַגעהר, זינדיגער באַגעהר, ליי־דענשאַפט; לײדענשאַפטליכקייט. "גאָט זאָל אָפּהיטען פאַר אידי=שער גאווה און פאַר גוי'אישער ת א ו ה" (שפוו.).

**תַּאַ'ווֹת־הָעוֹ'לָם־הַ'זֶה**, מ. די געלוס=טען פון דער וועלט, וועלטליכע פאַרגעניגענס.

**תְּאוֹ'מִים**, המ. "דער צווילינג", דער אַסטראָנאָמישער צייכען אין דעם שטערען קרייז פאַר דעם מאָנאַט סיון. זעה מַ'זָל.

**תֵּ'בָה**, הוו. קאַסטען, דער קאַסטען אין וועלכען נח מיט זיין פאַמיליע האָבען זיך גערעטעט פון דער פאַרפלייצונג, ווי די ביבעל דער=צעהלט.

תְּבוּאָה, הוו. (מ. תְּבוּאוֹת). גע־
טריידע. „אויף שווארצער ערד
וואקסט די בעסטע תבואה"
(שפּוו.).

תְּבִיעָה, הוו. (מ. תְּבִיעוֹת). פאָ־
דערונג, אַנשפּרוך, פּרעטענזיע.

תְּבַלַּע־וּתְחַדֵּשׁ, אר. זאָלסט אויס־
ניצען און זיך באַנייען! בראָג גע־
זונטערהייט! (אַ וואונש צו איי־
נעם וועלכער טהוט אָן אַ קלייד
צום ערשטען מאָל).

תֵּיבַת־נֹחַ, הוו. זעה תֵּיבָה.

תְּהוֹם [תְּהֶם], הם. (מ. תְּהוֹמִין [תְּהָמִינֶן]), אָבגרונד, גרונד פון
ים.

תְּהִלּוֹת־וְתִשְׁבָּחוֹת, מ. (תלמו־
דיש). לויב־ און ריהם־געזאַנגען.

תְּהִלִּים, הם. דאָס בוך פון פּסאַל־
מען.

תְּהִלִּים־זאָגער, הם. איינער וועל־
כען מע דינגט צו זאָגען תהלים
ווען אימיצער איז קראַנק, אָדער
נאָך אַ טויטען.

תָּו, תָו, הם. (מ. תָּוִיען, תָוִיען).
דער נאָמען פון דעם צוויי און
צוואַנציגסטען בוכשטאַב פון דעם
אידישען אַלף־בית. (ת, ת).

תּוֹבֵעַ, הם. (מ. תּוֹבְעִים). אַ
מאָהנער, אַ קלאָגער.

תּוֹבֵעַ־בְּפֶה [בְּפֶּה], א. (תלמודיש).
מאָהנענדיג מיט'ן מויל, דייטליך
פאָרדערנדיג.

תּוֹגַר, הם. דער טערק, טירקיי.

תּוֹךְ [תָּךְ], הם. דאָס אינעווייניג־
סטע, דער קערן. אַריינגעהן אין אַ
תוך, זיך פאַרטיעפען. אין תוך
גענומען, גרינדליך באַטראַכטעט.

תּוֹךְ [תָּךְ]־כְּדֵי־דִבּוּר, אוו. (תלמו־
דיש). ווי נאָר אויסגערעדט, אין
איין מאָמענט, אויגענבליקליך,
גלייך.

תּוֹכֵחָה, הוו. (מ. תּוֹכָחוֹת). די
שטראָף, דער קאַפּיטעל אין דער
תורה אין וועלכען עס ווערען
אויסגערעכענט אַלע קללות וועל־
כע גאָט וועט אָנשיקען אויף דאָס
אידישע פאָלק אויב עס וועט ניט
געהן אין דעם וועג פון גערעכ־
טיגקייט (ביי'ם לייענען פון דעם
דאָזיגען קאַפּיטעל אין שוהל רופט
מען געוועהנליך אויף איינעם פון
דעם נידעריגען שטאַנד). „ער האָט
אויסגעלאָזען אויף איהם די גאַנצע
תוכחה" (ווער.).

תּוֹכֶן, הם. דער אינהאַלט.

תּוֹכֶן־הָעִנְיָנִים, הם. אינהאַלט־
פאַרצייכענים.

תומ"י, אב. תּוֹךְ־וּמִיָּד (ווז.).

תּוֹסְפוֹת, הם. „צולאָגען", דער
נאָמען פון איינעם פון די הויפּט־
קאָמענטאַרען אויף דעם תלמוד
וועלכער צייכענט זיך אויס מיט
טיפקייט און שאַרפזינן.

תּוֹסֶפֶת [תּוֹסְפֶת]־כְּתוּבָּה, הוו.
(תלמודיש). „אַ צולאָג צו דער
כתובה", אַ דאָקומענט אין וועל־
כען דער מאַן שרייבט אָפּ דער
פרוי געוויסע גיטער אָדער געלט
צו וועלכע די כתובה אַליין גיט
איהר קיין רעכט ניט.

תּוֹסֶפְ'תָּא, הוו. (מ. תּוֹסֶפְ'תּוֹת). "צולאָג", אַ געזעץ=ענטשיידונג פון די תּנאים וואָס איז ניט אַריינגענומען געוואָרען אין דער משנה.

תּוֹעֶ'לֶת, הוו. אַ נוץ.

תּוֹ'פֵס־זיין, צא. באַגרייפען, פאַרשטעהן.

תּוֹקֵ'עַ, הם. דער וועלכער בלאָזט דעם שופר אין שוהל.

תּוֹ'רָה, הוו. (מ. תּוֹ'רוֹת). לעהרע; הייליגע לעהרע; די פינף ביכער פון משה; אַ ספר־תורה. זאָגען תורה,ריידען איבער אַ ביבלישען אָדער תלמודישען טעקסט. לערנען תורה, שטודירען די הייליגע אידישע ביכער. "וואו תורה דאָרט איז חכמה" (שפוו.). "וואו תורה דאָרט איז קראָכמאָל" (פּאַראָדיע אויף דאָס פריהערדיגע). "אַ שפּריכוואָרט איז להבדיל אַ תורה" (שפוו.).

תּוֹ'רָה וּגְדוּ'לָּה בְּמָ'קוֹם אֶ'חָד, הוו. מ. (תלמודיש). געלעהרזאַמקייט און גרויסקייט (רייכקייט) אין איין פּלאַטץ.

תּוֹ'רָה נְבִי'אִים וּכְתוּבִים [וּכְּתוּ'בִים], מ. (תלמודיש). די פינף ביכער פון משה די פּראָפעטען און די שריפטען, די גאַנצע ביבעל.

תּוֹ'רָה־שֶׁבִּכְתָב [שֶׁבִּכְּתַב], הוו. (תלמודיש). די געשריבענע לעהרע, די פינף ביכער פון משה.

תּוֹ'רָה־שֶׁבְּעַל־פֶּה', הוו. (תלמודיש). די לעהרע (וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען פון איינעם צום צווייטען) מיט'ן מויל, די תלמודישע ליטעראַטור.

תּוֹ'רַת־אֱמֶת, הוו. (ביבליש). די וואַהרע לעהרע. עס איז תורת־אמת, עס איז אַבסאָלוט וואַהר.

תּוֹ'רַת־לאָקשען, הוו. פּאַראָדיע אויף "תורת־אמת" (ווז.).

תּוֹ'רַת־מֹשֶׁה, הוו. די לעהרע פון משה, די פינף ביכער פון משה. עס איז תורת־משה, עס איז אַבסאָלוט וואַהר.

תּוֹ'שָׁב, הם. (מ. תּוֹשָׁ'בִים). אַ'ן איינוואוהנער, אַ בירגער.

תַּזְרִי'עַ, הוו. דער נאָמען פון דער זיבען און צוואַנציגסטער סדרה (ווז.).

תַּזְרִי'עַ־מְצוֹ'רָע, מ. זעה סִדְרָה.

תַּחְבּוּ'לָה, הוו. (מ. תַּחְבּוּ'לוֹת). פּלאַן, ראַטה, מיטעל.

תְּחוּם, הם. (מ. תְּחוּ'מִים). גרענעץ, בעצירק, געגענד; די באַשרענקטע געגענד אויסער וועלכער עס איז ניט ערלויבט אידען צו וואוהנען אין רוסלאַנד; תחום־שבת (ווז.).

תְּחוּם־שַׁ'בָּת, הם. (מ. תְּחוּם־שַׁ'בָּת'ען), (תלמודיש). "דער גרענעץ פאַר שבת", די צוויי טויזענד איילען אויף יעדער זייט פון דעם וואָהנאָרט ווייטער פון וועלכע אַ איד טאָר ניט געהן אום שבת.

תְּחִי', זעה תְּחִ'יָּה.

תְּחִ'יָּה, אר. זי זאָל לעבען (אַ וואָרט וואָס מע שטעלט אין שרייבען נאָך דעם נאָמען פון אַ פרוי).

תְּחִי'לַת, זעה תְּחִ'לַת.

תְּחִי'נָה, זעה תְּחִ'נָה.

תְּחִי'ַת־הַמֵ'תִים, הוו. (תלמודיש). די אויפלעבונג פון די טויטע. אויפשטעהן תחית־המתים, ווידער לעבעדיג ווערען. ער וועט שוין מעהר קיין תחית־המתים ניט אויפשטעהן, ער וועט שוין מעהר קיין קאָפּ ניט הויבען.

תְּחִ'לַּת, או. צום אָנהויב, ערש־טענס.

תְּחִ'נָּה, הוו. (מ. תְּחִ'נוֹת). א גע־בעט, איינס פון די געבעטען גע־שריבען ספּעציעל פאַר אידישע פרויען; א ביכעל פון תחנות.

תַּחֲ'נוּן, המ. (ליטורגיש). "געבעט", דער נאָמען פון א טהייל פון דעם מאָרגענדיגען און פאַרנאַכטיגען דאַוונען ווועלכען מע זאָגט יעדען טאָג אויסער שבת און יום־טוב צובייגענדיג דעם קאָפּ צו דעם לינקען אָרעם. פאַלען תחנון, זאָגען דאָס גע־בעט פון תחנון.

תַּחֲנוּ'נִים, מ. געבעטען, ריהרענדע געבעטען. בעטען תחנונים, שטאַרק בעטען.

תַּחַת (תַ'חֶת), המ. (מ. תְּ'חֶת'יער). הינטען, געזועס; דער נאָמען פון א געזויסען פּלאַטץ וואו די אידען האָבען גערוהט ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים.

תַּ'חַת־חֶ'רֶב, או. (ביבליש). אונ־טער דעם שווערד. מאַכען תחת־חרב, מאַכען צו נישט, צושטערען.

תַּחְתּוֹ'נִים, מ. הויזען, פּלודערן.

תִּינוֹ'קוֹת־שֶׁל־בֵּית־רַ'בָּן. מ. שוהל־קינדער.

תֵּי'בָה, זעה תֵּ'בָה.

תְּי'פִלָה, זעה תְּפִ'לָה.

תֵּי'קוּ, (תלמודיש). "זאָל (די פראַ־גע) בלייבען שטעהן", די פראַגע בלייבט ניט פאַרענטפערט.

תֵּי'קוּן, זעה תִּ'קוּן.

תֵּי'רוּץ, זעה תֵּ'רוּץ.

תְּכוּ'נָה, הוו. אַסטראָנאָמיע.

תַּכְ'לִית, המ. (מ. תַּכְלִי'תִים *). ענד, ציעל, צוועק, רעזולטאַט. וואָס וועט זיין דער תכלית?, וואָס וועט ווערען?. זוכען א תכלית, זוכען א פּראָפעסיאָן אָדער א געשעפט.

תַּכְ'לִית־שִׂנְ'אָה, הוו. (ביבליש). די העכסטע שטופע פון האַס. פיינד האָבען תכלית־שנאה, זעהר שטאַרק פיינד האָבען.

תַּכְ'ליעווען (פון: תַּכְלִית), צא. פאַרשווענדען, אויסברייננגען.

תַּכְסִי'סֵי־מִלְחָ'מָה, מ. (תלמודיש). קריעגס־פּלענער, קריעגס־מיטלען.

תֵּכֶף (תֵּ'כֶף), או. באַלד, גלייך.

תֵּכֶף־וּמִ'יָד (תֵּ'כֶף־וּמַ'יד), או. באַלד, גלייך.

תַּכְרִי'כִים, מ. טויטענקליידער. "אויף מצות און אויף תכריכים מוז זיין" (שפּוו.).

**תַּכְרִי'כִים־שְׁטעך**, מ. גרויסע נאָכלעסיגע שטעך (אין נייהען).

**תַּכְ'שִׁיט**, המ. אַ צירונג, אַ פוץ=זאַך (מ. תַּכְשִׁי'טִין) ; (איראָניש) אַ צאַצקעדיגער יונגערמאַן (מ. תַּכְשִׁי'טִים).

**תֵּל [תֶּל]**, המ. "הויפען", רואינע. מאַכען אַ ת ל פון, פאַרשווענדען, אויסברייגען, רואינירען, מאַכען צו גאָרנישט.

**תֵּל [תֶּל]־עוֹ'לָם**, המ. (ביבליש). אייביגע רואינע. מאַכען אַ ת ל־ע ו ל ם פון, אין גאַנצען רואינירען.

**תָּ'לוּי**, המ. "דער געהאַנגענער", דער געקרייציגטער. אַרויפשלעפען אויף זיך דעם ת ל ו י, אָנטהאָן אויף זיך פיעל צירונגען אָדער פוץ=זאַכען.

**תָּ'לוּי**, א. אָפהענגיג. "עס איז ת ל ו י אָן איהם".

**תָּ'לוּי־בְּדָ'בָר**, א. (תלמודיש). אָפהענגיג פון אַ געוויסער זאַך.

**תָּ'לוּי־בְּדַ'עַת־אֲחֵ'רִים**, א. (תלמודיש). אָפהענגיג פון דעם ווילען פון אַנדערע.

**תְּ'לֵי־תִּ'לִים־שֶׁל־הֲלָ'כוֹת**, מ. (תלמודיש). הויפענס אויף הויפענס פון געזעץ=אויסטייטשונגען אָדער טעקסט=ערקלערונגען.

**תְּלִ'יָה**, הוו. (מ. תְּלִ'יוֹת). אַ הילצערנעס געשטעל אויף וועלכען מע הייננגט פאַרברעכערס, גאַלגען, עשאַפאָט. "פאַר אַ גנב טאָר מען קיין ת ל י ה ניט דערמאָנען" (שפוו.).

**תַּלְ'יוֹן**, המ. (מ. תַּלְ'יוֹנִ'ים). הענקער, קאַט.

**תַּלְ'מוּד**, המ. אַ ווערק געשריבען טהייל=ווייז אין העברעאיש און טהייל=ווייז אין אַראַמעאיש, וואָס ענטהאַלט אַלע אידישע ציוויל=קרימינאַל= אין גלויבענס=געזעצען, לעהרען פון מאָראַל, שפריכווערטער, זאַגען, פראַקטישע וויסענשאַפטען, און לעבענסרעגעלען פון פאַרשיעדענע געלעהרטע וועלכע האָבען געלעבט אין פאַרלויף פון אונגעפעהר אַכט הונדערט יאָהר. דער תלמוד איז צוערשט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אין דעם 2=טען יאָהרהונדערט אין פאַלעסטינא וואו עס איז דאַמאָלס געוועזען דער צענטער פון אידישער געלעהרזאַמקייט. די דאָזיגע צוזאַמענשטעלונג רופט זיך "תַּלְ'מוּד־יְרוּשַׁלְ'מִי" (דער תלמוד פון ירושלים). שפעטער, אין דעם זעקסטען יאָהרהונדערט, ווען די אידישע געלעהרזאַמקייט האָט זיך כמעט אין גאַנצען אַריבערגעטראָגען קיין בבל, האָבען די געלעהרטע רַבִּינָא און רַב־אַשִׁי געמאַכט אַ נייע צוזאַמענשטעלונג וועלכע איז פיעל ברייטער און פאָלקאָמענער ווי די ערשטע. דאָס ווערק הייסט "תַּלְ'מוּד־בַּבְ'לִי" (דער תלמוד פון בבל) און איז דאָס יעניגע וועלכע ווערט הויפּטזעכליך שטודירט. דער תלמוד באַשטעהט פון צוויי הויפּט=טהיילען: איינער איז די "מִשְׁ'נָה" וועלכע איז דער גרונד=טעקסט און ענט=

האלט די געזעץ־ענטשיידונגען און לעהרען פון די גאָר־ערשטע געלעהרטע, די תַּנָאִים; דער צווייטער טהייל איז די "גְמָרָא" וועלכע ענטהאלט די מיינונגען, ענטשיידונגען און לעהרען פון די אֲמוֹרָאִים, וועלכע טייטשען מעהרסטענטהיילס אויס, אָדער באַציהען זיך אויף, די משנה. דער תלמוד ווערט אויך (נאָך זיין אינהאַלט) איינגעטהיילט אין "הֲלָכָה" (ד. ה. די ציוויל־ קרימינאַל־ און גלויבענס־געזעצען), און אין "אַגָדָה" (ד. ה. עטהישע לעהרען, זאַגען, שפּריכווערטער, ערצעהלונגען א. א. וו.). דער תלמוד באַשטעהט פון זעקס "סְדָרִים", אָדער "הויפּט־אָפּטהיילונגען", וועלכע ווערען איינגעטהיילט אין "מַסֶכְתּוֹת", אָדער "טראַקטאַטען" (1. סדר זרעים וואָס ענטהאַלט די עלף מסכתות: ברכות, פאה, דמאי, כלאים, שביעית, תרומות, מעשרות, מעשר־שני, חלה, ערלה, בכורים. 2. סדר מועד וואָס ענטהאַלט די צוועלף מסכתות: שבת, עירובין, פסחים, שקלים, יומא, סוכה, ביצה, ראש־השנה, תענית, מגילה, מועד־קטן, הגיגה. 3. סדר נשים וואָס ענטהאַלט די זיעבען מסכתות: יבמות, כתובות, נדרים, נזיר, סוטה, גיטין, קידושין. 4. סדר נזיקין וואָס ענטהאַלט די צעהן מסכתות: בבא־קמא, בבא־מציעא, בבא־בתרא, סנהדרין, מכות, שבועות, עדיות, עבודה־זרה, אבות, הוריות. 5. סדר קדשים וואָס ענטהאַלט די עֶלף מסכתות: זבחים, מנחות, חולין, בכורות, ערכין, תמורה, כריתות, מעילה, תמיד, מדות, קנים. 6. סדר טהרות וואָס ענטהאַלט די צוועלף מסכתות: כלים, אהלות, נגעים, פרה, טהרות, מקואות, נדה, מכשירין, זבים, טבול־יום, ידים, עוקצים. צום תלמוד ווערען אויך צוגערעכענט די פאָלגענדע פערצעהן וועניגער־אָנגענומענע מסכתות: אבות־דרבי־נתן, סופרים, שמחות (אבל־רבתי), כלה, כלה־רבתי, דרך־ארץ־רבה, דרך־ארץ־זוטא, גרים, כותים, עבדים, ספר־תורה, תפלין, ציצית, מזוזה). די טראַקטאַטען ווידער טהיילען זיך אין "פְּרָקִים", אָדער "אָבשניטען".

**תַּלְמוּד־בַּבְלִי**, הם. דער תלמוד צוזאַמענגעשטעלט אין בבל. **זעה** תַּלְמוּד.

**תַּלְמוּד־יְרוּשַׁלְמִי**, הם. דער תלמוד צוזאַמענגעשטעלט אין פאַלעסטינא. זעה תַּלְמוּד.

**תַּלְמוּד־תּוֹרָה**, הם. (מ. תַּלְמוּד־תּוֹרָהס). אַ אידישע שוהלע וואו מע גיט (אָרעמע קינדער פרייען) אונטערריכט אין רעליגיאָן און אַנדערע געגענשטאַנדען.

**תַּלְמוּדִיסט**, הם. (מ. תַּלְמוּדִיסטען). איינער וועלכער קען אָדער שטודירט דעם תלמוד.

**תַּלְמוּדִיש**, א. באַלאַנגענדיג צו אָדער גענומען פון תלמוד.

תַּלְ'מִיד, המ. (מ. תַּלְמִי'דִים). אַ שילער, אַ'ן אנהענגער.

תַּלְ'מִיד־חָ'כָם, המ. (מ. תַּלְמִי'דֵי־חֲכָ'מִים), (תלמודיש). אַ געלעהרטער, אַ תלמודיסט.

תַּלְמִי'דָה, הוו. (מ. תַּלְמִי'דוֹת). אַ שילערין.

תַּם, המ. אַ נאַאיווער מענש; אַ'ן אידיאָט; איינער פון די ארבעה־בנים (ווז.).

תַּ'מּוּז, המ. דער צעהנטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט אין יוני־יולי און האָט 29 טעג.

תְּמוּ'נָה, תְּמוּ'נַת־, הוו. (מ. תְּמוּ'נוֹת). בילד, געשטאַלט.

תְּמוּ'נַת־אוֹת [אָת], הוו. די געשטאַלט פון אַ בוכשטאַב. ניט וויסען קיין ת מ ו נ ת־א ו ת, ניט קענען לעזען.

תָּ'מוּת נַפְ'שִׁי עִם פְּלִשְׁ'תִּים, (ביבליש). "לאָז אונטערגעהן מיין לעבען צוזאַמען מיט די פלשתים" (די ווערטער וועלכע שמשון האָט געזאָגט ווען ער האָט מיט זיינע הענט איינגעוואָרפען די זיילען פון זיין געפענגעניס, ווי די ביבעל דערצעהלט).

תִּמְ'חֶה, המ. איינער וועלכער שטאַמט פון עמלק, אויף וועלכען עס שטעהט: מָחֹה תִּ מְ חֶ ה אֶת זֵכֶר עֲמָלֵק — דו זאָלסט אויסמעקען די שפור פון עמלק.

תָּ'מִיד, א. שטענדיג, אימער, אַלע מאָל.

תְּמִ'יָה, הוו. פאַרוואונדערונג, פראַגע.

תְּמִי'כָה, הוו. שטיצע, געלד־שטיצע.

תְּמִי'מוּת, הוו. איינפאַכקייט, ניט־איבערגעשפיצטקייט, נאַאיוויטעט.

תַּמִ'עוּיאַ'טע, א. שטומפזיניג, נאַריש, אידיאָטיש.

תַּמְ'צִית, המ. עססענץ, קווינט־עססענץ.

תַּ'נָּא, המ. (מ. תַּנָּ'אִים). איינער פון די ערשטע תלמודישע געלעהרטע. זעה תַּלְ'מוּד.

תַּ'נָּא־בְּרָא [בַּ'רָא], המ. (מ. תַּ'נָּא־בָּ'רָאִים), (תלמודיש). קערל, באָיבאַק (אורשפרינגליך: איינער פון די תנאים וואָס ווערען ניט דערמאָנט אין דער משנה).

תְּ'נַאי, המ. (מ. תְּנָ'אִים). באַדינג, אָפּמאַך.

תְּנַאי'־גֶט, המ. אַ גט וועלכען אַ שטערבליך־קראַנקער גיט זיין פרוי דאַמיט זי זאָל נאָך זיין טויט ניט דאַרפען נעהמען חליצה פון זיין ברודער מיט דעם באַדינג אַז אויב ער וועט בלייבען לעבען זאָל דער גט ניט זיין גילטיג.

תְּנָ'אִים, מ. אַ געשריבענער אָפּמאַך פון פאַרלאָבונג; המ. די מאָהלצייט וועלכע מע מאַכט צו דער פאַרלאָבונג. "בעסער די ת נ א י ם צוּרייסען איידער די כתובה" (שפוו.).

תָּ'נוּ־רַבָּ'נָן, (תלמודיש). "אונזערע געלעהרטע האָבען געלעהרנט", ווערטער מיט וועלכע עס הויבען זיך אָן פיעל פאַראַגראַפען אין תלמוד.

תְּנוּ׳עָה, הוו. (מ. תְּנוּ׳עוֹת). באַוועגונג; מינע, גרימאַסע; אַ העבּרעאישער וואָקאַל־צייכען.

תַּנַ״ךְ, הם. (מ. תַּנַ׳כ׳יען). אב. תּוֹ׳רָה נְבִי׳אִים וּכְתוּבִים (ווז.), די ביבעל.

תַּנְצְבַּ״ה, אב. תְּהִי נִשְׁמָ׳תוֹ צְרוּ׳רָה בִּצְרוֹר׳ הַחַ׳יִּים — זיין זעלע זאָל זיין איינגעבונדען אין דעם בינטעל פון (אויביגען) לעבען (אויפשריפט אויף אַ מצבה).

תַּעֲ׳נוּג, הם. (מ. תַּעֲנוּ׳גִים). פאַרגניגען, וואוהלטאָג.

תַּעֲ׳נוּ׳גֵי־הָעוֹ׳לָם־הַ׳בָּא, מ. די פאַרגניגענס פון יענער וועלט.

תַּעֲנוּ׳גֵי־הָעוֹ׳לָם־הַ׳זֶּה, מ. די פאַרגניגען פון דער וועלט.

תַּעֲנִית [תָּ׳נֶת], הם. (מ. תַּעֲנֵי׳תִים). אַ פאַסט־טאָג.

תַּעֲ׳נִית־אֶסְ׳תֵּר, הם. זעה אֶסְ׳תֵּר־תַּעֲנִית.

תַּעֲ׳נִית־צִ׳בּוּר, הם. (תלמודיש). אַ׳ן אַלגעמיינער פאַסט־טאָג.

תַּעֲ׳נִית־צַדִּי׳קִים, הם. אַ פאַסט־טאָג פאַר די גאַנץ פרומע. ״פרייטאָג איז אַ תענית־צדיקים״.

תְּ׳פוּס, א. איינגעשפאַרט, אין פעסטונג.

תְּפִי׳לָה, זעה תְּפִ׳לָּה.

תְּפִי׳סָה, הוו. (מ. תְּפִי׳סוֹת). געפענקענים; אויפפאַסונגס־קראַפט.

תְּפִ׳לָה, הוו. (מ. תְּפִ׳לוֹת). קירך.

תְּפִ׳לָּה, הוו. (מ. תְּפִ׳לּוֹת). אַ געבעט. טהאָן תפלה, בעטען.

תְּפִ׳לָּה־זַ׳כָּה, הוו. ״אַ ריינעם געבעט״, אַ געוויסעם געבעט וואָס מע זאָגט ערב־יום־כפור פאַרנאַכט.

תְּפִ׳לִּים, מ. זעה תְּפִ׳לִּין.

תְּפִ׳לִּין, מ. קעסטעלאך פון פאַרמעט צוזאַמענגענייהט מיט אָדערען (גידין, ווז.) אין וועלכע עס ליגען שטיקלעך פאַרמעט באַשריבען מיט געוויסע זאַצען פון דער תורה. די תפלין ווערען ביי׳ם דאַווגען געטראָגען אויפ׳ן קאָפּ און אויף דעם לינקען אָרעם צוגעפעסטיגט מיט רצועות (ווז.).

תְּפִ׳לִּין־שֶׁל־יַד, מ. (תלמודיש). די תפלין פון האַנד.

תְּפִ׳לִּין־שֶׁל־ראֹש [רָאש], מ. (תלמודיש). די תפלין פון קאָפּ.

תְּפִ׳לַּת־הַדֶּ׳רֶךְ, הוו. דאָס געבעט וואָס מע זאָגט איידער מע גערהט אויף אַ רייזע.

תְּפִ׳לַּת־שָׁ׳וְא, הוו. (תלמודיש). אַ׳ן אומזיסט געבעט, אַ געבעט וועלכעס קען ניט מעהר העלפען.

תְּצַ׳וֶּה, הוו. דער נאָמען פון דער צוואַנציגסטער סדרה (ווז.).

תִּקְ׳וָה, הוו. (מ. תִּקְ׳ווֹת). האָפענונג.

תְּקוּ׳מָה, הוו. (מ. תְּקוּ׳מוֹת). אויפשטעהונג, אויפלעבונג. ניט האָבען קיין תקומה, ניט קענען מעהר אויפשטעהן.

תִּ׳קוּן, הס. (מ. תִּקוּ׳נִים) . אויס־בעסערונג, קאָררעקציאָן; איינריכ־טונג, איינפיהרונג; רייניגונג, אויסלייטערונג (פון אַ זינדיגער נשמה); תקון־ליל־שבועות (ווז.) . טרינקען ת ק ו ן (חסידיש), טרינ־קען שנאַפּס אין קלויז צו אַ יאָהר־צייט.

תִּ׳קוּן־חֲצוֹת [חָצֹת], הס. געוויסע געבעטען וועלכע די פרומע זאָ־גען אום האַלבע נאַכט פאַר די אויפריכטונג פון דעם אידישען פאָלק.

תִּ׳קוּן־לֵיל־שָׁבוּ׳עוֹת, הס. געוויסע טהיילען פון דער תורה וועלכע מע זאָגט די ערשטע נאַכט פון שבועות.

תְּקוּ׳פָה, הוו. (מ. תְּקוּ׳פוֹת) . "אַ קרייז", איינע פון די פיער ציי־טען פון יאָהר (ווינטער, פריה־לינג, זומער, הערבסט); דער טאָג ווען איין תקופה ענדיגט זיך און אַ צווייטע הויבט זיך אָן; אַ פעריאָדע, אַ צייט־פונקט.

תְּקוּ׳פַת־טֵ׳בֵת, הוו. (תלמודיש) . די תקופה וועלכע הויבט זיך אָן אין מאָנאַט טבת; דער טאָג ווען תקופת־טבת הויבט זיך אָן (דער קירצעסטער טאָג פון יאָהר). זעה תְּקוּ׳פָה.

תְּקוּ׳פַת־נִי׳סָן, הוו. (תלמודיש) די תקופה וועלכע הויבט זיך אָן אין מאָנאַט ניסן; דער טאָג ווען תקופת־ניסן הויבט זיך אָן. זעה תְּקוּ׳פָה.

תְּקוּ׳פַת־תַּ׳מוּז, הוו. (תלמודיש) . די תקופה וועלכע הויבט זיך אָן אין מאָנאַט תמוז; דער טאָג ווען תקופת־תמוז הויבט זיך אָן (דער לענגסטער טאָג פון יאָהר). זעה תְּקוּ׳פָה.

תְּקוּ׳פַת־תִּשְׁ׳רֵי, הוו. (תלמודיש) . די תקופה וועלכע הויבט זיך אָן אין מאָנאַט תשרי; דער טאָג ווען תקופת־תשרי הויבט זיך אָן. זעה תְּקוּ׳פָה.

תְּקִי׳עָה, הוו. (מ. תְּקִי׳עוֹת) . דאָס בלאָזען אין שופר; אַ געוויסער אויסגעצויגענער טאָן (די טענער וועלכע ווערען אויסגעבלאָזען פון שופר זיינען פון דרייערליי אַרטען: תקיעה, תרועה און שברים, ווז.).

תְּקִי׳עָה־גְדוֹ׳לָה, הוו. (מ. תְּקִי׳עוֹת־גְּדוֹ׳לוֹת) . אַ לאַנגע תקיעה, אַ זעהר לאַנגער אויסגעצויגענער טאָן פון שופר וועלכען מע בלאָזט אויס פון שופר צום ענד פון אַלע תקיעות.

תְּקִי׳עַת־כַּף, הוו. האַנדשלאַג גע־געבען אַלס באַפעסטיגונג פון אַ געשעפט אָדער אָפּמאַך, אָדער אַלס אַ באַשטעטיגונג פון אַ צוזאָג.

תַּ׳קִיף, הס. (מ. תַּקִי׳פִים) . איינ־פלוסרייכער מאַן; אייגענוויליגער שטאָלצער מאַן.

תַּ׳קִיף, א. איינפלוסרייך, שטאָלץ, שטאָלץ ביי זיך, פעסט. ת ק י ף אין מעמד, אין אַ גוטען שטאַנד. "א׳ן אָרעמאַן און אַ קראַנקער זיינען שטענדיג ת ק י ף" (שפוו.).

תַּקִי׳פוּת, הוו. שטאָלצקייט, אייגענ־וויליגקייט, פעסטקייט.

תַּקָ'לָה, הוו. (מ. תַּקָ'לוֹת). שטרויכלונג.

תַּקָ'נָה, הוו. (מ. תַּקָ'נוֹת). איינפיהרונג, איינריכטונג, פאַראָרדנונג, געזעץ; פאַרבעסערונג, אויסבעסערונג.

תַּרְ'בּוּת, הוו. מאַניערען, עטיקעט, אויפפיהרונג, גוטע אויפפיהרונג.

תַּרְ'גּוּם, המ. (מ. תַּרְגּוּ'מִים). אַ כאַלדעאישע איבערזעצונג פון דער ביבעל; כאַלדעאיש; אונפאַרשטענדליכע שפּראַך.

תַּרְ'גּוּם־אוּנְ'קְלוֹס, המ. (תלמודיש). די כאַלדעאישע איבערזעצונג פון דער ביבעל פאַרפאַסט פון אַ געוויסען אונקלוס.

תַּרְ'גּוּם־יוֹ'נָתָן, המ. (תלמודיש). די כאַלדעאישע איבערזעצונג פון דער ביבעל (נביאים און כתובים) פאַרפאַסט פון אַ געוויסען יונתן.

תַּרְ'גּוּם־יְרוּשַׁלְ'מִי, המ. אַ געוויסע כאַלדעאישע איבערזעצונג פון דער ביבעל וועלכע איז געמאַכט געוואָרען אין פאַלעסטינאַ.

תַּרְ'גּוּם־לָ'שׁוֹן, המ. כאַלדעאיש; אונפאַרשטענדליכע שפּראַך.

תַּרְ'גּוּם־שֵׁ'נִי, המ. "דער צווייטער תרגום", אַ געוויסער כאַלדעאישער קאָמענטאַר אויף דעם בוך אסתר וואָס ענטהאַלט פיעלע לעגענדען און וואונדער־ערצעהלונגען.

תְּרוּ'מָה, הוו. אַרונטערנעהמונג, דאָס וואָס מע פלעגט לויט דעם אידישען דין מוזען אַראָפּנעהמען (פאַרצייטען ביי אידען) פון תבואה און אַנדערע פּראָדוקטען פאַר דעם כהן; דער נאָמען פון דער ניינצעהנטער סדרה (ווז.).

תְּרוּ'עָה, הוו. (מ. תְּרוּ'עוֹת). אַ געוויסער טאָן פון שופר. זעה תְּקִי'עָה.

תְּרוּ'פָה, הוו. (מ. תְּרוּ'פוֹת). היילונג, הייל־מיטעל.

תֵּרוּץ [תֵּ'רֶץ], המ. (מ. תֵּרוּ'צִים). ענטפער; פאַרענטפערונג, ענטשולדיגונג.

תֵּרוּץ [תֵּ'רֶץ]־מַסְ'פִּיק, המ. באַפרידיגענדער ענטפער.

תֶּ'רַח, אנמ. דער נאָמען פון אברהמ'ס פאָטער; אַ'ן אַלטער נאַרר.

תַּרְיַ"ג־'אֵבָרִים [אֵבְ'רִים], מ. (תלמודיש). די זעקס הונדערט און דרייצעהן באַשטאַנדטהיילען פון דעם מענשליכען קערפּער (לויט אַמאָליגע באַגריפען).

תַּרְיַ"ג־מִצְ'וֹת, מ. (תלמודיש). די זעקס הונדערט און דרייצעהן געזעצען וועלכע אַ איד מוז אָפּהיטען. עס ווערט געגלויבט אַז די צאָהל שטימט מיט דער צאָהל פון די טהיילען פון דעם מענשליכען קערפּער: די זעקס הונדערט און דרייצעהן געזעצען באַשטעהען פון רמ"ח (248) "עשה'ס" שטימענדיג מיט דער צאָהל פון די גלידער, און פון שס"ה (365) "לא־תעשה'ס" ענטשפּרעכענדיג דער צאָהל פון אָדערען וועלכע געפינען זיך אין מענשליכען קערפּער (לויט די אַמאָליגע באַגריפען).

תַּרְעוּ'מוֹת, מ. אנשפּרוכען, פּרעטענזיעס.

תַּרְפּ"ט־אֲלָ'פִים, צ. זעקס הונדערט און ניין און אַכציג טויזענד, אַ'ן אונגעהייער גרויסער צאָהל.

תַּרְ'תֵּי־דְסַתְ'רֵי, ם. "צוויי זאַכען וועלכע ווידערשפּרעכען זיך איינאַנדער", אַ ווידערשפּרוך.

תְּשְׁבוֹ'רֶת, הוו. געבראָכענע צאָהלען, דראָב (אין אַריטמעטיק).

תְּשׁוּ'בָה, הוו. (ם. תְּשׁוּ'בוֹת). ענטפער; באַקעהרונג, באַרייאונג; אַ שטראָף וועלכע מע לעגט אויף אימיצען אַרויף אָדער ער נעהמט אַליין אויף זיך אַלס אַ פאַרגעבונג פאַר אַ זינד.

תְּשׁוּ'קָה, הוו. (ם. תְּשׁוּ'קוֹת). פאַרלאַנג, באַגעהר.

תַּשְׁ'לִיךְ, הם. (ליטורגיש). "דו זאָלסט אַריינוואַרפען (אין די טיעפעניסען פון מעער אַלע אונזערע זינד)", דער נאָמען פון אַ געבעט וואָס מע זאָגט דעם ערשטען טאָג פון ראש־השנה שטעהענדיג אויס'ן ברעג פון אַ לויפיגען וואַסער.

תַּשְׁ'מִישׁ, הם. זעה תַּשְׁ'מִישׁ־הַמִּ'טָּה.

תַּשְׁ'מִישׁ־הַמִּ'טָּה, הם. געשלעכטליכעס צוזאַמענזיין.

תִּשְׁ'עָה, צ. ניין (9).

תִּשְׁ'עָה־בְּאָב, הם. דער נײַנטער טאָג פון מאָנאַט אב, אַ פאַסט־ און טרויער־טאָג צום אנדענק אן דעם חרבן בית־המקדש.

תִּשְׁ'רֵי, הם. דער ערשטער מאָנאַט פון דעם אידישען יאָהר; פאַלט געוועהנליך אין סעפּטעמבער־אָקטאָבער און האָט 30 טעג.

תַּשְׁ'רַ"ק, הם. אַ געוויסע פאַרשטעלטע אַרט פון שרייבען לויט וועלכער דער בוכשטאַב "ת" מיינט אַ "ש", דער בוכשטאַב "ר" — אַ "ק", א. א. וו.

ת"ת, אב. תַּלְ'מוּד־תּוֹ'רָה (ווז.).



# אידיש ווערטערבוך

II

זעלטענער געברויכטע העברעאישע (און כאלדעאישע)
אויסדרוקען, זאצען און שפריכווערטער.

# א.

אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים הָיְתָה לְרֹאשׁ פִּנָּה, (ביבליש). דער שטיין וועלכען די בויער האָבען פאַראַכטעט — איז געוואָרען דער ווינקעלשטיין.

אָדָם בָּהוּל עַל מָמוֹנוֹ, (תלמודיש). אַ מענש איז פאַרהאַוועט נאָך זיין געלט.

אָדָם לְעָמָל יוּלָד, (ביבליש). אַ מענש איז געבאָרען זיך צו פּלאָגען (אויף דער וועלט).

אָדָם מוּעָד לְעוֹלָם, (תלמודיש). אַ מענש ווען ער טהוט צום ערשטען מאָל אַ שאָדען איז גראָד אַזוי פאַראַנטוואָרטליך ווי ווען ער וואָלט געווען אין דער געוואוהנהייט צו מאַכען אַזעלכע שאָדענס.

אֱהֹב אֶת הַמְּלָאכָה וּשְׂנָא אֶת הָרַבָּנוּת, (תלמודיש). ליעב די אַרבייט און האַס די פיהרערשאַפט.

אַהֲבָה מְקַלְקֶלֶת אֶת הַשּׁוּרָה, (תלמודיש). ליעבע פאַרדרעהט די גלייכע ליניע פון (פאַרשטאַנד אָדער אויפפיהרונג), ליעבע מאַכט פאַרטייאיש.

אִי לְיָזְנַיִם שֶׁבַּךְ שׁוֹמְעוֹת, (תלמודיש). וועה צו די אויערען וואָס דאַרפען אַזוי וואָס הערען.

אוֹי לִי אִם אוֹמַר וְאוֹי לִי אִם לֹא אוֹמַר, (תלמודיש). וועה מיר אויב איך וועל זאָגען, וועה מיר אויב איך וועל ניט זאָגען.

אוֹי לִי מִיּוֹצְרִי וְאוֹי לִי מִיִּצְרִי, (תלמודיש). וועה איז מיר פון מיין באַשעפער און וועה איז מיר פון מיין יצר־הרע, ס'איז שלעכט אַזוי און שלעכט אַזוי.

אוֹי לָרָשָׁע וְאוֹי לִשְׁכֵנוֹ, (תלמודיש). וועה צו דעם שלעכטען און וועה צו זיין שכן.

אוֹי מֶה הָיָה לָנוּ, (ביבליש). וועה וואָס פון אונז איז געוואָרען.

אֲוִירָא דְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מַחְכִּים, (תלמודיש). די לופט פון ארץ ישראל מאַכט קלוג.

אוֹמְרִים מִקְצַת שִׁבְחוֹ שֶׁל אָדָם בְּפָנָיו, (תלמודיש). אַ טהייל פון אַ מענשען'ס לויב מעג מען זאָגען פאַר זיין געזיכט.

אוֹתִיוֹת מַחְכִּימוֹת, (תלמודיש). בוכשטאבען מאכען קלוג, דער גשריבע־נער טעקסט קלערט אויף.

אֶחָד הַמַּרְבֶּה וְאֶחָד הַמַּמְעִיט, (תלמודיש). אלץ איינס דער וואָס ברייננט ווענינ אָדער דער וואָס בריינגט מעהר (אזוי לאנג ווי די אבזיכט איז גוט).

אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ מֶלֶךְ טִפֵּשׁ הָיָה, (תלמודיש). אחשורוש איז געוועזן א נאררישער קעניג.

אַחֲרוֹן אַחֲרוֹן חָבִיב, (תלמוד). דער לעצטער איז דער ליעבסטער (א ווער־טעל וואָס מע זאָגט ווען מע דערמאָנט אימיצען צום לעצטען).

אַחֲרֵי מוֹת קְדוֹשִׁים אֱמוֹר, "נאָך דעם טויט פון הייליגע זאָג", ד. ה. נאָך דעם טויט זאָגט מען לויב־ווערטער (די ווערטער זיינען אייגענטליך די נעמען פון דריי סדרות וועלכע געהען איינער נאָך דער אַנדערער).

אֵיזֶהוּ גִּבּוֹר הַכּוֹבֵשׁ אֶת יִצְרוֹ, (תלמודיש). ווער איז שטארק? — דער וואָס באצווינגט זיינע (שלעכטע) נייגונגען. "א י ז ה ו ג ב ו ר ה כ ו ב ש גלייכווערטעל" (פאראָדיע).

אֵיזֶהוּ חָכָם הָרוֹאֶה אֶת הַנּוֹלָד, (תלמודיש). ווער איז קלוג? — דער וואָס זעהט פאָראויס דאָס קומענדיגע.

אֵיזֶהוּ עָשִׁיר הַשָּׂמֵחַ בְּחֶלְקוֹ, (תלמודיש). ווער איז רייך? — דער וואָס איז צופרידען מיט זיין טהייל.

אֵין אָדָם מֵשִׂים עַצְמוֹ רָשָׁע, (תלמודיש). א מענש קען זיך אליין ניט מאַ־כען פאַר א פאַרברעכער.

אֵין אָדָם רוֹאֶה נִגְעֵי עַצְמוֹ, (תלמודיש: כָּל הַנְּגָעִים אָדָם רוֹאֶה חוּץ מִנִּגְעֵי עַצְמוֹ). א מענש זעהט ניט זיינע אייגענע פעהלערן.

אֵין אוּמָּן בְּלֹא כֵּלִים, (נאָכתלמודיש). א קינסטלער קען ניט זיין אָהן גע־צייג.

אֵין אוֹרֵחַ מַכְנִיס אוֹרֵחַ, (תלמודיש). איין גאַסט קען ניט אויפנעהמען א (צווייטען) גאַסט.

אֵין בּוֹ מְתוֹם, (ביבליש). ס'איז אין איהם ניטא קיין גאַנץ גליעד.

אֵין בּוֹדְקִין לִמְזוֹנוֹת, (תלמודיש). מע אונטערזוכט ניט ווען עס האנדעלט זיך אום (געבען אימיצען אויף) לעבענסמיטעל.

אֵין בַּיִת אֲשֶׁר אֵין שָׁם מֵת, (ביבליש). עס איז ניט געוועזן א הויז וואו עס איז ניט געוועזן קיין טויטער.

אֵין בֶּן דָוִד בָּא עַד שֶׁתִּכְלֶה פְּרוּטָה מִן הַכִּיס, (תלמודיש). דער זוהן פון דוד (ד. ה. משיח וועלכער וועט זיין א'ן אָבשטאַם פון דוד'ן) וועט ניט קומען ביז עס וועט אויסגעהן די (לעצטע) פרוטה פון ביטעל.

אֵין דוֹמֶה מִי שֶׁיֵּשׁ לוֹ פַּת בְּסַלּוֹ לְמִי שֶׁאֵין לוֹ פַּת בְּסַלּוֹ, (תלמודיש). עס איז ניט גלייך דער וואָס האָט ברויט אין זיין קאָרב (און עסט ניט) צו דעם וואָס (עסט ניט ווייל ער) האָט ניט קיין ברויט אין זיין קאָרב.

אֵין הַקּוֹמֶץ מַשְׂבִּיעַ אֶת הָאֲרִי, (תלמודיש). אַ הייפעל קען ניט זאַט מאַכען דעם לייב.

אֵין הַשְּׁכִינָה שׁוֹרָה (לֹא) מִתּוֹךְ עַצְבוּת, (תלמודיש). די געטליכע באַגייס־טערונג קומט ניט ווען מען איז באַטריבט.

אֵין חָכָם כְּבַעַל הַנִּסָּיוֹן, (נאָכתלמודיש). קיינער איז ניט אַזוי קלוג ווי דער מאַן פון ערפאַהרונג.

אֵין לְךָ אָדָם שֶׁאֵין לוֹ שָׁעָה, (תלמודיש). עס איז ניטאָ אַ מענש וואָס האָט ניט זיין מאָמענט אין לעבען.

אֵין מְבִיאִים רְאָיָה מִן הַשּׁוֹטִים, (תלמודיש). פון נאַררען ברייננט מען קיין באַווייז.

אֵין מְגַלִּים אֶלָּא לִצְנוּעִים, (ביבליש). מע אַנטפּלעקט עס בלויז צו די גאַנץ פרומע.

אֵין מוּקְדָּם וּמְאוּחָר בַּתּוֹרָה, (תלמודיש). עס איז ניטאָ פריהער און שפּע־טער אין דער תורה.

אֵין מַזָּל לְיִשְׂרָאֵל, (תלמודיש). אידען האָבען קיין גליק ניט (אורשפּרינגליך מיינט עס: מע קען דעם שיקזאַל פון דעם אידישען פאָלק ניט פאָר־אויסזעהן פון די שטערען־צייכענס).

אֵין מְסִיחִין בִּסְעוּדָה, (תלמודיש). מע טאָר ניט רעדען ביי'ם עסען.

אֵין מְעָרְבִין שִׂמְחָה בְּשִׂמְחָה, (תלמודיש). מע דאַרף ניט צוזאַמענמישען איין פרעהליכקייט (פייערטאָג) מיט דער צווייטער.

אֵין עוֹנְשִׁים אֶלָּא אִם כֵּן מַזְהִירִים, (תלמודיש). מע באַשטראָפט ניט סיידען מע האָט פאָראויס געוואָרענט.

אֵין עֲנִיּוּת בִּמְקוֹם עֲשִׁירוּת, (תלמודיש). עס איז ניטאָ קיין אָרעמקייט אין דעם אָרט פון רייכטהום, ד. ה. אין אַ רייכען פלאַץ שטעלט מען זיך ניט אָפּ אויף קליינע אומקאָסטען.

אֵין קָטֵגוֹר נַעֲשֶׂה סָנֵגוֹר, (תלמודיש). דער באַשולדיגער קען ניט ווערען אַ פאַרטהיידיגער.

אֵין שָׁלוֹם אָמַר יְהֹוָה לָרְשָׁעִים, (ביבליש). עס איז ניטאָ קיין פרידען, זאָגט גאָט, פאַר די פאַרברעכער.

אֵינָהּ דוֹמָה שְׁמִיעָה לִרְאִיָּה, (תלמודיש). הערען איז ניט גלייך צו זעהן.

אִישׁ כָּל הַיָּשָׁר בְּעֵינָיו יַעֲשֶׂה, (ביבליש). יעדער טהוט וואָס איז גוט ביי איהם אין די אויגען.

אִישׁ תַּחַת גַּפְנוֹ וְאִישׁ תַּחַת תְּאֵנָתוֹ, (ביבליש). יעדער אונטער זיין וויינשטאָק און יעדער אונטער זיין פייגענבוים.

אֶל הַמְּנוּחָה וְאֶל הַנַּחֲלָה, (ביבליש). צו דער ערבשאַפט און צו דער רוה. "קומען אל המנוחה ואל הנחלה".

אַל תַּאֲמִין בְּעַצְמְךָ עַד יוֹם מוֹתְךָ, (תלמודיש). זאָלסט ניט גלויבען אין זיך ביז דעם טאָג פון דיין טויט.

אַל תַּגִּידוּ בְגַת, (ביבליש). איהר זאָלט עס ניט דערצעהלען אין גת (אַ געוויכע שטאָדט), דערצעהלט ניט די שאַנד אין דער פרעמד.

אַל תָּדִין אֶת חֲבֵרְךָ עַד שֶׁתַּגִּיעַ לִמְקוֹמוֹ, (תלמודיש). זאָלסט ניט אורטהיילען דיין פריינד ביז דו וועסט גיט זיין אין דיזעלביגע אומשטאַנדען ווי ער איז.

אַל תְּהִי בִרְכַּת הֶדְיוֹט קַלָּה בְעֵינֶיךָ, (תלמודיש). די ברכה פון אַ פראָסטען מענשען זאָל ניט זיין גרינג אין דיינע אויגען.

אַל תְּהִי צַדִּיק הַרְבֵּה, (ביבליש). זיי ניט צופיעל קיין צדיק.

אַל תִּסְתַּכֵּל בְּקַנְקַן אֶלָּא בַמֶּה שֶׁיֵּשׁ בּוֹ, (תלמודיש). דו זאָלסט ניט קוקען אויף דעם קרוג נאָר אויף וואָס אין איהם.

אַל תַּעַן כְּסִיל כְּאִוַּלְתּוֹ, (ביבליש). זאָלסט ניט ענטפערן דעם נאַררען לויט זיין נאַררישקייט.

אַל תִּפְרוֹשׁ מִן הַצִּבּוּר, (תלמודיש). זאָלסט זיך ניט אָפשיידען פון דעם כלל.

אַל תַּשְׁלִיכֵנִי לְעֵת זִקְנָה, (ביבליש). זאָלסט מיך ניט פאַרלאָזען אויף דער עלטער.

אַל תְּשַׁקְּצוּ אֶת נַפְשׁוֹתֵיכֶם, (ביבליש). איהר זאָלט זיך ניט פאַראומרייניגען.

אֵלֶּה אֱלֹהֶיךָ יִשְׂרָאֵל, (ביבליש). אָט איז דיין גאָט, ישראל! (די ווערטער וועלכע אהרן האָט געזאָגט צו די אידען ווען פון דעם גאָלד וואָס ער האָט צושמאָלצען איז אַרויסגעקומען דאָס גאָלדענע קאַלב).

אֵלּוּ וְאֵלּוּ דִבְרֵי אֱלֹהִים חַיִּים, (תלמודיש). אי די אי יענע זיינען די ווערטער פון דעם לעבענדיגען גאָט, אי דאָס אי יענעס איז ריכטיג.

אִם אֵין אֲנִי לִי מִי לִי, (תלמודיש). אויב איך אליין (ארבייט) ניט פאר זיך ווער (וועט ארבייטען) פאר מיך?

אִם אֵין קֶמַח אֵין תּוֹרָה, (תלמודיש). ווען עס איז ניטא קיין מעהל (לע־בענסמיטעל) איז ניטא (קען מען ניט לערנען) קיין תורה.

אִם בָּאֲרָזִים נָפְלָה שַׁלְהֶבֶת מַה יַּעֲשׂוּ אֵזוֹבֵי הַקִּיר, (תלמודיש). אויב אויף די צעדערען איז געפאלען א פייער וואס זאל שוין טהאָן דער מאָך פון דער וואנד?

אִם יוֹם תַּעַזְבֶהָ יוֹמַיִם תַּעַזְבֶךָּ, (תלמודיש). ווען דו ווערסט זי (די תורה) פארלאָזען אויף איין טאָג וועט זי דיך פארלאָזען אויף צוויי טעג.

אִם כֵּן אֵין לְדָבָר סוֹף, (תלמודיש). אויב אזוי וועט דאָך די זאך קיין ענד ניט נעהמען.

אִם כֵּן לָמָּה זֶּה אָנֹכִי, (ביבליש). אויב אזוי צו וואס האָב איך (עס בא־באדארפט)?. זעה אִם־כֵּן.

אִם לֹא יוֹעִיל לֹא יַזִּיק, (נאָכתלמודיש). אויב עס וועט ניט העלפען (יע־דענפאלס) שאדען וועט עס ניט.

אִם לֹא עַכְשָׁיו אֵימָתַי, (תלמודיש). אויב ניט איצט ווען דען?

אֱמוֹר מְעַט וַעֲשֵׂה הַרְבֵּה, (תלמודיש). זאָג ווייניג און טהו פיעל.

אָמְנָם חָטָאתִי, (ליטורגיש). יא טאקי איך האָב געזינדיגט.

אֲנִי הַגֶּבֶר רָאָה עֳנִי, (ביבליש). איך בין דער מאן וואס האָט דורכגעמאכט דאָס עלענד.

אַקַמְצָא וּבַר קַמְצָא חָרֵב יְרוּשָׁלַיִם, (תלמודיש). איבער קמצא און בר־קמצא (צוויי געוויסע פערזאָנען וועלכע האָבען זיך צוקריגט) איז צושטערט געוואָרען ירושלים.

אֲרִי שֶׁבַּחֲבוּרָה, (תלמודיש). דער לייב פון דער געזעלשאפט, דער העכ־סטער פון אלעמען.

אַשְׁקָא דְרִיסְפָּק חָרֵב בֵּיתֵר, (תלמודיש). איבער א דייקסעל פון א וואָגען איז צושטערט געוואָרען די שטאָדט ביתר.

אֶת אֲשֶׁר יֶאֱהַב יוֹכִיחַ, (ביבליש). וועמען ער ליעבט דעם שטראָפט ער.

אַתַּרְנְגוֹל וְאַתַּרְנְגוֹלְתָּא חָרֵב טוּר מַלְכָּא, (תלמודיש). איבער א האָהן און א הוהן איז צושטערט געוואָרען די שטאָדט טור־מלכא.

# ב.

**בָּאוּ מַיִם עַד נָפֶשׁ**, (ביבליש). דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט ביז'ן לעבּען (ביז'ן האַלז).

**בִּדִידִי הֲוָא עוּבְדָא**, (תלמודיש). מיט מיר (אַליין) האָט די זאַך פּאַסירט.

**בִּדְלֵיכָּא כּוּלֵי עָלְמָא לֹא פְּלִיגֵי**, (תלמודיש). ווען עס איז ניטאָ קריגט קיינער נישט.

**בּוֹר כָּרָה וַיַּחְפְּרֵהוּ**, (ביבליש). די גרוב וואָס ער אַליין האָט געגראָבען און אויסגעהאַקט (אין איהר וועט ער אַליין אַריינפאַלען).

**בְּחִיל וּבִרְעָדָה**, (ביבליש). מיט טרייסלען און מיט ציטערניש, מיט גרויסער פאַרעהרונג.

**בָּטֵל וּמְבוּטָל כְּחֶרֶס הַנִּשְׁבָּר**, (תלמודיש). אויסקאַסירט און ווערטהלאָז ווי אַ צובראָכען שערבעל.

**בִּלַּע הַמָּוֶת לָנֶצַח**, (ביבליש). עס זאָל פאַרניכטעט ווערען דער טויט אויף אויביג (ווערטער וועלכע מע זאָגט ווען מע רעדט פון טויט).

**בַּמֶּה דְבָרִים אֲמוּרִים**, (תלמודיש). ווען זיינען די רייד געזאָגט געוואָרען, ווען איז דאָס אַלין גערעדט.

**בַּמֶּה כֹּחֲךָ גָדוֹל**, (ביבליש). מיט וואָס איז דיין קראַפט גרויס?

**בֶּן נֹחַ נֶהֱרָג עַל פָּחוּת מִשָּׁוֶה פְּרוּטָה**, (תלמודיש). אַ זוהן (אַן אָפּשטאַם) פון נח וועט זיך לאָזען טויטען איבער אַ פּרוטה. זעה בֶּן־נֹחַ.

**בֶּן שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה לַחוּפָּה**, (תלמודיש). אַ זוהן פון אַכצעהן (יאָהרען דאַרף געפיהרט ווערען) צו דער חופה, ד. ה. צו אַכצעהן יאָהר מוז מען הייראַטהען.

**בִּנְפוֹל אוֹיִבְךָ אַל תִּשְׂמָח**, (ביבליש). ווען דיין פיינד פאַלט זאָלסטו זיך ניט פרעהען.

**בְּעִקְּבְתָא דִמְשִׁיחָא חוּצְפָּא יַסְגֵא**, (תלמודיש). אין די טריט (פאַר'ן קומען) פון משיח וועט זיך די פרעכהייט פאַרמעהרען.

**בָּקִי בְּכָל חַדְרֵי הַתּוֹרָה**, (תלמודיש). באַהאַוועגט אין אַלע קאַמערען (אַבּטהיילונגען) פון דער תורה.

**בְּרֹב דְּבָרִים לֹא יֶחְדַּל פָּשַׁע**, (ביבליש). פון פיעל רעד קען די זינד ניט אויסגעמיידט ווערען.

בְּרֹב עָם הַדְרַת מֶלֶךְ, (ביבליש). דורך פיעל פאָלק ווערט דער קעניג געעהרט.

בָּרוּךְ אַתָּה בְּבֹאֶךָ, (ביבליש). געבענשט זאָלסטו זיין אין דיין קומען.

בָּרוּךְ אַתָּה בְּצֵאתֶךָ, (ביבליש). געבענשט זאָלסטו זיין אין דיין אוועקגעהן.

בָּרוּךְ יְהִיָה יוֹם יוֹם, (ביבליש). געבענשט זאָל זיין גאָט פאר יעדען טאָג.

בָּרוּךְ מְשַׁנֶּה הַבְּרִיּוֹת, (ליטורגיש). געלויבט זאָל זיין דער וואָס מאכט די באַשעפעניסען פערשיעדען (ווערטער וועלכע מע זאָגט ווען מע זעהט אַ ניט-געוועהנליכע בעשעפענים).

בָּרוּךְ מַתִּיר אֲסוּרִים, (ליטורגיש). געלויבט איז דער וואָס באפרייט די גע-פאַנגענע (ווערטער וועלכע מע זאָגט ווען איטיצער ווערט באפרייט פון געפענקעניס).

בָּרִי וְשֶׁמָּא בָּרִי עָדִיף, (תלמודיש). געוויס און אַ טאָמער — איז געוויס בילכער.

בִּשְׁבִיל שֶׁאֲנִי זָכָר הִפְסַדְתִּי, (תלמודיש). צוליעב דעם וואָס איך בין אַ מאַנספערשוין, דאַרף איך פערלירען (האָבען ווענינגער רעכט)?

בְּשָׁכְבְּךָ וּבְקוּמֶךָ, (ביבליש). ביי דיין לעגען זיך און ביי דיין אויפשטעהן.

בְּשָׁעָה שֶׁאֵינָהּ לֹא יוֹם וְלֹא לַיְלָה, (תלמודיש). אין אַ צייט וואָס איז ניט טאָג און ניט נאַכט.

בָּתַר עַנְיָא אַזְלָא עֲנִיוּתָא, (תלמודיש). נאָך דעם אָרעמאַן געהט די אָרעמ-קייט.

# ג.

גָּבוֹהַּ מֵעַל גָּבוֹהַּ, (תלמודיש). איבער דעם הויכען נאָך אַ העכערער.

גָּדוֹל הַמְעַשֶּׂה יוֹתֵר מִן הָעוֹשֶׂה, (תלמודיש). גרעסער איז דער וואָס מאכט אַנדערע צו טהאָן (גוטעס) ווי דער וואָס טהוט אליין.

גְּדָיִים נַעֲשׂוּ תְּיָשִׁים, (תלמודיש). די ציקעלעך זיינען געוואָרען בעק.

גַּם אֲנִי בַּחֲלוֹמִי, (ביבליש: אַף אֲנִי בַּחֲלוֹמִי). איך קום אויך מיט מיין טרוים.

גַּם בְּמַעֲלָלָיו יִתְנַכֶּר נָעַר, (ביבליש). אַ קינד קען שוין דערקענט ווערען נאָך זיינע טהאַטען.

# ד.

דָּבָר הַמִּתְקַבֵּל עַל הַלֵּב, (תלמודיש). אַ זאַך וואָס לעגט זיך אויפ'ן הער־צען (זינען).

דִּבְּרָה תּוֹרָה כִּלְשׁוֹן בְּנֵי אָדָם, (תלמודיש). די תורה האָט אָפט גערעדט אין דעם סטיל פון מענשען.

דִּבְרֵי חֲכָמִים בְּנַחַת נִשְׁמָעִים, (תלמודיש). די ווערטער פון די קלוגע קלינגען געלאַסען.

דְּבָרִים בְּגוֹ, (תלמודיש). עס זיינען דערינגען דאָ (געוויסע) זאַכען, עס זיינען פאַראַן אורזאַכען. "עס זיינען דאָ ד ב ר י ם ב ג ו".

דְּבָרִים הַיּוֹצְאִים מִן הַלֵּב נִכְנָסִים אֶל הַלֵּב, (תלמודיש). ווערטער וועלכע געהען פון הערצען אַרויס געהען אין הערצען אַריין.

דְּבָרִים הָעוֹמְדִים בְּרוּמוֹ שֶׁל עוֹלָם, (תלמודיש). "זאַכען וועלכע שטעהען אויף דעם שפּיץ פון דער וועלט", וויכטיגע זאַכען.

דַּי לַחֲכִימָא בִּרְמִיזָא, (תלמודיש). דעם קלוגען איז גענוג מיט אַ וואונק.

דַּיָּה לְצָרָה בְּשַׁעְתָּהּ, (תלמודיש). עס איז גענוג דאָס אונגליק אין דער צייט ווען עס קומט (און מע דאַרף זיך פאָראויס וועגען דעם ניט בע־טריבען).

דִּינָא דְמַלְכוּתָא דִינָא, (תלמודיש). דאָס געזעץ פון דער רעגיערונג איז אַ געזעץ (וועלכען מע דאַרף פאָלגען).

דִּירָה נָאָה אִשָּׁה נָאָה וְכֵלִים נָאִים מַרְחִיבִים דַּעְתּוֹ שֶׁל אָדָם, (תלמודיש). אַ שענע וואָהנונג, אַ שענע פרוי און שענע מעבעל, מאַכען ברייט (אויפגערוימט) דאָס געמיטה פון אַ מענשען.

דַּע מֵאַיִן בָּאתָ, (תלמודיש). וויים פון וואַנען דו ביסט געקומען.

דַּע מַה שֶּׁתָּשִׁיב לְאַפִּיקוֹרוֹס, (תלמודיש). וויים וואָס דו זאָלסט ענטפערען דעם ניט־גלויבענדען.

דַּעֲלָךְ סָנֵי לְחַבְרָךְ לָא תַעֲבִיד, (תלמודיש). וואָס דו האָסט (אליין) פיינד זאָלסטו ניט טהאָן צו דיין מיט־מענשען.

דֶּרֶךְ אֶרֶץ קָדְמָה לַתּוֹרָה, (תלמודיש). וועלטליכע פפליכטע זיינען בילכער ווי לערנען תורה.

# ה.

הָא בְּהָא תַּלְיָא, (תלמודיש). דאָס הייננגט אָפּ אָן יענעם, איינס הייננגט אָפּ פון אַנדערען.

הָאוֹכֵל בְּשׁוּק דּוֹמֶה לְכֶּלֶב, (תלמודיש). דער וואָס עסט אין גאַס איז גלייך צו אַ הונד.

הָאוֹמֵר דָּבָר בְּשֵׁם אוֹמְרוֹ מֵבִיא גְאוּלָּה לָעוֹלָם, (תלמודיש). דער וואָס דערצעהלט איבער אַ זאַך אין דעם נאָמען פון דעם וואָס האָט עס צוערשט דערצעהלט ברייננגט די גאולה אויף דער וועלט.

הָאִישׁ אֶחָד יֶחֱטָא וְעַל כָּל הָעֵדָה תִּקְצֹף, (ביבליש). צי צוליעב איין מענשען וואָס זינדיגט ווערסטו צארענען אויף דער גאַנצער געמיינדע?

הַב הַב, (ביבליש). גיעב, גיעב! (אַ'ן אויסדרוק פון געלד גיערינקייט).

הַבָּא לְהָרְגְךָ הַשְׁכֵּם וְהָרְגוֹ, (תלמודיש). דעם וואָס קומט דיך טייטען האַפּ זיך פאָראויס און טייט איהם.

הָבָה נִתְחַכְּמָה לוֹ, (ביבליש). קומט לאָמיר זיך קריגען איבער איהם (דעם אידישען פאָלק. ווערטער וועלכע דער קעניג פון עגיפטען האָט געזאָגט צו זיינע ראַטהגעבער).

הֲבֵל הֲבָלִים הַכֹּל הָבֶל, (ביבליש). נאַרישקייט פון נאַרישקייטען, אַלץ איז נאַרישקייט.

הֶבֶל מַפִּיק הֶבֶל, (תלמודיש). היץ טרייבט ארויס היץ.

הַגָּדוֹל מֵחֲבֵרוֹ יִצְרוֹ גָדוֹל הֵימֶנּוּ, (תלמודיש). דער וואָס איז גרעסער פון זיינע מיט-מענשען, איז זיין ליידענשאַפט נאָך גרעסער פון איהם.

הַגּוֹנֵב מִן הַגַּנָּב פָּטוּר, דער וואָס גנב'עט פון אַ גנב ווערט פריי געשפראָכען.

הֲגַם שָׁאוּל בַּנְּבִיאִים, (ביבליש). איז קעניג שאול אויך צווישען די פראָפעטען?

הֶדְיוֹט קוֹפֵץ בָּרֹאשׁ, (תלמודיש). דער פראָסטאַק שפרינגט (אימער) ארויס דער ערשטער.

הֱוֵי דָן אֶת כָּל הָאָדָם לְכַף זְכוּת, (תלמודיש). זאָלסט אורטהיילען יעדען מענשען צום גוטען.

הֱוֵי רֹאשׁ לַשּׁוּעָלִים וְאַל תְּהִי זָנָב לָאֲרָיוֹת, (תלמודיש). זיי (בעסער) דער קאָפּ פון די פיקס און זאָלסט ניט זיין דער וויידעל פון די לייבען.

הִזָּהֲרוּ בִּבְנֵי עֲנִיִּים שֶׁמֵּהֶם תֵּצֵא תּוֹרָה, (תלמודיש). גיט אכטונג אויף די קינדער פון די אָרעמע דען פון זיי קומט ארויס די געלעהרזאמקייט.

הַזּוֹרְעִים בְּדִמְעָה בְּרִנָּה יִקְצֹרוּ, (ביבליש). די וואָס זעען מיט טהרערען וועלען שניידען מיט געזאנג.

הֶחָכָם עֵינָיו בְּרֹאשׁוֹ, (ביבליש). דער קלוגער האָט זיינע אויגען אין זיין קאָפּ.

הֲיַהֲפוֹךְ כּוּשִׁי עוֹרוֹ, (ביבליש). קען דען דער (שווארצער) אביסיניער ענדע־רען (די פארב פון) זיין הויט?

הַיּוֹם כָּאן וּמָחָר בַּקֶּבֶר, (תלמודיש). היינט דאָ און מאָרגען אין גרוב.

הַיּוֹם קָצֵר וְהַמְּלָאכָה מְרוּבָּה, (תלמודיש). דער טאָג איז קורץ און די אַר־בייט איז גרויס.

הַכֹּל כְּמִנְהַג הַמְּדִינָה, (תלמודיש). אלץ לויט דעם איינפיהר (מאָדע) פון דעם לאנד.

הַכֹּל לְפִי הַמְּבַיֵּשׁ וְהַמִּתְבַּיֵּשׁ, (תלמודיש). אלץ ווענדט זיך אָן ווער דער באַליידיגער איז און ווער דער באַליידיגטער.

הַכֹּל תָּלוּי בְּמַזָּל, (נאָכתלמודיש). אלץ הענגט אָפּ אָן שיקזאל.

הַכֶּסֶף יַעֲנֶה אֶת הַכֹּל, (ביבליש). געלט (פאר) ענטפערט אלצדינג.

הַכֶּר נָא הַכְּתֹנֶת בִּנְךָ הִיא אִם לֹא, (ביבליש), דערקען אויב דאָס איז דאָס העמדעל פון דיין זוהן אָדער ניט (די ווערטער וואָס די זיהן פון יעקב'ן האָבען געזאָגט צו איהם ווען זיי האָבען איהם געבראכט יוסף'ס העמ־דעל איינגעשמירט אין בלוט).

הֲלָנוּ אַתָּה אִם לְצָרֵינוּ, (ביבליש). געהערסטו צו אונז אָדער צו אונזערע פיינד?

הַמּוֹצִיא מֵחֲבֵרוֹ עָלָיו הָרְאָיָה, (תלמודיש). דער וועלכער וויל ארויסקריגען (געווינען געריכטליך) פון א צווייטען מוז ברענגען דעם באווייז.

הַמַּלְבִּין פְּנֵי חֲבֵרוֹ בָּרַבִּים אֵין לוֹ חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא, (תלמודיש). דער וואָס פאַרשעמט א צווייטען אין דער עפענטליכקייט וועט ניט האָבען יענע וועלט.

הֲמִן הַגֹּרֶן אוֹ מִן הַיָּקֶב, (ביבליש). צי פון דעם שייער אָדער פון דעם וויין־קעלטער?, ד. ה. פון וואנען זאָל איך עס נעהמען?

הֲמִן הַסֶּלַע הַזֶּה נוֹצִיא מָיִם, (ביבליש). צי פון דעם שטיין קענען מיר ארויסקריגען וואסער?

הַמָּקוֹם יְמַלֵּא חֶסְרוֹנְךָ, (תלמודיש). גאָט זאָל אויספיהלען דיין שאָדע (ווערטער וועלכע מע זאָגט צו דעם וואָס זיצט אין טרויער נאָך א טויטען).

הַמַּתְחִיל בְּמִצְוָה אוֹמְרִים לוֹ גְּמוֹר, (תלמודיש). דער וואָס האָט אָנגעהויבען די גוטע טהאַט — צו איהם זאָגט מען: ענדיג (זי).

הַמִּתְפַּלֵּל עַל חֲבֵרוֹ הוּא נַעֲנֶה תְּחִלָּה, (תלמודיש). דער וואָס בעט פאר'ן צווייטען ווערט זיין אייגענעם געבעט גערענטפערט צוערשט.

הַנֶּאֱהָבִים וְהַנְּעִימִים בְּחַיֵּיהֶם וּבְמוֹתָם לֹא נִפְרָדוּ, (ביבליש). די וועלכע זיינען געווען ליעב און צערטליך אין זייער לעבען און האָבען זיך אויך אין זייער טויט ניט צושיידט.

הַפִּנְקָס פָּתוּחַ וְהַיָּד כּוֹתֶבֶת, (תלמודיש). דאָס בוך איז אָפען און די האַנד שרייבט.

הַצַּד הַשָּׁוֶה שֶׁבָּהֶם, הס. (תלמודיש). "די זייט וועלכע איז ביי ווי ביידען גלייך", דער פונקט פון עהנליכקייט.

הַקּוֹל קוֹל יַעֲקֹב וְהַיָּדַיִם יְדֵי עֵשָׂו, (ביבליש). די שטים איז די שטים פון יעקב אָבער די הענד זיינען די הענד פון עשו.

הַשֵּׁם יַצְלִיחַ דַּרְכְּךָ (דַּרְכְּכֶם), גאָט זאָל באַגליקען דיין (אייער) וועג.

# ו.

וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ, (ביבליש). און דו זאָלסט ליעב האָבען דיין מיטמענשען ווי זיך אליין.

וּבִעַרְתָּ הָרָע מִקִּרְבֶּךָ, (ביבליש). און דו זאָלסט אויסראָטען דאָס שלעכטע פון צווישען דיר.

וְגָר זְאֵב עִם כֶּבֶשׂ, (ביבליש). און א וואָלף וועט וואוהנען (צוזאמען) מיט א שעפס.

וְהָגִיתָ בּוֹ יוֹמָם וָלַיְלָה, (ביבליש). און דו זאָלסט טראַכטען פון איהם (גאָט'ס וואָרט) בייטאָג און ביינאַכט.

וְהֶחֱזִיקוּ שֶׁבַע נָשִׁים בְּאִישׁ אֶחָד, (ביבליש). און עס וועלען זיך אָנהאַפען זיבען פרויען אָן איין מאַן.

וְהַמֵּבִין יָבִין, און דער קלוגער וועט פארשטעהן.

וְהָעִיר שׁוּשַׁן נְבוֹכָה, (ביבליש). און די שטאָדט שושן איז געוואָרען צוטומעלט.

וְהָעִיר שׁוּשַׁן צָהֲלָה וְשָׂמֵחָה, (ביבליש). און די שטאָדט שושן איז גע־
וואָרען לוסטיג און פרעהליך.

וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה, (ביבליש). און עס איז געשעהן אין מיטען נאַכט.

ויְהִי כְּטוֹב לֵב הַמֶּלֶךְ בַּיָּיִן, (ביבליש). און ווען דאָס הערץ פון דעם קעניג
איז געוועזען פרעהליך פון וויין.

וְיַיִן יְשַׂמַּח לְבַב אֱנוֹשׁ, (ביבליש). און וויין מאַכט פרעהליך דאָס הערץ פון
דעם מענשען.

וְיָשָׁן מִפְּנֵי חָדָשׁ תּוֹצִיאוּ, (ביבליש). און דאָס אַלטע זאָלט איהר אָפּשאַפען
ווען עס קומט דאָס נייע.

וְיֵשׁ לְיַשֵּׁב, אָבער מע קען עס פאַרענטפערן.

# ז.

זֹאת נֶחָמָתִי בְּעָנְיִי, (ביבליש). דאָס איז מיין טרייסט אין מיין נויטה.

זֶה בְּכֹה וְזֶה בְּכֹה, (ביבליש). דער אַזוי און דער אַזוי. דער אַהין און דער
אַהער.

זֶה נֶהֱנֶה וְזֶה לֹא חָסֵר, (תלמודיש). אי דער האָט נוצען אי דער אַנדערער
פאַרלירט גאָרנישט.

זָכַרְנוּ אֶת הַדָּגָה, (ביבליש). מיר געדענקען די פיש (וועלכע מיר פלעגען
עסען אין עגיפטען. ווערטער וואָס די אידען האָבען געזאָגט צו משה'ן
אין דער מדבר).

זָקֵן זֶה שֶׁקָּנָה חָכְמָה, (תלמודיש). אַ'ן אַלטער הייסט דער וואָס איז אַלט
אין קלוגהייט.

זָקֵן שֶׁשָּׁכַח תַּלְמוּדוֹ, (תלמודיש). אַ'ן אַלטער מאַן וועלכער האָט פאַרגעסען
וואָס ער האָט (אַמאָל) געלערנט.

זִקְנֵי עַם הָאָרֶץ כָּל מַה שֶּׁמַּזְקִינִים טִפְּשׁוּת נִיתּוֹסֶפֶת עֲלֵיהֶם, (תלמודיש).
אַלטע פראָסטאַקעס וואָס זיי ווערען עלטער אַלץ מעהר וואַקסט זייער
נאַרישקייט.

זִקְנֵי תַּלְמִידֵי חֲכָמִים כָּל מַה שֶּׁמַּזְקִינִים דַּעְתָּם נִיתּוֹסֶפֶת עֲלֵיהֶם, (תלמו־
דיש). אַלטע געלעהרטע וואָס זיי ווערען עלטער אַלץ מעהר וואַקסט
זייער פאַרשטאַנד.

# ח.

חֲבַל עַל דְּאָבְדִין וְלֹא מִשְׁתַּכְּחִין, (תלמודיש). אַ שאַד אויף די וועלכע

ווערען פארלאָרען און קענען מעהר ניט געפונען ווערען.

חַבְרָךְ חַבְרָא אִית לֵיהּ, (תלמודיש). דיין באקאנטער האָט (ווידער) א באַקאנטען:

חַדֵּשׁ יָמֵינוּ כְּקֶדֶם, (ביבליש). באַניי אונזערע טעג ווי אין אמאָליגע צייטען.

חוֹנֵף לָרָשָׁע נוֹפֵל בְּיָדוֹ, (תלמודיש: הַמַּחְנִיף לָרָשָׁע סוֹף נוֹפֵל בְּיָדוֹ). דער וואָס שמייכעלט זיך צו דעם פארברעכער וועט אריינפאלען ביי איהם אין די הענד.

חֲזַק חֲזַק וְנִתְחַזֵּק, שטארק זיך, שטארק זיך און לאָמיר זיך שטארקען (ווערטער וועלכע מע רופט אויס ווען מע ענדיגט די תורה אָדער וואָס מע שטעלט צום ענד פון א הייליגען בוך).

חֲכָמִים הִזָּהֲרוּ בְּדִבְרֵיכֶם, (תלמודיש). היט זיך, געלעהרטע, מיט אייערע רייד.

חָכְמַת אָדָם תָּאִיר פָּנָיו, (ביבליש). די קלוגהייט פון א מענשען פארשיינט זיין געזיכט.

חֲמוֹר נוֹשֵׂא סְפָרִים, (נאָכתלמודיש). א'ן עזעל באלאָדען מיט ביכער.

חֲצִי שֶׁלִּי וַחֲצִי שֶׁלָּךְ, (תלמודיש). האלב מיינס און האלב דיינס.

חָתָן דּוֹמֶה לְמֶלֶךְ, (תלמודיש). א חתן איז גלייך צו א קעניג.

# ט.

טוֹב שֶׁבָּרוֹפְאִים לְגֵיהִנּוֹם, (תלמודיש). דער בעסטער פון דאָקטוירים (וועט געהן) אין גיהנום.

טוֹב תּוֹרָה עִם דֶּרֶךְ אֶרֶץ, (תלמודיש). געלעהרזאמקייט איז גוט צוזאמען מיט וועלטליכקייט (מענשליכקייט).

טוֹבִיָּה חָטָא וְזִיגוּד מְנַגִּיד, (תלמודיש). טוביה זינדיגט און זיגוד'ן שלאָגט מען.

טוֹבִים הַשְּׁנַיִם מִן הָאֶחָד, (ביבליש). צוויי זיינען בעסער פון איינעם.

טוּרָא בְּטוּרָא לֹא פָּגַע אִינַשׁ בְּאִינַשׁ פָּגַע, (נאָכתלמודיש). א בארג מיט א בארג באגעגענט זיך ניט אָבער א מענש מיט א מענשען באגעגענט זיך יא.

טָעוּת לְעוֹלָם חוֹזֵר, א'ן אירטהום (אין א קויף) קען אימער פארריכט ווערען, עס איז קיינמאָל ניט צו שפעט גוט צו מאכען א'ן אירטהום (אין קויפען אָדער פארקויפען).

# י.

יָאָה עֲנִיּוּתָא לְיִשְׂרָאֵל, (תלמודיש). אָרעמקייט פאסט זיך (איז א צירונג) פאר אידען.

יְגִיעַ כַּפֶּיךָ כִּי תֹאכֵל אַשְׁרֶיךָ וְטוֹב לָךְ, (ביבליש). ווען דו וועסט עסען די פראצע פון דיינע הענד וואוהל און גוט איז דיר.

יָגַעְתִּי וְלֹא מָצָאתִי אַל תַּאֲמִין, (תלמודיש). איך האב זיך געמיהט און ניט געפונען — (אזא זאך) זאלסטו ניט גלויבען.

יָדוֹ בַכֹּל וְיַד כֹּל בּוֹ, (ביבליש). זיין האנד איז אויף איטליכען און איטלי= כען׳ס האנד איז אויף איהם, ער שלאגט זיך מיט יעדען ארום.

יְהוָֹה נָתַן וַיהוָֹה לָקָח, (ביבליש). גאט האט געגעבען און גאט האט (צוריק) גענומען.

יְהִי אוֹר, (ביבליש). עס זאל ווערען ליכט.

יְהַלֶּלְךָ זָר וְלֹא פִּיךָ, (ביבליש). ריהמען זאל דיך א פרעמדער און ניט דיין (אייגען) מויל.

יוֹדֵעַ צַדִּיק נֶפֶשׁ בְּהֶמְתּוֹ, (ביבליש). דער גאטספארכטיגער פארשטעהט דאס באדערפעניש פון זיין פיה.

יוֹסִיף דַּעַת יוֹסִיף מַכְאוֹב, (ביבליש). דער וואס פארמעהרט קענטענים פארמעהרט וועהטאג.

יְחִי הַמֶּלֶךְ, (ביבליש). עס לעבע דער קעניג.

יְלַמְּדֵנוּ רַבֵּנוּ, (ביבליש). זאל אונז אונזער רבי לערנען.

יְקַלְלוּ הֵמָּה וְאַתָּה תְבָרֵךְ, (ביבליש). זאלען זיי פלוכען און דו (גאט) זאלסט בענשען.

יֵשׁ בִּכְלַל מָאתַיִם מָנֶה, (תלמודיש). אין צוויי הונדערט געפינט זיך הונ= דערט (געוויס).

יֵשׁ קוֹנֶה עוֹלָמוֹ בְּשָׁעָה אַחַת, (תלמודיש). עס איז דא אזעלכער וואס קויפט זיך יענע וועלט אין איין שטונדע.

יְשׁוּעַת יְהוָֹה כְּהֶרֶף עַיִן, (ליטורגיש). די הילף פון גאט קומט אין איין אויגענבליק.

# כ.

כְּאִלּוּ כְּפָאוֹ שֵׁד, (תלמודיש). אזוי ווי א טייוועל וואלט איהם געצוואונ= גען, קעגען זיין ווילען.

כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאֶת אִמֶּךָ, (ביבליש). זאלסט עהרען דיין פאטער און דיין מוטער.

כַּבְּדֵהוּ וְחַשְׁדֵהוּ, (תלמודיש). זאלסט איהם (דעם גאסט) אפגעבען עהרע און פארדעכטיגען (צו דערוועלבער צייט).

כְּחוּט הַשַּׂעֲרָה, (ביבליש). ווי א האָאר (=פאָדעם).

כִּי מִצִּיּוֹן תֵּצֵא תוֹרָה, (ביבליש). דען פון ציון קומט ארויס די לעהרע.

כָּל דִּכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכוֹל, (ליטורגיש). דער וואָס איז הונגעריג זאָל קומען און עסען.

כָּל הַיּוֹצֵא מִפִּיו שֶׁקֶר, אלצדינג וואָס געהט ארויס פון זיין מויל איז ליגען.

כָּל הַכּוֹעֵס כְּאִלּוּ עוֹבֵד עֲבוֹדָה זָרָה, (תלמודיש). דער וואָס קומט אריין אין צאָרן איז אזוי ווי ער וואָלט געדיענט צו א געץ.

כָּל הַמַּרְבֶּה הֲרֵי זֶה מְשׁוּבָּח, (ליטורגיש). וואָס מעהר אלץ בעסער.

כָּל הַקּוֹדֵם זָכָה, (תלמודיש). דער וואָס קומט פריהער דער געווינט.

כָּל הָרוֹדֵף אַחַר הַכָּבוֹד הַכָּבוֹד בּוֹרֵחַ מִמֶּנּוּ, (נאָכתלמודיש). דער וואָס יאָגט זיך נאָך עהרע אנטלויפט די עהרע פון איהם.

כָּל הַתּוֹרָה כּוּלָּה עַל רֶגֶל אַחַת, (תלמודיש). די גאנצע תורה אויף איין פוס.

כָּל הַתְחָלוֹת קָשׁוֹת, (תלמודיש). אלע אָנהויבען קומען אָן שווער.

כָּל יִשְׂרָאֵל עֲרֵבִים זֶה בָּזֶה, (תלמודיש). אלע אידען זיינען פאראנטוואָרטליך איינער פאר דעם צווייטען.

כָּל יֶתֶר כְּנָטוּל דָּמִי, (תלמודיש). אלץ וואָס איז צו פיעל איז אזוי ווי עס וואָלט פעהלען.

כְּלוּ כָּל הַקִּיצִין, (תלמודיש). עס זיינען שוין אריבער אלע טעג אויף וועלכע די אידישע אויסלייזונג איז צוגעזאָגט געוואָרען, פון אלע האָפנונגען איז נישט געוואָרען.

כְּלָלוֹ שֶׁל דָּבָר, (תלמודיש). די רעגעל פון דער זאך איז, די הויפט זאך איז.

כֻּלָּנוּ חֲכָמִים כֻּלָּנוּ נְבוֹנִים, (ליטורגיש). מיר זיינען אלע קלוג מיר זיינען אלע פערנינפטיג.

כְּמוֹתוֹ יִרְבּוּ בְּיִשְׂרָאֵל, (תלמודיש). אזוי ווי ער זאָלען זיין פיעל ביי אידען.

כִּסְעוּדַת שְׁלֹמֹה בִּשְׁעָתָהּ, (תלמודיש). ווי די מאָהלצייט פון שלמה אין איהר צייט, גרויסארטיג.

כֶּסֶף (וְזָהָב) מְטַהֵר מַמְזֵרִים, (תלמודיש). זילבער (און גאָלד) רייניגט זאָגאר (די אָפשטאמונג פון) ממזרים.

כַּצֹּאן לַטֶּבַח יוּבָל, (ביבליש). ווי שאָף ווערט געפיהרט צו דער שלאכטונג.

כְּקוֹף בִּפְנֵי אָדָם, (תלמודיש). ווי א'ן אבעזיאנע קעגען א מענשען.

כִּקְלִיפַּת הַשּׁוּם, (תלמודיש). ווי די שאָלעכץ פון א קנאָבעל.

כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים, (ביבליש). ווי א פאָטער דערבארעמט זיך איבער (זיי־נע) קינדער.

כִּשְׁגָגָה הַיּוֹצֵא מִלִּפְנֵי הַשַּׁלִּיט, (ביבליש). ווי א פערזעהן וואָס חאפט זיך ארויס פון דעם הערשער.

# ל.

לֹא דֻבִּים וְלֹא יַעַר, (תלמודיש). ניט קיין בערען און ניט קיין וואלד.

לֹא הָא וְלֹא הָא, (תלמודיש). ניט דאָס און ניט יענעס.

לֹא הַבַּיְשָׁן לָמֵד, (תלמודיש). דער וואָס שעמט זיך וועט (קיינמאָל) ניט לערנען.

לֹא הָיוּ דְבָרִים מֵעוֹלָם, (תלמודיש). די זאכען האָבען קיינמאָל ניט פּאַ־סירט, די גאַנצע געשיכטע איז אַ ליגען.

לֹא הַמִּדְרָשׁ הוּא הָעִקָּר אֶלָּא הַמַּעֲשֶׂה, (תלמודיש). ניט דאָס לערנען איז די הויפּט זאַך נאָר דאָס טהאָן.

לֹא הֵן וְלֹא שְׂכָרָן, (תלמודיש). ניט (איך וויל) זיי און ניט זייער לויהן.

לֹא יֵאָמֵן כִּי יְסֻפָּר, (ביבליש: לֹא תַאֲמִינוּ כִּי יְסֻפָּר). מע קען עס ניט גלויבען ווען עס ווערט דערצעהלט, עס איז אונגלויבליך.

לֹא יִזָּכֵר וְלֹא יִפָּקֵד, עס זאָל ניט דערמאָנט און ניט געדאַכט ווערען.

לֹא יַעֲלֶה וְלֹא יָבוֹא, ניט פאָרקומען און ניט פאַסירען זאָל עס, ניט טרע־פען זאָל עס.

לֹא כָל אָדָם זוֹכֶה, (תלמודיש). ניט יעדער מענש איז ווערטה אָדער דער־דערלעבט (עס).

לֹא מִדּוּבְשָׁךְ וְלֹא מֵעוּקְצָךְ, (תלמודיש). ניט פון דיין האָניג און ניט פון דיין ביס.

לֹא עָלֶיךָ הַמְּלָאכָה לִגְמוֹר, (תלמודיש). דו ביסט ניט געצוואונגען די אר־בייט צו ענדיגען.

לֹא עָלְתָה עַל דַּעְתִּי, עס איז מיר (גאָר) אויפ'ן זינען ניט אַרויפגעקומען.

לֹא עַם הָאָרֶץ חָסִיד, (תלמודיש). דער וואָס איז אונוויסענד קען ניט זיין פרום.

לֹא פָּסִיק פּוּמֵיהּ מִגִּירְסָא, (תלמודיש). זיין מויל האָט ניט אויפגעהערט לערנען.

לֹא רְאִינוּ אֵינָהּ רְאָיָה, (תלמודיש). איך האָב **ניט** געזעהן — איז קיין באַוויז ניט.

לֹא תֹאמַר אֲנִי הֶעֱשַׁרְתִּי אֶת אַבְרָהָם, (ביבליש). זאָלסט ניט זאָגען איך האָב רייך געמאַכט אברהם'ן.

לֹא תַחְסוֹם שׁוֹר בְּדִישׁוֹ, (ביבליש). זאָלסט ניט פאַרבינדען דעם אָקס (דאָס מויל) ווען ער דרעשט (אַז ער זאָל ניט עסען פון דער תבואה).

לֵב יוֹדֵעַ מָרַת נַפְשׁוֹ, (ביבליש). דאָס הערץ ווייס זיינע אייגענע ליידען.

להד"ם, אבּ. לֹא הָיוּ דְבָרִים מֵעוֹלָם (ווז.).

לֶחֶם לֶאֱכוֹל וּבֶגֶד לִלְבּוֹשׁ, (ביבליש). ברויט צום עסען און אַ קלייד אָנ־צוטהאָן.

לֵיכָּא לְפוּמָא לָא גָּלֵי, (תלמודיש). דאָס הערץ אַנטפּלעקט עס (צומאָל) ניט צום מויל, עס איז אַ גרויסע געהיימניס.

לֵית דִּין וְלֵית דַּיָּן, (תלמודיש). עס איז ניטאָ קיין געריכט און קיין ריכטער.

לַכֹּל זְמָן, (ביבליש). אויף אַלץ איז דאָ אַ צייט.

לָמָּה יֹאמְרוּ הַגּוֹיִם, (ביבליש). וואָרום זאָלען זאָגען די פעלקער (די ניט־אידען)?

לְמַעַן דַּעַת, (ביבליש). דאַמיט מע זאָל וויסען.

לְמַעַן יִשְׁמְעוּ וְיֵדְעוּ וְיִירָאוּ, כדי זיי זאָלען הערען און וויסען און זיך שרעקען.

לִפְנֵי מְלָכִים יִתְיַצָּב, (ביבליש). ער קען זיך שטעלען פאַר קעניגען.

לִפְנֵי עִוֵּר לֹא תִתֵּן מִכְשׁוֹל, (ביבליש). אַ בלינדען זאָלסטו ניט לעגען קיין שטרויכלונג (אין וועג).

לָשׁוֹן נוֹפֵל עַל לָשׁוֹן, (תלמודיש). **איין** אויסדרוק קלינגענדיג צום צווייטען, וואָרט־שפּיעל.

לְשׁוֹן סַגִּי נְהוֹר, (תלמודיש). אַ געוויסע אַרט פון באַצייכענען אַ מענשען אָדער אַ געגענשטאַנד גראַדע פאַרקעהרט ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט, אַזוי ווי מע רופט אַ בלינדען "סגי־נהור" (פיעל־זעהענדיג).

לִתְפִלָּה לְדוֹרָן וּלְמִלְחָמָה, (תלמודיש). (זיין באַרייט) מיט געבעט, מיט געשאַנקען און מיט קריעג, (זיין באַרייט) מיט אַלע מיטלען.

# מ.

מאי דְקָאַמְרֵי רַבָּנָן, (תלמודיש). וואָס די געלעהרטע זאָגען. "ער ווייסט ניט מאי דקאמרי רבנן".

מֵאַיִן יָבֹא עֶזְרִי, (ביבליש). פון וואנען וועט קומען מיין הילף?

מַאן דִיָהִיב חַיֵי יָהִיב מְזוֹנֵי, (תלמודיש). דער וואָס גיט לעבען גיט (אויך) שפייז.

מְגַלְגְלִין זְכוּת עַל יְדֵי זַכַּאי וְחוֹב עַל יְדֵי חַיָב, (תלמודיש). גוטס שיקט מען (פון הימעל) דורך דעם גוטען און שלעכטס דורך דעם שלעכטען.

מֶה אָנוּ וּמֶה חַיֵינוּ, (ליטורגיש). וואָס זיינען מיר און וואָס איז אונזער לעבען?

מַה דְעַלָךְ סָנֵי לְחַבְרָךְ לֹא תַעֲבִיד, (תלמודיש). וואָס דו האָסט אליין פיינד זאָלסטו ניט טהאָן צו דיין חבר.

מַה טִיבוֹ שֶׁל עוּבָּר זֶה, (תלמודיש). וואָס פאַר א קינד (אין מוטערלייב) איז עס?, וואָס פאַר א פערזאָן איז עס?

מַה יוֹם מִיוֹמַיִם, (ביבליש). וואָס איז היינטיגער טאָג אנדערש פון אלע טעג?

מַה לְכֹהֵן בְּבֵית הַקְבָרוֹת, (תלמודיש). וואָס טהוט דער כהן אויפ'ן טויטען-פעלד? (לויט דעם אידישען דין טאָר א כהן ניט ארויפטרעטען אויף א טויטען-פעלד), וואָס טהוט ער דאָ?

מַה לָנוּ וְלַצָרָה הַזֹאת, (תלמודיש). צו וואָס נאָך דארפען מיר דאָס דאָזיגע אָנשיקענים?

מַה לְהָבֶן אֶת הַבָּר, (ביבליש). וואָס טהוט דער שטרוי אין דער תבואה?

מַה מַשְׂכֻּרְתִּי, (ביבליש). וואָס וועט זיין מיין באלויהנונג?

מַה נֹאמַר וּמַה נְדַבֵּר, (ביבליש). וואָס זאָלען מיר זאָגען און וואָס זאָלען מיר רעדען?

מַה עִנְיַן שְׁמִיטָה אֵצֶל הַר סִינַי, (תלמודיש). וואָס טהוט דאָס געזעץ פון שמיטה נעבען דעם (אָרט וואו עס רעדט זיך פון דעם) בארג סיני?, וואָס האָט איינס מיט דעם אנדערען צו טהאָן?

מַה פְּשָׁעִי וּמֶה חַטָאתִי, (ביבליש). וואָס איז מיין פארברעכען און וואָס איז מיין זינד?

מַה פָּרַצְתָּ עָלֶיךָ פָּרֶץ, (ביבליש). וואָרום האָסט זיך אזוי האסטיג ארויסגע־ריסען?, וואָס האָסטו זיך אזוי געאײלט?

מַה שֶׁיַּעֲשֶׂה הַזְּמַן לֹא יַעֲשֶׂה הַשֵּׂכֶל, (נאָכתלמודיש). וואָס די צייט קען אויפטהאָן קען דער פארשטאַנד ניט אויפטהאָן.

מוּם שֶׁבְּךָ אַל תֹּאמַר לַחֲבֵרְךָ, (תלמודיש). דעם פעהלער וואָס דו האָסט (אליין) זאָלסטו ניט פאָרוואַרפען א צווייטען.

מוּעָט מַחֲזִיק אֶת הַמְּרוּבֶּה, (תלמודיש). א ביסעל וואָס ענטהאַלט פיעל.

מוֹצָא שְׂפָתֶיךָ תִּשְׁמֹר, (ביבליש). וואָס עס געהט ארויס פון דיינע ליפען זאָלסטו אָפּהיטען (צו ערפילען).

מוֹרֶה הֲלָכָה בִּפְנֵי רַבּוֹ, (תלמודיש). דער וואָס פסק'עט א דין אין דער געגענוואַרט פון זיין רבי'ן.

מָזוֹן סְעוּדָה אַחַת, (תלמודיש). שפייז פאַר איין מאָהלצייט. "ער האָט ניט קיין מזון סעודה אחת".

מְחַיִל אֶל חָיִל, (ביבליש). פון ערפאָלג צו ערפאָלג.

מִי בָאֵשׁ, (ליטורגיש). ווער (עס זאָל געשטראָפט ווערען) מיט וואַסער (ווערטער גענומען פון ונתנה־תוקף־געבעט).

מִי בַמַּיִם וּמִי בָאֵשׁ, (ליטורגיש). ווער (עס זאָל געשטראָפט ווערען) מיט וואַסער און ווער (עס זאָל געשטראָפט ווערען) מיט פייער (ווערטער גענומען פון דעם ונתנה־תוקף־געבעט).

מִי וָמִי הַהֹלְכִים, (ביבליש). ווער זיינען די וואָס ווילען געהן?

מִי יֹאמַר לוֹ מַה תַּעֲשֶׂה, (ביבליש). ווער קען זאָגען צו איהם — וואָס טהוסטו?

מִי לָנוּ גָדוֹל, (תלמודיש). ווער (ביי אונז) איז נאָך גרעסער? וואָס דאַרף מען א גרעסערען?.

מִי שֶׁיֵּשׁ לוֹ מָנֶה רוֹצֶה מָאתַיִם, (תלמודיש). דער וואָס האָט הונדערט גיל־דען וויל (האָבען) צוויי הונדערט.

מִילְּתָא דַעֲבִידָא לְאִיגַּלּוּיֵי, (תלמודיש). א זאַך וועלכע מוז (פריהער אָדער שפּעטער) אויפגעדעקט ווערען.

מַיִם גְּנוּבִים יִמְתָּקוּ, (ביבליש). גע'גנב'טע וואַסער איז זיס.

מְכַשֵּׁפָה לֹא תְחַיֶּה, (ביבליש). א צויבערין זאָלסטו ניט לאָזען לעבען.

מַלְבִּין פְּנֵי חֲבֵרוֹ בְּרַבִּים, (תלמודיש). דער וואָס פאַרשעמט זיין חבר פאַר אַלעמען אין די אויגען.

מַלְכוּתָא דְאַרְעָא כְּעֵין מַלְכוּתָא דִרְקִיעַ, (תלמודיש). די רעגירונג אויף דער ערד איז אַזוי ווי די רעגירונג אויפ'ן הימעל.

מִן הַקָּצֶה אֶל הַקָּצֶה, פון איין ברעג צום צווייטען, פון איין עקסטרעם צום אַנדערען.

מִסּוֹף הָעוֹלָם וְעַד סוֹפוֹ, (תלמודיש). פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטען.

מֵסִיחַ לְפִי תוּמוֹ, (תלמודיש). איינער וועלכער דערצעהלט (אַ זאַך) אין נאַאיווער איינפאַכקייט, אָהן געוויסע אַבזיכטען.

מְסַיֵּעַ לִדְבַר עֲבֵירָה, (תלמודיש). איינער וועלכער העלפט (אימיצען) באַ־געהן אַ זינד אָדער פאַרברעכען.

מְעֻוָּת לֹא יוּכַל לִתְקוֹן, (ביבליש). אַ פעהלער וועלכען מען קען ניט פאַר־ריכטען.

מֵעַז יָצָא מָתוֹק, (ביבליש). פון דעם שטאַרקען איז אַרויס אַ זיסעס.

מֵעִנְיָנֵי דְיוֹמָא, (תלמודיש). פון זאַכען וואָס האָבען צו טהאָן מיט דעם טאָג (אָדער וואָס פאַסען זיך ביי דער געלעגענהייט). "ער רעדט מ ע נ י נ י ד י ו מ א".

מַעֲשֶׂה שֶׁהָיָה כַּךְ הָיָה, די געשיכטע וועלכע האָט פאַסירט האָט אַזוי פאַ־סירט.

מִפִּי עוֹלְלִים וְיוֹנְקִים, (ביבליש). פון דעם מויל פון קליינע קינדער און זויגלינגע.

מִפְּנֵי דַרְכֵי שָׁלוֹם, (תלמודיש). פון פריעדען וועגען.

מִפְּנֵי שֵׂיבָה תָּקוּם, (ביבליש). פאַר אַ גרייז זאָלסטו זיך אויפשטעלען.

מָצָא אִשָּׁה מָצָא טוֹב, (ביבליש). דער וואָס האָט געפונען אַ פרוי דער האָט געפונען אַ גליק.

מָצָא מִין אֶת מִינוֹ, (תלמודיש). איינער פון אַ געוויסען זאָרט געפינט דעם צווייטען פון דעם זעלבען זאָרט, יעדער געהט צו זיין גלייכען.

מִצְוָה הַבָּאָה בַּעֲבֵירָה, (תלמודיש). אַ גוטע טהאַט וועלכע קומט אָן דורך אַ שלעכטע טהאַט.

מִקְּצֵה הָעוֹלָם וְעַד קָצֵהוּ, פון איין עק וועלט ביז' צווייטען.

מָרָא דְעַלְמָא כּוּלָּא, (ליטורגיש). האַרר פון דער גאַנצער וועלט, גאָט.

מַרְבֶּה בָשָׂר מַרְבֶּה רִמָּה, (תלמודיש). דער וואָס פאַרמעהרט פלייש (אויף זיך) מעהרט ווערעם (אין גרוב).

מַרְבֶּה דְבָרִים מַרְבֶּה שְׁטוּת, (נאָכתלמודיש). דער וואָס מעהרט רייד מעהרט נאַרישקייט.

מַרְבֶּה נְכָסִים מַרְבֶּה דְאָגָה, (תלמודיש). דער וואָס מעהרט גיטער מעהרט זאָרג.

מַרְבִּיץ תּוֹרָה בָּרַבִּים, (תלמודיש). איינער וועלכער פאַרשפּרייט דאָס לער־נען פון דער תורה.

מֵשִׁיב רָעָה תַּחַת טוֹבָה, (ביבליש). איינער וואָס באַצאָהלט מיט שלעכטס פאַר גוטס, אַ׳ן אונדאַנקבאַרער מענש.

מִשֶּׁנִּכְנַס אָב מְמַעֲטִין בְּשִׂמְחָה, (תלמודיש). ווען עס קומט דער מאָנאַט אָב פאַרמינדערט מען (האַלט מען זיך צוריק פון) פרעהליכקייט.

מִשֶּׁנִּכְנַס אֲדָר מַרְבִּים בְּשִׂמְחָה, (תלמודיש). ווען עס קומט דער מאָנאַט אדר פאַרמעהרט מען די פרעהליכקייט.

מָתַי אֶעֱשֶׂה לְבֵיתִי, (ביבליש). ווען וועל איך עפּעס טהאָן פאַר מיין איי־גענע פאַמיליע?

מָתַי יִהְיֶה הָאוֹת הַזֶּה, (ביבליש). ווען וועט שוין זיין דער דאָזיגער ציי־כען? ווען וועט עס שוין פאַסירען?

מַתִּישׁ כֹּחַ, (תלמודיש). אָפּשוואַכענדיג די קראַפט, ערשעפּפענד.

# נ.

נָאֶה דוֹרֵשׁ וְאֵין נָאֶה מְקַיֵּם, (תלמודיש). ער פּרעדיגט שען אָבער ער טהוט ניט שען.

נִבָּא וְלֹא יָדַע מַה נִּבָּא, (תלמודיש). ער האָט געזעהן אַ נבואה אָבער ער ווייס אַליין ניט וואָס ער האָט געזעהן.

נֶחְבָּא אֶל הַכֵּלִים, (ביבליש). באַהאַלטען הינטער די געפּעק, ענייוות׳דיג.

נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד, (תלמודיש). ווען דער וויין געהט אריין געהט דאָס גע־הייםנים ארויס.

נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע, (ביבליש). "מיר וועלען טהאָן און מיר וועלען געהאָרכען", די ווערטער וועלכע די אידען האָבען געזאָגט צו משה׳ן, ווען ער האָט זיי געגעבען די צעהן געבאָטען, ווי די ביבעל דערצעהלט.

נֶפֶךְ מִשֶּׁלּוֹ, (תלמודיש). אַ ביסעלע פון זיין אייגענעם. "ער האָט צוגעלעגט אַ נ פ ך מ ש ל ו".

נַפְשִׁי קְשׁוּרָה בְּנַפְשׁוֹ, (ביבליש). מיין וועלע איז געקניפט צו זיין וועלע.

נָשִׁים דַעְתָּן קַלָּה, (תלמודיש). דער קאראקטער פון פרויען איז זעהר לייכטזיניג.

# ס.

סַדְנָא דְאַרְעָא חַד הוּא, (תלמודיש). די גאנצע שטרעקע פון דער ערד איז איין שטיק (געברויכט אין דעם זינן פון דעם ווערטעל: די גאנצע וועלט איז איין שטאָדט).

סְיָג לַחָכְמָה שְׁתִיקָה, (תלמודיש). שווייגען איז אַ'ן ארומצאהמונג ארום (א הילף צו) קלוגהייט. "סיג לחכמה שתיקה, אָבער שתיקה אליין איז ניט קיין חכמה" (שפוו.).

סְתַם מַקְשָׁן עַם הָאָרֶץ, (תלמודיש). דער וואָס האלט אין איין פרעגען איז אַ'ן אונוויסענדער מענש.

# ע.

עָבַר זְמַן בָּטֵל קָרְבָּנוֹ, (תלמודיש). ווען די צייט איז אוועק דארף מען דעם אָפּפער (וועלכען מע דארף ברייגגען אין דער דאָזיגע צייט) ניט מעהר בריינגען, די פאַסיגע געלעגענהייט איז פאַרביי.

עֲבֵרָה גוֹרֶרֶת עֲבֵרָה, (תלמודיש). אַ זינד שלעפּט מיט (נאָך) אַ זינד.

עַד מָתַי עָצֵל תִּשְׁכָּב, (ביבליש). ביז ווי לאַנג נאָך פוילער וועסטו שלאָפען?

עַד שֶׁיָּבוֹא אֵלִיָּהוּ, (תלמודיש). ביז דער פראָפעט אליהו וועט ערשיינען.

עוֹלָם כְּמִנְהָגוֹ נוֹהֵג, (תלמודיש). די וועלט פיהרט זיך אויף איהר שטייגער.

עוֹסֵק בְּמִצְוָה פָּטוּר מִן הַמִּצְוָה, (תלמודיש). דער וואָס איז פאַרטהאָן מיט איין גוטער טהאַט איז פריי פון (דער פפליכט צו) טהאָן אַ'ן אַנדערע.

עוֹשִׂים מַעֲשֵׂה זִמְרִי וּמְבַקְשִׁים שָׂכָר כְּפִינְחָס, (תלמודיש). זיי פיהרען זיך אויף ווי זמרי (אַ געוויסער זינדיגער מאַן דערמאָנט אין דער ביבעל) און בעטען דעם לויהן פון פינחס (וועלכער האָט דעם דאָזיגען זמרי באַשטראָפט פאַר זיין גאָטלאָזיגקייט).

עָזוֹב תַּעֲזוֹב, (ביבליש). זאָלסט אויסהעלפען (דיין מיט מענשען).

עַיִן תַּחַת עַיִן, (ביבליש). אַ'ן אויג פאַר אַ'ן אויג.

עַיִן לֹא רָאָתָה, (ביבליש). אַ׳ן אויג האָט דאָס (אזוינס) ניט אָנגעזעהן.

עִיר וָאֵם בְּיִשְׂרָאֵל, (ביבליש). אַ שטאָדט און אַ צענטער ביי אידען, אַ גרויסע וויכטיגע שטאָדט. "ווילנא איז אַ׳ן עיר ואם בישראל".

עַל הָרִאשׁוֹנִים אָנוּ מִצְטַעֲרִים, (תלמודיש). אויף די ערשטע פאַרדריסט אונז נאָך.

עַל כָּל פְּשָׁעִים תְּכַסֶּה אַהֲבָה, (ביבליש). ליבע פאַרדעקט אויף אַלע פאַר־ברעכען.

עַל כָּל צָרָה שֶׁלֹּא תָבוֹא, (תלמודיש). אויף יעדעס אומגליק—ניט פאַסירען זאָל עס.

עַל מְנָת לְקַבֵּל פְּרָס, (תלמודיש). אום צו קריגען אַ באַלויהנונג.

עַל פִּי שְׁנַיִם עֵדִים יָקוּם דָּבָר. (ביבליש). דורך צוויי עדות זאָל אַ זאַך באַשטעטיגט ווערען.

(עַל) רֹאשׁוֹ עַל כְּרָעָיו וְעַל קִרְבּוֹ, (ביבליש). מיט זיין קאָפּ מיט זיינע פיס און זיינע אינגעווייד, אַלץ מיט אַנאַנדער, אין גאַנצען.

עַל רִאשׁוֹן רִאשׁוֹן וְעַל אַחֲרוֹן אַחֲרוֹן, (תלמודיש). אויף דאָס ערשטע צו־ערשט און אויף דאָס לעצטע צולעצט, נאָך דער רייהע, נאָך דער אָר־דענונג.

עֶלְיוֹנִים לְמַטָּה וְתַחְתּוֹנִים לְמַעְלָה, (תלמודיש). די אויבערשטע אונטען און די אונטערשטע אויבען.

עַם הַדּוֹמֶה לַחֲמוֹר, (תלמודיש). אַ פאָלק וואָס איז גענליכען צו אַ׳ן עזעל, אַ׳ן אונוויסענדעס אָדער פאַרגרעבטעס פאָלק.

עִם עִקֵּשׁ תִּתְפַּתָּל, (ביבליש). מיט דעם קרומען (שלעכטען) זאָלסטו זיין קרום.

עָנִי וְרוֹכֵב עַל הַחֲמוֹר, (ביבליש). אָרעם און רייטענדיג אויף אַ׳ן עזעל (רעדענדיג פון משיח׳ן).

עָנִי חָשׁוּב כַּמֵּת, אַ׳ן אָרעמאַן איז אַזוי ווי אַ טויטער.

עָפָר אַתָּה וְאֶל עָפָר תָּשׁוּב, (ביבליש). שטויב ביסטו און צו שטויב וועסט דו זיך אומקעהרען.

עָתִיד לִיתֵּן אֶת הַדִּין, (תלמודיש). אָנגעברייט אָפּצוגעבען אַ רעכענונג (פאַר גאָט).

# פ.

פָּטוּר בְּלֹא כְלוּם אִי אֶפְשַׁר, זיך ארויסמאכען מיט גאָרנישט — דאָס געהט ניט.

פְּלִשְׁתִּים עָלֶיךָ שִׁמְשׁוֹן, (ביבליש). די פלשתים (נאָמען פון א געוויסען פיינדליכען פאָלק) קומען אויף דיר, שמשון!.

פֶּן יִרְבֶּ׳, (ביבליש). טאָמער וועט ער זיך פארמעהרען (ווערטער וואָס פרעה האָט געזאָגט צו זיינע ראטהגעבער אויסדריקענדיג זיין מורא אז די אידען אין מצרים זאָלען ניט ווערען צו גרויס אין צאָהל).

פָּנָה הוֹדָהּ פָּנָה זִיוָהּ פָּנָה הֲדָרָהּ, (תלמודיש). עס איז אוועק איהר גלאנץ, אוועק איהר שיין און אוועק איהר פראכט.

פַּנּוּ מָקוֹם, (תלמודיש). מאכט א פלאטץ!.

פִּקּוּחַ נֶפֶשׁ דוֹחֶה שַׁבָּת, (תלמודיש). ראטעווען א לעבען איז וויכטיגער ווי שבת.

פְּרוּטָה לִפְרוּטָה, (ליטורגיש). א פרוטה אויפצוצעהלען. ער האָט ניט א פרוטה לפרוטה, ער האָט ניט א'ן איינציגען גראָשען.

פָּרוֹת הַבָּשָׁן, (ביבליש). די קיה פון בשן (א לאנד) (אזוי רופט דער פראָ־פעט ישעיהו די פרויען פון יענער צייט).

פְּשׁוֹט נְבֵלְתָּא בְּשׁוּקָא וְאַל תִּצְטָרֵךְ לַבְּרִיּוֹת, (תלמודיש). שינד אָפּ א נבלה אין גאס אָבער קום ניט אָן צו לייטען.

פָּתַח בְּכַד וְסִיֵּם בְּחָבִית, (תלמודיש). ער האָט אָנגעהויבען מיט א קרוג און האָט אויסגעלאָזען מיט א פאס.

פֶּתִי יַאֲמִין לְכָל דָּבָר, (ביבליש). א נארר גלויבט יעדער זאך.

פְּרוּ וּרְבוּ, (ביבליש). פרוכבארט זיך און מעהרט זיך (ווערטער וועלכע גאָט האָט געזאָגט צו די טהירען נאָכדעם ווי ער האָט זיי באשאפען, ווי די ביבעל דערצעהלט).

# צ.

צַד הַשָּׁוֶה שֶׁבָּהֶם, זעה הַצַּד הַשָּׁוֶה שֶׁבָּהֶם.

צַנָּא מָלֵא סִפְרָא, (תלמודיש). א קאָרב פול מיט ביכער, א גרויסער גע־לעהרטער.

## ק.

קול הָמוֹן כְּקוֹל שַׁדַי, (נאָכתלמודיש). די שטים פון פאָלק איז ווי די שטים פון גאָט.

קוֹל קוֹרֵא בַּמִּדְבָּר, (תלמודיש). אַ שטים וועלכער רופט אין דער וויסטע.

קִנְאַת סוֹפְרִים תַּרְבֶּה חָכְמָה, (תלמודיש). די קנאה פון געלעהרטע (וועלכע ווילען איינער דעם אנדערען אריבערשטייגען) פאַרמעהרט געלעהרזאַמקייט.

קָרוֹב לְשָׂכָר וְרָחוֹק לְהֶפְסֵד, (תלמודיש). נאָהנט צו פאַרדינסט און ווייט פון פאַרלוסט.

קֵרֵחַ מִכָּאן וְקֵרֵחַ מִכָּאן, (תלמודיש). (קריגען) אויסגעריסען די האָאר אי פון דער זייט אי פון יענער זייט.

## ר.

ראֹשׁ הַשָּׁנָה לָאִילָנוֹת, (תלמודיש). דאָס ניי יאָהר פון די בוימער, חמשה עשר בשבט (ווז.).

רִבּוֹנָא דְעָלְמָא כּוּלָּא, האַרר פון דער גאַנצער וועלט.

רַבִּי מְכַבֵּד עֲשִׁירִים, (תלמודיש). רבי (דער נאָמען פון דעם תנא רבי יהודה) פלעגט אָפּגעבען עהרע די רייכע.

רֶגַע כְּמֵימְרֵיהּ, (תלמודיש). אַזוי שנעל ווי עס נעהמט אַרויסצוזאָגען דאָס וואָרט "רגע", אויגענבליקליך, גלייך.

רָחוֹק לְשָׂכָר וְקָרוֹב לְהֶפְסֵד, (תלמודיש). ווייט צו פאַרדינסט און נאָהנט צו פאַרלוסט.

רָחוֹק מִן הַשֵּׂכֶל, ווייט פון פאַרשטאַנד, זיך ניט לעגענדיג אויפ'ן זינן.

רְחַיִם בְּצַוָּארוֹ, (תלמודיש). אַ מיהל שטיין אויף זיין האַלז (אַ ווייב).

רָחֵל מְבַכָּה עַל בָּנֶיהָ, (ביבליש). רחל קלאָגענדיג אויף (דעם שיקזאַל פון) איהרע קינדער (דאָס אידישע פאָלק).

רֵישׁ־גָלוּתָא, זעה ראֹשׁ הַגּוֹלָה.

רָץ כַּצְּבִי וְגִבּוֹר כָּאֲרִי, (תלמודיש). פלינק ווי אַ הירש און שטאַרק ווי אַ לייב (צו טהאָן דעם ווילען פון גאָט).

רָשָׁע לָמָּה תַכֶּה רֵעֶךָ, (ביבליש). רשע, וואָרום שלאָגסטו דיין חבר די ווערטער וואָס משה האָט געזאָגט ווען ער האָט געזעהן ווי איין איד שלאָגט דעם צווייטען).

רְשָׁעִים בְּחַיֵּיהֶם קְרוּאִים מֵתִים, (תלמודיש). די זינדיגע קענען ביים לע= בען אָנגערופען ווערען טויטע.

# ש.

שׂוֹנֵא מַתָּנוֹת יִחְיֶה, (ביבליש). דער וואָס האָט פיינד געשאנקען דער זאָל לעבען.

שִׂיחַת חוּלִין שֶׁל תַּלְמִידֵי חֲכָמִים, די וואָכעדיגע רייד אָדער די פלוידעריי פון געלעהרטע.

שִׂישׂוּ בְנֵי מֵעַי, (תלמודיש). פרעהט זיך מיינע איינגעווייד!, פרעה זיך מיין הערץ!

שְׁכִינְתָּא בְּגָלוּתָא, (קאבאליסטיש). די שכינה (גאָטהייט) איז אין גלות.

שֶׁלֹּא עַל מְנָת לְקַבֵּל פְּרָס, (תלמודיש). ניט אום צו קריגען באלויהנונג, אָהן אייגענניציגע אבזיכטען.

שְׁלוּחֵי מִצְוָה אֵינָם נִיזּוֹקִין, (תלמודיש). די וועלכע ווערען געשיקט צו (טהאָן) א גוטע טהאַט ווערען ניט באשעדיגט.

שְׁלֵמֵי אֱמוּנֵי יִשְׂרָאֵל, (ביבליש). "די פרידליכע און געטרייע צווישען דעם אידישען פאָלק", די גאָטספאָרכטיגע לייט.

שַׁלַּח לַחְמְךָ עַל פְּנֵי הַמָּיִם, (ביבליש). לאָז אוועק דיין ברויט אויפ'ן וואַ= סער (דען מיט דער צייט וועסטו עס צוריק=קריגען).

שְׂמַח בָּחוּר בְּיַלְדוּתֶךָ, (ביבליש). פרעה זיך יונגער=מאַן אין דיין יוגענד.

שֵׁן תַּחַת שֵׁן, (ביבליש). א צאָהן פאר א צאָהן.

שָׁנָה וּפֵירֵשׁ, (תלמודיש). ער האָט א מאָל געלערנט אָבער ער האָט אויפ= געהערט.

שָׁקוּל כְּנֶגֶד כֻּלָּם, (תלמודיש). עס וועגט אזוי פיעל (איז אזוי וויכטיג) ווי זיי אלע צוזאַמען.

שַׁקֵּץ תְּשַׁקְּצֶנּוּ וְתַעֵב תְּתַעֲבֶנּוּ כִּי חֵרֶם הוּא, (ביבליש). דו זאָלסט עס פאראַכטען און עס פאראומווירדיגען דען עס איז פארשאָלטען (זיך באציהענדיג אויף געצענדיענסט).

שֶׁקֶר אֵין לוֹ רַגְלַיִם, (תלמודיש). דער ליגען האָט קיין פיס (קיין באַ־שטאַנד) ניט.

שֶׁקֶר הַחֵן וְהֶבֶל הַיּוֹפִי, (ביבליש). פאַלש איז די אַנציהונג און פּוסט איז די שענקייט.

שִׁשָּׁה בְּכֶרֶם אֶחָד, (תלמודיש). זעקס (קינדער) מיט איין מאָל.

שְׁתֵּין פּוּלְסֵי דְנוּרָא, (תלמודיש). זעכציג פייערדיגע שמיץ.

שְׁתִיקָה כְּהוֹדָאָה דַּמְיָא, (תלמודיש). שווייגען איז גלייך ווי זיך מודה־זיין.

# ת.

תּוֹכוֹ כְּבָרוֹ, (תלמודיש). זיין אינערליכקייט איז ווי זיין אויסערליכקייט.

תִּינוֹק בֶּן יוֹמוֹ, (תלמודיש). אַ זויגלינג פון איין טאָג.

תֶּן לִי הַנֶּפֶשׁ וְהָרְכוּשׁ קַח לָךְ, (ביבליש). גיב מיר נאָר דאָס לעבען (אין טעקסט: די מענשען) און דאָס פאַרמעגען נעהם פאַר זיך.

תַּעֲלָא בְּעִידְנֵיהּ סַגִּיד לֵיהּ, (תלמודיש). צו אַ פוקס אין זיין צייט (ווען ער איז הערשער) זאָלסטו זיך אויך בוקען.

תָּפַסְתָּ מְרוּבֶּה לֹא תָפַסְתָּ תָּפַסְתָּ מוּעָט תָּפַסְתָּ, (תלמודיש). ווען דו נעהמסט אָן צו פיעל (מיט אַ מאָל) בלייבסטו ביי גאָרניט, ווען דו נעהמסט אָן אַ ביסעל בלייבסטו דאָך ביי עפּעס.



# איניגע אויסגעלאָזענע ווערטער און אויסדרוקען.

## א.

אֲמַתְ'לָא, הוו. (מ. אֲמַתְ'לוֹת). אויסרייד, פאַרענטפערונג.

אַסְמַכְ'תָא, הוו. (מ. אַסְמַכְ'תּוֹת). "אָנשפאַר", אויטאָריטעט, באַווייז.

אֲסַפְ'סוּף, הם. פעבעל.

אעפ"כ, אב. אַף־עַל־פִּי־כֵן (ווז.).

אַף־עַל־פִּי־כֵן [כֵּן], או. (תלמודיש). דאָך, יעדאָך, יעדענפאַלס.

אָ'שֵׁר, אנם. דער נאָמען פון איינעם פון יעקבס צוועלף זיהן; דער שטאַם וואָס קומט אַרויס פון אשר.

אֶתְנַחְ'תָּא, הם. אַ געוויסער אָפּשטעל-צייכען "ֽ" (אין טראָפּ).

אֶתְ'נַן־זוֹ'נָה, הם. (ביבליש). דער לויהן פון אַ פראָסטיטוטקע, דער לויהן פון פראָסטיטוציאָן.

## ב.

בָּא־כֹּחַ [כ'חַ, הם. (מ. בָּ'אֵי־כֹחַ [כ'חַ]). באַפאָלמעכטיגטער, פאַרטרעטער.

בְּאֵי'מָה־וּבְיִרְ'אָה, או. (תלמודיש). מיט שרעק און מיט פורכט, מיט עהרפורכט.

בִּגְ'דֵי־מֶ'שִׁי, מ. זיידענע קליידער.

בִּדְחִי'לוּ־וּרְחִי'מָא, או. (קאַבאַליסטיש). מיט ציטערניס און מיט ליעבע, מיט עהרפורכט.

בְּדִי'נֵי־גוֹיִים [גָ'יִים], או. לויט די ניט-אידישע ציוויל-געזעצען.

בְּדִינֵי'הֶם, או. זעה בְּדִי'נֵי־גוֹיִים.

בִּדְמָ'עוֹת־שָׁ'לִישׁ, או. (ביבליש). מיט פיעל טרעהרען

בְּהֵי'סַח־הַדַּ'עַת, או. (תלמודיש). גאָר ניט טראַכטענדיג, אומגעריכטערהייד.

בַּהֲ'מִיוֹת, הוו. טהירישע ניגונגען.

בּוֹ'עֵל־אֲרַמִּית, הם. (תלמודיש). איינער וואָס האָט געשלעכטליכען פאַרקעהר מיט אַ ניט-אידישער פרוי.

בְּחַרְ'בּוֹ־וּבְקַשְׁ'תּוֹ, או. (ביבליש). מיט זיין שווערד און מיט זיין בויגען, מיט געוואַלט.

בֵּי'נוֹנִי, א. (מ. בֵּי'נוֹנִים). אַ מיטעלמעסיגער מענש.

בִּי'עוּר־חָ'מֵץ, הם. די פאַרברענונג פון חמץ (ערב־פסח).

בִּכְבוֹ'דוֹ־וּבְעַצְ'מוֹ, (תלמודיש). מיט זיין ווירדע און מיט זיין אייגענער פערזאָן, ער אַליין.

בִּכּוּ'רִים, מ. ערשטע פרוכטען, ערשטלינגען.

בְּכִי־טוֹב, (תלמודיש). אין אַ גוטער שעה, מיט גליק (אורשפּרינגליך הייסט עס: אין איינעם פון די טעג ביי וועלכע עס שטעהט אין דער ביבלישער ערצעהלונג פון דער וועלט־באַשאַפונג "וַיַּרְא אֱלֹהִים כִּי טוֹב", און גאָט האָט געזעהן אַז עס איז גוט).

בַּל־תּוֹ'סִף, זאָלסט ניט צולעגען.

בִּמְחִי'לַת־כְּבוֹ'דוֹ, מיט זיין (אייער) פאַרצייהונג, מיט רעספּעקט צו מעלדען.

בִּמְלוֹא־מוּ'בַן־הַמִּ'לָה, אין פולען זינן פון וואָרט.

בֶּן־בְּלִי־שֵׁם, הם. (ביבליש). אַ מאַן אָהן אַ נאָמען, אַ נידערטרעכטיגער קערל.

בֶּן־עוֹ'לָם־הַ'בָּא, הם. (תלמודיש). איינער וועלכער וועט האָבען יענע וועלט.

בִּנְקִי'טַת־חֵ'פֶץ, או. (תלמודיש). האַלטענדיג אַ געגענשטאַנד אין האַנד (און שווערענדיג ביי איהם).

בִּנְקִי'טַת־סֵ'פֶר, או. (תלמודיש). האַלטענדיג אַ הייליגעס בוך אין דער האַנד (און שווערענדיג ביי איהם).

בִּנְשִׁי'מָה־אַ'חַת, או. (תלמודיש). אין איין אָטהעם.

בְּסֵ'בֶר־פָּ'נִים־יָ'פוֹת, או. (תלמודיש). מיט אַ פריינדליכען געזיכט, פריינדליך.

בַּ'עַל־בָּ'שָׂר, הם. (מ. בַּ'עֲלֵי־בָשָׂר [בָּ'שָׂר]). אַ באַלייבטער אָדער פעטטער מענש.

בַּעֲ'לֵי־הַתּוֹסְ'פוֹת, מ. די געלעהרטע וועלכע האָבען אַנטהייל גענומען אין דער פאַרפאַסונג פון תוספות (ווז.).

בְּפַרְהֶסְ'יָא, או. עפענטליך.

בַּר־בֵּי־רַב דְחַד־יוֹ'מָא, הם. (תל־מודיש). אַ שילער פון איין טאָג, איינער וועלכער האָט נאָך ווייניג געלערנט.

בָּרַ'בִּים, או. עפענטליך.

בָּ'רָד, הם. האָגעל, איינע פון די עשר־מכות (ווז.).

בָּ'רָה־כַּחַ'מָּה, א. (ביבליש). קלאָר ווי די זונן.

בָּ'רָה־כַּשֶּׁ'מֶשׁ, א. קלאָר ווי די זונן.

בְּרִי'חַ־הַתִּי'כוֹן, הם. (ביבליש). דער מיטעלסטער ריגעל (וועלכער פאַראייניגט אַלע).

בְּשַׁ'לַּח, הוו. דער נאָמען פון דער זעכצעהנטער סדרה (ווז.).

בִּשְׁלִי'לָה, או. מיט אַ פאַרנייַנונג, נעגאַטיוו.

בְּשֵׁם־אוֹמְ'רוֹ, או. (תלמודיש). אין דעם נאָמען פון דעם וואָס האָט עס געזאָגט.

בְּתוּ'לוֹת, מ. מיידלעך אָדער קעני־גינגען (אין קאָרטען).

בִּתְמִי'דוּת, או. שטענדיג.

בִּתְ'פִּים־וּבִמְחוֹ'לוֹת, או. (ביבליש). מיט פויקען און מיט טענץ.

## ג.

גְּבִ'יַּת־עֵ'דוּת, הוו. די אויסהערונג פון עדות.

גוֹ'בֶה, הם. (מ. גוֹ'בִים). מאָהנער, קרעדיטאָר.

גַּל־שֶׁל־עֲצָ'מוֹת, הם. (תלמודיש). א הויפען מיט ביינער.

גַּם־אַ'תֶּם, אר. "איהר אויך", איך ווינש אייך דאָס זעלביגע.

## ד.

דָּ'בָר־שֶׁל־קַיָּ'מָא, הם. (תלמודיש). א זאַך וואָס האָט אַ באַשטאַנד.

דָּ'בָר הַשָּׁ'וֶה לְכָל נֶ'פֶשׁ, הם. (תל=מודיש). אַ זאַך וואָס איז צוגע=פאַסט אָדער נוצליך פאַר יעדערען.

דְּבָ'רִים־כַּהֲוָיָ'תָם, (תלמודיש). וואַ=כען אַזוי ווי זיי האָבען פאַסירט.

דְּבָ'רִים־שֶׁבְּלֵ'ב', מ. (תלמידיש). זאַכען פון הערצען, אינערליכע געפיהלען.

דוֹר־תַּהְפּוּ'כוֹת, הם. (ביבליש). אַ פאַרקעהרטער אָדער אויסגעלאַסע=דור.

דְּמֵי־קְדִי'מָה, מ. האַנדגעלט.

דֶּ'רֶךְ־הַתַּגְּ'רִים, הם. (תלמודיש). דער אַיינפיהר צווישען קויפלייט.

## ה.

הַ'וֶּה, הם. די געגענוואַרט.

הוֹ"ק, אב. הוֹצָ'אוֹת־קְטַ'נּוֹת (ווז.).

הֲטָ'בַת־חֲלוֹם [חָ'לוֹם], הוו. די צע=רעמאָניע פון אויפטייטשען א טרוים צום גוטען (דער וואָס האָט געזעהן דעם שלעכטען טרוים זעצט אוועג דריי מענשען און דערצעהלט פאַר זיי דעם טרוים און זיי ענט=פערען: דו האָסט געזעהן א גוטען טרוים).

הָ'יָה־הֹ'וֶה־וְיִהְ'יֶה, ער איז געווען, איז, און וועט זיין (די אַטריבו=טען פון דער גאָטהייט).

הַיּוֹ'צֵא־לָ'נוּ־מִדְבָ'רֵי'נוּ, ווי עס קומט אַרויס פון אונזערע רייד, אַלזאָ.

הַיּוֹ'צֵא־לָ'נוּ־מִזֶּ'ה', ווי עס קומט אַרויס דערפון, אַלזאָ.

הִילוּ'לָא־וְחִנְ'גָּא, הוו. אַ הוליאַנקע.

הֲלָ'כָה־לְמֹ'שֶׁה־מִסִּי'נַי, הוו. (תל=מודיש). אַ געזעץ וואָס איז גע=געבען געוואָרען משה'ן אויפ'ן באַרג סיני, אַ פעסטעס געזעץ.

הִלְ'כְתָא־לִמְשִׁי'חָא, הוו. (תלמו=דיש). אַ געזעץ וואָס באַציהט זיך אויף משיח'ס צייטען, א געזעץ וואָס באַציהט זיך ניט אויף די געגענווערטיגע צייט.

הַלְעִיטֵ'נִ'יק, הם. אַ פרעסער (פון דעם אויסדרוק "הַלְעִיטֵנִי־נָא", גיב מיר עסען, וועלכען עשו האָט געזאָגט צו יעקב'ן ווען ער איז געקומען א הונגעריגער פון געיעג און האָט פאַר אַ טאָפּ לינזען פאַר=קויפט דעם לעצטערען די בכורה, ווי די ביבעל דערצעהלט).

הַנּוֹ'תֵן־תְּשׁוּ'עָה־לַמְּלָ'כִים, "דער

וואָס שענקט זיין הילף צו די קע־ניגען", די ערשטע ווערטער פון דעם געבעט וואָס מע זאָגט פאַר דעם הערשער פון לאַנד.

הַשְׁמָ׳טָה, הוו. (מ. הַשְׁמָ׳טוֹת). אַ׳ן אויסגעלאָזען וואָרט אָדער שטעלע (אין אַ בוך).

הִתְגַ׳לּוּת, הוו. אַנטפּלעקונג, אָפּענ־באַרונג.

## ו.

וִיכּוּ׳חַ, וִכּוּ׳חַ, המ. (מ. וִכּוּ׳חִים). דיספּוט, שטרייט. וִכּוּחְ׳עַן (זיך), צוו. דיספּוטירען, שטריי־טען.

וַיאֹ׳מֶר־דָּ׳וִד־גְלִיטְשׁ, המ. אַ גענויי־סער וואָרט אינגעלשער גליטש ביי וועלכען דער גליטשער האַלט דעם קאָפּ צוגעבויגען צו זיין אָרעם ווי צו ויאמר־דוד (ווז.).

וְיֵשׁ־לְיַ׳שֵׁב, אָבער מע קען פאַר־ענטפערען (אַ׳ן אָפּטער תלמודיס־טישער אויסדרוק).

וַיִשְׁ׳מַן יְשֻׁ׳רוּן וַיִבְ׳עָט, (ביבליש). און ישרון (דאָס אידישע פאָלק) איז פעט געוואָרען האָט עס אָנגע־הויבען צו בריקען, עס געהט איהם גוט דאַריבער איז ער אויסגעלאַ־סען.

וּמַפְ׳לִיא־לַעֲ׳שׂוֹת, "און ער טהוט וואונדער", ווערטער גענומען פון דעם אשר־יצר־געבעט און גע־ברויכט שפּאַסהאַפט אין דעם אויס־דרוק: סור ובור ומפליא־לעשות, אַלערליי נישטיגע זאַכען.

## ז.

זִיבּוּ׳רִית, די ערגסטע.

זָ׳כָה־בְּגוֹרָל [בְּגוֹ׳רָלוֹ], געוואונען אין דער לאָטערי (ווערטער וועלכע מע פלעגט אויפשרייבען אין פאַר־צייטיגע אידישע לאָטעריען אויף דעם געווינ־צעטעל.

זָרְ׳קְ׳עַן, צא. וואַרפען, שליידערען. אַרויס׳זרק׳ען, אַרויסוואַר־פען.

## ח.

חַ"י־קַ"ק־סערעבּראָם׳, אַ קליינע סומע. "מ׳שטיינס געזאָגט וואָס ער האָט ח"י־ק"ק־סע־רעבּראָם".

חַ׳יָה. גרינע היה (אַמעריקאַניש), אויסדרוק פון שפּאַס אָדער פאַר־אַכטונג אויף אַ ניי־אַריבערגעקומע־נעם.

חָ׳כָם־בְּעֵי׳נָיו, המ. (ביבליש). אַ קלוגער אין זיינע (אייגענע) אוי־גען.

חָ׳כָם־לְהָ׳רַע, המ. (ביבליש). אַ קלוגער צו טהאָן שלעכטס.

חֵ׳רֵשׁ־שׁוֹ׳טֶה־וְקָ׳טָן, מ. (תלמודיש). אַ טויבער, אַ׳ן אידיאָט און אַ קינד (די דריי וועלכע זיינען נים פאַראַנטוואָרטליך פאַר וואָס זיי טהוען).

חֲתִי׳מַת־הַתַּלְ׳מוּד, הוו. די אָפּ־שליסונג (פאַרענדיגונג) פון דעם תלמוד (ווז.).

## ט.

טו'בת־הֲנָ'אָה, הם. (תלמודיש). א נוץ, א טובה.

טִרְ'דוֹת־הַזְמַן, מ. מאטעריעלע זאָרגען.

## י.

יו'מָא־טָ'בָא, הם. (תלמודיש). א פייערטאָג.

יְחִי'דֵי־סְגוּ'לָה, מ. (תלמודיש). די וועניגע אויסגעקליבענע, די סאַמע פיינסטע.

יָ'רוּם־הוֹ'דוֹ (הוֹ'דָה), זאָל דערהויבט ווערען זיין (איהר) גלאַנץ (ווערטער וועלכע מע שטעלט נאָך דעם נאָמען פון אַ קעניג).

יֶ'תֶר־הַפְּלֵ'טָה, הם. (ביבליש). דער געראַטעוועטער רעשט, דאָס ביסעל וואָס איז געבליבען.

## כ.

כְּאַ'חַד־הָרֵי'קִים, (ביבליש). ווי איינעם פון די אויסוואורפען. "וידלען כאחד־הריקים".

כְּ'לוֹ־זַ'כַּאי, (תלמודיש). אין גאַנצען אונשולדיג.

כְּ'לוֹ־חַ'יָיב, (תלמודיש). אין גאַנצען שולדיג.

כְּ'לוֹת־הַנֶ'פֶש, אויסגעהן פון דער נשמה.

כְּלֵי־גוֹ'לָה, מ. (ביבליש). וואַנדערקליידער אָדער געצייג.

כִּסְ'אוֹ שֶׁל אֵלִיָ'הוּ הַנָ'בִיא, הם. דער שטוהל פון אליהו־הנביא (אַזוי רופט מען דעם שטוהל אויף וועלכען דער סנדק זיצט).

כַּרְ'פַּס, פעטרושקע אָדער אַנדערע גרינס וועלכע מע עסט אין די נעכט פון סדר.

## ל.

לֹא־הָ'יָה וְלֹא־נִבְ'רָא, (תלמודיש). "ניט געווען און ניט באַשאַפען", ניט געשטויגען ניט געפלויגען.

לֹא־כָל־שֶׁ'כֵּן (כָּלְ'שֶׁכֵּן), (תלמודיש). זעה מִכָּל־שֶׁכֵּן.

לֹא־תֵבוֹ'שִׁי וְלֹא־תִכָּלְ'מִי, (ביבליש). זאָלסט ניט פארשעמט ווערען און ניט רויט ווערען, געברויכט בלויז אין דער פאַראָדי: "לא־תבושי ולא־תכלמי ניט בענש מיך און ניט שילט מיך".

לְחֶרְ'פָּה־וְלִשְׁנִי'נָה, א. (ביבליש). צו שפּאָט און צו שאַנד.

לְמוֹ'רַת־רוּ'חַ, א. (ביבליש). פאַרדריסליך, צו־ווידער.

לְרָ'צוֹן, א. אנגענעהם.

## מ.

מְאוֹר־הַגוֹ'לָה, הם. דאָס ליכט פון אַלע אידען אין גלות (טיטול אויף א זעהר גרויסען מאַן).

מַאֲ'מַר־הַמוּסְ'גָר, הם. אַ'ן איינגעשלאָסענער זאַץ, פּאַרענטהעזיס.

מוֹ'קִיר־רַבָּ'נָן, הם. (תלמודיש). א פאַרעהרער פון געלעהרטע.

מֻנָ'תֵּר־זַיין, צא. שענקען.

